# טשענסטאכאווער



## לאנדסמאנשאפט אין מאנטרעאל

# טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט
# אין מאָנטרעאל

געווידמעט:

1. די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט
2. היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען וועגן אומקום און ווידערשטאַנד פון טשענסטאָכאָווער יידנטום
3. אַלבום פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט

אויסגאַבע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און ליידיס אָקזילערי
אין מאָנטרעאָל

אונטער דער רעדאַקציע פון:
**ד״ר בנימין אָרענשטיין**

מאַטעריאל צוזאַמענשטעל אונטער דער טעכנישער אָנפירונג פון
**הערי קליין**, פאָרזיצער פון בוך קאָמיטעט

מיטגלידער פון בוך־קאָמיטעט:

| | | |
|---|---|---|
| מ. אַלטמאַן | ל. יאַקובאָוויטש | מ. פרידלענדער |
| ב. איצקאָוויטש | ש. סילווער | טש. קאַנאַרסקי |
| ש. וואַגאַ | ש. פּראַקאַש | ה. ראָזענבלום |

מאָנטרעאל • 1966 • קאַנאַדע

# CZENSTOCHOVER LANDSMANSHAFT
## of MONTREAL

EDITED BY

BENJAMIN ORENSTEIN, M.A., Ph.D.

PUBLISHED BY

THE CZENSTOCHOVER SOCIETY OF MONTREAL

TECHNICAL SUPERVISION AND LAYOUT BY

HARRY KLEIN

Printed by

THE NORTHERN PRINTING AND LITHOGRAPHING CO.

Montreal, Que.

MONTREAL • 1966 • CANADA

## דאָס בוך איז געהייליקט

די געפּאַלענע קדושים און גיבורים על קידוש השם
ועל קידוש העם אין טשענסטאָכאָוו.



### זעקס ווייסע ליכט

איין זילבערנער לייכטער
און זעקס ווייסע ליכט —
קום, צינד זיי אָן
און בענטש די פלאַמען,
וואָס האָבן היים געקושט
די נשמה פון דיין מאַמען
מיט הייליקן גנאָד
אויפן וועג צו גאָט — — — —

א. ש. שקאָלניקאָוו

# אינהאַלט

זייט



## פּאָרטרעטן און בילדער אַלבום פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט



## קורצע ביאָגראַפיעס מיט בילדער פון:

## טשענסטאָכאָוו אין די יאָרן פון חורבן און אומקום

**זייט**

ד״ר בנימין אָרענשטיין

## טשענסטאָכאָוו

אין זון שטראַלנדיקע טעג האָסטו געוועבט אַ טרוים,
וואָס האָט דיך דורות באַצירט מיט אַ יידישער קרוין,
אַ קרוין פון וויסן, פון חכמה, פון פאַרשידענע יידן,
פרומע, פרייע יידן, געלעבט טאָלעראַנט און צופרידן.

צווישן שטעט און שטעטלעך איז געווען גרויס דיין נאָמען
פון יידן בעלי צדקה, גאונים און חכמים,
וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן געטראַכט וועגן וועלט, מענטש, גליק און פרייד.
געחקרנט, געקליגלט זיך אין געפינען אַ באַשייד.

געקומען איז אַ פינצטערע לבנה׳לאָזע נאַכט,
וואָס ווילדע מחבלים, טייוולאָנים האָבן צוגעטראַכט,
צעשטערט און פאַרניכטעט דיין באַגער, חלום און טרוים,
וואָס האָט דיך דורות באַצירט מיט אַ יידישער קרוין.



שמואל פראקאש

# פאָרוואָרט

דער ציל פון דער טשענסטאָכאָווער עגזעקוטיווע אין מאָנטרעאָל איז געווען אַרויס־צוגעבן אַ בראָשור פון אַ 2-3 צענדליק זייטלעך, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די הילפס־טעטיקייטן און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנט־רעאָל. דאָס איז געווען דער עמבריאָנאַלער באַזיס פאַר דעם בוך.

ווי נאָר עס איז דערוויילט געוואָרן אַ בוך־קאָמיטעט מיט ד״ר בנימין אָרענשטיין בראש אַלס רעדאַקטאָר, איז דער פּלאַן אינגאַנצן געענדערט געוואָרן. אנשטאט אַ באַריכטס־בראָשור איז געוואָרן אַ בוך, וואָס זאָל זיין אַ דערגענצונג צו אַלע ביז יעצ־טיקע פּילצאָליקע פּובליקאַציעס.

אין דעם בוך געפינען זיך: היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, דאָקומענטן, גביות־עדות פון על פי נס געראַטעוועטע לאַנדלייט, באַשרייבונגען וועגן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון אונדזער אַמאָליקן טייערן טשענסטאָכאָוו. עס זיינען דאָ אָפּ־האַנדלונגען וועגן אינסטיטוציעס, פּערזענלעכקייטן, יחידים און סתם יידן און דערצו אויך אַ ברייטערן פאַרנעם די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין מאָנטרעאָל.

זאָלן טאַקע וואָס מער ביכער דערשיינען, זאָל וואָס מער געשריבן ווערן און נישט לאָזן די וועלט פאַרגעסן אין די גרויזאַמע רציחות, וואָס דאָס נאַצי־עמלק פאָלק האָט אויף אַ גרויזאַמען און אכזריות׳דיקן אופן אומגעבראַכט אַ דריטל פון יידישן פאָלק, אומשולדיקע קינדער, פרויען, מעגער און זקנים.

יעדע געדרוקטע שורה אין דעם בוך איז אַן אוצר דאָקומענט פאַר די קומענדיקע דורות, ספּעציעל פאַר די צוקונפטיקע היסטאָריקער און פאָרשער צו אַנאַליזירן די דזשענאָסייד פּאָליטיק פון צוויפיסיקע חיות פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און אויך אַ בלוטיקן קין־צייכן לעולם ועד אויף די פאַרשאָלטענע דייטשע קאַניבאַלן.

אין דער זעלבער צייט איז דאָס בוך אַ ווירדיקע מצבה פאַר די טשענסטאָכאָווער קדושים און גבורים, וואָס זיינען געפאַלן על קידוש השם ועל קידוש העם.

עס קומט אַ דאַנק און אנערקענונג דעם בוך־קאָמיטעט אַלס גאַנצן און יעדן מיט־גליד באַזונדער פאַר אָוועקגעבן צייט, מי און אָנשטרענגונגען, ווי אויך זאַמלען פי־נאַנסיעלע מיטלען צום אַרויסגעבן דאָס בוך.

זאָלן געשטאַרקט ווערן די הענט פון די, וואָס האָבן מיטגעווירקט און מיטגעהאָלפן צו דער דערשיינונג פון דעם בוך.

## גרינדונג פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפס־סאָסייטע אין מאָנטרעאָל

אויפגעשווידערט פון חורבן פון אייראָפּעיישן יידנטום אין אַלגעמיין און פון טשענסטאָכאָווער יידנטום בפרט, וואָס דער רוצחישער נאַצי רעזשים מיט איר גענאָסייד פּאָליטיק האָט פאַראורזאַכט, איז זיך צונויפגעקומען דעצעמבער 16, 1945, אַ גרופּע פון טשענסטאָכאָווער אַלט איינגעזעסענע לאַנדסלייט אין מאָנטרעאָל און געגרינדעט די געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „טשענסטאָכאָווער אומגעגענט הילפס־סאָסייטע אין מאָנטרעאָל".

די באַאַמטע פון דער סאָסייטע זיינען קאָנסטיטואירט געוואָרן אויף פאָלגענדן אופן: דזשאָרדזש קליין, ערן־פרעזידענט; דזשעק ווייגענסבערג, ערן־וויצע־ פרעזידענט; לעאָן ד. קרעסטאָל, קיו. סי., לעגאַלער אדווייזער, ערן פאָרזיצער; ה. בערק, פרעזידענט; נייטן געלבער, וויצע־פרעזידענט; דוד געלבער, קאַסירער; מ. באזשיקאָפּסקי, מיטגלידערשאַפטס־סעקרעטאַר; מ. סילווער, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; ל. יאַבלאַן, פאָרזיצער פון הילפס־קאָמיטעט; יחזקאל סילווער, פּובליסיטי פאָרזיצער און א. מייעראָוויטש, פאָרזיצער פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט. — די ליידיס אָקזילערי אין באַשטאַנען פון: מרס. בעלט, מרס. יאראסט, מרס. באזשיקאָפּסקי און מרס. דזשאָרדזש קליין.

## די ערשטע יזכור אַקאַדעמיע

די ערשטע יזכור־אַקאַדעמיע אין אָנדענק פון די קדושים און גבורים איינגעאָרדנט דורך דער טשענסטאָכאָווער אומגעגענט הילפס־סאָסייטי אין מאָנטרעאָל, א״ פאָרגעקומען זונטיק, פעברואַר 17, 1946.

חזן אברהם מאַץ האָט אַדורכגעפירט דעם רעליגיעזן טייל. ראַביי דר. ח. דענבורג האָט געהאַלטן אַ רעדע אויף דער טעמע: „די אויפגאַבן פון יידישן פאָלק אין דער יעצטיקער צייט". דזשאָרדזש קליין'ס רעדע איז געווען געווידמעט דעם חורבן פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. דער לעגאַלער ראַטגעבער פון דער סאָסייטי לעאָן קרעסטאָל, קיו. סי., האָט געמאַכט אַ רירנדן אַפּיל וועגן קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר די לעבנגעבליבענע יידן, פאַר די שארית החורבן. די צוויי דעלעגאַטן פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפס־פאַראיין אין טאָראָנטאָ דוד בירנהאָלץ און הערי גאָלדבערג האָבן אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג צו די מאָנטרעאָלער לאַנדסלייט פאַרן אָרגאַניזירן אַ טשענסטאָכאָווער הילפס־סאָסייטי. א. מייעראָוויטש און שלמה גרונט האָבן גערעדט וועגן דער פאַרשטאָרבענער נאָרא קליין ע"ה. גרונט האָט אויך פאָרגעליינט אַ ליד, וואָס די נפטרת האָט אָנגעשריבן קורץ פאַר איר טויט, וועגן חורבן פון אייראָפּעיישן יידנטום. דער גאַסט־רעדנער פון דער אַקאַדעמיע איז געווען רפאל פעדערמאַן פון ניו יאָרק, וועלכער האָט אין אַ לענגערער רעדע גערעדט וועגן לעבן, קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום און וועגן דער לאַגע פון שארית החורבן.

דער פאָרזיצער פון דער איינדרוקספולער יזכור אַקאַדעמיע איז געווען הערי בערק.

אויף דער אַקאַדעמיע איז געשאַפן געוואָרן דריי הונדערט דאָלאַר.



## נייטן געלבער

נייטן געלבער געהערט צו די ערשטע הויפּט אָרגאַניזאַטאָרן און גרינדער פון טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפס סאָסייטע אין מאָנטרעאָל. ער איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און איז דער זון פון כתריאל און שרה. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע סביבה, וואָס האָט אויסגעאיבט אַ ווירקונג אויף זיין נאַציאָנאַלן טראַכטן און דענקן.

נייטן געלבער איז געווען דער ערשטער פון דער געלבער פאַמיליע צו קומען קיין מאָנטרעאָל און ער האָט זיך באַלד באַמיט אַראָפּצוברענגען זיין גאַנצע משפּחה.

נייטן געלבער געהערט צו די לאַנג איינגעזעסענע לאַנדסלייט אין מאָנטרעאָל און האָט מיטגעווירקט אין דער אַנטוויקלונג פון אַ גאַנצע רייע רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס לטובת הכלל.

נייטן געלבער געהערט צו די ערשטע גרינדער פון דער סאָסייטע און האָט פאַרנומען דעם אַמט פון וויצע־פּרעזידענט און ביז דעם היינטיקן טאָג איז ער איינער פון די טאָן־געבער פון די אַקטיוויטעטן. נישטאָ כמעט קיין נאַציאָנאַלע יידישע אינסטיטוציע צו וועלכער ער זאָל זיך נישט ביישטייערן און מיטהעלפן אויף אַ קאָנסטרוקטיוון אויפן, פאַרנעמענדיק דערביי גאָר וויכטיקע אַמטן.

אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט געהערט ער צו די סעניאָרן און העלפט מיט אין אַלע אַקטיוויטעטן און באַשטייערט זיך מיט דער ברייטער האַנט, וואָס מאַכט מעגליך צו פירן אַ ברייט-פאַרצווייגטע טעטיקייט.

אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין פּערציקסטן חתונה־יובילעאום האָט נייטן געלבער געגעבן אַ מתנה דער לאַנדסמאַנשאַפט די סומע פון טויזנט דאָלאַר און דערמיט איז ער געווען זייער אינסטרומענטאַל ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.



## דזשאָרדזש קליין

דזשאָרדזש קליין איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו ביי אַ מיוחס׳דיקע און שטרענג רעליגיעזע פאַמיליע. ער האָט צוערשט געלערנט אין יחיאל גרילאַק׳ס חדר און נאָכדעם אין דער יידישער גימנאַזיע. ער האָט גראַדואירט שידייקעס גימנאַזיע און באקומען מאַטורע.

אינטער דעם איינפלוס פון דער השכלה ליטעראַטור ווערט ער באַווירקט פון ציוניסטישן געדאַנק און שליסט זיך אָן אין די רייען פון דער צעירי ציון באַוועגונג און צו 16 יאָר ווערט ער שוין אָנערקענט אַלס אַקטיווער מיטגליד און ווערט דערוויילט אַלס סעקרעטאַר פון דער קרן־קימת קאָמיסיע. צו דער ערשטער לאַנדעס־קאָנפערענץ פון קרן קימת, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, איז ער געשיקט געוואָרן אַלס דעלעגאַט. ער איז פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַר פּראָפעסאָר דר. חיים ווייצמאַן, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ, אַלס דער יינגסטער סעקרעטאַר אין גאַנצן לאַנד. אַ געוויסע צייט שפּעטער איז ער אַריינגעטרעטן אין דער פועלי־ציון באַוועגונג און געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע אין גע,עלשאַפטלעכן לעבן, זייענדיק אַקטיוו צוזאַמען מיט די דעמאָלט שוין אָנגעזעענע טוער ווי יעקב בערמאַן, הענאָך פראַדעלסקי, ישראל דאַנציקער, מרדכי וויינבערג און אַנדערע.

דזשאָרזש קליין האָט געהערט צום האַנדווערקער פאַריין, יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק און צום ספּאָרט און טורן־פאַריין. צו 19 יאָר האָט ער פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און אַוועקגעפאָרן קיין בריסל, בעלגיע. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער פאַרלאָזט בעלגיע און עמיגרירט קיין קאַנאַדע און מיט זיין פרוי זיך באַזעצט אין מאָנטרעאַל. דאָ אין מאָנטרעאַל איז ער געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק און איז דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער קענעדיען היברו סיק בענעפיט סאָסייעטי. ער איז געווען דער דעלעגאַט פון דער סאָסייטי ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון יידישן שפּיטאָל אין מאָנטרעאָל.

גלייך נאָך דער מלחמה האָט זיך געגרינדעט די טשענסטאָכאָווער הילפס סאָסייטי און דזשאָרזש קליין איז געווען איינער פון די גרינדער און דערוויילט געוואָרן אַלס ערן־פּרעזידענט פון דער סאָסייטי. ער און זיין פרוי האָבן פיל מיטגעווירקט אין די טעטיקייטן פון דער הילפס־סאָסייטי אויפן געביט פון פינאַנסיעלע מיטלען צו העלפן די פון טויט און פייער געראַטעוועטע לאַנדסלייט פון דער נאַצישער טיראַניע. ער האָט פיל מיטגעווירקט צום בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, וואָס איז דערשינען אין ניו יאָרק אין יאָר 1947.

דזשאָרזש קליין העלפט מיט, ביז דעם היינטיקן טאָג, אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, און איז געווען אינסטרומענטאַל ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.



## הערי בערקאָוויטש

הערי בערקאָוויטש, דער זון פון משה אהרן און רחל, פון דער היים שפּיץ, איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו. ער שטאַמט פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע. זיין פאָטער ר' משה אהרן ע"ה איז געווען דער פּרעזידענט פון דער צעלולאָיד פירמע: „בערקאָוויטש, שפּיץ און קינסטליכער".

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען פּוילן האָט זיך פאַרוויקלט אין אַ מלחמה מיט רוסלאַנד, איז הערי בערקאָוויטש אַוועק אין יאָר 1920 פון זיין היימשטאָט טשענסטאָכאָוו און איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, זייענדיק אין ניו יאָרק 9-8 יאָר. אין יאָר 1930 איז ער געקומען קיין מאָנטרעאַל און איז דאָ געוואָרן אַ שטענדיקער תושב. אין יאָר 1935 האָט ער חתונה געהאַט מיט בעסי, וואָס האָט אים באַשאָנקן מיט דריי קינדער: צוויי טעכטער און איין זון, וואָס איז אַ מעכאַניקל אינזשיניער.

נאָך דער צווייטער וועלט שחיטה, ווען עס זיינען באַקאַנט געוואָרן די פאַקטן פון די נאַציש באַרבאַרישע מערדערייען, ווי אַזוי עס איז אומגעקומען דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום און ווי אַזוי עס איז חרוב ונחרב געוואָרן די אַמאָל רומפולע טשענסטאָכאָווער יידישער קהילה און, אַז די רעשטלעך לעבנגעבליבענע טשענסטאָכאָווער יידן געפינען זיך אין די די־פּי קעמפּס קראַנק, הילפלאָז ווי אַ טרינקנדיקע, וואַקלענדיקע זיך שיף אויף אַ שטורמישן ים, האָט הערי בערקאָוויטש צוזאַמען מיט אַנדערע איינגעזעסענע לאַנדסלייט אין מאָנטרעאַל געגרינדעט די טשענסטאָכאָווער הילפס־סאָסייטע צו העלפן די ליידנדע לאַנדסלייט אין די די־פּי קעמפּס.

הערי בערקאָוויטש האָט פאַרנומען דעם אַמט פון פּרעזידענט פון דער סאָסייטע און שטענדיק מיט דער ברייטער האַנט זיך באַשטייערט פאַר אַלע הילפס־צוועקן.

הערי בערקאָוויטש איז אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין מאָנטרעאַל און עס איז כמעט נישטאָ קיין אינסטיטוציע פאַר וועלכע ער זאָל זיך נישט ביישטייערן, מיטווירקנדיק אויף אַזאַ אופן אין אַלע נאַציאָנאַלע, לאָקאַלע, רעליגיעזע, קולטורעלע און דערציאונגס אינסטיטוציעס אין דער שטאָט.

הערי בערקאָוויטש איז איינער פון די, וואָס העלפט שטענדיק מיט ראָט און טאָט די לאַנדסמאַנשאַפט און איז געווען אינסטרומענטאַל ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.



## אברהם מייעראָוויטש

אברהם מייעראָוויטש געהערט צו די על־טערע תושבים אין מאָנטרעאָל. אַלס אַזעלכער געהערט ער צו די, וואָס האָבן מיטגעווירקט צו דער אָרגאַניזירונג און אַנטשטייאונג פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט הילפס־סאָסייטע אין מאָנטרעאָל.

די טשענסטאָכאָווער סאָסייטע אין מאָנטרעאָל האָט זיך געגרינדעט נאָכדעם ווי די רשעות׳דיקע נאַצי־מאַכט האָט געליטן אַ ווייסטע מפּלה און איז מיליטעריש באַזיגט געוואָרן דורך די אַליאירטע אַרמייען. דעמאָלט איז שוין באַקאַנט געוואָרן די גרויזאַמע פאַרברעכנס, וואָס די נאַציס ימח שמם זיינען באַגאַנגען לגבי דעם יידישן פאָלק אויף יענער זייט ים.

עס זיינען דעמאָלט שוין דערגאַנגען די טראַגישע מגילות פון חורבן און אומקום, וואָס האָט אַלעמען ווי עלעקטריזירט. יעדער איינער איז געווען אַדורכגעדרונגען מיטן געדאַנק פון העלפן די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט גיהנום.

**אַלע אַלט איינגעזעסענע לאַנדסלייט האָבן אויף אַ בכבודיקן אופן געפירט אַ טעטיקייט פון העלפן די לאַנדסלייט אין די דיי־פּי קעמפּס און אויך אָפּגעבן כבוד די אומגעקומענע על קידוש השם ועל קידוש העם דורך איינאָרדנען יזכורס.**

אברהם מייעראָוויטש געהערט צום סעניאָרן ראַט, וואָס דאַרפן מיטווירקן און פינאַנסיעל מיטהעלפן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אירע געזעלשאַפט-לעכע און הילפס-אַקטיוויטעטן.

ער איז באַקאַנט אַלס געזעלשאַפטלעכער עסקן אין רעליגיעזע אינסטיטוציעס, ישיבות און סינאַגאָגן. ער האָט אַ סך מי און ענערגיע אַוועקגעגעבן פאַר דער אַנט־וויקלונג פון דער ישיבה „מאור הגולה״, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך דעם חשובן טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן הרב בנימין אליעזר באַזשיקאָווסקי שליט״א.



## דוד געלבער

דוד געלבער, זון פון כתריאל און שרה, איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו ביי אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע פאַמיליע. ער איז דערצויגן געוואָרן אין רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס האָט געלייגט אַ גייסטיקן חותם אויף זיין לעבן.

די ערשטע וועלט־מלחמה, 1918־1914, איז באַגלייט געווען מיט אַן אַלגעמיינע פאַראָרעמונג פון די יידישע מאַסן אומעטום און אין טשענסטאָכאָוו בפרט. הונגער און נויט האָט אַלמעכטיק געהערשט אין די יידישע הייזער און אויך פאַרשטענדלעך אין הויז פון די געלבערס. דוד געלבער האָט זיך באַמיט אַרויסצורייסן פון דער סביבה פון דחקות און נויט און אַוועק אין דער ברייטער וועלט אַריין. ער איז נאָך דעמאָלט צו יונג געווען. ווי נאָר ער האָט דערגרייכט דעם עלטער פון 17 יאָר איז ער אַוועק פון טשענסטאָכאָוו קיין עסטרייך אין דער שטאָט ווין. נישט געקוקט דערויף, וואָס די שטאָט ווין האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט און אויסגעפורעמט זיין פיזיש און גייסטיק לעבן, דאָך האָט ער נישט געטראַכט דאָרט צו פאַרבלייבן. ער האָט גע־שטרעבט צו פאָרן אַלס חלוץ קיין ישראל אָדער צו זיין ברודער נייטן קיין קאַנאַדע. צוליב דעם, וואָס ער האָט באַקומען אַ פּערמיט פון זיין ברודער אין קאַנאַדע, האָט ער נאָכן אָפּזיין דריי יאָר אין ווין, פאַרלאָזט עסטרייך און אין חודש פעברואַר 1926 אָנגעקומען קיין קוויבעק. ער האָט זיך גלייך איינגעאָרדנט מאַטעריעל און זיך גע־לערנט ענגליש און פראַנצויזיש. גלייכצייטיק איז ער געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק אין יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פאַרנומען דעם אַמט פון קאַסירער אין דער תלמוד־תורה. פינף יאָר שפּעטער האָט ער באַקומען די קאַנאַדער בירגער־שאַפט און ער האָט זיך באַקענט מיט מיס סיידי עווין, די טאָכטער פון דזשאָרדזש און דזשעסיקאַ עווין און האָבן חתונה געהאַט. זיי האָבן דריי קינדער: צוויי זין און אַ טאָכטער. נאָכדעם ווי דער עלטסטער זון, נחום, איז געוואָרן בר־מצוה, האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע איבערגעצויגן קיין מאָנטרעאַל. אַלע דריי קינדער האָבן באַקומען אַן אַלגעמיין יידיש־העברעיישע דערציאונג און אויך אוניווערסיטעטס בילדונג און אַלע זיינען פּראָפעסיאָנאַלן.

דוד געלבער איז איינער פון די גרינדער פון טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפס־סאָסייטי אין מאָנטרעאָל, פאַרנעמנדיק דעם אַמט פון קאַסירער, און איז טעטיק ביז דעם היינטיקן טאָג מיט ראַט, טאַט און פינאַנסיעל. ער איז אויך אַקטיוו אין אַ גאַנצע רייע יידישע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס.

מרס. סיידי געלבער איז גוט באַקאַנט אין די יידישע קרייזן און שפּילט אַן אָנ־געזעענע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.



## מאָטל סילווער (זילבערבערג)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון חיים און מאַניא, פון דער היים סטאַשעווסקא. אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1926 און זיך דאָ עטאַבלירט.

מאָטל סילווער איז געווען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט זיינע עלטערן און היים-שטאָט ביז די צווייטע וועלט-שרפה איז אויסגעבראָכן.

אויב אין יענער צייט ווען באָמבעס זיינען געפאַלן אין איראָפּע, די גאַנצע מערב העמיספערע איז געווען פאַרוויקלט אין אַ פאַרביסענע מלחמה מיט דעם גרויזאַמען דייטשן עמלק, יידן זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס, האָבן די עטלעכע געציילטע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין מאָנטרעאַל גאָרנישט געקענט אויפטאָן. האָבן זיי גלייך נאָך דער מלחמה, דעצעמבער 16, 1945 געגרינדעט אַ סאָסייטע צו העלפן די שארית החורבן פון טשענסטאָכאָוו. אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז מאָטל סילווער דערוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר, דערפילנדיק בשלימות זיינען אויפגאַבן און פליכטן.

מיטן אָנקום פון אַ גרעסערע צאָל לאַנדסלייט פון די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד, האָבן זיי רעאָרגאַניזירט די סאָסייטע און איר אַ נאָמען געגעבן: „טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל״. די גרינדער פון דער סאָסייטע זיינען דערקלערט געוואָרן אַלס דער ראַט פון סעניאָרן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס העלפן צו מיט ראַט און טאַט אין די אַקטיוויטעטן. מאָטל סילווער געהערט צום סעניאָרן־ראַט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און נעמט אָנטייל אין אַלע אירע אַקטיוויטעטן.



## וויללי יאַבלאַן (וואָלף יאַבלאנקעוויטש)

וויללי יאַבלאַן איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף אַלעע 8. ער איז דער זון פון בעריש און חוה, פון דער היים פישהאָף. אין יאָר 1926 האָט ער פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און געקומען קיין קאַנאַדע און זיך באַזעצט אין מאָנטרעאָל. אין יאָר 1930 האָט ער חתונה געהאַט מיט אדעלא גאָלדבערג, וואָס שטאַמט פון לאָדזש און האָבן דריי קינדער: צוויי זין און אַ טאָכטער. ער שטאַמט פון אַ משפחה, וואָס איז באַקאַנט געווען אין טשענסטאָכאָוו מיט אירע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. אַלע יאָרן איז ער געווען אין אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין משפחה און לאַנדס־לייט אין טשענסטאָכאָוו ביז די צווייטע וועלט מלחמה איז אויסגעבראָכן. צו יענער צייט איז יעדע קאָרעספּאָנדענץ און קאָנטאַקט מיט די אָקופּירטע און אונטעריאָכטע לענדער פון היטלער רעזשים איבערגעריסן געוואָרן און פאַרשטענדלעך אויך מיט זיין היימשטאָט טשענסטאָכאָוו.

וויללי יאבלאן האָט געזוכט אַ געלעגנהייט ווי אַזוי צו העלפן די שארית טשענ־סטאָכאָוו. ער האָט דעריבער צוזאַמען מיט אַנדערע איינגעזעסענע לאַנדסלייט מיט־געהאָלפן צו גרינדן די טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפס סאָסייטע אין מאָנטרעאָל און פאַרנומען דעם אַמט פון פאָרזיצער פון רעליף קאָמיטעט. ער האָט מיט גרויס איבערגעגעבנהייט און אָפּפערוויליקייט דערפילט זיינע פליכטן און אויפגאַבן.

וויללי יאַבלאַן געהערט צו די סעניאָרן פון דער סאָסייטע און איז שטענדיק גרייט אויף יעדן רוף צו העלפן אָרגאַניזאַציאָנעל און פינאַנסיעל די לאַנדסמאַנשאַפט.



מרס. בעסי סילווער (זילבערבערג)

מיסיס בעסי סילווער, געבוירן פּערעלמאַן, האָט חתונה געהאַט מיט יחזקאל סילווער אין טשענסטאָכאָוו, אין יאָר 1929. דער מסדר קידושין איז געווען ר׳ יאָסעלע קירה זצ״ל.

אין יאָר 1931 איז בעסי געקומען קיין מאָנטרעאַל און דאָ האָט זי געבוירן צוויי קינדער: אַ זון לואיס און אַ טאָכטער ראזלין.

די סילווערס: יחזקאל, איר מאַן, און זי, בעסי, זיינען געווען פון די ערשטע גרינדערס פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

איר מאַן, יחזקאל, איז געווען לאַנגיעריקער פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן, ווען ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה, אין דער נאַכט פון 12־טן אויפן 13־טן סעפּטעמבער 1959.

בעסי סילווער האָט געפירט און פירט נאָך הייט אַ טעטיקייט לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און אָפּפערוויליקייט.

איר הויז איז געווען אָפן פאַר אַלע לאַנדסלייט, וועלכע זיינען אָנגעקומען נאָכן חורבן און זי האָט אַלעמען אויפגענומען בסבר פּנים יפות, מיט ראָט און טאַט.

אין איר הויז זיינען פאָרגעקומען זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע און די וויכטיקסטע אַרבעטן זיינען דאָרט אַדורכגעפירט געוואָרן. דאָס איז געווען די צייט ווען בריוו האָבן געשטראָמט פון אַלע פּינות העולם. די ניי אָנגעקומענע לאַנדסלייט זיינען נאָך נישט געווען אימשטאַנד זיך צו באַשטייערן און דעריבער פלעגן די סילווערס זיין די, וואָס האָבן ביי אַלע געלעגנהייטן אויסגעבאָרגט די נייטיקע סומען געלט, אַנטקעגנצוקומען די בקשות פון לאַנדסלייט פון מעבר ליב וועגן הילף. דאָס איז אויך געווען די צייט ווען עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן זער אָפּט אונטערנעמונגען, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט פילצאָליקע זיצונגען, פאַרבערייטונגען אויף אַדורכצופירן די אָנגעצייכנטע פּלענער פון אַקטיוויטעטן.

די סילווערס זיינען שטענדיק געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך פרייוויליק באַשטייערט לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז די סילווערס האָבן מיט אַ ברייטער האַנט מיטגעהאָלפן זייער אייגענער משפּחה, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט דעם גיהנום־וועג אין דער נאַצי־עפּאָכע.

אויך די קינדער: לואיס און ראזלין, זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אַקטיוויטעטן און געווען זער אינסטרומענטאַל פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט.

בעסי סילווער באַטייליקט זיך אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און האַלט אָן די טראַדיציעס פון איר גאָטזעליקן מאַן, יחזקאל סילווער ע״ה.

## טעטיקייטן פון טשענסטאָכאָווער און אומגעגענט הילפס־סאָסייטע אין מאָנטרעאָל

די ערשטע און קאַרדינאַלסטע אויפגאַבע פון דער סאָסייטע איז געווען צו שאַפן פינאַנציעלע מיטלען און קליידונג צו שיקן צו דער שארית החורבן אין טשענסטאָכאָוו. אויף יעדן צוזאַמענקונפט פון דער עקזעקוטיווע איז געשאַפן געוואָרן געלד דורך פרייוויליקע זעלבסט בייסט־יערונגען פון דער עגזעקוטיווע. אויף אַ באַנקעט, וואָס איז פאָרגעקומען דאָנערשטיק, דעצעמבער 26, 1946, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אײנגאַנצן 35 לאַנדסלייט ( עס איז צו יענער צייט נישט געווען מער אין מאָנטרעאָל), איז געזאַמלט געוואָרן די סומע פון 1,140 דאָלאַר.

ווי עס איז באַריכטעט געוואָרן אין בוך „טשענכטאָכאָווער יידן”, דערשינען אין ניו יאָרק אין 1947 האָט די סאָסייטע אַװעקגעשיקט קיין טשענסטאָכאָוו 1,700 דאָלאַר, 12 הונדערט פונט קליידונג און אויך אַ גרויסע צאָל פריוואַטע פעקלעך.

ווי עס איז צו זען פון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן האָט די סאָסייטע געשיקט אַ גרעסערע צאָל לעבנסמיטל פעקלעך צו אינדיווידועלע לאַנדסלייט אין די די־פי קעמפּס אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

די סאָסייטע איז אויך געווען אינסטרומענטאַל ביים אַרויסגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָווער יידן” אין ניו יאָרק דורך פרייוויליקעביישטייערונגען, זיך באַטייליקט מיט אַ דעלעגאַציע אין דער פייערונג, ווען דאָס בוך איז דערשינען און פאַרקויפט דאָס בוך צווישן די לאַנדסלייט אין מאָנטרעאָל.

## די אַנטשטייאונג פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט רעאָרגאַניזאַציע פון טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפס־סאָסייטע אין מאָנטרעאָל

אין 1947 האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען לאַנדסלייט פון די די־פּי קעמפּס און אויך פון טשענסטאָכאָוו גופא. ווען עס זיינען שוין געווען אַ 3־2 צענדליק ניי־אָנגעקומענע לאַנדסלייט איז גערופן געוואָרן אין נאָוועמבער 1948 אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין פּירלעס רעסטאָראַן אויף סיינט לאָרענס, קאָרנער פּיין עוועניו.

אויף דער פאַרזאַמלונג האָט גערעדט דזשאָרזש קליין, דער ערן־פּרעזידענט פון דער סאָסייטע און האָט פאָרגעשלאָגן, אַז די ניי־אָנגעקומענע זאָלן איבערנעמען די אָנפירונג פון דער סאָכייטע און די אַלטע איינגעזעסענע זאָלן דערקלערט ווערן פאַר אַ סעניאָרן־ראַט, וואָס וועט מיטהעלפן אין די אַקטיוויטעטן מיט ראַט און טאַט און אויך פינאַנסיעל.

יענעם אָוונט איז פאָרגעקומען די רעאָרגאַניזאַציע פון טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפס סאָכייטע אין מאָנטרעאָל און עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט געענדערט דעם נאָמען אויף „טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל”. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן עקזעקוטיווע, וואָס האָט אָנגעצייכנט אַ גענויעם פּראָגראַם און פּלאַן פון אַקטיוויטעטן.

אָנהויב 1949 האָט די פריערדיקע עקזעקוטיווע איבערגעגעבן די קאַסע צום דערוויילטן קאַסירער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט הערי קליין און יחזקאל סילווער ע״ה, וואָס איז באַשטאַנען פון נײַנציק דאָלאַר.

הערי קליין האַלט אָן דעם אַמט פון קאַסירער ביז דעם היינטיקן טאָג.

# די עקזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך דערוואָרבן אַ זייער גוטן נאָמען אין מאָנטרעאַל. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון די אַקטיוויטעטן, וואָס זי פירט און דערמיט דינט זי פאַר אַ מוסטער פאַר אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן און סאָסייעטיס. בכדי צו פירן אַ פּאָזיטיווע טעטיקייט ווי:

1. ממשיך זיין די טראַדיציעס פון דער אַמאָל גלאָררייכער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו.
2. פאַראייביקן די מאַרטיראָלאָגיע און העראָאישן קאַמף פון טשענסטאָכאָווער יידנטום קעגן דער נאַצי־מאַכט.
3. איינאָרדנען אויף אַ ווירדיקן און ערנהאַפטן אופן די יאָרצייט אַקאַדעמיעס אין אָנדענק פון די קדושים און העלדן, וואָס זיינען געפאַלן על קידוש השם ועל קידוש העם.
4. אויסזוכן און ברענגען צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט די נאַצי־רוצחים י״ש, וואָס האָבן אויף אַ גרויזאַמען אופן אומגעבראַכט דאָס טשענ־סטאָכאָווער יידנטום.
5. העלפן פינאַנציעל לאַנדסלייט, קרבנות פון נאַצי־רעזשים, מעבר לים.
6. מיטווירקן און מיטהעלפן, פינאַנציעל אויך, דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן אין מאָנטרעאַל, און
7. שאַפן אַ פאַמיליאַרע און חברישע אַטמאָספערע צווישן די לאַנדסלייט, באַטייליקן זיך אין זייערע שמחות און אויך — חס ושלום — אין טרויער איז נויטיק אַ גרופּע מענטשן, אַן אַקטיוו, וואָס זאָל אָנפירן מיט די ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייטן.

די מענטשן דאַרפן זיין:

א. פעאיק און ראוי אויסצופירן אַזעלכע אַקטיוויטעטן.
ב. באַזיצן טיפע געפילן און סענטימענטן פאַר די אַרבעטן, וואָס זיי דאַרפן אויספירן.
ג. אָפּגעבן פרייוויליק צייט וויפיל עס איז נאָר נויטיק.
ד. פרייוויליק זיך באַשטייערן מיט פינאַנציעלע מיטלען בכדי מעגלעך צו מאַכן דאָס אויספירן די צילן און אויפגאַבן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

ווער זיינען די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע? בכדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע וואָלט נויטיק געווען אָנצושרייבן אַ גאַנץ בוך מיט יעדן איינעמס ביאָגראַפיע, געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, פּאָזיציע אין אַלגעמיין יידיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן, איבערלעבונגען אין דער נאַצי־צייט און איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. דאָס איז נישט מעגלעך צו טאָן אין דער קורצער און באַשיידענער אָפּהאַנדלונג. די באַשיידענע און קורצע אָפּהאַנדלונג באַצוועקט נאָר צו געבן אַ קורצע אינפאָרמאַציע וועגן יעדן עקזעקוטיוו־מיטגליד, וועגן אַמט וואָס ער פאַרנעמט און זיינע אויפגאַבן.

איין כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אַלע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע איז, אַז אַלע זיינען ניי־געקומענע אין קאַנאַדע, אַלע האָבן אַדורכגעמאַכט דעם יידישן געראנגל, פיין, צרות און ליידן אין דער צייט פון דער נאַצי־טיראַניע און אַלס אַזעלכע, וואָס האָבן אַליין געליטן האָבן זיי פאַרשטענדעניש פאַר די, וואָס ליידן נאָך היינט און געפינען זיך אין נויט. גלייכצייטיק זיינען זיי די, וואָס די אויפגאַבן און צילן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז אַ באַשטאַנדטייל פון זייער טאָג־טעגלעכן טראַכטן און דענקען.



פ ר ע ז י ד ע נ ט

לייבקע יאַקובאָוויטש

לייבקע יאַקובאָוויטש איז דער פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. צו זיינע אויפגאַבן געהערן: דאָס רעפּרעזענטירן די לאַנדסמאַנשאַפט, אָנטיילנעמען אין די זי־צונגען פון אַלע קאָמיטעטן, פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען. אין דרינגענדע פאַלן, ווען עס איז נישט מעגלעך גלייך צונויפצורופן די עקזעקוטיווע, זיך צו באַ־ראָטן מיטן פרעזידיום און אָננעמען די געהעריקע באַשלוסן אין איינקלאַנג מיט דער קאָנסטיטוציע, צילן און אויפגאַבן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. לייבקע יאַקובאָוויטש פירט זיינע אויפגאַבן מיט גרויס איבערגעגעבנהייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

## פאָרזיצער



בערל איצקאָוויטש איז דער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. צו זיינע אויפגאַבן געהערן: צו רופן די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע און צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר צוגרייטן אַ טאָג־אָרדנונג און פירן דעם פאָרזיץ. קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון די באַזונדערע אַמטן, שטיין מיט אַלעמען אין קאָנטאַקט צי די אָנפאַרטרויטע אַקטיוויטעטן זיינען אויסגעפירט געוואָרן אין איינקלאַנג מיט די אָנגענומענע באַשלוסן. עס דאַרפט אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז בערל איצקאָוויטש פירט אַדורך זיינע אויפגאַבן בשלימות און איז דער פאַסיקסטער מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פאַר דעם אַמט.

---

## וויצע-פאָרזיצער און וויצע-קאַסירער



מענדל פרידלענדער פאַרנעמט די אַמטן פון וויצע־פאָרזיצער און וויצע־קאַסירער. אין דער אָפּוועזנהייט פון פאָרזיצער פירט ער די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע און איז איינער פון די אונטערשרייבערס אויף די טשעקס. ער האַלט די דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט די קוויטירונגען און באַנק־אָסיגנאַציעס. גלייכצייטיק פירט ער אויס אַלע אַרבעטן, וואָס יעדער עקזעקוטיוו־מיטגליד איז פאַרפליכטעט צו טאָן. ער טוט דאָס מיט גרויס ליבע, איבערגעגעבנקייט, אָפּפערווילִיקייט און אידעאַליזם.

---



## קאַסירער

הערי קליין איז דער קאַסירער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. צו זיינע אויפגאַבן געהערן נישט בלויז איינצומאָנען געלט, אַרויסגעבן קוויטירונגען, נאָר אויך צוגרייטן פּלענער ווי אַזוי צו שאַפן דאָס געלט. גלייכצייטיק פירט ער אויס אַלגעמיינע פונקציעס פון דער עקזעקוטיווע. וועגן אים האָט זיך פאַר־שפּרייט אַ ווערטל: „ער הייסט קליין, אָבער ער איז גרויס אין זיינע מעשים לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט". ער איז די טרייב־קראַפט פון די אַקטיוויטעטן פון דער עקזעקוטיווע.

---

## סעקרעטאַר



שמחה סילווער איז דער סעקרעטאַר. צו זיינע אויפגאַבן געהערן:

1. דערהאַלטן די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ און זי דורכלייענען און וועגן זיי באַריכטן אָדער פאָרלייענען אויף די עקזעקוטיווע זיצונגען.
2. ענטפערן אויף די בריוו אין איינ־קלאַנג מיט די באַשלוסן פון דער עקזעקוטיווע.
4. אַרויסשיקן בריוו און איינלאַדונגען צו די מיטגלידער פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט וועגן די הזכרה אַקאַדעמיעס, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, געלט־זאַמלונגען און אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען.

נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז די אַרבעט איז פאַרבונדן מיט אַ סך צייט, איבערגעגעבנקייט און גוטן ווילן, וואָס צווינגט אים צו זיצן האַלבע נעכט נאָך שווערע טעג אַרבעט, קומט אים באמת אַ האַרציקן דאַנק און יישר כח.



## גענעראַל-סעקרעטאַר

ד״ר בנימין אָרענשטיין איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר. צו זיינע אויפגאַבן געהערן:

1. צו רעפּרעזענטירן די לאַנדסמאַנשאַפט ביי קאָנווענשנס, קאָנפערענצן פון נאַציאָנאַלן, רעגיאָנאַלן און לאָקאַלן כאַראַקטער.
2. שטיין אין שריפטלעכן קאָנטאַקט מיט טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס און טשענסטאָכאָווער פּערזענלעכקייטן אין דער גאַנצער וועלט.
3. רעדאַגירן אַלע פּובליקאַציעס פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.
4. צושטעלן די געהעריקע באַשולדיקונגס־מאַטעריאַלן צו די געריכטן, וואָס משפּטן די נאַצי־רוצחים, וואָס האָבן אויסגעמאָרדעט דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום.
5. אויפטרעטן מיט רעדעס אויף די יאָרצייט אַקאַדעמיעס.
6. אָפּגעבן באַריכטן פון די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און עקזעקוטיווע מיטינגען, און
7. אָנפירן מיטן אַרכיוו פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

ד״ר בנימין אָרענשטיין פאַרנעמט אַ גאַר בכבודיקן פּלאַץ אין דער געשיכטס־פאָרשונג פון דער חורבן־עפּאָכע און מיט זיינע ווערק איז ער דער הויפּט־היסטאָריקער פון דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

---



## רעקאָרדינג סעקרעטאַר

טשאַרלס קאַנאַרסקי איז דער רעקאָרדינג סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. צו זיינע אויפגאַבן געהערט:

1. שרייבן די פּראָטאָקאָלן פון די עקזעקוטיווע זיצונגען, אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען, און
2. פאָרלייענען אויף יעדער עקזעקוטיווע מיטינג דעם פּראָטאָקאָל פון דער פריערדיקער זיצונג, בכדי די עקזעקוטיווע זאָל האָבן דעם קאָנטראָל צי די אָנגענומענע באַשלוסן זיינען ווי געהעריק אַדורכגעפירט געוואָרן.

טשאַרלס קאנארסקי באַנוגנט זיך נישט בלויז מיט דעם אַמט און איז אַקטיוו אויף אַלע געביטן און ספּעציעל ווייזט ער אַרויס פיל פאַרשטענדעניש, האַרץ און געפיל ביים באַשטימען פינאַנציעלע הילף צו אונדזערע אומפאַרמעגלעכע לאַנדסלייט מעבר לים.

## פאַרזיצער פון רעליף קאָמיטעט



משה אַלטמאַן איז דער פאָרזיצער פון רעליף קאָמיטעט און דער אַמט ווערט באַטראַכט אַלס אַ גאָר וויכטיקער און ערנ־האַפטער, ווייל ער דאַרף מיט זיינע מיט־גלידער פון קאָמיטעט באַטראַכטן אַלע ווענ־דונגען וועגן פינאַנציעלער הילף פאַר אָרעמע לאַנדסלייט מעבר לים. משה אַלטמאַן צייכנט זיך אויס מיט אַ גאָר גוטן זכרון און געדענקט געננוי אַלע לאַנדסלייט און אפילו די אַדרעסן ווו זיי האָבן געוווינט פאַר דער מלחמה און אויך די צונעמען, מיט וועלכע מען האָט זיי גערופן. ער צייכנט זיך אויס אין זיינע אַקטיוויטעטן און נעמט אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער עקזעקוטיווע. ער איז דער ריכטיקער מענטש אויפן ריכטיקן אַמט.

---

## פאַרזיצער פון קולטור קאָמיטעט



ה. ראָזענבלום איז דער פאָרזיצער פון קול־טור קאָמיטעט און צו זיינע אויפגאַבן גע־הערט צוגרייטן די פראָגראַמען פאַר אַלע אונטערנעמונגען. גלייכצייטיק נעמט ער אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער עקזעקוטיווע, אויספירנדיק זיינע אויפגאַבן אויף אַ געוויסנהאַפטן אופן. ער צייכנט זיך אויס מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן.

---

## טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען



מאַקס הערשליקאָוויטש פאַרנעמט דעם אַמט פון טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען. עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ סיסטעם, אַז עס ווערן נישט געשיקט קיין איינלאַדונגען צו קיין עקזעקוטיווע זיצונגען נאָר עס ווערט טעלעפאָנירט. די אויפגאַבע ווערט געוויסנהאַפט אַדורכגעפירט דורך מאַקס הערשליקאָוויטש. זייער אָפט זיצט ער אָפּ, נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג, לאַנגע שעה'ן ביים טעלעפאָן און פאַרשטענדיקט אַלע עקזעקוטיווע מיטגלידער וועגן דער דאַטע און אָרט ווו די זיצונג וועט פאָרקומען. זיין שטייגער איז, אַז צוערשט פרעגט ער זיך אויס וועגן געזונט, וועגן דער פאַמיליע, דערציילט אַן אינטערעסאַנטע זאַך און דעמאָלט מעלדעט ער וועגן דער זיצונג. אויסער דעם באַטייליקט ער זיך אין אַלע אַרבעטן פון דער עקזעקוטיווע. ער פירט אויס זיינע פליכטן געוויסנהאַפט און מיט איבערגעגעבנקייט.

---

## פאַרזיצער פון דער אונטערנעמונגס קאָמיסיע



סיימאָן לערנער איז דער פאַרזיצער פון דער אונטערנעמונגס קאָמיסיע און צו זיינע אויפגאַבן געהערן אַלע אַראַנזשירונגען צו די יערלעכע בעלער, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט אָרדנט איין. ער איז גלייכצייטיק דער טיקעט טשעמפּיאָן. ער פאַרקויפט טיקעטס אין גאָר גרויסע צאָלן און זיי דערגרייכן די צאָל פון 60 און 70. זייער אָפט געשעט, אַז ער קאָסירט נישט איין אַלע געלטער, אָבער ער באַצאָלט פאַר זיי. זיין טיקעט פאַרקויף גיט גלייך די גאַראַנטיע פאַר דער־פאָלגרייכע און גוט באַזוכטע בעלער

## פאָרזיצער פון רעסעפּשן קאָמיטעט



אהרון בירענבאַום איז דער פאָרזיצער פון רעסעפּשן קאָמיטעט. צו זיינע אויפגאַבן געהערט דאָס אויפנעמען לאַנדסלייט געסט, וואָס קומען זייער אָפט אויף אַ באַזוך קיין מאָנטרעאַל. ער דאַרפט אויך זאָרגן דערפאַר, אַז די עקזעקוטיווע מיטינגען, אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונגען און די יערלעכע באַל אונטערנע־מונגען זאָלן אַדורך אויפן געהעריקן אופן און אַלע זאָלן זיך פילן אין אַ פריינטלעכער און חברישער סביבה. אהרון בירענבאַום באַטייליקט זיך אַקטיוו אין אַלע אַרבעטן פון דער עקזעקוטיווע און העלפט מיט דער לאַנדסמאַנשטפט פינאַנציעל מיט אַ ברייטער האַנט.

---

## פאָרזיצער פון האָספּיטאַליטי קאָמיטעט



זעליק נויפעלד איז דער פאָרזיצער פון האָספּיטאַליטי קאָמיטעט און אויף דעם געביט צייכנט ער זיך שטאַרק אויס. ער פירט אויס זיינע אויפגאַבן מיט גרויס איבערגעבנ־קייט און צופרידנהייט. ער נעמט גלייכצייטיק אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער עקזעקו־טיווע און שטיצט די לאַנדסמאַנשאַפט ביד רחבה.

---



## פאָרזיצער פון ביקור חולים קאָמיטעט

אברהם קאַמינסקי איז דער פאָרזיצער פון ביקור חולים קאָמיטעט. דאָס איז אַ גאָר וויכטיקער אַמט אין דעם אינערלעכן לעבן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. אויב אַ לאַנדסמאַן איז, חס ושלום, קראַנק ווערט ער באַזוכט דורך אַ ספּעציעלער דעלעגאַציע, וואָס ווערט באַשטימט דורך אברהם קאַמינסקי אַזאַ באַזוך און גלייכצייטיק אַ מתנה פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, ווירקט אויסגעצייכנט אויף דעם קראַנקן. ער דערפילט, אַז ער האָט אַ גרויסע משפחה, פאַרגעסט אין זיין קראַנקהייט און לאָזט זיך אַריין אין פאַרשידענע שמועסן פון אַ ספּעציפישן און אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. זייער אָפט געשעט, אַז אַ קראַנקער, וואָס ליגט און קרעכצט פון ווייטיקן, דערזעענדיק די דעלעגאַציע און אַריינלאָזנדיק זיך אין אַ שמועס, ענדערט ער זיך אינגאַנצן און הויבט אָן צו שמועסן און אפילו שמייכלען פון צופרידנקייט. אויסער דעם באַטייליקט זיך קאַמינסקי אין אַ גאַנצער רייע אַרבעטן פון דער עקזעקוטיווע און באַשטייערט זיך פריוווליק פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט איבער זיינע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן.

---

## פאָרזיצער פון דער רעוויזיאָנס קאָמיסיע



משה לעווקאָוויטש איז דער פאָרזיצער פון רעוויזיאָנס קאָמיטעט און צו זיינע אויפגאַבן צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון קאָמיטעט געהערט צו קאָנטראָלירן די פינאַנצן: די הכנסה און אויסגאַבן און אויך צי די באַשלוסן פון דער עקזעקוטיווע זיינען אין צייט אַדורכגעפירט געוואָרן. משה לעווקאָוויטש באַטייליקט זיך אין אַ גאַנצער רייע אַקטיוויטעטן פון דער עקזעקוטיווע און פירט אויס זיינע פליכטן מיט גרויס איבערגעגעבנקייט.

אויסער די אויסגערעכנטע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען אין דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט געווען אויך אַ גאַנצע רייע אַנדערע לאַנדסלייט אַקטיוו און פאַרנומען הויפּט־אַמטן אין דער עקזעקוטיווע. עטלעכע פון זיי זיינען יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט און אַנדערע האָבן פאַרלאָזט מאָנטרעאָל.

די פאַרשטאָרבענע זיינען:

שלמה דילעווסקי ע״ה, געוועזענער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

יחזקאל סילווער (זילבערבערג) ע״ה, לאַנגיעריקער פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

יוסף זילבערבערג ע״ה, געוועזענער עקזעקוטיוו מיטגליד פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

דר. הענריק לאַזאַראָוויטש ע״ה, געוועזענער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---

אַוועקגעפאָרן קיין ניו יאָרק:

קובא גאָלדבערג, פאַרנומען פאַרשידענע אַמטן, צוערשט סעקרעטאַר און נאָכדעם פאָרזיצער.

בערעק פעפער, פאַרנומען דעם אַמט פון קאַמפּיין מענעדזשער.

אַוועקגעפאָרן קיין טאָראָנטאָ:

שלמה וואגא, פאַרנומען פאַרשיידענע אַמטן, עטלעכע טערמינען אַלס סעקרעטאַר און עטלעכע טערמינען אַלס פאָרזיצער.

לואיס בוכוואַלטער, פאָרזיצער פון אונטערנעמונגס־קאָמיטעט.

---

## לײדיס אָקזילערי

אַ גאָר באַזונדערע חשיבות אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פאַרנעמט די לײדיס אָקזילערי. אין דער ערשטער רייע זיינען דאָס די פרויען פון די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. זיי זיינען די גאַסט־געבערינס פון דער עקזעקוטיווע. יעדע זיצונג קומט פאָר אין אַן אַנדער הויז פון אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע, ווו די פרוי איז די האָסטעס און אַלע ווערן אויפגענומען ביי כערווירטע טישן, ווי עס וואָלט געווען אַ סעודה מאָלצייט אויף אַ שמחה. אויך אַלע פרויען פון די לאַנדסלייט צייכענען זיך אויס ביי אַלע אונטערנעמונגען און ספּעציעל ביי די מאָני־שאוערס. אויסער דעם, וואָס זיי פאַרנעמען זיך מיט זאַמלען זאַכן פאַרן באַזאַר, לאַדן איין זייערע פריינט און באַקאַנטע, באַשטייערט זיך יעדע איינע לאַנדסליידי מיט געלט, זאַכן און ספּעציעל היימישע געבעקסן פאַר דעם מאָני שאוער און פאַר די אונטערנעמונגען. מיט רעכט קען דערקלערט ווערן, אַז זעכציק פּראָצענט פון אַלע איינקונפטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ווערט געשאַפן דורך דער לײדיס אָקזילערי.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יעדע לאַנדסליידי פאַרדינט צו זיין רעפּרע־זענטירט מיט אַ בילד און אַ קורצער באַשרייבונג, איז דאָס פון טעכנישן שטאַנדפּונקט נישט מעגלעך, ווייל אַ 60־70 בילדער מיט אַפּילו די קירצכטע באַשרייבונגען וואָלט געדאַרפט פאַרנעמען מינדעסטנס 100 זייטן. צוליב דער זעלבער סיבה ווערן אויך נישט אויסגערעכנט די נעמען פון די פרויען.

זאָל דאָ איין אויסנאַם געמאַכט ווערן פאַר איין לאַנדסליידי פאַר איר׳ע ספּעציעלע אַקטיוויטעטן פון פירן אַ בוך, וואָס ווערט אָנגערופן „ספר הזכות״. אין דעם בוך זיינען פאַרשריבן אַלע נעמען און אַדרעסן פון לאַנדסלייט פון ישראל און אַנדערע לענדער, וואָס ווענדן זיך צו דער לאַנדסמאַנשאַפט נאָך פינאַנציעלער הילף. אין דעם בוך ווערן פאַרשריבן אַלע ווענדונגען, ווען, וויפיל און וואָס געשיקט. ווי אויך די ענטפערס, וואָס זיינען אָנגעקומען. דאָס בוך ווערט געפירט צוועלף יאָר צייט דורך פרוי סאַלע איצקאָוויטש, די פרוי פון פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

אַ ספּעציעלן דאַנק און אנערקענונג ווערט אויסגעדריקט צו דער גאַנצער ליידיס אָקזילערי פאַר די אונערמידלעכע און איבערגעגעבענע אַקטיוויטעטן און אַ באַזונדערן דאַנק פרוי סאַלע איצקאָוויטש פאַר פירן אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן דעם „ספר הזכות״.



ליידיס אָקזילערי פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

# קאָנסטיטוציע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל

פונקט 1 —

ווער ווערט באַטראַכט אַלס טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן.

א. יעדער איינער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט.

ב. יעדער איינער אָדער איינע, וואָס איז פאַרהייראַט צו אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן אָדער לאַנדסליידי.

ג. יעדער איינער, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט דעםליידנס־וועג אין דער נאַצי־צייט אין טשענסטאָכאָווער גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און אין די „האַסאַג" קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

פונקט 2 —

די עקזעקוטיווע האָט נישט קיין רעכט אויסצושליסן אַ לאַנדסמאַן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. דאָס קען נאָר געשען דורך אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

פונקט 3 —

בכדי די לאַנדסמאַנשאַפט זאָל זיין אימשטאַנד צו דערפילן אַלע ווענדונגען וועגן הילף, ווערן אַדורכגעפירט אונטערנעמונגען און פרייוויליקע באַשטייערונגען צווישן די לאַנדסלייט.

פונקט 4 —

צו באַקומען הילף פון דער לאַנדסמאַנשאַפט זיינען באַרעכטיקט אַלע לאַנדס־לייט, וואָס געפינען זיך, חס ושלום, אין אַ נויט.

פונקט 5 —

## פסח הילף

מעות חיטים ווערט געשיקט צו לאַנדסלייט אין דער פאָרם פון אַ מתנה. די הילף ווערט געשיקט אויפן סמך פון די ליסטעס, וואָס די עקזעקוטיווע האָט אין איר באַזיץ. הילף אַ גאַנץ יאָר ווערט געשיקט נאָר צו אַזעלכע, וואָס האָבן געשיקט פערזענלעכע ווענדונגען.

פונקט 6 —

## די עקזעקוטיווע

אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד, וואָס איז דערוויילט געוואָרן אין פינף טערמינען און פירט אויס געוויסנהאַפט זיין אַמט דורך 10 יאָר צייט, ווערט אויטאָמאַטיש דערקלערט אַלס סעניאָר און לעבנסלענגלעכער מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע. אַזאַ געשעעניש ווערט באַצייכנט מיט אַ ספּעציעלער פייערונג.

די אַמטן פון דער עקזעקוטיווע זיינען:

א. פּרעזידענט

ב. וויצע־פּרעזידענט

ג. פאָרזיצער

ד. וויצע־פאָרזיצער

ה. גענעראַל־סעקרעטאַר

ו. קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר

ז. רעקאָרדינג־סעקרעטאַר

ח. קאַסירער

די קאָמיטעטן זיינען פאָלגנדע:

1. אונטערנעמונגס־קאָמיטעט
2. קולטור־קאָמיטעט
3. רעליף־קאָמיטעט
4. רעספּשן־קאָמיטעט
5. טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען קאָמיטעט
6. האָספּיטאַליטי־קאָמיטעט
7. ביקור־חולים קאָמיטעט
8. רעוויזיאָנס־קאָמיטעט
9. ליידיס־אָקזילערי קאָמיטעט.

די אויפגאַבע פון אַלע קאָמיטעטן איז אויסצואַרבעטן פּלענער און פּראָיעקטן און זיי רעפערירן פאַר דער עקזעקוטיווע. יעדער קאָמיטעט פירט איר טעטיקייט אין איינקלאַנג מיט די באַשלוסן פון דער עקזעקוטיווע.

דער קלענסטער צוזאַמענשטעל פון אַ קאָמיטעט איז דריי מיטגלידער.

בכדי די מעות חיטים זאָל אַרויסגעשיקט ווערן אין צייט, דאַרפט דער רעליף קאָמיטעט זיך ווענדן צו דער עקזעקוטיווע אַמשפּעטנסט 5 וואָכן פאַר פּסח וועגן באַשטימען די סומע געלט וואָס ווערט אַסיגנירט. אויב עס ווייזט זיך נאָכדעם אַרויס, אַז די סומע איז צו קליין און עס איז נויטיק מער, דאַרפט דער רעליף קאָמיטעט זיך ווענדן צו דער עקזעקוטיווע צו אַסיגנירן אַ צוגאָב־סומע.

פונקט 7 —

די טשענסטאָכאָווער לאַנדכמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל שטעלט מיט זיך פאָר ווי איין משפּחה און דערפאַר איז פאַרפליכטנד פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט אָנטייל צו נעמען אין אַלע שמחות פון די לאַנדסלייט.

אויב אַ לאַנדכמאַן איז חס ושלום אין טרויער, דאַרפן אַלע לאַנדסלייט איבער־רייסן די אַרבעט און זיך באַפרייען פון זייערע באַשעפטיקונגען און אָנטיילנעמען, מיט געבויגענע קעפּ, אין טרויער פון לאַנדסמאַן.

פונקט 8 —

**יעדער לאַנדסמאַן האָט רעכט צו שטימען ביי וואַלן פון אַן עקזעקוטיווע און גלייכצייטיק די רעכט געוויילט צו ווערן. יעדער געוויילטער מיטגליד אין דער** עקזעקוטיווע קען געוויילט ווערן צו אַן אַמט צו וועלכן ער איז פעאיק אויסצופירן.

אַ לאַנדסמאַן, וואָס באַשטייערט זיך נישט פאַר מעות חיטים קען נישט פאַרנעמען קיין שום אַמט אין דער עקזעקוטיווע.

אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע אויב ער באַשטייערט זיך נישט פאַר מעות חיטים שליסט ער זיך דערמיט אויס פון דער אָנפירונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און ווערט נישט מער גערופן צו די זיצונגען.

## הילפס אַקציעס

די הילפס אַקציעס ווערן געפירט דורך שיקן געלט סערטיפיקאַטן, לעבנס־מיטל, קליידונג און מעדיקאַמענטן קיין ישראל און פּוילן. דער פאַקט איז, אַז יעדעס יאָר ווערט אַלץ ווייניקער די צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין פּוילן, ווייל אי־בערהויפּט ווערט דאָס יידישע לעבן דאָרט מיט יעדעס יאָר מער אויסגעלאָשן, דערי־בער ווערט די מערהייט פון דער הילף געשיקט קיין ישראל.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אין פאַרלויף פון איר עקזיסטענץ געשיקט צו הונדערט סקריפּטן אָדער בעקלעך אַ יאָר, דעריבער איז נויטיק געווען צו פאַרטראַכטן זיך אויף דעם אופן פון שיקן די הילף. צי זאָל עס זיין אינדיווידועלע אָדער קאָנסטרוקטיווע. אַזעלכע דיסקוסיעס קומען פאָר ביי אַלע טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריינען און לאַנדסמאַנשאַפטן אויפן גאַנצן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט. די לאַנדסמאַנשאַפט האָט דעריבער באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַן אַנקעטע אין דער פראַגע, אַז די לאַנדסלייט זאָלן זיך אַרויסזאָגן וועגן דעם ענין.

## אַ נ ק ע ט ע

אין מערץ 1956 זיינען געשיקט געוואָרן אַנקעטע בויגנס צו אַלע לאַנדסלייט אין ישראל וועלכע האָבן גענאָסן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט מאַטעריעלע הילף און אויך צום אירגון יוצאי טשענסטאָכאָוו אין תל אביב.

די אַנקעטע אַנטהאַלט פאָלגענדע 8 פראַגן:

1. וויפיל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט וווינען אין אייער שטאָט?
2. וויפיל איז די צאָל פון די לאַנדסלייט, וואָס נויטיקן זיך אין הילף?
3. אין וועלכע פאָרם פון הילף נויטיקן זיך די לאַנדסלייט: מזומן, קליידונג, שפייז אָדער מעדיקאַמענטן?
4. צי דאַרף די הילף געשיקט ווערן אינדיווידועל צו די וואָס ווענדן זיך צו אונדז דירעקט, צי דער צו די טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס, אַז זיי זאָלן איינטיילן לויט זייער איינזען?
5. צי איז אייער מיינונג, אַז אַנשטאָט צו שיקן הילף צו לאַנדסלייט, זאָל בעסער דאָס געלט פאַרווענדעט ווערן אויף בויען אינסטיטוציעס אין ישראל ווי צום ביישפּיל: מעדיצינישער צענטער, קינדערהיים אָדער שולע?
6. אויב איר נויטיקט זיך אין אַ הלוואה, איז אייך מעגלעך צו באַקומען אין דער ליי־קאַסע?
7. צי איז אייער מיינונג, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פון אַלע טשענסטאָכאָווער פאַראיינען און לאַנדסמאַנשאַפטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע בכדי צו שאַפן גרעסערע פאָנדן פאַר דער ליי־קאַסע?
8. צי זענט איר פאַר אַ פּראָיעקט אויפצובויען אַ דענקמאַל אין ישראל אין אָנדענק פון קדשי טשענסטאָכאָוו?

אויף דער אַנקעטע זיינען אָנגעקומען אַ גאַנצע רייע ענטפערס אין וועלכע עס קומען צום אויסדרוק, אַז אַלע פּונקטן זיינען ריכטיקע. עס דאַרפט געשיקט ווערן אינדיווידועלע הילף צו די אַפּליקאַנטן, וואָס ווענדן זיך צו דער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל. עס דאַרפן געשיקט ווערן פינאַנציעלע מיטלען צו דעם אירגון יוצאי טשענסטאָכאָוו, בכדי זי זאָל קאָנען פירן אַ ברייטע טעטיקייט לטובת די לאַנדסלייט. די ליי־קאַסע דאַרפט פאַרגרעסערט ווערן, אַז לאַנדסלייט זאָלן קענען באַקומען הלוואות פאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקן. עס דאַרפט געשטעלט ווערן אַ מאָנומענט, בויען אינסטיטוציעס און אַזוי ווייטער.

דערווייל האָבן אויך געשטראָמט מאַסן בריוו פון אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער סיי אינדיווידועלן און סיי געזעלשאַפטלעכן.

זאָלן דאָ נאָר געברענגט ווערן עטלעכע קורצע ציטאַטן:

אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט באַקומען אַ פּעקל קליידונג פאַר זיינע קינדער, האָט געשריבן:

„חיפה, יוני 10, 1957. חשובע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. גוטהאַרציקע ברידער און שוועסטער: געבענטשט זאָלט איר זיין מיט אַלעם גוטן. ווען איך האָב אייער פּאַקעט דערהאַלטן, איז זי שטראַל פון גליק געקומען. איר קענט אייך נישט פאָרשטעלן די פרייד פון די קינדער און מיין פרוי. איך קען אייך שרייבן, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין אַזוי גוט געקליידט ווען אַלץ איז אַזוי טייער. איך דאַנק אייך נאָכאַמאָל פאַר דעם פּאַקעט און זייט וויסן, אַז איר האָט געטאָן אַ גרויסע מצוה. פאַרבלייבט געזונט צוזאַמען מיט אייערע פאַמיליעס. מיט גרויס רעספּעקט פאַר אייך".

אַן אויסצוג פון אַ בריוו פון אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט דערהאַלטן אַ טשעק:

„יוני 10, 1957. טייערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט: אייער בריוו מיטן טשעק האָב איך דערהאַלטן, פאַר וועלכן איך און מיין פאַמיליע דאַנקן אייך זייער הערצלעך פאַר אייער איבערגעגעבנהייט צו אונדז, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין ישראל. ליבע פריינט: מיר וויסן זייער גוט, אַז קיין לעכערדיקן זאַך קען מען נישט פול מאַכן, אָבער די מתנה פאַר אונדז האָט זייער אַ גרויסע באַדייטונג."

אין אַ בריוו פון אַ לאַנדסמאַן, דאַטירט: תל אביב, אַפּריל 7, 1957, אין וועלכן ער דאַנקט פאַרן צוגעשיקטן טשעק, באַמערקט פאָלגנדעס:

„ליבע פריינט, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט: שטאַרק גערירט בין איך געווען ווען איך האָב דערהאַלטן אייער בריוו, ספּעציעל דערזעענדיק אויבן אויפן שרייבבויגן דאָס בילד פון דער טשענסטאָכאָווער סינאַגאָגע. איר זענט ווערט אַ גרויסע אָנערקענונג פאַר דעם שיינעם איינפאַל, וועלכער דינט אַלס סימבאָל פון אַמאָליקן לעבן פון אונדזער געמיינזאַמער געבורט־שטאָט. אפשר איז גאָרנישט קיין צופאַל וואָס איר, קאַנאַדער לאַנדסלייט, זענט געפאַלן אויף דעם געדאַנק. דאָס שטימט פולשטענדיק מיט אייער טעטיקייט, וועלכע די צייט האָט נישט פאַרגעסן. אַ דאַנק אייך האַרציק פאַר דעם צוגעשיקטן טשעק. איך ווינטש אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין קאַנאַדע אַ פריילעכן פּסח."

אויסער אַזעלכע בריוו באַקומט די לאַנדסמאַנשאַפט אויך בריוו פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, אַ קינדער דאָקטאָר אין ישראל, פּראָטעסטירט אַמשאַפסטן קעגן דעם סיסטעם פון שטיצע. ער שרייבט: 'דער גאַנצער 'פּעקל סיסטעם' איז מיר שוין נישט דערעסן, נאָר דערפרעסן... מ'קען נישט זיין קיין אייביקע שנאָרער, קבצנים אאַ"וו. וואָלטן אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד געוואָלט אויפהערן שיקן פּעקלעך, וואָלט דאָס געווען אַ רעטונג פאַר דער געזעלשאַפטלעכער מאָראַל".

פון אַ גאָר כּפעציעלן כאַראַקטער זיינען די בריוו פון לאַנדסמאַן דוד קאַניעצפאָלער פון חולון, ישראל. ער שרייבט נישט, חס ושלום, וועגן הילף, וויל נישט און דאַרף נישט. ער שרייבט, אַז ער האָט פאַרנאָטירט איבער הונדערט נעמען פון געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער פון דער פאַרשניטענער שטאָט טשענסטאָכאָוו. פאַרשטענדלעך, אַז זיין בריוו האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס און נאָך אַ בריוו אויסטויש, שרייבט ער אין אַ בריוו, דאַטירט, חולון, מאַי 18, 1957, פאָלגענדעס: „אייער

חשובן בריוו פון אַפּריל 14, האָב איך דערהאַלטן, פאַר וועלכן איך דאַנק אייך האַרציק. עס איז מיר באַזונדערס אָנגענעם, וואָס — ווי איר שרייבט — אַז מיין בריוו איז פאָרגעלעזן געוואָרן אויף אַ פּלענאַרער זיצונג פון דער עגזעקוטיווע. עס טויכן אויף זכרונות פון צענדליקער יאָרן, זַנגעשטרענגטע, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און מען לעבט נאָך אַמאָל איבער אונדזער פינצטערע טראַגעדיע. אַלץ איז אויסגעריסן געוואָרן כמעט מיטן וואָרצל. לויט מיין טיפער איבערצייגונג איז זייער גוט, וואָס דאָ און דאָרט ווערט פאַרצייכנט און געדרוקט, וואָס וועט דערמעגלעכן דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון אונדזער עפּאָכע צונויפצושטעלן דאָס טראַגישסטע קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע".

די אויסצוגן פון די עטלעכע בריוו כאַראַקטעריזירן די שטאַנדפּונקטן און פאַראינטערעסירונגען פון די לאַנדסלייט אין ישראל, און נעמליך: יאָ אינדיווידועלע הילף, וואָס העלפט בייצוקומען אַ שווערע צייט, נישט קיין אינדיווידועלע הילף, וואָס שעדיקט די מאָראַל פון די לאַנדסלייט. פריינד דוד קאָניעצפּאָלערס שטאַנדפּונקט איז בעסער זיך צו פאַרנעמען מיט פאַראייביקן די געשיכטע פונם טשענסטאָכאָווער יידנטום. די מיינונג פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז, אַז די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און הילפס־פאַריינען אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט דאַרפן קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף און גלייכצייטיק אין אויסנאַמס־פאַלן פירן אַ טעטיקייט פון אינדיווידועלער הילף. מיט דער מיינונג פון פריינד דוד קאָניעצפּאָלער, איז די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל פולשטענדיק מסכים, אַלס איינע פון די אויפגאַבן און טעטיקייטן.

## יאָרצייט אַקאַדעמיעס

איינע פון די הויפּט־יסודות פון דער עגזיסטענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז דאָס איינאָרדנען די יאָרצייט אַקאַדעמיעס אין אָנדענק פון די אומגעקומענע אויף קידוש השם און קידוש העם.

די נייע עגזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט אָנגעהויבן אירע אַקטיוויטעטן ענדע 1948 האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די אַקאַדעמיעס פון יאָר 1949, דאָס הייסט פון דער זיבעטער יאָרצייט אָן.

די אַקאַדעמיעס פון יאָר 1949 ביז 1962, דאָס הייסט ביז דער צוואַנציקסטער יאָרצייט, איינשליסליך, זיינען פאָרגעקומען אין די זאַלן פון: אַרבעטער־רינג, יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק און ציוניסטישער צענטער.

די רעדנער אויף די אַקאַדעמיעס זיינען געווען: דר. בנימין אָרענשטיין, הרב בנימין באָזשיקאָווסקי, שלמה וואגא, הערי קליין, קובאַ גאָלדבערג און בערל איצקאָוויטש.

אין די אַרטיסטישע פּראָגראַמען האָבן זיך באַטייליקט: דאָרא וואַסערמאַן, מר. רובינעק, יוסף אַראַנאָף, א. אירליכט, אבע איגענפעלד, רות סאַהמער, שורלי בערענשטיין און יעטא פעלדמאַן.

יעדע יאָרצייט אַקאַדעמיע האָט שוין אַ פעסטגעשטעלטן פּראָגראַם און באַשטייט פון דריי טיילן: די ערשטע — אַ רעליגיעזע, און באַשטייט פון אָנצינדן ליכט, אַ חזן מאַכט אַן „אל מלא רחמים", עס ווערט געזאָגט קדיש און עס ווערט געהאַלטן

אַ הספד דורך דעם טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן הרב בנימין באַזשיקאָווסקי, וועל־כער איז דער פּרינציפּאַל פון דער ישיבה „מאור הגולה". דער צווייטער טייל באַ־שטייט פון צוויי רעפּעראַטן: איין רעפעראַט נעמט אַרום דעם חורבן און דער צוויי־טער — ווידערשטאַנד און קאַמף פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער נאַצי־צייט. די דריטע טייל — רעציטאַציעס און געזאַנג פון געטאָ לידער. די יאָרצייט אַקאַדע־מיעס שליסן זיך מיטן געזאַנג פון פּאַרטיזאַנער הימן: „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

צו דער 21־טער יאָרצייט אַקאַדעמיע, וואָס איז פאָרגעקומען אָקטאָבער 27, 1963 אין דער עדת־ישורון, הדרת־קודש סינאַגאָגע, האָט דר. בנימין אָרענשטיין ספּעציעל אָנגעשריבן אַן אָראַטאָריע אונטערן טיטל: „טשענסטאָכאָוו" וואָס איז אויס־געפירט געוואָרן דורך די צוויי קינסטלערינס: שורלי בערענשטיין און יעטאָ פעלדמאַן, מיטגלידערינס פון יידישן קולטור קלוב.

דער חזן, וואָס האָט געמאַכט אַ „מלא" און געזונגען אַ קאַפּיטל תהילים, איז געווען משה זאמאר.

מיט רעדעס זיינען אויפגעטרעטן: דר. בנימין אָרענשטיין און ה. ראָזענבלום. דעם פאָרזיץ האָט געפירט משה אַלטמאַן.

די 22־טע יזכור אַקאַדעמיע איז פאָרגעקומען אָקטאָבער 4, 1964 אין בית-המדרש הגדול. דער פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, לייבקע יאַקובאָוויטש, האָט גע־עפנט די אַקאַדעמיע און איבערגעגעבן דעם פאָרזיץ צו הערי קליין. דער חזן איז געווען משה קאופלער, ר' שלמה לערנער האָט געזאָגט קדיש און די רעדנער זיינען געווען: ד"ר בנימין אָרענשטיין און הערי ראָזענבלום.

דער פאָרזיצער, הערי קליין, האָט פאָרגעלייענט אַ מעסעדזש פון טשענסטאָכאָ־ווער רעליף קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי פון ניו יאָרק.



די עגזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

# חזקות

נישט געקוקט דערויף, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט איז געבויט אויף דעמאָקראַ־טישע יסודות, דאָך האָבן זיך איינגעשטעלט געוויסע חזקות צום אויספירן אַנט־שפּרעכנדע ערנהאַפטע פונקציעס, וואָס ווערן דורך די בעלי חזקה געוויסנהאַפט און ערנהאַפט אַדורכגעפירט.

הרב בנימין באָזשיקאָווסקי שליט״א האָט די חזקה צו האַלטן יעדעס יאָר אַ הספד אויף די יאָרצייט אַקאַדעמיעס. די באַגרינדונג איז די, אַז זייט זיין אָנקומען אין יאָר 1949, קיין מאָנטרעאָל, דערפילט ער די אויפגאַבע אויף אַ געוויסנהאַפטן אופן.

דר. בנימין אָרענשטיין, גענעראל סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט די חזקה צו זיין איינער פון די הויפט רעדנער אויף די יאָרצייט אַקאַדעמיעס. די באַ־גרינדונג איז די, אַז זייט דעם יאָר 1946 איז ער איינער פון די הויפט־רעדנער אויף די יאָרצייט אַקאַדעמיעס. זייענדיק אין דייטשלאַנד איז ער אין די יאָרן 1946, 1947 און 1948 אויפגעטרעטן אויף די צענטראַלע אַקאַדעמיעס איינגעאָרדנט דורך דער צענטראַל פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד און זייט 1949 אָנקומענדיק קיין מאָנטרעאָל פירט ער אויס די פונקציע אויף אַ געוויסנהאַפטן אופן. ער איז אויך אויפגעטרעטן אַלס גאַסט־רעדנער אויף די טשענסטאָכאָווער יאָרצייט אַקאַדעמיעס אין טאָראָנטאָ און ניו יאָרק.

הערי קליין, קאַסירער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט די חזקה אויפצוטרעטן אויף די יאָרצייט אַקאַדעמיעס אַלס איינער פון די הויפט רעדנער. די באַגרינדונג איז די, אַז זייט זיין אָנקומען אין מאָנטרעאָל, ענדע 1948, פירט ער אויס געוויסנהאַפט די אויפגאַבע.

שלמה לערנער, וואָס געהערט צו די סעניאָרן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט די חזקה צו זאָגן קדיש אויף די יאָרצייט אַקאַדעמיעס. די באַגרינדונג איז די, אַז זייט ער איז אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל, אין יאָר 1955, פירט ער אויס די אויפגאַבע אויף אַ געוויסנהאַפטן אופן.

אין דער צייט פון דרוקן דאָס בוך איז ר׳ שלמה לערנער געשטאָרבן.

# ביקור חולים

די לאַנדסמאַנשאַפט, זייענדיק טריי די טראַדיציעס פון דער אַלטער היים, באַ־טראַכט דאָס פּראָבלעם פון ביקור חולים אַלס אַן ערן־זאַך און אַן ערן־פליכט. דאָס באַזוכן אַ קראַנקן לאַנדסמאַן דורך אַ דעלעגאַציע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַ גאָר גרויסע פּסיכאָלאָגישע באַדייטונג, זיין ווירקט אָפט מאָל אויפן קראַנקן מער ווי די בעסטע מעדיצין.

דער קאָמיטעט באַשטייט פון וואָלונטירער, וואָס באַטראַכטן דעם אַמט אַלס אַן ערן־אויפגאַבע. דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט איז אברהם קאַמינסקי.

אַ דעלעגאַציע פון ביקור חולים קאָמיטעט, ווען זי גייט אויף אַ באַזוך, ברענגט זי געווייכצייטיק מיט אַ מתנה פאַרן קראַנקן.

## ספר הזכות

די לאַנדסמאַנשאַפֿט פירט אַ ספּעציעל בוך אין וועלכן עס זיינען פאַרשריבן די נעמען צו וועמען עס ווערן געשיקט מאַטעריעלע הילף. אין בוך געפינען זיך רובריקן: נאָמען, פאַמיליע, ווען דערהאַלטן דעם בריוו, ווען געשיקט, וואָס געשיקט און אויך דער ענטפער. דאָס פאַרוואַלטן מיטן בוך ווערט באַטראַכט כאָר אַ גאָר ערנהאַפטן אַמט און מיט דעם אַמט פירט אָן זייער געוויסנהאַפט מרס. ס. איצקאָוויטש. דער אַמט נויטיקט זיך אין ספּעציעלע קוואַליפיקאַציעס און די קוואַליפיקאַציעס באַזיצט מרס. ס. איצקאָוויטש, דעריבער איז דער אַמט געוואָרן אַ חזקה זאַך. די טעטיקייט ווערט געפירט אויף אַן אופן פון מתן־בסתר.

## פינאַנסיעלע מיטלען

פונוואַנעט נעמט די לאַנדסמאַנשאַפֿט פינאַנסיעלע מיטלען? דער סיסטעם פון נעמען מיטגלידס־אָפּצאָל איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. די איינקונפטן זיינען דעריבער פון אַן איינמאָליקן קאַמפּיין, וואָס ווערט אָנגערופן מעות־חיטים און ווערט געפירט פון פורים ביז פסח. יעדעס יאָר פירט די ליידיס אָקזילערי אַדורך אין אַ גרעסערן מאָסשטאַב אַ „מאני־שאוער" און באַזאַר. עס ווערט אויך אַדורכגעפירט אַ יערלעכער באַל צו דער באַפרייאונג פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פון מזכיר נשמות געלט ביים אַריינגאַנג צו די טרויער אַקאַדעמיעס.

## קבלת פּנים פייערונגען

יעדעס מאָל ווען עס קומט אַ גאַסט ווערט איינגעאָרדנט אַ קבלת פּנים פייערונג. ביז יעצט האָט די לאַנדסמאַנשאַפֿט געהאַט אַ גאַנצע רייע געסט.

רפאל פעדערמאַן פון ניו יאָרק איז געווען אין מאָנטרעאָל צוויי מאָל. דאָס ערשטע מאָל אין יאָר 1949 און דעמאָלט איז פּאָרגעקומען אַ פייערלעכער מיטינג פון דער עקזעקוטיווע און ער האָט באַריכטעט וועגן דער גרינדונג פון וועלט־סעקרעטאַריאַט, וואָס וועט אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן ביולעטין וועגן טשענסטאָכאָווער פּראָבלעמען. אויף דער זעלבער זיצונג איז פייערלעך באַגריסט געוואָרן דער דעמאָלט נאָר וואָס אָנגעקומענער חשובער לאַנדסמאַן הרב בנימין באַזשיקאָווסקי. דאָס צווייטע מאָל איז רפאל פעדערמאַן געווען זומער צייט 1956. דעמאָלט, יולי 29, 1956, איז פּאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ אין זומער רעסאָרט שאַברידזש, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג און עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַ גאַנצע רייע פּראָבלעמען ווי: קאָאָרדינאַציע, קאָנסטרוקטיווע הילף און בוך „טשענסטאָכאָוו". אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך אויך באַטייליקט מרס. געניא פעדערמאַן, מאָטל בערקאָוויטש און שאַהאַם. (אַלע אויסגערעכנטע פון ניו יאָרק). אין דער קאָנפערענץ האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע עגזעקוטיווע און אויך אַקטיווע לאַנדסלייט און לאַנדסליידיס.

אין יאָר 1954 איז געקומען אַ גאַסט פון ניו יאָרק, מיסיס חיה׳לע ראטמאַן און צו דער געלעגנהייט איז פּאָרגעקומען אַ ספּעציעלער מיטינג אויף וועלכע זי האָט איבערגעגעבן באַריכטן וועגן די אַקטיוויטעטן פון ניו־יאָרקער רעליף קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי.

אין מערץ 1956 איז געווען אַ גאַסט פון מדינת ישראל, מיסיס העלא שניאור, די שוועסטער פון דעמאָלטיקן פאָר;יצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפֿט קובא גאָלדבערג. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן מערץ 11, 1956, אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין לאָקאַל פון אַרבעטער־רינג און מיסיס העלא שניאור האָט רעפערירט וועגן דער אַלגע־

מיינער לאַגע אין מדינת ישראל און ספּעציעל זיך אָפּגעשטעלט וועגן מצב פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אויך געהאַט אַ גאַנצע רייע געסט ווי שמואל אָרבאַך, פריינד רייזמאַן און לייבל עדעליסט, אַלע דריי פון מדינת ישראל, דר. וואָלף גליקס־מאַן פון פילאַדעלפיא, בערנאַרד פייטעק פון שיקאַגאָ, לייביש בירענבאום, זיין זון שלמה בירענבאום, קאָפּל קאַנאַרסקי פון בעלגיע, לייב בערגמאַן פון פּאַריז, יצחק וואזשניצא פון ישראל און אויך אַנדערע.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אויך געהאַט אייגענע מאָנטרעאָלער לאַנדסלייט, וואָס האָבן באַזוכט מדינת ישראל און נעמליך: מר. און מרס. קובא גאָלדבערג, מר. און מרס. משה לעוויקאָוויטש, מר. און מרס. אהרן בירענבאום, בערל איצקאָוויטש, פאָר־זיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, שמואל פראַקאַש און זיין זון יוסף, וועמענס בר מצוה עס איז געפייערט געוואָרן אין מדינת ישראל.

## מדינת ישראל

די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז זיין פאַרבינדונג מיטן ארגון יוצאי צ׳נסטוחוב והסביבה בישראל אין תל אביב ווי אויך מיט אַ גאָר באַדייטנדע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט איבערן גאַנצן לאַנד צו וועמען עס ווערט געשיקט די־רעקט מאַטעריעלע הילף.

די פאַרבינדונגען זיינען פון אַ פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער, מיט פאַרשידענע פּלענער און פּראָיעקטן.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז פינאַנסיעל נישט אימשטאַנד אַדורכצופירן גרויסע פּראָיעקטן, דאָך טוט זי אַלץ, וואָס איז נאָר מעגליך דורך שיקן צו קראַנקע, אינוואַלידן, און עלטערע לאַנדסלייט פינאַנסיעלע מיטלען, באַקליידונג און מעדיקאַמענטן.

די נויטווענדיקייט פון דער הילפס־טעטיקייט פאַר די אויבנדערמאָנטע קאַטע־גאָריעס לאַנדסלייט אין ישראל באַווייזן די הונדערטער דאַנק בריוו, וואָס געפינען זיך אין אַרכיוו פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ביז יעצט זיינען דערשינען אַ גאַנצע רייע ביכער וועגן לעבן, קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, דאָך האָט דער טשענ־סטאָכאָווער ארגון אין ישראל, אַז ער איז באַרעכטיקט אַרויסצוגעבן אַ בוך, האָט די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל דאָס אויפגענומען מיט גרויס אָנערקענונג, באַגריסט און געווונטשן הצלחה דעם ארגון אין דער אונטערגענומענע וויכטיקע אַרבעט און געשיקט אַ באַשטייערונג פאַרן בוך־פאָנד.

ווי מען קאָן זיך איבערצייגן שאַצט אָפּ דער ארגון אין ישראל די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל און דאָס דרינגט אַרויס פון די פילצאָליקע בריוו, וואָס געפינען זיך אין אַרכיוו.

יעדער בריוו פון ארגון איז אַליין פאַר זיך אַ היסטאָרישער דאָקומענט. יעדער בריוו איז אין אַ מיניאטור פאָרם, אַן אָפּשפּיגלונג פון די אַקטיוויטעטן פון ארגון, דער

מצב פון די לאַנדסלייט, דערביי זיינען די בריוו געשריבן אין אַ גאָר הויכע ליטע־ראַרישע פאָרם, מיט ווירדע, טאַקט, פריינטלעכע באַנעמונג ווי עס פּאַסט פאַר אַ היסטאָרישן דאָקומענט פון אַ גייסטיקן צענטער, פון אַ צענטער וואָס פּרעטענדירט צו זיין, וויל זיין און איז באַרעכטיקט צו זיין דער סימבאָל פון דער אַמאָל רומפולער, לויט דער רייע, אַכטע גרעסטע יידישע קהילה אין פוילן, די חרוב געוואָרענער קהילה הקדושה טשענסטאָכאָוו.

## פאַרבינדונגען מיט ניו-יאָרק

די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז אין אַ געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט מיטן טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט. די פאַרבינדונגען זיינען נאָך געווען אין אָנהויב ווען דער הילפס־פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין מאָנטרעאָל. דאָס האָט זיך אויס־געדריקט אין פאַרשיידענע פאָרמען. אויף דער ערשטער טרויער אַקאַדעמיע אין מאָנטרעאָל איז אויפגעטרעטן אַלס גאַסט רעדנער רפאל פעדערמאַן פון ניו־יאָרק און אויף דער זעכצנטער יאָרצייט אַקאַדעמיע איז דר. בנימין אָרענשטיין געווען דער גאַסט־רעדנער אין ניו יאָרק. די מאָנטרעאָלער לאַנדסלייט האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די ניו יאָרקער פובליקאַציעס: „טשענסטאָכאָווער יידן״, דערשינען אין 1947 און „טשענסטאָכאָוו״, אין יאָר 1958.

גלייכצייטיק איז זייער וויכטיק דער אויסטויש פון פאַרשיידענע אינפאָרמאַ־ציעס. פעברואַר 4 און 5, 1961 איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריינען, סאָסייטיס, לאַנדסמאַנשאַפטן און רעליף אינסטיטוציעס פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן און פון קאַנאַדע. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין ניו יאָרק און געגרופן געוואָרן דורך דער איניציאַטיווע פון פאַראייניקטן רעליף קאָמיטעט אין ניו יאָרק. דעלעגאַציעס פון קאַנאַדע זיינען געווען פון מאָנטרעאָל און פון טאָראָנטאָ. אַלס פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ איז איינשטימיק דערוויילט געוואָרן דער דעלע־גאַט פון מאָנטרעאָל דר. בנימין אָרענשטיין, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען דער רעפערענט וועגן די פּראָצעסן פון די דייטשע נאַצי־מערדער, וואָס האָבן אויסגע־מאָרדעט דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום און האָט איבערגעגעבן דעם פאַרלויף פון אַ גאַנצע רייע פּראָצעסן אין די דייטשע געריכטן.

דער פאַקט, אַז אַ גאַנצע רייע לאַנדסלייט פון מאָנטרעאָל האָבן זיך אַריבערגע־צויגן קיין ניו יאָרק און צווישן זיי די פאַמיליעס פון קובא גאָלדבערג און בערעק פעפער, וואָס זיינען זייער אַקטיוו אין דער דאָרטיקער עקזעקוטיווע האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונגען צווישן די מאָנטרעאָלער לאַנדסמאַנשאַפטן מיטן ניו־יאָרקער רעליף קאָמיטעט פון ניו-יאָרק.

## ש י ק אַ ג אָ

די טשענסטאָכאָווער סאָסייטע אין שיקאַגאָ איז אין פאַרבינדונג מיט דער טשענ־סטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל דורך קאָרעספּאָנדענץ און אויך דורך באַזוכן. מאַי 13, 1960 זיינען געווען צוגאַסט אין מאָנטרעאָל די חשובע לאַנדסלייט, וואָזאָווסקי און מרס. וואָזאָווסקי, אייזיק קריס און מרס. קריס. צו דער געלעגנהייט איז געגרופן געוואָרן אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער עקזעקוטיווע. עס זיינען אָפּגע־געבן געוואָרן באַריכטן פון די אַלגעמיינע טעטיקייטן סיי אין מאָנטרעאָל און סיי אין שיקאַגאָ. דער באַזוך האָט שטאַרק מיטגעווירקט אין צושטעלן קעגנזייטיקע אינ־

פאָרמאַציעס וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צו די טשענסטאָ־כאָווער טעטיקייטן. עס איז אויך געפּלאַנט געוואָרן אַ קאָנפערענץ אין שיקאַגאָ פון אַלע טשענסטאָכאָווער אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

## טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַריין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ

די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן הילפס־פאַריין אין טאָראָנטאָ. די עקזעקוטיווע אין מאָנטרעאָל איז שטענדיק אינפאָרמירט וועגן די טעטיקייטן אין טאָראָנטאָ. וועגן גאָר וויכטיקע און ערשטראַנגיקע באַשלוסן ווערן געשיקט אָפיציעלע בריוו און אַפילו פּראָטאָקאָלן קאָפּיעס פון די עקזעקוטיווע מיטינגען. צום ביישפּיל ווען די עקזעקוטיווע אין טאָראָנטאָ האָט באַשלאָסן צו בויען אַ מעדיצינישן צענטער אין ישראל האָט זי וועגן דעם ענין צוגעשיקט אַ קאָפּיע פון אָפיציעלן פּראָטאָקאָל, וואָס איז דאַטירט: טאָראָנטאָ, פעברואַר 5, 1959. וועגן די יערלעכע הזכרה אַקאַדעמיעס און אויך פון אַלע אַנדערע אונטערנעמונגען שיקט טאָראָנטאָ קיין מאָנטרעאָל אָפיציעלע איינלאַדונגען און אַלע דרוק מאַטעריאַלן, וואָס זיינען מיט די פאַראַנשטאַלטונגען פאַרבונדן. מיט דעם זעלבן סיסטעם באַנוצט זיך די עקזעקוטיווע אין מאָנטרעאָל אין באַצוג צו דער עקזעקוטיווע אין טאָראָנטאָ.

זייער אָפט פאָרן מיטגלידער פון דער מאָנטרעאָלער עקזעקוטיווע אויף שמחות צו טאָראָנטאָ לאַנדסלייט. אַזאַ באַזוך ווערט אָרגאַניזאַציאָנעל אויסגענוצט און די טאָראָנטער עקזעקוטיווע רופט ספּעציעלע זיצונגען און עס ווערן אויסגעהערט טע־טיקייטס־באַריכטן און פּלענער פון ווייטערדיקע אַקטיוויטעטן. דאָס זעלבע געשעט ווען טאָראָנטאָ עקזעקוטיווע מיטגלידער קומען קיין מאָנטרעאָל.

צו דער פופצנטער יאָרצייט פון אומקום פון טשענסטאָכאָווער ייִדנטום, אין יאָר 1957 איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער מאָנטרעאָלער לאַנדסמאַנשאַפט דר. בנימין אָרענשטיין געווען איינגעלאַדנט אַלס גאַסט־רעדנער אויף דער יזכור־אַקאַ־דעמיע איז דער באַזוך אויך אויסגענוצט געוואָרן פאַר אָרגאַניזאַציאָנעלע צוועקן. ס'איז פאָרגעקומען אינדערפרי אַ מיטינג פון דער עקזעקוטיווע, נאָכמיטאָג די אַקאַדעמיע און אין אָוונט אַ רעסעפּשן אין וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט דער אַקטיוו פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

די עקזעקוטיוועס אין מאָנטרעאָל און אין טאָראָנטאָ זיינען פולשטענדיק אויטאָ־נאָם. די אַקטיוויטעטן האָבן די זעלבע צילן און אויפגאַבן און דאָס פאַרבינדטביידע אָרגאַניזאַציעס אין האַרמאָנישע קעגנזייטיקער פאַרשטענדניש.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, זייענדיק אין פאַרבינדונג מיט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און הילפס־פאַריינען אין דער וועלט, פּראַקטיצירט זי אויך דאָס שיקן מעסעדזשעס צו די יזכור־אַקאַדעמיעס.

דאָס פאַרליינען מעסעדזשעס פון שוועסטער אָרגאַניזאַציעס אויף יזכור אַקאַ־דעמיעס האָט אַ זייער גוטן עפעקט און פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונגען פון די לאַנדס־מאַנשאַפטן.

ניו יאָרק איז דער גרעסטער צענטער פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין דער וועלט, דעריבער וועט דאָ געבראַכט ווערן צום אויסדרוק איין מעסעדזש, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו דער יזכור אַקאַדעמיע פון פאַראייניקטן טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו יאָרק.

# מעסעדזש צו דער פופצנטער יאָרצייט פון אומקום און ווידערשטאַנד פון טשענסטאָכאָווער יידנטום

צום טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און „יידיש אָקזילערי" אין ניו יאָרק:
חשובע לאַנדסלייט!

צוזאַמען מיט אייך זיינען מיר איינגעהילט אין טיפן טרויער און צער אויף דעם אומגליק און חורבן פון דער אַכטער גרעסטער יידישער קהילה אין פוילן — דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום.

אויפן מזבח פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער און כאַציאַלער פרײַהייט האָט דאָס טשענ־סטאָכאָווער יידנטום בייגעטראָגן פופציק טויזנט קרבנות, וואָס האָבן זיך רומפול איינגעשריבן אין דער געשיכטע פון יידישן ווידערשטאַנד און קאַמף קעגן בעס־טיאַלישן נאַציזם.

דער יידישער ווידערשטאַנד קעגן נאַציזם איז געקומען צום אויסדרוק אין טשענסטאָכאָוו אין פאַרשידענע פאָרמען. די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם איז געווען די אייגנאַרטיקע און מערקווירדיקע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך גערופן „אַר־בעטרע־ראַט", וואָס האָט עגזיסטירט פון מאַי 12, 1940 ביז די בלוטיקע געשעענישן פון אויסזידלען דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן סעפּטעמ־בער 22, 1942.

די צווייטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם איז געווען די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ, וואָס האָט אַדורכגעפירט אַ גאַנצע רייע וויכטיקע באַוואָפנטע אַקציעס קעגן נאַציזם. אין די טעג פון אופשטאַנד אין יוני 25, 26, 27, 1943 זיינען די מערהייט פון די אויפשטענדלער אין קאַמף פאַר פרייהייט מיט וואָפן אין די הענט, ווי קאָמענדאַנטן און אָפיצירן אויפן שלאַכט־פעלד אומגעקומען מיט אַ העראָ־אישן טויט.

די דריטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם פון באַוואָפנטן קאַמף איז דער פינאַלער אויפשטאַנד אין טויט־לאַגער טרעבלינקע אין וועלכע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן געשפּילט אַ גאָר אָנגעזעענע ראָלע.

צוזאַמען מיט די געפילן פון טרויער מוזן מיר אויך זיין באַהערשט מיט געפילן פון שטאָלץ, אַז דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום האָט געהייליקט איר אומקום אין נאַ־ציאָנאַלער קדושה — אין באַוואָפנטן קאַמף.

אַ יזכור־אַקאַדעמיע הייסט איבערטראָגן זיך מיט די מחשבות און געדאַנקען צו יענע גרויליקע טעג פון נאַצי באַרבאַריזם און פאַנאַנדערוויקלען די אַלע פּראָבלעמען פאַר וועלכע אונדזערע לאַנדסלייט האָבן געליטן, געקעמפט און אָוועקגעגעבן זייערע יונגע לעבנס אויפן מזבח פון קאַמף פאַר פרייהייט קעגן אַ וועלט פון רשעות און באַרבאַריזם, וואָס דער נאַציזם האָט מיט זיך רעפּרעזענטירט.

דר. בנימין אָרענשטיין

גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער טשענסטאָכאָווער
לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע

## פובליקאַציעס

אונטערן באַגריף פובליקאַציעס דאַרפט פאַרשטאַנען ווערן, אַלץ וואָס די לאַנדס־מאַנשאַפט האָט ביז יעצט פאַרעפנטלעכט און נעמלעך: מימאָגראַפירטע באַריכטן, די בראָשור „טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט" און דאָס יעצטיקע בוך ווי אויך די פובליקאַציעס פון די עקזעקוטיוו מיטגלידער אין בוכפאָרם, אין זשורנאַלן און צייטונגען. די אַרבעטן זיינען פון דר. בנימין אָרענשטיין און שלמה וואגא.

אַן אויספירלעכע ביבליאָגראַפיע ביז 1957 איז פאַרעפנטליכט אין בוך „טשענסטאָכאָוו", דערשינען אין ניו יאָרק 1958 און ביז דער דערשיינונג פון דעם בוך געפינט זיך אַן אויספירלעכע ביבליאָגראַפיע אין דער ענדע פון דר. בנימין אָרענשטיין'ס בראָשור „עטישע פּראָבלעמען ביי יידן אין דער נאַצי־עפּאָכע".

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין בוך „טשענסטאָכאָוו". ד"ר בנימין אָרענשטיין איז געווען אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע און בייגעטראָגן אַ גרעסערע צאָל אַרבעטן, וואָס האָבן באַרייכערט דאָס בוך. די אַרבעטן זיינען:

1. טשענסטאָכאָווער יידן אין דער נאַצי־עפּאָכע.
2. טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד.
3. טשענסטאָכאָווער פאָלקלאָר אין דער נאַצי־צייט.
4. דר. יעקב שאַצקי'ס בייטראַג צו דער געשיכטע פון די יידן אין טשענסטאָכאָוו.
5. די טעטיקייט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

מיטגלידער אין בוך־קאָמיטעט זיינען געווען: ש. וואגא, דר. ה. לאזאראָוויטש ע"ה און קובא גאָלדבערג.

ש. וואגא האָט בייגעטראָגן אַ וויכטיק אַרטיקל צום בוך „דאָס בלוט פון די אומגעקומענע שרייט פון דער ערד".

די לאַנדסלייט האָבן זיך באַשטייערט פאַרן בוך־פאָנד און די לאַנדסמאַנשאַפט האָט פאַרקויפט אַ גרעסערע צאָל ביכער.

## געזעגנונגס אָוונטן

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס עטלעכע טשענסטאָכאָווער פאַמיליעס האָבן פאַרלאָזט מאָנטרעאָל, זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן געזעגנונגס אָוונטן.

דער ערשטער געזעגנונגס אָוונט איז פאָרגעקומען לכבוד קובא און מיסיס גאָלדבערג,וואָס זיינען אַוועקגעפאָרן קיין ניו יאָרק. די פייערונג איז פאָרגעקומען אין דעם ציוניסטישן צענטער 5101 עכפלענעיד עוו., ביי געדעקטע טישן מיט אַ גרויסע באַטייליקונג פון די לאַנדסלייט און פריינט פון די גאָלדבערגס. אויסער די באַגריסונגס רעדעס איז אויך געווען אַן אַרטיסטישער פּראָגראַם און צווישן אַנדערע אַ לעבעדיקע הומאָריסטישע צייטונג צוגעגרייט, רעדאגירט און פאָרגעליינט דורך דר. און מרס. בנימין אָרענשטיין.

ענלעכע געזעגנונגס פאַראַנשטאַלטונגען זיינען פאָרגעקומען לכבוד דעם אָפּפאָר פון דער פאַמיליע בוכוואַלטער קיין טאָראָנטאָ און פאַמיליע פּעפער קיין ניו יאָרק.

פון אַ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן כאַראַקטער איז געווען דער געזעגנונגס אָוונט לכבוד דער פאַמיליע וואגא צום אָפּפאָר קיין טאָראָנטאָ. דער אָוונט איז גלייכצייטיק

געוועזן אַן אַלגעמיינע יערלעכע פֿאַרזאַמלונג מיט טעטיקייטס־באַריכטן און וואַלן פון אַ נייער עקזעקוטיווע און אויסער דעם אַ צען יעריקער יובילעאום פון דער דערשיי־נונג פון די צוויי ביכער: פון דר. בנימין אָרענשטיין׳ס בוך ״חורבן טשענסטאָכאָוו״ אין דער לאַטיינישער טראַנסקריפּציע, און שלמה וואגאַ׳ס בוך אין יידישער שריפט אויך אונטערן טיטל: ״חורבן טשענסטאָכאָוו״.

## יובילעאום פייערונג

די יובילעאום פייערונג איז פאָרגעקומען ביי געדעקטע טישן אין גרויסן אוידי־טאָריום האָל פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק. אויסער די לאַנדסלייט האָט זיך באַטייליקט דער יידישער קולטור קלוב מיט וועלכן דר. בנימין אָרענשטיין פירט אָן און אַ גרויסע צאָל פריינט און פאַרערער פוןביידע יובילאַרן.

די פייערונג איז דערעפנט געוואָרן דורך דעם פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנ־שאַפט יחזקאל סילווער ע״ה און דער מאַסטער אָוו צערעמאָניס איז געווען משה אַלטמאַן.

מיט אָפּשאַצונגס רעדעס וועגן די ביכער און באַגריסונגען זיינען אויפגעטרעטן: הערי קליין, ה. ראָזענבלום, מ. פרידלענדער, ל. בוכוואַלטער, שמחה סילווער (זיל־בערבערג), בערל איצקאָוויטש, מ. הערשליקאָוויטש, טשאַרלס קאַנאַרסקי, סאלא איצקאָוויטש, לייבקע יאַקובאָוויטש און סיימאָן לערנער.

אין נאָמען פון שרייבער פאַריין האָט באַגריסט די דיכטערין אידע מאַזע ע״ה. אין נאָמען פון יידישן קולטור קלוב האָט באַגריסט מרס. פרידע נאַוויק.

די פילצאָליקע אָנגעקומענע באַגריכונגס טעלעגראַמעס זיינען פאָרגעלייענט גע־וואָרן דורך מיסיס לוצי וויניצקי.

אין אַרטיסטישן פּראָגראַם האָט זיך באַטייליקט די קינסטלערין מרס. רות סאהמער.

אַ באַזונדערע אַטראַקציע אויף דעם יובילעאום אָוונט איז געווען דער מאָנאָלאָג ״דער בריוו־טרעגער פון אונדזער גאַס״, רעציטירט דורך גיטעלע איצקאָוויטש, וואָס דר. בנימין אָרענשטיין האָט ספּעציעל פאַר איר אָנגעשריבן. (די רעציטאַציע איז געדרוקט אין דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון דעם בוך).

**ביידע בעלי היובל האָבן געהאַלטן קורצע און אינהאַלטסרייכע רעדעס, וואָס האָבן געמאַכט גאָר אַ גרויסן רושם אויף די אָנוועזנדע.**

וועגן דער יובילעאום פייערונג האָט די לאַנדסמאַנשאַפט אַרויסגעגעבן אַ סטע־נאָגראַפישן באַריכט אין בראָשור פאָרם, וואָס אַנטהאַלט 32 זייטן.

## בר מצוה׳ס

די עקזעקוטיווע באַטייליקט זיך אָפיציעל אין די שמחות פון די לאַנדסלייט. די מערהייט פון די שמחות זיינען בר מצוה׳ס און יעדעס יאָר זיינען דאָ עטלעכע אַזעלכע פייערונגען, דאָס האָט באַוויגן, אַז די עקזעקוטיווע זאָל זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם ענין און האָט אָנגענומען פאָלגענדע באַשלוסן:

1. אויף יעדער בר מצוה פון לאַנדסלייט באַגריסט אַ פאָרשטייער פון דער עקזעקוטיווע.
2. יעדער בר מצוה בחור ווערט פּרעזענטירט מיט אַ מתנה.

עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ טראַדיציע, אַז אויף די שמחות, דורך אַראַנזשי־רונגען פון די עלטערן, ווערן אויף אַ טייפּ רעקאָרדירט דעם בר מצוה בחור׳ס דרשה

און די באַגריסונגס רעדע פון פאָרשטייער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און נאָכדעם ווערט געמאַכט אַ רעקאָרד פלאַטע, וואָס איז אַ זייער גוטע אָנדענקונג.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן די ערשטע בר מצוה פון הערשל סרעברניק, וואָס איז געווען דאָס ערשטע געבוירן יינגל, פיר חדשים נאָך דער באַפרייאונג, אין טשענסטאָ־כאָוו גופא. ער איז דער זון פון מר. און מרס. ע. סרעברניק.

## חנוכה פייערונג פאַר קינדער

די עגזעקוטיווע האָט אויך געמאַכט אַ געלונגענעם פרווו פון אַ חנוכה פייערונג פאַר די קינדער פון די לאַנדסלייט.

די חנוכה פייערונג איז פאָרגעקומען דעצעמבער 20, 1952, דריי אַזייגער ביי־טאָג, אין לאָקאַל פון אַרבעטער־רינג.

עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ זיבעציק קינדערלעך און האָבן באַקומען פאַרשידנ־פאַרביקע היטעלעך אָנצוטאָן. די לערערין פון דער פרץ־שולע, מרס. פישמאַן האָט אָנגעפירט מיטן חנוכה פראָגראַם. עס זיינען אָנגעצונדן געוואָרן חנוכה ליכטעלעך, קינדער האָבן דעקלאַמירט און געזונגען חנוכה לידער. עס זיינען אויך געוויזן געוואָרן עטלעכע קינדער פילמען. די קינדער פון די לאַנדסלייט האָבן פאַרבראַכט עטלעכע שעה און געווען זייער צופרידן.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער חנוכה פייערונג פאַר די קינדער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן כּפעציעלע 20 פעקלעך ווי חנוכה מתנות צו די לאַנדסלייט אין ישראל.

## אלקנה כראַכלאָווסקי׳ס יובילעאום

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 75־טן געבורטס־יאָר פון לאַנדסמאַן אלקנה כראַב־לאָווסקי, וואָס וווינט אין לאָס אַנדזשעלעס, אין די פאַרייניקטע שטאַטן, איז אויף אַ זיצונג פון דער עגזעקוטיווע, פאָרגעקומען אַפּריל 1, 1962, איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַ באַגריסונגס־בריוו צום יובילאַר.

## אויסצוג פון דער באַגריסונג צו אלקנה כראבלאָווסקי׳ס יובילעאום

אַפּריל 8, 1962

זייער חשובער און ליבער פריינד

אלקנה כראבלאָווסקי, אין לאָס אַנדזשעלעס.

„נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איר זענט שוין לאַנגע יאָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, דאָך האָט איר מיטגעווירקט און מיטגעהאָלפן אין יידישן גייסטיקן, קולטור־רעלן און אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן פון טשענסטאָכאָווער יידנטום ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס אונטערליגט נישט קיין שום צווייפל, אַז אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה האָבן אַ סך פון אייערע תלמידים, פאַר־ערער און נאָכפאָלגער מיטגעווירקט אין דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און דערפאַר זענט איר איינער פון די, וואָס האָבן מיטגעווירקט צום יידישן קאַמף קעגן נאַציזם, קאַמף פאַר פרייהייט און סאָציאַלן יושר. אייערע אַרבעטן וועגן טשענסטאָכאָוו אין די ביכער: ׳טשענסטאָכאָווער יידן׳ און ׳טשענסטאָכאָוו׳ באַווייזן, אַז איר רעפּרעזענ־טירט די אַמאָליקע מאַסן פון טשענסטאָכאָוו מיט זייערע אידעען, טרוימען, באַגערן, חלומות און שטרעבונגען. נעמט אָן אונדזערע האַרציקע ברכות, אַז אייערע יאָרן זאָלן באַנייט ווערן מיט געזונד, צופרידנהייט און שעפערישקייט.

טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און לײדיס אָקזילערי
אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.״

## אויסצוג פון אלקנה כראבלאָווסקי׳ס ענטפער

צו דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און
לײדיס אָקזילערי אין מאָנטרעאָל.

„אונדזער אַרבעט אין דער אַלטער היים, וואָס צו אונדזער גרויסן אומגליק איז מער נישטאָ, איז שטענדיק געווען נישט קיין טאַט פון אײנעם, ווי גרויס אָדער קלײן אַ פּערזאָן זאָל נישט זײן, נאָר עס איז געווען אַ געמײנזאַמע קאָלעקטיווע אַרבעט. צוזאַמען מיט אונדז איז ווי אַ ברײטער שטראָם געפלאָסן די גרויסע יידישע מאַסע און די יוגנט האָט אונדז געטראָגן פאָרויס. נאָר צוזאַמען מיט זײ האָבן מיר געקענט אויספירן דאָס אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן ווי: יידישע פּרעסע, אַרבעטער־קלובן, פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען, י. ל. פּרץ שול, קינדערהײמען, האַנדווערקער קלוב, ספּאָרט פאַרײן אאַ״וו. אָן דער יידישער מאַסע, וואָלטן מיר געווען ווי פיש אויף דער יבשה. דעריבער איז אַזוי גרויס אונדזער בראָך און טיפער ווי דער ים אונדזער פּײן, וואָס זײ זײנען מער נישטאָ. דאָס אַלץ, וואָס דורות פאַר אונדז, דערנאָך מיר אַלײן האָבן געבויט און געשאַפן, איז אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט געוואָרן דורך די באַר־באַרישע דײטשן.

איך דאַנק אײך האַרציק פאַר אײער באַגריסונג.

מיט ליבע און פרײנטשאַפט:
אײער, א. כראבלאָווסקי.״
לאָס אַנדזשעלעס, אַפּריל 17, 1962.

## רפאל פעדערמאַן׳ס יובילעאום

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז צום 70־טן געבורטס־יאָר פון רפאל פעדער־מאַן האָט אים די לאַנדסמאַנשאַפט צוגעשיקט אַ באַגריסונגס־בריוו ווי אויך אויס־געדריקט גליק־ווונטשן צום יובילעאום אין דעם זשורנאַל „צוקונפט״. צוליב דעם, וואָס רפאל פעדערמאַן האָט מיט גרויס ווירדע רעפּרעזענטירט דאָס טשענסטאָכאָ־ווער יידנטום אין שטאָט־ראַט און אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט האָט ער גאָר גרויסע פאַרדינסטן און האָט אַ סך מיטגעווירקט צו דער אָרגאַניזירונג פון די טשענ־סטאָכאָווער הילפס־פאַרײנען און לאַנדסמאַנשאַפטן, כײ אין די פאַרײניקטע שטאַטן און סײ אין קאַנאַדע, דעריבער האָט דער בוך־קאָמיטעט אײנשטימיק באַשלאָסן, אַז אין דעם בוך זאָל זײן געדרוקט אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג, וואָס זאָל געבן אַן אַלגע־מײנע כאַראַקטעריסטיק וועגן זײן פּערזענלעכקײט.

## דער פּראָצעס פון ווילי אנקעלבאַך

סעפּטעמבער 30, 1957, איז דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, יעקב בענצ־לאָוויטש פון תל־אביב, געווען אין האַנאו אַם מײן און דאָרטן האָט ער דערקענט דעם ברוטאַלן נאַצי־מערדער ווילי אנקעלבאַך, וואָס איז געווען דער שאַפער פון הויפּט נאַצי־מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום דעגענהאַרדט.

אויפן סמך פון יעקב בענצלאָוויטשעס עדות דערקלערונג איז דער נאַצי רוצח ווילי אנקעלבאַך אַרעסטירט געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג און דער פּראָקוראָר האָט געזוכט באַשולדיקונגס־מאַטעריאַל און עדות.

די צענטראַלע פון „יורא״ אין דײטשלאַנד האָט אין אַ בריוו דאַטירט יאַנואַר 3, 1958, אונטערגעשריבן בײ קורט מאַי אַרויסגעפּאָדערט דר. בנימין אָרענשטײן׳ס בוך „חורבן טשענכטאָכאָוו״ אין וועלכן עס געפינט זיך אַ באַשרײבונג וועגן נאַצי־רוצח ווילי אנקעלבאַך.

עטלעכע עגזעמפּלאַרן פון בוך און אויך דאָקומענטן זיינען איבערגעשיקט געוואָרן צו דער „יורא" און צום לאַנד־געריכטס־ראַט דר. האמבעק.

אין יאָר 1962 איז דערשינען אַ בוך פון ד"ר ה. ג. וואַן דאַם און ראַלף גיאָרדאַנאָ וועגן די פּראָצעסן פון נאַצי פאַרברעכערס אין די דייטשע געריכטן און דאָרטן געפינט זיך אַן אויספירלעכער באַריכט וועגן דעם פּראָצעס פון נאַצי־רוצח ווילהעלם אנקעלבאַך. דער באַריכט פאַרנעמט 72 זייטן; פון זייט 511 ביז 583.

דער אָנקלאַגע־אַקט באַשולדיקט דעם נאַצי־רוצח אנקעלבאַך אין 31 קאַלטבלוטיקע מאָרדן, וואָס זיינען באַזירט אויף 19 עדות, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט דעם נאַצישן גהינום אין טשענסטאָכאָוו און געזען אנקעלבאַך'ס גרויזאַמע מערדערייען. די עדות זיינען געקומען צום פּראָצעס פון: דייטשלאַנד, ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און שוועדן.

דאָס בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו" פון ד"ר בנימין אָרענשטיין האָט געדינט ווי אַן אַלגעמיינער היסטאָרישער דאָקומענט וועגן די בלוטיקע מערדערייען פון די נאַצי־רוצחים און בתוכם ווילהעלם אנקעלבאַך אין טשענסטאָכאָוו.

די רעדע פון פּראָקוראָר, וואָס אַנטהאַלט 21 דרוק־זייטן: פון זייט 539 ביז 559, איז פאַרענדיקט מיט פאָלגנדן זאַץ, אַז אנקעלבאַך'ס מאָרד־רציחות „ קענען נישט אַלע וואַסער־שטראָמען אויף דער ערד ריינוואַשן זיינע בלוטיקע הענד".

אין די באַגרינדונג פון געריכטס אורטייל פון יוני 11, 1959, איז דער נאַצי־רוצח אנקעלבאַך באַצייכנט אַלס כאַדיסט, פאַנאַטישער היטלעריסט, וואָס האָט צוליב פּאָליטישער, ראַסישער אונטאָלעראַנץ, אָן געוויסנביסן געמאָרדעט יידן.

דער נאַצי־רוצח ווילי אנקעלבאַך איז פאַראורטיילט געוואָרן צו זיבן מאָל לעבנס־לענגלעכע תפיסה מיט שווערע אַרבעט און צו פאַרלירן אָלע בירגערלעכע רעכטן.

## פּראָצעס פון שלאָסער

די לאַנדסליידי פון מאָנטרעאָל מיסיס דאָרא לערנער, פון דער היים גאבעל, האָט באַלייגט אַ נאָטאַריעלע עדות־דערקלערונג אין צוזאַמענהאַנג מיט שלאָסערס פאַרברעכנס. אין דער דערקלערונג גיט איבער מרס. דאָרא לערנער, אַז אין איר אָנוועזנהייט האָט שלאָסער פאַראָרדנט אַלע קראַנקע אַרויסצוציִען פון שפּיטאָל אויף דער גאַרנצאַרסקע גאַס און ער האָט אַלע קראַנקע דערשאָסן און צווישן די דערשאָסענע קראַנקע איז געווען איר פעטער קאָפּל האבערמאַן.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1960 אין באַמבערג און מיסיס דאָרא לערנער איז איינגעלאַדנט געוואָרן צום געריכט. נישט געקוקט דערויף, וואָס אויף דעם פּראָצעס זיינען אויפגעטרעטן מרס. דאָרא לערנער און אַ גאַנצע רייע אַנדערע עדות און צווישן זיי דוד געלבהאוער פון ישראל, וועגן וועלכן דער באַמבערגער „פאָלקסבלאַט" פון דאָנערשטיק, נאָוועמבער 10, 1960 האָט געשריבן: „געלבהאוער מאַכט איינעם זער זעלבסטזיכערן איינדרוק אונד זיינע אַנטוואָרטן קאָמען ווי אאוס דער פּיסטאָלע געשאָסן". נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס זיינען באַ־

וויזן געוואָרן פילצאָליקע מאָרד־טאַטן, וואָס שלאָסער איז באַגאַנגען, דאָך איז ער פאַראורטיילט געוואָרן בלויז צו פינף יאָר. די אַנטוישונג פון באַמבערגער געריכטס אורטייל איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער פּראָקוראָר האָט גלייך געמאָלדן, אַז ער אַפּעלירט צו דער העכערער אינסטאַנץ קעגן דעם מילדן אורטייל.

## ד ע ג ע נ ה אַ ר ד ט

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דעגענהאַרדט, דער הויפּט נאַצי־רוצח, דער גרויזאַמער מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, נישט דערמאָרדעט געוואָרן דורך פּאַרטיזאַנער אין גריכנלאַנד. די ווערסיע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק. אַ לענגערע צייט איז ער געווען אין אַזיל פאַר גייסטיק קראַנקע. אין קורצן דאַרפט פאָרקומען זיין פּראָצעס. צו דעם פּראָצעס האָבן זיך אָנגעמאָלדן אַ גאָר גרויסע צאָל עדות און צווישן זיי מרס. נאַדזשיא שפּאַרן פון מאָנטרעאָל, די טאָכטער פון לייבקע יאַקובאָוויטש, משה אַלטמאַן און האָרן.

די פּאָליטישע אָפּטיילונג ביים יידישע וועלט־קאָנגרעס אונטער דער לייטונג פון דר. נחמיה ראָבינסאָן אין ניו יאָרק האָט זיך באַשעפטיקט מיט אויפזאַמלען באַשולדיקונגס־מאַטעריאל און עדות קעגן דעם נאַצי־רוצח דעגענהאַרדט.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל האָט באַקומען אַ בריוו פון דר. נחמיה ראָבינסאָן וועגן דעם ענין. די עקזעקוטיווע האָט באַטראַכט דעם בריוו און באַשלאָסן צו באַאויפטראָגן דר. בנימין אָרענשטיין אָנצושרייבן אַ היסטאָרישע אַרבעט וועגן דעגענהאַרדטס פאַרברעכענס אין טשענסטאָכאָוו. נאָכדעם ווי די אַרבעט איז געווען אָנגעשריבן, איז זי פאָרגעליינט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע און עס איז באַשלאָסן געוואָרן די אַרבעט איבערצוזעצן אין דער דייטשער שפּראַך און איבערצושיקן צו דר. נחמיה ראָבינסאָן אין ניו יאָרק.

דר. נחמיה ראָבינסאָן האָט אין אַ בריוו, דאַטירט אַפּריל 24, 1963 באַשטעטיקט דאָס דערהאַלטן די אַרבעט און זי באַצייכנט ווי אַן אויסגעצייכנטער היסטאָרישער איבערבליק און, אַז ער שיקט זי איבער צו דער פּראָקוראַטור אין דייטשלאַנד.

די זעלבע אַרבעט איז דערשינען אין דער יידישער שפּראַך אין אַ סעריע פון 4 אַרטיקלען אין „קענעדער אָדלער", אין די טעג פון 7־טן ביזן 10־טן מאַי, 1963, אונטערן טיטל: „דער טשענסטאָכאָווער אַדאָלף אייכמאַן".

## קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס

דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס איז די צענטראַלע אינסטאַנץ פון קאַנאַדער יידנטום. די לאַנדסמאַנשאַפט שיקט יעדעס יאָר דעלעגאַטן צו די יערלעכע קאָנפערענצן און באַקומט צוגעשיקט באַריכטן און פּובליקאַציעס פון קאָנגרעס און אויף אַזאַ אופן איז די לאַנדסמאַנשאַפט שטענדיק אינפאָרמירט מיט די אַקטועלסטע פּראָבלעמען פון קאַנאַדער יידנטום.

## ה ס ת ד ר ו ת

אין יאָר 1952 איז געגרינדעט געוואָרן די מאָנטרעאָלער פאַרייניקטע אָרגאַניזאַציעס ביי דער הסתדרות און איר ציל איז צו שאַפן אינסטיטוציעס פאַרן אַלגעמיינעם וווילזיין אין מדינת ישראל.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט געהערט צו די מאָנטרעאָלער פאַרייניקטע אָרגאַניזאַציעס, שיקט איר יערלעכע באַשיידענע באַשטייערונג און נעמט אָנטייל אין די יערלעכע פייערונגען.

## יידישער אַרבעטער-קאָמיטעט

דער יידישער אַרבעטער קאָמיטעט איז אַן אינסטיטוציע פון קאַמף קעגן דיס־קרימינאַציע און אַנטיסעמיטיזם.

די אַקטיוויטעטן פון אַרבעטער קאָמיטעט זיינען אין פולן איינקלאַנג מיט די אַנשויאונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, דעריבער ווערט יעדעס יאָר געשיקט אַ באַשיידענע פינאַנסיעלע באַשטייערונג און דעלעגאַטן צו די יערלעכע קאָנפערענצן.

## „קענעדער-אָדלער"

דער „קענעדער אדלער" איז די איינציקע יידישע טאָג־צייטונג אין מאָנטרעאָל און ווערט געליינט דורך אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט באַנוצט זיך מיטן „קענעדער אָדלער" דורך געבן מעלדונגען וועגן די יזכור־אַקאַדעמיעס, פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, באַגריסונגען און קאָנדאָלענצן. אויף אַזאַ אופן איז די עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט.

דער „קענעדער אדלער" איז שטאַרק באַליבט ביי די טשענסטאָכאָווער לאַנדס־לייט, ווייל אויף אירע שפאַלטן קומען אויך צום אויסדרוק פילצאָליקע היסטאָרישע אַרטיקלען וועגן לעבן, געראַנגל, העראָיישן קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער צייט פון דער נאַצי טיראַניע.

עס איז שוין געוואָרן אַ געוווינהייט ביי די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, אַז פאַר יעדער יזכור אַקאַדעמיע צו ליינען אין „קענעדער אָדלער" דר. בנימין אָרענשטיין׳ס אַ היסטאָריש אַרטיקל וועגן טשענסטאָכאָווער יידנטום.

עס איז דעריבער געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז צום פופציקסטן יובל פון דער צייטונג האָט די עקזעקוטיווע געגעבן אַ גאַר וואַרעמע באַגריסונג, וואָס איז גע־דרוקט אויף זייט 53 אין דעם גאָלדענעם יובל־בוך פון „קענעדער אָדלער".

לעצטנס דערשיינט די צייטונג דריי מאָל אַ וואָך.

## מלך ראַוויטש יובילעאום

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פופציק יאָריקן יובילעאום פון מלך ראַוויטש׳ס ליטע־ראַרישע אַקטיוויטעטן, האָט די עקזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנ־שאַפט צוגעשיקט אַ לענגערע שריפטלעכע באַגריסונג אין וועלכע עס איז געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק די יידישע קולטור טראַדיציעס פון טשענסטאָכאָווער יידנטום און דערפאַר באַטראַכט זיך די לאַנדסמאַנשאַפט אַלס קולטור שותף צום יובילעאום. צו דער באַגריסונג איז אויך בייגעלייגט געוואָרן אַ באַשיידענע מתנה אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַרן יובילאַר.

אין דער פייערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1962, אין דער יידישער פאָלקס ביבליאָטעק, האָבן זיך באַטייליקט אַ גרעסערע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדס־לייט.

דער יובילאַר מלך ראַוויטש האָט צוגעשיקט אַ דאַנק בריוו צו דער לאַנדסמאַנ־שאַפט.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך אויך באַטייליקט אין מלך ראַוויטשעס זיבעציק יע־ריקן יובילעאום, וואָס איז פאָרגעקומען יאַנואַר 11, 1964. די פייערונג איז געווען אַ גאַר אימפּאָזאַנטע און געטראָגן אַ היסטאָרישן כאַראַקטער.

## דאָס יידישע שול-וועזן

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך און דער אידישער קולטור. די עגזעקוטיווע זיצונגען און אַלגעמיינע מיטינגען ווערן גע־פירט אין דער יידישער שפּראַך און אויך די קאָרעספּאָנדענץ. דערפון איז קלאָר, אַז די לאַנדסמאַנשאַפט איז פאַראינטערעסירט אין יידישן שול-וועזן און אין יידישע דערציאונג. די עגזעקוטיווע גיט פולע מאָראַלישע קאָאָפּעראַציע דעם יידישן שול־וועזן און אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן אויך פינאַנסיעלע אונטערשטיצונג.

צום גאָלדענעם יובילעאום פון די פּרץ־שולן האָט די לאַנדסמאַנשאַפט געשיקט אַ וואַרעמע באַגריסונג, וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם סוווענירַ־בוך, וואָס איז דערשינען דעם 4־טן אַפּריל 1964.

## בילדער אויסשטעלונג וועגן נאַצי-רציחות

אין די טעג פון 15־טן ביז דעם 24־טן יאַנואַר 1963 איז אין אודיטאָריום פון דער יידישער פאָלקס ביבליאָטעק פאָרגעקומען אַ בילדער־אויסשטעלונג פון די נאַצי פאַרברעכנס.

די בילדער אויסשטעלונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם פאַרבאַנד פון גע־וועזענע קאַצעטלער און אַ גאַנצע רייע לאַנדסמאַנשאַפטן און דעם יידישן קולטור־קלוב אין מאָנטרעאָל.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט גענומען אַ זייער אַקטיוון אָנטייל סיי אין דער אָרגאַניזיר אַרבעט פון דער אויסשטעלונג און אויך אין דעם פּראָגראַם.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט דר. בנימין אָרענשטיין איז געווען פּרעזידיום מיטגליד פון אָרגאַניזיר קאָמיטעט, פאַרנעמענדיק דעם אַמט פון פּאָבליק רילייישנס און משה אַלטמאַן איז געווען מיטגליד פון אָרגאַניזיר קאָמיטעט.

דער דערעפענונגס־אָוונט פון דער אויסשטעלונג איז פאָרגעקומען דינסטיק, יאַנואַר 15, 1963 און עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט דער ישראל־קאָנסול מר. בנימין סלע און דער דענישער גענעראַל־קאָנסול יורגען דיטלעוו סקעעל. דער אָוונט איז געווען געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון הויפּט־פאָרשער פון דער חורבן־עפּאָכע דר. פיליפּ פרידמאַן ע״ה, וועמענס דריטע יאָרצייט איז דעמאָלט געווען. דער הויפּט־רעדנער אויף דער טעמע איז געווען דער מחבר פון בוך: „דאָס לעבן און שאַפן פון דר. פיליפּ פרידמאַן״, און דאָס איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט דר. בנימין אָרענשטיין. אין פּרעזידיום פון דעם דערעפנונגס־אָוונט איז אויך געווען פאַרטרעטן משה אַלטמאַן.

אין דער צייט פון דער אויסשטעלונג איז אויסער דעם דערעפענונגס אָוונט פאָרגעקומען דריי אַנדערע אָוונטן, וואָס זיינען געווען געווידמעט דעם קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, מרדכי אַנילעוויטש ע״ה, דר. עמנואל רינגעל־בלום ע״ה און דעם לעבן, קאַמף און אומקום פון די יידן אין די געטאָס און קאָנצענט־ראַציע־לאַגערן. אויף דעם אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען שבת־צונאַכטס, יאַנואַר 19, 1963, וואָס איז געווען געווידמעט דעם העלדישן קאָמענדאַנט מרדכי אַנילעוויטש ע״ה און דער יידישער ווידערשטאַנדס באַוועגונג, איז דר. בנימין אָרענשטיין געווען דער פאָרזיצער, וועלכער האָט גלייכצייטיק גערעדט וועגן דער ווידערשטאַנדס־באַ־וועגונג אין טשענסטאָכאָוו.

אויף דער אויסשטעלונג זיינען אויך געווען בילדער פון די „האסאג״ לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו.

די בילדער אויסשטעלונג, דער דערעפענונגס־אָוונט און די דריי אָוונטן האָבן אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסן אינטערעס און זיינען באַזוכט געוואָרן דורך טויזנטער מענטשן, סיי דורך יידן און נישט יידן און פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

די בילדער אויסשטעלונג איז געקומען צום אויסדרוק דורך טעלעוויזיע, ראַדיאָ און דער גאַנצער פרעסע: יידישע, ענגלישע און פראַנצויזישע.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט מיט איר אַקטיוון אַנטייל אין דער אויסשטעלונג באַקומען אַ סך פּרעסטיזש, אַנזען און אַנערקענונג.

## דער יידישער קולטור קלוב

איינע פון די גאָר אָנגעזעענסטע און וויכטיקע קולטור־אינסטיטוציעס אין מאָנט־רעאָל איז אָן שום צווייפל דער יידישער קולטור־קלוב. יעדע אונטערנעמונג פון קלוב איז באמת אַ קולטור געשעעניש. צו דעם קלוב געהערן אַ גאַנצע רייע קינסט־לערינס, וואָס פירן אויס דעם אַרטיסטישן פּראָגראַם אויף די יזכור־ אַקאַדעמיעס און אויף אַלע אונטערנעמונגען, וואָס די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אָרדנט איין, און דערמיט ווירקן זיי מיט אין די אַקטיוויטעטן. צוליב דעם, וואָס דר. בנימין אָרען־שטיין, דער גענעראַל סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז דער גייסטיקער לידער פון דעם קלוב, האָט דאָס אַ סך מיטגעווירקט, אַז די טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפט זאָל זיך מיטבאַטייליקן אין די אַקטיוויטעטן פון קלוב. דער קלוב האָט זיך אַזוי אַנטוויקלט און די וועכנטלעכע אונטערנעמונגען זיינען אויף אַזאַ הויכן גייסטיקן ניוואָ, אַז דער קלוב איז נישט אימשטאַנד צו אַקאָ־מאָדירן אַלע פּאַראינטערעסירטע, וואָס ווילן קומען. די טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט מוז זיך דעריבער צופרידנשטעלן דערמיט, וואָס זי באַקומט די מעגלעכ־קייט זיך אָפיציעל צו באַטייליקן אין די יערלעכע פייערונגען, וואָס קומען פאָר אין גרעסערע לאָקאַלן. ביי די יערלעכע פייערונגען ווערט שטענדיק דעלעגירט אַ פּאַר־שטייער צום באַגריסן. די דעלעגירטע באַגריסער זיינען ביז יעצט געווען: דער פאַר־זיצער פון קולטור קאָמיטעט ה. ראָזענבלום, (אויף צוויי פייערונגען), דער פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט לייבקע יאַקובאָוויטש, דער קאַסירער פון דער לאַנדסמאַנ־שאַפט הערי קליין און דער סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט שמחה סילווער. די יערלעכע פייערונגען זיינען שוין געוואָרן ווי אַ טראַדיציע פאַר די טשענסטאָכאָ־ווער לאַנדסלייט צו באַזוכן, וואָס רופט אַרויס אַ גרויסע באַגייסטערונג ביי אַלעמען.

## דר. פיליפ פרידמאַן מעמאָריאַל אָוונט

דער קולטור־קלוב האָט די חזקה איינצואָרדנען די מעמאָריאַל אָוונטן אין היי־ליקע אָנדענק פון גרויסן היסטאָריקער, הויפּט־פאָרשער פון דער חורבן־עפּאָכע דר. פיליפּ פרידמאַן ע״ה. דער קולטור קלוב האָט איינגעאָרדנט דאָס ערשטע אַ שלושים, נאָכדעם יעדער יאָרצייט ביז דעם היינטיקן טאָג. אין די אַלע הזכרות האָט זיך די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אָפיציעל באַטייליקט.

די צווייטע יאָרצייט הזכרה איז פאָרגעקומען אין דער סנאָודן „וואַי״, פעב־רואַר 10, 1962 און די לאַנדסמאַנשאַפט איז געווען פאַרטרעטן אין פרעזידיום און אויך מיט אַ ספּעציעלן רעדנער.

די רעפּרעזענטאַנטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט זיינען געווען: הערי קליין, און מענדל פרידלענדער.

## דאָס בוך: דאָס לעבן און שאַפן פון דר. פיליפ פרידמאַן

צו דער צווייטער יאָרצייט פון דר. פיליפ פרידמאַן ע״ה איז דערשינען דאָס בוך פון דר. בנימין אָרענשטיין אונטערן טיטל: „דאָס לעבן און שאַפן פון דר. פיליפ פרידמאַן״ אַרויסגעגעבן דורכן יידישן קולטור קלוב אין מאָנטרעאָל. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט דער קלוב איינגעאָרדנט אַ פייערונג אין מאונט ראָיאל האָטעל, וואָס איז פאָרגעקומען יוני 16, 1962.

דער קולטור־קלוב האָט איינגעלאדנט אַלס גאַסט־רעדנער צו דער פייערונג, דעם טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, צבי ראָזענווין פון ניו יאָרק. דער פאַקט האָט נאָך מער באַהאָפטן די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט מיט דעם קולטור־קלוב. אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט האָבן זיך באַטייליקט אין דער פייערונג. אין פרעזידיום איז געווען רעפרעזענטירט דער פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט לייבקע יאַקובאָוויטש, און ער האָט אויך געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע. אַ דעלעגאַציע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אונטער דער אָנפירונג פון סעקרעטאַר שמחה סילווער האָט פרעזענטירט דר. בנימין אָרענשטיין אַ מתנה, דערביי האָט דער פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט לייבקע יאַקובאָוויטש געהאַלטן פאָלגענדע פרעזענטירונגס־רעדע: „זייער חשובער דר. אָרענשטיין: עס איז באמת פאַר מיר אַ גרויסער כבוד, וואָס די טשענסטאָכאָער לאַנדסמאַנשאַפט האָט מיר צוגעטיילט, אַז איך זאָל קויפן פאַר אייך אַ סימבאָלישע מתנה. אמת די מתנה איז זייער אַ באַשיידענע, אָבער זי דריקט אויס אונדזער טיפע אָנערקענונג פאַר אייער איבערגעגעבענע און פאַרדינסטפולע אַרבעט פאַר אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט. איך ווינטש אייך דר. אָרענשטיין אין נאָמען פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט צוזאַמען מיט אייער פרוי לאַנגע, לאַנגע געזונטע און שעפערישע יאָרן און, אַז איר זאָלט מיט די מתנה שאַפן אַ סך ווערק פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק ווי אויך פאַר די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין דער גאָרער וועלט״.

די לאַנדסמאַנשאַפט האָט פאָזיטיוו אויסגענוצט דעם באַזוך פון חשובן לאַנדסמאַן צבי ראָזענווין און אויף צומאָרגנס, זונטיק אינדערפרי, יוני 17, 1962 איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער עגזעקוטיווע, אין הויז פון לאַנדסמאַן טשאַרלס קאַנארסקי, מיט דער באַטייליקונג פון חשובן גאַסט, וואָס איז געווען פון גרויס־וויכטיקייט.

## ראַדאָמער הילפס-פאַריין אין מאָנטרעאָל

דער ראַדאָמער לאַנדסמאַן טוביה פרידמאַן פון ישראל, איז געקומען אין געוויסע אָנגעלעגנהייטן קיין ניו יאָרק, האָט דער ראַדאָמער הילפס פאַריין אים געוואָלט איינלאַדן קיין מאָנטרעאָל און איינאָרדנען אַ מאַסן פאַרזאַמלונג. צו דעם צוועק האָבן זיי גערופן אַ קאָנפערענץ פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אין מאָנטרעאָל בכדי מיטצווירקן אין אָרגאַניזירן די פאַרזאַמלונג זי זאָל טראָגן אַ פאָלקס כאַראַקטער. די פאָרשטייער פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל זיינען געווען: לייבקע יאַקובאָוויטש, פרעזידענט, און דר. בנימין אָרענשטיין, גענעראַל־סעקרעטאַר. די צוויי פאָרשטייער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אָרגאַניזירונג פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג.

אויף דער לעצטער זיצונג פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, פאָרגעקומען סעפטעמבער 19, 1960 איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן באַגריסונגען פון די פאָרשטייער פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אויף דער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואָס איז געווען באַשטימט אויף דינסטיק, סעפטעמבער 27, 1960 אין גרויסן האָלל פון דער עדת־ישורון,

הדרת־קודש סינאַגאָג. היות ווי די צאָל פון די לאַנדסמאַנשאַפטן איז געווען אַ גרויסע, דעריבער איז נישט מעגליך געווען, אַז פאָרשטייער פון אַלע לאַנדסמאַנ־שאַפטן זאָלן באַגריסן. עס איז דעמאָלט באַשלאָסן געוואָרן, אַז איין פאָרשטייער זאָל באַגריסן אין נאָמען פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן. איינשטימיק איז דערוויילט געוואָרן, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, דר. בנימין אָרענשטיין, צו באַגריסן אין נאָמען פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן און הילפס־פאַריינען, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דעם קאָמיטעט און די רעדע זאָל געהאַלטן ווערן אין דריי שפּראַכן: יידיש, העברעייש און ענגליש. אַזוי איז עס טאַקע געווען.

נאָך דער זייער דערפאָלגרייכער מאַסן־פאַרזאַמלונג, האָט דער ראַדאָמער הילפס פאַראיין צוגעשיקט פאָלגנדן בריוו:

אָקטאָבער 10, 1960

ראַדאָמער הילפס־פאַריין אין מאָנטרעאָל

צו דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

חשובער פרעזידענט:

דערמיט דריקן מיר אייך אויס אונדזער בעסטן דאַנק, פאַר דער מיטהילף פון אייער לאַנדסמאַנשאַפט צום דערפאָלג פון דער פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון טוביה פרידמאַן.

אַ ספּעציעלן דאַנק דעם פריינד דר. בנימין אָרענשטיין פאַר זיין פיינער באַגרי־סונג. מיט דער האָפנונג, אַז ביי ענלעכע געלעגנהייטן וועלן מיר ווידער מיטאַרבעטן צוזאַמען, פאַרבלייבן מיר,

מיט לאַנדסמאַנשאַפטס גרוס:

(סטעמפּל פון ראַדאָמער הילפס־פאַריין

און צוויי אונטערשריפטן)

## פ אַ ר ל ו ס ט ן

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל האָט אין דער צייט פון איר עגזיסטענץ געהאַט ווייטיקדיקע פאַרלוסטן פון נאָך גענוג יונגע און אַקטיווע מיטגלידער. די מערהייט, ניי געקומענע, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט אַלע גרוילן און פייניקונגען אין דער צייט פון דער נאַצי טיראַניע. מיט זייער פריצייטיקן טויט האָבן זיי פאַרגרעסערט דעם פאַנטעאָן פון אומגעקומענע נאַצי קרבנות. זיי זיינען:

**רבקה בעדנאַזש ע״ה**, אַקטיווע טוערין אין דער הילפס־סאָסייטע.

**עיבי גאָלדמאַן ע״ה.**

**שלמה דילעווסקי ע״ה**, געוועזענער פאַרזיצער און איבערגעגעבענער אַק־טיווער טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

**יוסף זילבערבערג ע״ה**, געוועזענער מיטגליד פון באָרד און דירעקטאָרס און אַקטיווער טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

**יוסף ריינהערץ ע״ה, חיים קליימאַן ע״ה, פנחס בירענצווייג ע״ה.**

**רענא וואגא ע״ה**, אַקטיווע טוערין פון דער ליידיס אָקזילערי.

**יחזקאל סילווער ע״ה**, לאַנגיעריקער פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און אַקטיוו מיטגעאַרבעט ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן.

**דר. הענריק לאַזאַראָוויטש ע״ה**, געוועזענער פאַרזיצער און איבערגעגע־בענער טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

**פערל פראַקאַש ע״ה**, איבערגעגעבענע און אַקטיווע טוערין פון דער ליידיס אָקזילערי.

**פעליציאַ וואַלאַס ע״ה**, איבערגעגעבענע און אַקטיווע טוערין פון דער ליי־דיס אָקזילערי.

**אברהם ווייסקאָפּ ע״ה**, איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער לאַנדסמאַנ־שאַפט, וואָס האָט זיך געהאַט גערופן „טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילף־פאַריין אין מאָנטרעאָל״.

**חנה בזשעזשינסקע ע״ה**, מיטגעאַרבעט אין דער ליידיס אָקזילערי.

**אהרן יאראָסט ע״ה.**

**שלמה לערנער ע״ה**, אַקטיווער טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

**ליבער סעגאַל ע״ה**, אַקטיווער טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין די אַלע לויות און מצבה־אַנטהילונגען האָט זיך די לאַנדסמאַנשאַפט אָפיציעל באַטייליקט. פאַרעפנטליכט קאָנדאָלענץ־אויסדרוקן אין דער פרעסע און גערופן די לאַנדסלייט זיך צו באַטייליקן און אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד די פאַרשטאָרבענע לאַנדסלייט.

## ק ב ר - א ב ו ת

עס האָט זיך איינגעשעלט אַ מנהג, אַז יעדעס יאָר אין דעם זונטיק, וואָס פאַלט אויס צווישן ראש־השנה און יום־כיפור אָרגאַניזירט די לאַנדסמאַנשאַפט אַ קאָלעק־טיוון אַרויספאָר אויפן בית־עולם אין קאַרטשעוויל און עס ווערן באַזוכט די קברים פון די פאַרשטאָרבענע לאַנדסלייט און לאַנדסליידיס.

## די לויה פון מרס. רענא וואגא ע״ה

פרייטיק, אָקטאָבער 31, 1958, איז אָנגעקומען אַ טעלעפאָנישע ידיעה צום פּרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, אַז רענא וואגא איז געשטאָרבן און די לויה וועט פּאַרקומען זונטיק, נאָוועמבער 2, 10 אַזייגער אינדערפרי פון דער פיונעראַל פּאַרלאָר 331 קאָלעדזש סטריט אין טאָראָנטאָ. דער פּרעזידענט האָט טעלעפאָניש צונויפגערופן אַן אויסעראָרדנטלעכע זיצונג, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן:

1. שיקן אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון יחזקאל סילווער, פּרעזידענט, (לעבט שוין נישט, געשטאָרבן סעפּטעמבער 13, 1959.) דר. בנימין אָרענשטיין, גענעראַל־סעקרעטאַר און הערי קליין, קאַסירער.

2. באַאויפטראַגן דר. בנימין אָרענשטיין, מספּיד צו זיין די נפטרת.
3. געבן מעלדונגען אין „קענעדער אַדלער" און אין „סטאַר".

די דעלעגאַציע איז אָפּגעפאָרן שבת־צונאַכטס און איז אָנגעקומען זונטיק אין דער פרי און איז געווען פּינקטליך אין צייט.

נאָכן אויפשטיין פון דער „שבעה", האָט ש. וואגא צוגעשיקט דריי בריוו. היות ווי די בריוו זיינען כמעט פון דעם זעלבן אינהאַלט, ווערט דאָ איבערגעגעבן נאָר דער טעקסט פון איין בריוו.

ש. וואגא, טאָראָנטאָ, נאָוועמבער 7, 1958
צו דער פאַרוואַלטונג פון דער
טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

מיינע טייערע לאַנדסלייט:

איך דריק אייך אויס מיין האַרציקסטן דאַנק פאַר דער דעלעגאַציע אין באַשטאַנד: ח. סילווער, פּרעזידענט; דר. ב. אָרענשטיין, גענעראַל־סעקרעטאַר און ה. קליין, קאַסירער, וואָס איר האָט דעלעגירט קיין טאָראָנטאָ צו מיין פרוי׳ס לויה און פאַר דעם גרויסן כבוד, וואָס איר האָט אָפּגעגעבן מיט אייער אָנוועזנהייט און מיט דעם הספד, וואָס פריינד דר. ב. אָרענשטיין האָט געהאַלטן.

אייער וואַרעם אָפּרופן זיך צו מיר אין טעג פון טרויער האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די רייען פון די היגע לאַנדסלייט ווי אויך אין די יידישע רייען אין טאָראָנטאָ אין אַלגעמיין. אייער אָנטייל אין מיין טרויער איז אַ באַווייז, אַז דער סענטימענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פאַר יעדן מיטגליד איז אַ שטאַרקער. דער דאָזיקער פאַקט האָט נאָכאַמאָל באַשטעטיקט, אַז די עגזיסטענץ פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז אַ נויטווענדיקייט פאַר אַלע מיטגלידער נישט נאָר אין טאָג־טעגלעכן לעבן, נאָר אויך אין אַן עת־צרה, ווען אַ לאַנדסמאַן דאַרף אַממייסטן די וואַרעמקייט פון נאָנטע און פריינט.

זאָל דער דאָזיקער פאַקט פאַרשריבן ווערן צוזאַמען מיט אייערע אַלע גוטע מעשים, וואָס מיר האָבן זיך אַלע געשטעלט פאַר אַ ציל.

נאָכאַמאָל בעט איך אייך אָנצונעמען מיין האַרציקסטן דאַנק פאַר אייער סובטעלקייט.

אייער,

ש. וואגא

## דער ענטפער אויף וואגא׳ס בריוו

טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.
נאָוועמבער 16, 1958

טייערער פריינד און ליבער לאַנדסמאַן
שלמה וואגא אין טאָראָנטאָ.

אייערע בריוו האָבן מיר דערהאַלטן און זיי זיינען פאָרגעלעזן געוואָרן אויף אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע, פאָרגעקומען פרייטיק, נאָוועמבער 14, 1958.

נאָר אַ מענטש ווי איר, וואָס באַזיצט אַזויפיל סענטימענטן האָט געקענט אַרויס־ברענגען אין אייערע בריוו אַזויפיל געפילן, באַזירטע אויף גאָר הויכע עטישע באַ־גריפן און מאָראַלישע פּרינציפּן.

מיר פון אונדזער זייט נעמען אָן מיט גרויס סאַטיספאַקציע אייערע בריוו. מיר האַלטן, אַז מיר האָבן נאָר דערפילט אַ מאָראַלישן חוב, אַ לאַנדסמאַנשאַפטלעכע פליכט און מיר ווינטשן זיך, אַז קיינער פון אונדז זאָל שוין נישט וויסן פון קיין צער און פון קיין טרויער.

מיר פאַרשטענדיקן אייך, אַז די עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסן איינצואָרדנען אַ שלושים לכבוד דעם אָנדענק פון אייער פרוי רענא ע״ה וואָס וועט פאָרקומען דע־צעמבער 7, 1958.

נאָכאַמאָל זייט געטרייסט אין אייער צער און טרויער.

די עקזעקוטיווע:
יחזקאל סילווער, פרעזידענט
דר. בנימין אָרענשטיין, גענעראַל־סעקרעטאַר
הערי קליין, קאַסירער

## שלושים נאָך מיסיס רענא וואגא ע״ה

אין איינקלאַנג מיטן פּונקט 7 פון דער קאָנסטיטוציע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, דאַרפן אַלע לאַנדסלייט זיך באַטייליקן אין דער לויה פון אַ לאַנדסמאַן אָדער לאַנדס־ליידי.

מרס. רענא וואגא ע״ה איז געשטאָרבן און באַערדיקט געוואָרן אין טאָראָנטאָ, דעריבער האָבן די לאַנדסלייט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָנטיילצונעמען אין דער לויה. די עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסן איינצואָרדנען אַ שלושים, וואָס איז פאָר־געקומען דעצעמבער 7, 1958 אין דער יידישער פאָלקס ביבליאָטעק אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט אויסער לאַנדסלייט, אַ באַדייטנדע צאָל פריינט פון דער פאַ־מיליע וואגא.

דער פּראָגראַם פון דער הזכרה איז געווען:

אַ חזן האָט געמאַכט אַ „מלא״ און געזונגען אַ קאַפּיטל תהילים, עס איז אָנגע־צונדן געוואָרן ליכט און עס איז געזאָגט געוואָרן קדיש.

אין דער אויספירלעכער רעדע פון דר. בנימין אָרענשטיין איז געקומען צום אויסדרוק די פערזענלעכקייט און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן פון דער נפטרת. די דיכטערין איידע מאַזע ע״ה (געשטאָרבן יוני 14, 1962) האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע און פאָרגעליינט אַ גאַנצע ריי לידער. אין אַ פאַסיקן ספּעציעל צוגעגרייטן פּראָגראַם איז אויפגעטרעטן די קינסטלערין מרס. יעטא פעלדמאַן.

## דעמאָנסטראַציע קעגן לימיטאַציע געזעץ

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם לימיטאַציע געזעץ פון דער מערב דייטשער בונדעס־רעפּובליק, אַז פאַרברעכער, וואָס זיינען נישט געכאַפּט געוואָרן אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר נאָכן באַגיין די פאַרברעכנס קענען נישט מער צוגעצויגן ווערן צו געריכטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס זעלבע געזעץ האָבן די מערב־דייטשע מאַכטהאָבער געוואָלט אָנווענדן לגבי די נאַצי פאַרברעכער, וואָס האָבן אויף זייער געוויסן מיליאָנען מאָרדן, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען מיט דער גרעסטער בעסטיאַליש־קייט איבער שוצלאָזע: זקנים, מענער, פרויען און קינדער, דערביי באַרויבט די קרבנות פון יעדן באַזיץ.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורם פון פּראָטעסטן און דעמאָנסטראַציעס אין דער גאַנצער וועלט.

אין מאָנטרעאָל האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד פון גע־וועזענע קאַצעטלער, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, לאַנדסמאַנשאַפטן און סאָסייטעס, איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע פעברואַר 25, 1965 פאַרן הויז פון דעם מערב־דייטשן גענעראַל קאָנסולאַט, צו פּראָטעסטירן קעגן דעם לימיטאַציע־געזעץ אין באַצוג צו נאַצי פאַרברעכער.

אַ דעלעגאַציע פון די דעמאָנסטראַנטן איז באַשטאַנד פון: אַדוואָקאַט ל. רובינ־שטיין, פאָרזיצער פון אַרבעטער־קאָמיטעט; ראַפאַל ריבאַ, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־קאָמיטעט; לואי זאַבלאָוו, פּרעזידענט פון קאַצעטלער פאַרבאַנד און פּאָול גאָלדשטיין, דירעקטאָר פון קאַצעטלער־פאַרבאַנד האָבן איבערגעגעבן דעם מערב־דייטשן גענעראַל־קאָנסול אַ מעמאָראַנדום קעגן דעם לימיטאַציע געזעץ אין באַצוג צו די נאַצי פאַרברעכער.

אין דער דעמאָנסטראַציע האָט זיך באַטייליקט די טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

## צוואַנציקסטער יאָר־טאָג פון באַפרייאונג

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל איז אַפיליאירט מיט דעם פאַרבאַנד פון געוועזענע קאַצעטלער און געטאָ קעמפער און נעמט אָנטייל אין אַלע אירע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען שטענדיק גראַנדיעז און אימפּאָזאַנט.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן צוואַנציקסטן יאָר־טאָג פון פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט און באַפרייאונג פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָט דער פאַרבאַנד פון געוועזענע קאַצעטלער און געטאָ קעמפער איינגעאָרדנט אַ ריזיקע מאַניפעסטאַציע אין דער הויפּט־שטאָט פון קאַנאַדע אין אָטאַוואַ, אויפן קעמפּוס פון פּאַרלאַמענט.

די גראַנדיעזע מאַניפעסטאַציע איז פאָרגעקומען זונטיק מאַי 9, 1965, און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסע נאַציאָנאַלע געשעעניש און האָט באַקומען אַ ברייטע אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער, ענגלישער און פראַנצויזישער פּרעסע ווי אויך אויף אַלע סטאַציעס פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך באַטייליקט מיט אַן אָפיציעלע דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון ד״ר בנימין אָרענשטיין, פרוי גוטקע קאַרטוז און הערי ראָזענבלום, וואָס האָבן ווי אַלע אַנדערע דעלעגאַציעס געלייגט אַ קראַנץביים נאַציאָנאַלן מלחמה־דענקמאָל.

אויסער די דעלעגאַציע האָבן זיך באַטייליקט אַ גרעסערע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון מאָנטרעאָל און אויך פון טאָראָנטאָ.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון קאַנאַדער יידנטום, אַז קנאַפּע פינף טויזנט יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי דער פּאַרלאַמענט געביידע, באַ־זוכט די גרויסע געזעצגעבערישע אינסטיטוציעס, אונטערגעשריבן ספּעציעלע ליסטעס און געבערענגט צום אויסדרוק זייערע געפילן אין צוזאַמענהאַנג מיטן צוואַנציקסטן יאָר־טאָג פון פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט, וואָס האָט אָנגעצונדן דאָס פייער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פאַראורזאַכט זעקס מיליאָן קרבנות, קדושים און גיבורים פון יידישן פאָלק.

די וויכטיקייט פון דער מאַניפעסטאַציע באַווייזט דער פאַקט, אַז דער גאַסט־רעדנער איז געווען דער פּרעמיער מיניסטער לעסטער פּירסאָן. עס האָבן זיך באַ־טייליקט פאָרשטייער פון מיניסטאָרן קאַבינעט, פּאַרלאַמענט, סענאַט און פון די מי־ליטערישע כוחות: יבשה, ים און לופט פלאָט.

אַ גאָר גרויסע צאָל דעלעגאַציעס פון גאַנצן לאַנד, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט נאַציאָנאַלע, רעגיאָנאַלע און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, לאַנדסמאַנ־שאַפטן, האָבן זיך באַטייליקט מיט קרענץ.

## מ אָ נ ו מ ע נ ט

די עקזעקוטיווע האָט אויף איר פּלענאַרער זיצונג, פאַרגעקומען זונטיק, פעב־רואַר 14, 1965, פאַרהאַנדלט די פראַגע וועגן שטעלן אַ מאָנומענט אין אָנדענק פון די טשענסטאָכאָווער קדושים און גיבורים. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל פאַרקומען, פעברואַר 28, 1965, דריי אַזייגער בייטאָג, אין גורמעט רעסטאָראַן. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען ביי אַ גרויסע באַטייליקונג פון די לאַנדסלייט און איז געווען אונטערן פאָרזיץ פון ב. איצקאָוויטש. דער הויפּט־רעדנער איז געווען ה. ראָזענבלום און די קאָ-רעדנער: ל. יאַקובאָוויטש, ה. קליין, מ. אלטמאַן און מ. פרידלענדער.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט אַ גרעסערע צאָל לאַנדסלייט און לאַנדסליידיס און עס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ גאַנצע רייע פאָרשלאָגן.

ד״ר בנימין אָרענשטיין האָט פאָרמולירט די פאָרשלאָגן אין פאָלגנדע פּונקטן:

1. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג דריקט אויס פולשטענדיקן צוטרוי צום צייט־ווייליקן מאָנומענט־קאָמיטעט און דערקלערט אים אַלס פערמאַנענטן-קאָ־מיטעט.
2. דער מאָנומענט־קאָמיטעט איז אויטאָריזירט צו פירן פאַרהאַנדלונגען וועגן קויפן לאַנד אויף דעם קאַרטשעוויל בית־עולם.
3. דער מאָנומענט־קאָמיטעט איז באַאויפטראַגט צו פאַרהאַנדלען מיט אַן אַר־כיטעקט וועגן אַ מוסטער פון אַ מאָנומענט און גלייכצייטיק זיך אינפאָרמירן וועגן פרייז.

די רעזאָלוציע מיט די דריי פּונקטן זיינען איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

* * *

דער מאָנומענט־קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם באַראָן דע־הירש אינסטיטוט און געקויפט דאָס נויטיקע לאַנד אויף דעם קאַרטשעוויל בית־החיים. דאָס לאַנד וועט דינען פאַרן מאָנומענט און אויך פאַר אַ קליינעם בית־עלמין, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

# בוך-קאָמיטעט

דער בוך־קאָמיטעט באַשטייט פון די הויפּט־באַאַמטע פון דער עגזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



פון רעכטס צו לינקס (זיצנדיק) הערי קליין, ד״ר בנימין אָרענשטיין, בערל איצקאָוויטש
פון רעכטס צו לינקס (שטייענדיק) שמחה סילווער, לייבקע יאַקובאָוויטש, טשאַרלס קאַנארסקי

## געמיינזאַמע זיצונג פון בוך-קאָמיטעט

דעצעמבער 4, 1962, איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע זיצונג מיט די סעניאָרן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס באַשטייט פון ערן־בוך־קאָמיטעט מיט אַ טייל מיט־גלידער פון בוך־קאָמיטעט.

דער פאָרזיצער פון בוך־קאָמיטעט, הערי קליין, האָט געעפנט די זיצונג און אָפּגעגעבן אַן אַלגעמיינעם באַריכט פון די טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

לייבקע יאַקובאָוויטש, קאַסירער פון בוך־קאָמיטעט, האָט באַריכטעט וועגן די פינאַנסן פאַרן בוך.

דר. בנימין אָרענשטיין, רעדאַקטאָר פון בוך, האָט רעפערירט דעם אינהאַלט פון דער אויסגאַבע, אונטערשטרייכנדיק דעם פאַקט, אַז די פובליקאַציע וועט טראָגן אַן אַלגעמיין היסטאָרישן כאַראַקטער און וועט זיין אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער געשיכטע פון לעבן, קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

אין דער דיסקוסיע האָבן זיך באַטייליקט אַלע אַנוועזנדע. די סעניאָרן, מיט־גלידער פון ערן־בוך־קאָמיטעט, האָבן אויסגעדריקט זייער אָנערקענונג צו דער עג־זעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און צום בוך־קאָמיטעט פאַר די וויכטיקע און צופרידנשטעלנדע אַקטיוויטעטן. די סעניאָרן האָבן אויף דער זיצונג בייגעטראָגן זייערע פרייוויליקע באַשטייערונגען פאַרן בוך־פאָנד און דערמוטיקט דעם בוך־קאָמיטעט אָנצוגיין אינטענסיוו מיט דער אַרבעט.

אויף דער זיצונג האָט נייטן געלבער פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַ פאָנד פון אַ

גרעסערע סומע געלט און פון דעם אינטערעסט פון דעם פאָנד זאָל עטאַבלירט ווערן אַ סטאַבילע יערלעכע סטיפּענדיע פאַר אַ סטודענט אין איינע פון די ישראלדיקע אוניווערזיטעטן.

דער פאָרשלאַג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

## ערן-בוך-קאָמיטעט



פון רעכטס צו לינקס: דזשאָרזש קליין, נייטן געלבער, הערי בערק, ווילי יאַבלאָן

## אַלגעמיינע אויספירונגען

**נעמענדיק אין באַטראַכט:**

1. די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט באַשטייט פון אומגעפער 80 פאַמיליעס.
2. קנאַפּע 90 פּראָצענט פון די לאַנדסלייט זיינען ניי־געקומענע, וואָס האָבן אַליין אַדורכגעמאַכט דעם ליידנס־וועג אין דער צייט פון דער נאַצי־טיראַניע.
3. דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער צושטאַנד פון די לאַנדסלייט איז אַ פאַרשידנאַרטיקער, אָבער די מערהייט באַשטייט פון שאַפּ־אַרבעטער.
4. די טעטיקייט ווערט געפירט אָן שום אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבן.
5. די מיטינגען פון דער עגזעקוטיווע קומען פאָר אין פּריוואַטע הייזער. יעדער מיטינג קומט פאָר אין אַן אַנדער פּלאַץ אין אַ הויז פון אַ מיטגליד פון דער עגזעקוטיווע, ווו אַלע ווערן אויפגענומען בסבר פנים יפות.

דאַרפט דעריבער פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די ברייט פאַרצווייגטע אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל פון זאַמלען פינאַנסיעלע מיטלען, שיקן הילף צו לאַנדסלייט, פאַרבינדונגען מיט אַנדערע טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פאַרלעגערישע אַקטיוויטעטן פאַרדינען די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט און אָנערקענונג.

אויף אַ זיצונג פון בוך־קאָמיטעט, פאָרגעקומען אַפּריל 4, 1965, איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן די אַרכיוו מאַ־טעריאַלן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. נישט געקוקט דערויף, וואָס יעדער דאָקומענט, באַריכט, ביולעטין, בריוו און ענטפערס ברענגען צום אויסדרוק די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט, דאָך איז ביים בעסטן ווילן נישט מעגלעך אַלע צו דרוקן, ווייל די מאַטעריאַלן אַליין וואָלטן געדאַרפט פאַרנעמען עטלעכע הונדערט זייטן און דערצו זיינען אַ טייל פון זיי כמעט פון דעם זעלבן אינהאַלט.

דער בוך־קאָמיטעט האָט דעריבער אויסגעקליבן אַ באַגרע־נעצטע צאָל מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן געדרוקט ווערן אָן שום ענדערונגען אין אינהאַלט.

דער בוך־קאָמיטעט



## טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל

צו אַלע טשענסטאָכאָווער, אַלט איינגעזעסענע און ניי־געקומענע לאַנדסלייט אין מאָנטרעאַל.

### אויפרוף פון יאָר 1949

טייערע פריינט:

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל האָט אין משך פון איר עגזיסטענץ, אויף איר אייגנאַרטיקן אופן און אין די ראַמען פון אירע מעגלעכקייטן, אַקטיוו זיך באַטייליקט אין העלפן מאַטעריעל און פינאַנסיעל די קרבנות פון נאַציזם.

מיט דער אויפלייזונג פון די די־פּי לאַגערן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך ווי אויך מיטן מאַסן־שטראָם פון טשענסטאָכאָווער אימיגראַנטן קיין קאַנאַדע, ישראל און אין אַנדערע לענדער, ערשיינען נייע אויפגאַבן פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט.

עס איז אייך זיכער באַקאַנט דער מאַרטירער־וועג, וואָס יעדער איינער פון די ניי־געקומענע האָט אַדורכגעמאַכט. צוערשט אין די געטאָס און נאָכדעם אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, וואָס זיינען געווען באַגלייט מיט צרות און פּיין. יעדער איינער פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט טראָגט אין האַרצן אומהיילבאַרן טרויער און צער פון אומגעבראַכטע עלטערן, שוועסטער, ברידער, פרויען און קינדער. יעדער איינער, פון די על־פּי נס געבליבענע, איז אַ באַזונדער טראַגיש בלעטל געשיכטע פון אומקום און קאַמף פון דער אַמאָליקער רומפולער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו.

יעדער איינער פון זיי איז ווי אַן אָפּגעהאַקטע צווייג פון צעשטערטן פאָלקס־בוים, וואָס האָט מיט זיך רעפּרעזענטירט דאָס פּוילישע יידנטום.

טויזנטער, וואָס האָבן געלעבט אין די געטאָ־מויערן, האָבן געטרוימט צו קומען אין דעם פרייען לאַנד קאַנאַדע און צו קענען זייערע טשענסטאָכאָווער קרובים און פריינט. צום גרויסן באַדויערן האָבן נאָר אַ קליינע צאָל לעבנגעבליבענע פון די טרוימער באַוויזן זייער חלום צו פאַרווירקלעכן.

ווי זעען אויס די לעבנס־באַדינגונגען פון אונדזערע ניי־געקומענע לאַנדסלייט? זיי ווענדן זיך צו דער עגזעקוטיווע ווי אַזוי זיך איינצואָרדנען, ווי אַזוי זיך צו פאַרשאַפן אַ דירה, אַ דאַך איבערן קאָפּ, און דאָס וויכטיקסטע צו באַקומען אַרבעט.

אין דער זעלבער צייט קומען אָן בריוו פון אונדזערע לאַנדסלייט פון ישראל מיט בקשות נאָך הילף.

די עקזעקוטיווע ווענדעט זיך, דעריבער, צו אייך מיט דעם רוף:

העלפט די אָפּגעראַטעוועטע ברידער און שוועסטער! העלפט זיי זיך איינצו־אָרדנען דורך געבן זיי באַשעפטיקונג אין אייערע וואַרשטאַטן, געשעפטן און פאַב־ריקן. העלפט זיי צו באַקומען אַרבעט ביי אייערע באַקאַנטע, פריינט און קרובים. דערפילט אַ מאָראַלישן חוב צו אייערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. העלפט אויך די ניי־געקומענע לאַנדסלייט אין ישראל.

די עקזעקוטיווע

## באַריכט

## פון ערשטן פאַרוויילונגס־אָוונט לכבוד דעם פינפטן יאָר־טאָג פון דער באַפרייאונג פון טשענסטאָכאָוו פון נאַצישן יאָך

(פאָרגעקומען יאַנואַר 28, 1950, אין סופּיריאַר דיינינג־רום 1447 בלורי סטריט)

אין דער באַשטימטער צייט, 8 אָוונט, האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען די לאַנדס־לייט מיט זייערע פרויען, פאַמיליעס, פריינט און באַקאַנטע, וואָס זייער צאָל האָט דערגרייכט די ציפער 108 מענטשן. דער אָנפירער פון אָוונט איז געווען דער עקזע־קוטיווע מיטגליד אברהם וואלאס.

דער פאָרזיצער האָט געעפנט דעם אָוונט מיט אַ קורצע רעדע און באַגריסט די אָנוועזנדע. דער באַוווסטזיין, אַז אַלע אָנוועזנדע זיינען כמעט טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, האָט געשאַפן אַ משפחה אַטמאָספערע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן דעם גאַנצן אָוונט. אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט און ביי די קלאַנגען פון מוזיק האָט דער עולם געטאַנצט און זיך פאַרוויילט. נישט געקוקט דערויף וואָס טיף אין די הערצער פון די אָנוועזנדע איז נאָך פריש געווען די ווייטאָקן פון די טראַגישע איבערלעבונגען אין דער נאַצי־צייט, דער חורבן און אומקום פון די נאָענטסטע משפחה מיטגלידער, דאָך איז געווען אַ באַגער זיך צו פאַרוויילן צו להכעיס די, וואָס האָבן געוואָלט אַלע יידן אומברענגען. מיט דער פאַרוויילונג האָבן די אָפּגעראַטעוועטע פון טויט און אומקום מאַניפעסטירט דעם נצח ישראל און „מיר זיינען דאָ״.

די לאַנגע טישן געדעקטע מיט ווייסע טישטוכער זיינען געווען שיין סערווירט מיט פאַרשיידענע מאכלים. דער עולם האָט זיך גוט צעוואַרעמט ביים טרינקען משקה און זייער גוט פאַרבראַכט דורך זינגען לידער.

אַ ספּעציעל געקומענע זינגערין איז אויפגעטרעטן אין אַ פּראָגראַם פון פאָלקס־לידער, וואָס האָט דערמאָנט די אַמאָליקע היים און דעם אַמאָליקן לעבנס־שטייגער.

עס איז אויסגעראַפלט געוואָרן אַ זייגערל, וואָס איז געשענקט געוואָרן פון לאַנדסמאַן הערי בערק. דער איינקונפט איז באַשטימט געוואָרן צו שטיצן די לאַנדס־לייט אין ישראל מיט לעבנסמיטל פּעקלעך.

אין אַ געהויבענער שטימונג האָט זיך דער פאַרוויילונגס אָוונט געשלאָסן איינס אַזייגער פאַרטאָג מיט דעם ווונטש אָפטער זיך צו טרעפן ביי ענלעכע פאַרוויילונגען.

ש. וואגא, פאָרזיצער

## אַ קאָפּיע פון אַ בריוו

(די עגזעקוטיווע פירט זיך, אַז צו יעדן טשעק, וואָס ווערט אַרויסגעשיקט אַלס הילף צו אַ לאַנדסמאַן, ווערט באַגלייט אַ בריוו. אין אַרכיוו געפינען זיך אַ גאַנצע רייע טעקסטן פון בריוו, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. דער בוך קאָמיטעט האָט אויסגעקליבן דעם בריוו אויף וועלכן עס פיגורירט די דאַטע: מערץ 1952).

חשובער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן,

**די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, וועלנדיק עטוואָס לייכ־טער מאַכן אייער שווערע מאַטעריעלע לאַגע, שיקט אייך אַ באַשיידענע הילפס־מתנה אין דער פאָרם פון אַ טשעק אויף צוואָנציק דאָלאַר.**

**מיר האָבן היינט אַרויסגעשיקט פופציק אַזעלכע טשעקס צו אונדזערע טשענ־סטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ישראל. אונדזער עגזעקוטיווע האָט באַקומען אַ סך מער ווענדונגען פון קראַנקע, אַלטע לייט און נויט־באַדערפטיקע. צום באַדויערן זיינען מיר נישט אימשטאַנד אַלע בקשות צו דערפילן. אונדזער זאַמל־אַקציע צווישן אונדזערע 60 טשענסטאָכאָווער פאַמיליעס, מערסטנטייל ניי־אָנגעקומענע אין לאַנד, וואָס אַרבעטן דאָ גענוג שווער צו מאַכן אַ לעבן, האָט אונדז נישט געגעבן קיין גרע־סערע מעגלעכקייטן. אונדזער ווונטש איז דעריבער, אַז די טשעקס זאָלן אָנקומען צו די לאַנדסלייט, וואָס נויטיקן זיך אַמשטאַרקסטן אין אונדזער הילף.**

**טייערער פריינד: אויב איר פילט, אַז איר נויטיקט זיך אין דעם געשיקטן טשעק, נעמט אים ווי אַ מתנה פון אייגענע. אויב אָבער איר פילט, אַז איר נויטיקט זיך נישט אין אים, גיט איבער דעם טשעק צו אַן אַנדערער טשענסטאָכאָווער פאַ־מיליע, וואָס דאַרפט אים נויטיק האָבן. דורך דעם ריכטיקן פאַרטיילן די הילף, וועלן מיר דאָ און איר דאָרטן האָבן דערפילט אַ געזעלשאַפטלעכן און אחריות׳פולן חוב.**

**מיר בעטן אייך, אומבאַדינגט, צו ענטפערן אויף דעם בריוו ווי אַזוי איר האָט דעם ענין געלייזט.**

**מיר ווינטשן אייך אַ פריילעכן פּכח.**

די עגזעקוטיווע

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

טעטיקייטס־באַריכט

שבת אָוונט, נאָוועמבער 29, 1952, איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. זי איז געעפנט געוואָרן מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון פאַרזיצער, וועלכער האָט דער־קלערט, אַז די פאַרזאַמלונג טראָגט אַ כאַראַקטער פון אַ היימישן שמועס און אַ חברישע באַגעגעניש.

די אָנוועזנדע אין זאַל האָבן אַ האַלב־לעבן געוווינט צוזאַמען אין דער זעלבער שטאָט, געוווינט שכנים פון איין גאַס אָדער פון דעם זעלבן הויז. אַלע, אַלע האָבן וואַרעמע געפילן איינער צום צווייטן און דאָס האָט גורם געווען אַ האַרציקע באַ־ציאונג פון איינעם צום אַנדערן. די געפילן מוזן אָנהאַלטן און צו דעם ציל איז גע־רופן געוואָרן די היינטיקע פאַרזאַמלונג און אויך אין דער צוקונפט וועלן אַזעלכע צוזאַמענקונפטן פאָרקומען.

מיר קענען זיך נישט באַקלאָגן אויף אונדזער עקאָנאָמישן צושטאַנד אין קאַ־נאַדע. מיר לעבן דאָ פריי, מיר געניסן פון דעם, וואָס דאָס רייכע לאַנד פאַרמאָגט, מיר זיצן ביי פיין געדעקטע טישן פון כל־טוב, דעריבער וואָלט מען זיך געדאַרפט

אַ פרעג טאָן, צי אונדזערע ברידער און שוועסטער, טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וועלכע וווינען אין אַנדערע לענדער, צו וועלכע מיר האָבן דעם זעלבן סענטימענט, האָבן אויך די מעגלעכקייט צו געניסן פון שענסטן און פון בעסטן?

אין דער ריכטונג וועלן מיר פירן אונדזער היינטיקן שמועס, וואָס טראָגט אַ חברישע באַגעגעניש און וועט זיין געווידמעט אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע וווינען אין אַנדערע לענדער, אגב, אַזעלכע, וועלכע מיר האָבן צוזאַמען געליטן די שרעק־לעכע מאַטערנישן אונטער דעם היטלעריסטישן יאָך.

די פאַרוואַלטונג וועט היינט אָפּגעבן אַ טעטיקייטס־באַריכט פון די לעצטע עט־לעכע חדשים און עס וועלן אויך פאָרגעלייענט ווערן עטלעכע, פון די פילצאָליקע בריוו פון אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון ישראל, פוילן און פון אַנדערע לענדער און אויף אַזאַ אופן וועלן מיר האָבן אַ געטרוי בילד פון זייער לאַגע און אויך פון אונדזער הילפס־אַרבעט פאַר זיי.

דאָס וואָרט האָט באַקומען דער סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט קובא גאָלדבערג. ער האָט דערקלערט, אַז נאָך דער מלחמה האָט אַ קליינע גרופּע אַלט איינ־געזעסענע לאַנדסלייט אין מאָנטרעאָל געשאַפן די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גאָר וויכטיקע אַקטיוויטעטן אויפן געביט פון הילפס־טעטיקייטן. מיר האָבן איבערגענומען אַ שיינע ירושה און מיר וועלן זי פאָרטזעצן ביי די נייע באַדינגונגען, וואָס האָבן זיך געשאַפן ביי אַ סך לאַנדסלייט אין פאַרשידענע לענדער און באַזונדערס אין ישראל. אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט איז נישט קיין אינשורנס געזעלשאַפט. מיר האָבן אויך נישט געשאַפן קיין שום נעבן אינסטיטוציעס וואָס עגזיסטירן ביי אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן. מיר האָבן אויך נישט געוואָלט קאָנקורירן מיט די גרויסע עגזיסטירנדע פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס דאָ אין מאָנטרעאָל ווי דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד און דער אַרבעטער־רינג.

היינט באַטראַכטן מיר נאָר דאָס פּראָבלעם הילפס־טעטיקייט. דאָס, וואָס מיר האָבן ביז יעצט געטאָן און געפינען וועגן און מיטלען ווייטער פאָרטצוזעצן די הילפס־טעטיקייט. מיר האָבן ביז יעצט געשיקט הילף אין דער פאָרם פון לעבענס־מיטל פּעקלעך, קליידונגס פּעקלעך און סקריפּטס דירעקט צו די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט. מיר האָבן באַקומען צענדליקער בריוו מיט דאַנק אויסדרוקן. מיר האָבן געמאַכט אַלע באַמיאונגען, וואָס מער לאַנדסלייט זאָלן פון דער הילף געניסן.

(קובא גאָלדבערג האָט פאָרגעליינט אַ גאַנצע רייע אויסצוגן פון דאַנק בריוו, וואָס זיינען אָנגעקומען).

די אויסצוגן פון די בריוו געבן אַ קלאָר בילד וועגן דער וויכטיקייט פון די הילפס־טעטיקייטן.

אין אַלגעמיין האָבן מיר געשאַפן אין אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אַ געזונטע, פאַמיליאַרע אַטמאָספערע. אונדזערע לאַנדסלייט זיינען פאַראינטערעסירט אין אונ־דזער אַרבעט און ווייזן אַרויס אַ געהעריקן אינטערעס צו אַלע פראַגן, וואָס ווערן דורך אונדז באַהאַנדלט. לאָמיר מיט דער זעלבער ענערגיע און איבערגעגעבנהייט פאָרט־זעצן אונדזערע טעטיקייטן.

דאָס וואָרט האָט באַקומען דער קאַסירער הערי קליין.

ביי דעם היינטיקן צוזאַמענקונפט האָט איר געהאַט אַ געלעגנהייט צו הערן דעם טעטיקייטס באַריכט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ווי אויך אַן אָפּשפּיגלונג פון דער מיטהילף און פאַראינטערעסירונג פון די לאַנדסלייט. אויף פריינד ח. סילווער און אויף מיר זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן די פינאַנסיעלע פּראָבלעמען פון דער לאַנדס־

מאַנשאַפט. מיט גרויס מי און אָנשטרענגונג זוכן מיר וועגן און מיטלען צו קענען דעקן די הילפס־אויסגאַבן פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל און אין פּוילן.

עס שטעלט זיך דעריבער די פראַגע, וואָס יעדער איינער וואָלט זיך געדאַרפט פרעגן, פונוואַנעט נעמען מיר געלט? קיין מיטגלידס־אָפּצאָל צאָלן מיר נישט, קיין ספּעציעלע געלט־זאַמלונגען מאַכן מיר נישט, טאָ ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? איך האָב דעם ענטפער איידער איר וועט שטעלן די פראַגע. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן עגזעקוטיווע, טאָ זאָל זי זיך זאָרגן און דאָס, וואָס איך וויל אייך זאָגן איז, אַז די עגזעקוטיווע זאָרגט טאַקע.

מיר האָבן אָפּגעדרוקט ראַפל־ביכלעך און צוגעשיקט צו אונדזערע לאַנדסלייט אויף דער סומע פון 250 דאָלאַר. יעדער עגזעקוטיווע מיטגליד האָט באַקומען אַ ליסטע פון עטלעכע לאַנדסלייט און זיי באַזוכט אין זייערע היימען און אַזוי אַרום איז דאָס געלט איינקאַסירט געוואָרן. מיר האָבן זיך געוואָנדן צו די אַלט איינגעזעסענע לאַנדסלייט און עטלעכע פון זיי האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן און נעמליך: מר. נייטן געלבער מיט הונדערט דאָלאר, מר. הערי בערק מיט הונדערט דאָלאר און אויך פאַרשידענע אַנדערע קלענערע זאַמלונגען, וואָס האָבן אַריינגעבראַנגט די סומע פון פינף הונדערט און דריי און דרייסיק דאָלאַר. מיט שטאָלץ און פרייד וויל איך פעסטשטעלן, אַז מיר האָבן פאַר דעם געלט אַרויסגעשיקט צוויי און זעכציק לעבנסמיטל פּעקלעך צו אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ישראל. איך האַלט פאַר מיין פליכט אין נאָמען פון דער עגזעקוטיווע אויסצודריקן אַ האַרציקן דאַנק אַלע לאַנדסלייט, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אין געבן און אין זאַמלען דאָס געלט.

מיר האָבן עטלעכע מאָל אויף די זיצונגען באַטראַכט די פראַגע וועגן איינפירן דעם סיסטעם פון מיטגלידס־אָפּצאָל, אָבער מיר האָבן אַזאַ באַשלוס נישט געוואָלט אָננעמען אָן אייער הסכמה. איר וועט, דעריבער, האָבן גלייך די מעגלעכקייט זיך אַרויסצוזאָגן אין דער פראַגע.

איך שליס מיין קאַסע באַריכט מיט דער האָפנונג, אַז אַלע וועלן זיך באַטייליקן אין אונדזער וויכטיקער אַרבעט מיט מער אָנשטרענגונגען און התלהבות ווי ביז יעצט.

## דיסקוסיע

אַ גאַנצע רייע לאַנדסלייט האָבן גענומען דאָס וואָרט און געלויבט די אַקטיווי־טעטן פון דער עגזעקוטיווע און איינשטימיק איז באַשלאָסן געוואָרן איינצופירן אַ דריי חדשים׳דיקן פרייוויליקן מיטגלידס אָפּצאָל.

די פאָרמעלע פאַרזאַמלונג האָט זיך גלייך פאַרוואַנדלט אין דעם פאָרויסגעזע־ענעם חברישן שמועס און ביי דעם באַשיידענעם, אָבער האַרציק דערלאַנגטן כיבוד. זיינען אויסגעשריבן געוואָרן דעקלאַראַציעס אויף פאַרשידענע סומעס: צו דריי, פינף און מער דאָלאר פאַר יעדע דריי חדשים, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן.

מיט פאַרגעניגן דארפט פעסטגעשטעלט ווערן, אַז אַלע אָנוועזנדע האָבן אויס־געפילט די דעקלאַראַציעס און אַ טייל האָבן גלייך בייגעלייגט זייערע טשעקס.

עס איז אויך אויסגעראַפלט געוואָרן אַ זייגערל מיט דריי ביכער. זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז פריינד הערשליקאָוויטש, וואָס האָט געוווּנען דאָס בוך „טשענ־סטאָכאָווער יידן" האָט עס אויפן אָרט ליציטירט און די דערהאַלטענע סומע פון צוועלף דאָלאַר איבערגעגעבן פאַר דער קאַסע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין אַ דערהויבענער שטימונג האָט זיך די פאַרזאַמלונג געשלאָסן מיט אַ באַ־גער אָפטער זיך צו טרעפן ביי אַזעלכע צוזאַמענקונפטן.

די עגזעקוטיווע

## דער באַזוך פון ד״ר וואָלף גליקסמאַן פון פילאַדעלפיע

אין סעפּטעמבער 1952 האָט געווייַלט אין מאָנטרעאָל אונדזער לאַנדסמאַן ד״ר וואָלף גליקסמאַן פון פילאַדעלפיע. עס איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער עגזעקוטיווע לכבוד דעם גאַסט און עס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אַ גאַנצע רייע פּראָבלעמען און צווישן אַנדערע איז באַריכטעט געוואָרן וועגן דער טעטיקייט און אויך פלענער וועגן ווייטערדיקע אַקטיוויטעטן. ד״ר וואָלף גליקסמאַן איז געווען זער אינסטרומענטאַל מיט זיינע אָנווייזונגען און באַמערקונגען. וועגן זיינע איינדרוקן און מיינונגען וועגן דער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל האָט ד״ר וואָלף גליקסמאַן געבערענגט צום אויסדרק אין אַ בריוו אין וועלכן ער האָט געשריבן:

„איך געדענק שוין לאַנג נישט די צייט, ווען איך זאָל האָבן אַרויסגעטראָגן אַזאַ גייסטיקן נחת־רוח פון אַ זיצונג וועגן געזעלשאַפטלעכע ענינים, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי דער באַגעגעניש מיט אייך אין מאָנטרעאָל אין הויז פון ש. וואגא. אייער איבערגעגעבנהייט, פאַרשטענדניש און זאָרג פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין דער גאָרער וועלט איז פּשוט אָנשטעקנדיק. אייער אָפּרוף אויף די נויטן פון די נויטבאַדערפטיקע טשענסטאָכאָווער ווי איך האָב עס געזען אין דער גרויסער צאָל דערליידיקטע בקשות וועגן הילף איז אַ ווייטערדיקער באַווייז וועגן אייער אומדערמידליכקייט און וואַכזאַם אויג אויף מענטשלעכע ליידן. נאָכאַמאָל אָן שום פראַזע און אָן שום שיינע ווערטער אין אָנבעטראַכט די קליינע צאָל מיטגלידער פון אייער גרופּע שטייגן אייערע טעטיקייטן אין קוואַליטעט כפל כפלים. אייער אַרבעט איז דערפאַר מען וואָגיק אין פאַרגלייך מיט אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייגן אייך אַריבער אין כמות. עס בלייבט מיר אייך צו ווינטשן, אַז דער דאָזיקער גייסט און אידעע זאָל אָנהאַלטן וואָס לענגער און זאָל זיין אַ סטימול צו ווייטערדיקע פּרוכטבאַרע מעשים״.

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

צו אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט:

טייערע פריינט:

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט פילט אַ הייליקן חוב אַרויסצוהעלפן די לאַנדסלייט אין ישראל, וואָס ווענדן זיך נאָך הילף. מיר מוזן העלפן די מענטשן, וועלכע זיינען אונדז באַקאַנט פערזענלעך און מיר האָבן נישט לאַנג צוריק צוזאַמען מיט זיי געליטן הונגער און פּיין אין געטאָ און אין די „האסאג״ לאַגערן.

די לאַנדסמאַנשאַפט באַקומט האַרצרייסנדע בריוו אין וועלכע עס ווערט געבעטן לעבנסמיטל פּראָדוקטן פאַר אונדזערע לאַנדסלייט אין זייערע קינדער.

ווער פון אונדז וועט זיך אָפּזאָגן צו שטיצן הונגעריקע אין ישראל אין דער צייט ווען מיר לעבן זאַטע דאָ אין קאַנאַדע.

מיר ווענדן זיך סיי צו די אַלט איינגעזעסענע און סיי צו די ניי־געקומענע לאַנדסלייט צו שאַפן די נויטיקע פינאַנסיעלע מיטלען צו שטיצן אונדזערע נויטליידנדע לאַנדסלייט אין ישראל און אין פּוילן. דאָס זיינען מענטשן וועלכע מיר קענען פון קינדערוויַז אָן און זיי זיינען אין אונדזער זכרון ביז דעם היינטיקן טאָג.

מיר האָבן אַרויסגעשיקט לעבנסמיטל פּעקלעך צו די לאַנדסלייט אויף פּסח און מיר ווילן דאָס זעלבע טאָן אויך אויף שבועות.

מיר גלויבן, אַז איר וועט אונדז געבן די מעגלעכקייט דאָס צו טאָן דורך אַריינשיקן צו אונדז אייערע טשעקס אויף וויפיל עס איז אייך נאָר מעגליך און דערמיט וועט איר דערפילן אַ מאָראַלישע פליכט און אַ הומאַניטאַרע אויפגאַבע.

**בייגעלייגט שיקן מיר אייך מיט אַ ביכעלע טיקעטס פאַר אַ ראפל, וועלכע מיר בעטן אייך צו פאַרקויפן צווישן אייערע פריינט און באַקאַנטע און מיר בעטן אייך דאָס געזאַמלטע געלט אונדז גלייך אַריינצושיקן.**

מיט פריינדשאַפטס גרוס:

**די עגזעקוטיווע**

ש. וואגא, פאָרזיצער

קובא גאָלדבערג, סעקרעטאַר

## אַ בריוו צו פריינד נייטן געלבער

(אין אַרכיוו געפינען זיך אַ גרעסערע צאָל קאָפּיעס פון בריוו, וואָס זיינען גע־שיקט געוואָרן צו שמחות ביי לאַנדסלייט ווי ברית׳ן, בר מצוה׳ס און חתונות. דער ציל פון די בריוו איז ווינטשן מיט האַרציקע ברכות דעם בעל־שמחה און אויך אויף אַ דעליקאַטן אופן דערמאָנען וועגן אַ ביישטייערונג, וואָס זאָל מיטווירקן צו די הילפס־טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט).

ליבער לאַנדסמאַן און פריינד נייטן געלבער:

**די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל שיקט אייך איבער די האַרציקסטע ברכות און גליקווונטשן צו אייער זון׳ס חתונה.**

**דער טאָג פון אייער זון׳ס חתונה איז פאַר אים און פאַר אייך, אַלס פאָטער, אַ טאָג פון פרייד, צוקונפט און גליק. מיר ווינטשן אייך, אַז אייערע אַלע באַגערן און אַלץ, וואָס איר ווינטשט זיך אַליין, זאָל אין צופרידנהייט פאַרווירקליכט ווערן.**

**די לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל באַשטייט פון, מערסטנטייל, פון ניי־געקו־מענע און נישט געקוקט דערויף, וואָס איר זענט פון די לאַנג איינגעבירגערטע אין מאָנטרעאָל, דאָך פאַרבינדן אונדז די זעלבע פעדעם פון אונדזער אַלטער היים, פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו.**

**דאָרט האָבן געלעבט אייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, פריינט און באַקאַנטע. דאָרט זענט איר געבוירן געוואָרן און דאָרט האָט איר אייער קינדהייט און יוגנט פאַרבראַכט. דאָרט האָבן אייערע נאָענטסטע נאָך אייך געבענקט און אומ־געדולדיק געוואַרט אויף אייערע בריוו און איר האָט צו זיי געשריבן מיט בענק־שאַפטס־באַגערן און אויך נישט פאַרגעסן פינאַנסיעל צו העלפן.**

**מיר שטאַמען אַלע פון איין שטאָט. מיר קענען אייך און איר קענט אונדז, וועל־כע האָבן אין דער אַלטער היים געבויט און קאָנטואינירט די אַקטיוויטעטן. מיט אייער הילף האָבן מיר געבויט יידישע אינסטיטוציעס, געטיילט הילף פון די פאָנדן, וואָס איר און די אַלט איינגעזעסענע לאַנדסלייט האָבן געשיקט. מיר ווייסן אויך, אַז ווען פון דאָרט, פון דער אַלטער היים, איז געקומען אַ רוף, אַ ווענדונג פאַר הילף, האָט איר דאָ מיט ברייטהאַרציקייט און נשמה׳דיקייט זיך אָפּגערופן און אַ דאַנק דעם האָבן נוצלעכע אינסטיטוציעס אַ ביסל פאַרלייכטערט דאָס שווערע און ביטערע לעבן פון יידישע מענטשן אין אונדזער היימשטאָט־טשענסטאָכאָוו.**

**איר געדענקט יענע צייטן, ווען דאָס אַלץ איז געטאָן און געשאַפן געוואָרן. דאָס אַלץ איז אַ דאַנק דעם נאַטירליכן סענטימענט און געפיל מיט וועלכן איר זענט באַשאָנקען.**

**עס אונטערליגט נישט קיין צווייפל, אַז אין מינוטן פון חשבון הנפש דערמאָנט איר זיך אייער היימשטאָט, אייערע נאָנטע, יעדן באַזונדער און אַלע צוזאַמען. איר**

געדענקט נאָך די גאַסן, די הייזער, די בתי־תפילות, לערן־אַנשטאַלטן, אינסטיטו־ציעס מיט וועלכע אייער יוגנט איז געווען פאַרבונדן.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פאַרגעסן נישט אייער דעם צווייטן און זיינען ממשיך די אַלע מעשים טובים פון אונדזערע אונפאַרגעסלעכע און האַלטן אָן זייערע טראַדיציעס.

טייערער פריינד און טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן נייטן געלבער:

אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, אין נאָמען פון אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין מאָנטרעאָל און אין מיין נאָמען, ווינטשן מיר אייך, דאָס יונגע פּאָרל און אייער גאַנצער פאַמיליע אַ האַרציקן מזל־טוב.

טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט

אין מאָנטרעאָל

שלמה וואגא

אויף דעם בריוו איז אָנגעקומען פון פריינד נייטן געלבער אַ בריוו מיט אַ טשעק, אויף אַ באַדייטנדע סומע, דאַטירט מאַי 7, 1952.

דער בריוו איז געשריבן אין ענגליש און אין יידישער איבערזעצונג ליינט ער זיך:

ש. וואגא, 5352 פּאַרק עוועניו, מאָנטרעאָל, פּ. ק.

טייערער מר. וואגא:

מיין פרוי און איך דריקן מיר אויס אונדזער אויפריכטיקן דאַנק פאַר אייער פריינטלעכן בריוו מיט גוטע ווונטשן צו דער חתונה פון מיין זון איזאַק. אייערע ברכות און ווונטשן זיינען מיט אנערקענונג אויפגענומען געוואָרן דורך דעם יונגן פּאָרל און זיי דריקן אייך אויס אַ דאַנק פאַר די פיינע ווונטשן.

מיט אויפריכטיקייט

נייטן געלבער

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

### קורצער ביולעטין

פון שלמה וואגא, סעקרעטאַר און הערי קליין, קאַסירער.

אויפן יובילעאום באַנקעט און אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אַפּריל 3, 1954 אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש איז געקומען צום אויסדרוק דער פאַקט, אַז דאָס לעצטע יאָר איז געשאַפן געוואָרן טויזנט דאָלאַר און עס זיינען געשיקט געוואָרן 138 לעבנסמיטל פּעקלעך און סקריפּטן צו די לאַנדס־לייט אין ישראל.

די הילפס־טעטיקייט איז מעגליך געוואָרן אַ דאַנק די אַדורכגעפירטע אונטער־נעמונגען און ספּעציעל דער מאַני־שאוער, וואָס די פרויען האָבן אַדורכגעפירט, אַ דאַנק דעם דריי חדשים׳דיקן מיטגלידס־אָפּצאָל פון די לאַנדסלייט און פאַרשטענד־ליך אַ דאַנק די איבערגעגעבענע אַרבעט פון די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, וואָס האָבן אָוועקגעגעבן אַ סך מי, ענערגיע און צייט צו דערגרייכן דעם רעזולטאַט.

אויף דעם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענקונפט איז אויסגעדריקט געוואָרן צוטרוי

צו דער עגזעקוטיווע און זי אויפסניי באַשטעטיקט געוואָרן און עטלעכע זיינען צו־דערוויילט געוואָרן.

די עגזעקוטיווע האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדן אופן:

פרעזידענט — ח. סילווער; פאָרזיצער — שלמה וואגא; וויצע־פאָרזיצער — קובא גאָלדבערג; סעקרעטאַר — ל. יאַקובאָוויטש; הילפס־טעטיקייט סעקרעטאַרן — בערל איצקאָוויטש און מרס. סאלע איצקאָוויטש; אונטערנעמונגען — ב. פעפער, ק. גאָלדבערג, ל. בוכוואַלטער און י. זילבערבערג; קאַסירער־בוכהאַלטער — ע. סרעברניק; אינקאַסענטן — ה. דילעווסקי, מ. לעווקאָוויטש, מ. פרידלענדער, ה. קליין, ב. אָרנשטיין, ב. פעפער, ל. בוכוואַלטער, אָרטמאַן, ב. איצקאָוויטש און י. זילבערבערג.

מיט פריינדשאַפטס גרוס:

די עגזעקוטיווע:

ה. סילווער, פרעזידענט
ש. וואגא, פאָרזיצער
ל. יאַקובאָוויטש, סעקרעטאַר

## געלט-זאַמלונג

אין אָנהויב האָט יעדער לאַנדסמאַן אונטערגעשריבן אַ דעקלאַראַציע אין וועלכן ער האָט זיך פאַרפליכטעט צו צאָלן אַ חודש׳לעכן אָפּצאָל. די מאַטעריעלע לאַגע פון די לאַנדסלייט, אין די ערשטע יאָרן נאָכן אָנקומען קיין קאַנאַדע, האָט נישט מעגלעך געמאַכט דאָס פּינקטלעכע איינצאָלן דעם אָפּצאָל. דאָס אויפמאָנען דאָס געלט איז, דעריבער, געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן. די מיטגלידער פון דער עגזעקוטיווע פלעגן אין די אָוונטן און אין די פרייע טעג פון אַרבעט אַרומפאָרן איינמאָנען דאָס געלט. צו יענער צייט האָט נאָר איין לאַנדסמאַן געהאַט אַ קאַר, האָט ער זי געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער עגזעקוטיווע און מען האָט זי אָנגערופן „טשענסטאָכאָווער קאַר״. די קאַר איז טאַקע אַרומגעפאָרן איבער די מאָנטרעאַלער גאַסן מיט מיטגלידער פון דער עגזעקוטיווע, וואָס זיינען געווען די אינקאַסענטן און באַזוכט די לאַנדסלייט און אויף אַזאַ אופן איז איינקאַסירט געוואָרן מיטגלידס־אָפּצאָל. דאָס געלט האָט זיך קיינמאָל נישט דערוואַרעמט אין דער קאַסע, ווייל עס איז גלייך אַוועקגעשיקט געוואָרן צו נויטבאַדערפטיקע מיט אַ באַגלייטונגס־בריוו פון האַרציקע ווערטער.

די עגזעקוטיווע פלעגט אויך אַרויסשיקן בריוו צו לאַנדסלייט מיט אַ חשבון וויפיל זיי זיינען שולדיק לויט זייער פאַרפליכטיקונג.

דאָס איז אַ קאָפּיע פון אַ בריוו:

טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

זייער חשובער לאַנדסמאַן:

מיט דעם בריוו פאַרשטענדיקן מיר אייך, אַז די הילפס־טעטיקייט ווערט געפירט, ווייל אַזוי פאַרלאַנגט פון אונדז די לאַגע פון אונדזערע לאַנדסלייט וועמענס גורל איז אַ סך ערגער פון אונדזער. זיי זיינען אין ישראל און אין פוילן. זייער עקאָנאָמישער צושטאַנד איז אַ שווערער און אונדזער פליכט איז אין זיי צו געדענקען. אַ טייל פון זיי איז קראַנק, אַ טייל אַלט און אויסגעמאַטערט.

דער אינדיווידועלער ביישטייער אונדזערער איז, פאַרהעלטניסמעסיק, אַ קליי־נער און אויב מיר צאָלן אים רעגולער, לויט די דעקלאַראַציעס, פילן מיר נישט די אויסגאַבע.

לויט אייער דעקלאַראַציע האָט איר זיך פאַרפליכטעט צו צאָלן . . . . . דאָלאַר אַ חודש. איר האָט באַצאָלט ביז דעם . . . . . . . . אייער חוב איז. . . . דאָלאַר.

מיר זיינען זיכער, אַז איר וועט רעגולירן דעם חוב און דערמיט וועט איר דער־מעגלעכן אָנצופירן מיט דער הילפס־טעטיקייט.

מיר פאַרבלייבן מיט האַרציקן דאַנק

די עקזעקוטיווע

מיט דער צייט האָט די עקאָנאָמישע לאַגע ביי אונדזערע לאַנדסלייט, זיך אַ ביסל מער סטאַביליזירט. צוליב די שוועריקייטן פון אויפמאָנען דאָס מיטגלידס-אָפּצאָל איז דאָס אינגאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן און עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרשידנ־אַרטיקע געלעגנהייטס אונטערנעמונגען, וואָס האָבן פון איין זייט געגעבן אַ מעגלעכ־קייט זיך צו באַגעגענען מיט די לאַנדסלייט, וואָס האָט געשאַפן אַ מער אינטימערער אַטמאָספערע און פון דער צווייטער זייט איז דער אופן געווען לייכטער צו שאַפן די געהעריקע פאָנדן.

איינמאָל אין יאָר, פון פורים ביז פסח, ווערט יאָ געפירט אַ דירעקטע אַקציע פון זאַמלען געלט דירעקט פון די לאַנדסלייט, וואָס ווערט אָנגערופן מעות חיטים. עס ווערן אַרויסגעשיקט בריוו מיט אַ געהעריקן אינהאַלט און יעדער לאַנדסמאַן שיקט אַריין אַ טשעק מיט אַ פרייוויליקע ביישטייערונג, אָדער ער ווערט באַזוכט דורך מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע.

די פסח אַקציע ברענגט אַריין, אומגעפער, ביז טויזנט דאָלאַר.

מאַי 1957.

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

מיט גרויס צופרידנהייט פאַרשטענדיקן מיר אייך, אַז דער מעות־חיטים קאַמ־פיין צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל איז דאָס יאָר אַדורכגעפירט גע־וואָרן, אַ דאַנק אייער באַשטייערונג, מיט גרויס דערפאָלג.

זייט שטאָלץ, אַז איר זענט געווען צווישן די, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן צו שאַפן די נויטיקע סומע געלט, כדי צו דערמעגלעכן אַוועקצושיקן איבער פערציק פעקלעך צו אונדזערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין ישראל, וועלכע האָבן זיך געוואָנדן צו אונדז נאָך הילף.

מיט שטאָלץ קענען מיר זאָגן, אַז מיר האָבן מקיים געווען די מצווה „כל דיכ־פין יתי ויאכל“.

שטעלט אייך פאָר די פרייד ווען אונדזערס אַ לאַנדסמאַן אין ישראל האָט דער־האַלטן פון אונדז אַ פעקל אויף פסח. מער ווי אין פערציק היימען האָט מען אונדז געבענטשט, ווייל מיר האָבן אין זיי נישט פאַרגעסן.

די עקזעקוטיווע דאַנקט אייך האַרציק פאַר אייער באַשטייערונג און ווינטשט אייך אַ סך פרייד אין אייער לעבן און שטענדיק זיין פון די געבערס און קענען געבן טאָפּלט ווען עס וועט נויטיק זיין.

מיט די האַרציקסטע גרוסן,

די עקזעקוטיווע

ש. וואגא
מאָנאקאָ, אָקטאָבער, 1957.

## אַ שריפטלעכער מעסעדזש צו דער פופצנטער יאָרצייט

אין דער פופצנטער יאָרצייט טרויער איך צוזאַמען מיט אייך נאָך אונדזערע עלטערן און נאָך אונדזערע פאַמיליעס.

פון די הונדערטער חורבן־ביכער וועגן שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע, וואָס זיינען ביז יעצט פאַרעפנטלעכט געוואָרן און די, וואָס וועלן נאָך געדרוקט ווערן, ווערט געשאַפן די גרויסע געשיכטע פון חורבן און אומקום. כל זמן דאָס גרויסע היסטאָרישע ווערק, אויף וועלכן מיר וואַרטן מיט אומגעדולד איז נאָך נישט אויפ־געבויט, וועלן מיר זיך ווענדן צו אונדזערע מחשבות וועגן אַ דערמאָנונג און צו אונדזערע אויגן, וואָס האָבן געזען דעם פּראָצעס פון פאַראַרימונג, דערנידערונג און פאַרשקלאַפונג.

פון אונדזערע אויערן ווילן מיר יעצט הערן אַן אָפּקלאַנג פון די געוויינען פון קינדער ווען זיי זיינען מיט געוואַלד אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע עלטערן אין די טעג פון די אזוי גערופענע „קינדער־אַקציעס". עס קלינגען אין אונדזערע אויערן די טרויעריקע טענער פון האַרצרייסנדע געשרייען פון די פאַרצווייפלטע מאַמעס און וואָס האָבן מיר אַלע צו דערמאָנען וועגן אונדזערע אייגענעליידן?

מיר זיינען דאָך די רעשטלעך, די איינזאַם פאַרבליבענע פון אונדזערע גרויסע פאַמיליעס, וועלכע זיינען מאַסנווייז, פאַרבלוטיקטע דורך ביקסן קאָלבעס אַריינגע־דרענגט געוואָרן אין די בהמות־וואַגאָנען און דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. נאָך זייערע קינדער, וועלכע זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן פון זיי אָן אַ שפּור.

יענע אומפאַרגעסלעכע בילדער זאָלן מיר יעצט האָבן פאַר אונדזערע אויגן. יענע געשרייען און געוויינען זאָלן יעצט אָפּהילכן אין אונדזערע אויערן. מיר ווענדן אונדזערע געדאַנקען צו די נאָך וועמען מיר האָבן היינט יאָרצייט. מיר ווילן אַריינ־דרינגען אין זייערע פיזישע און מאָראַלישע דעמאָלטיקע ווייטאָגן און פּיין ווען זיי זיינען פאַרגאַזט אָדער דורך אַנדערע מעטאָדן פאַרפייניקט געוואָרן.

דאָס איז אונדזער חוב פון דערמאָנונג. דאָס הייסט „יזכור".

אויסער אונדזערע חושים פון קענען הערן און זען האָבן מיר אויך גייסטיקע אייגנשאַפטן. וואָס האָבן מיר געפילט טיף אין אונדזערע הערצער און וואָס האָבן אונדזערע מחשבות אין זיך אויפגענומען ווען די גרויזאַמקייטן זיינען איבער אונד־זערע נאָנטסטע אויסגעפירט געוואָרן?

אָט איז אַ שטומער ווערטער אויסטויש צווישן עלטערן און קינדער אין דער צייט פון די טרויעריקע און טראַגישע אַקציעס פון אויסראָטונג אין טשענסטאָכאָוו.

אין אַ זוניקן סעפּטעמבער טאָג אין יאָר 1942, אומגעפער, איינס אַזייגער ביי־טאָג. פון אונטער דער בריק אין די אַלטען פון שטאָט איז לאַנגזאַם אַרויס אַ לאָקאָ־מאָטיוו, וואָס האָט שווער געסאָפּעט, שלעפּענדיק פאַמעלעך אין בהמה וואַגאָן נאָכן צווייטן, אין וועלכע עס זיינען נישט געווען קיין בהמות נאָר מענטשן זיינען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה. דער לאַנגער צוג איז געפאָרן אין דער ריכטונג זואלעס־קרוטקע גאַס מיטן ציל קיין טרעבלינקע. אין דער זעלבער צייט, אויף דער ווילסאָן גאַס, פּאַראַלעל צו דעם צוג, אונטער דער אויפזיכט פון זשאַנדאַרמען, האָבן מאַר־שירט די אויסעלעקטירטע, יונגע מענער, און פרויען, פון דער דעמאָלטיקער „אַק־ציע" פאַר ווייטערדיקער שקלאַפעריי. זיי זיינען געפירט געוואָרן צום זאַמל־פונקט אויף דער קרוטקע גאַס. דאָס זיינען געווען די זין און טעכטער פון די עלטערן, וועלכע זיינען פאַרבייגעפאָרן אין פאַרשלאָסענע וואַגאָנען. פון די קליינע פאַרקראַ־

טעוועטע וואַגאָנען־פענסטערלעך האָבן אַרויסגעפינקלט אויגן און געוואָרפן בליקן אין אַלע ריכטונגען, אויגן גרעסערע ווי נאָרמאַלע. הענט האָבן אַרויסגעשטרעקט, זיך אויסגעצויגן אין דער פרייער לופט. זיי האָבן זיך באַוויגן אַרויף און אַראָפּ, ווי געזאָגט „זייט געזונט" און די פויסטן געביילט, ווי זיי וואָלטן עפּעס פאַרלאַנגט.

די זין און טעכטער, דערזעענדיק דעם צוג, די אויגן, די הענט, די פויסטן, האָבן אויסגעצויגן זייערע העלדזער. זיי זיינען געגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער, געוואָלט זיין וואָס העכער, גלעטן מיט זייערע בליקן די גלידער פון זייערע עלטערן. די יונגע גרופּע האָט צוגעאײַלט אירע טריט כדי נישט בלייבן אונטערשטעליק דעם לויפנדן צוג. זיי האָבן זיך באַוויגן דאָרט אַהין צו די אויגן פון וועלכע זיי האָבן אַרויסגעליינט, וואָס זיי טראַכטן און פון די הענט מיט געביילטע פויסטן, וואָס זיי פאַרלאַנגען.

דאָס טראַגיש־דאָפּלטע געיעג פון טעכטער און זין נאָך די זיבן טויזנט טאַטעס, מאַמעס און קינדער אין די 65 וואַגאָנען, וואָס האָבן זיך באַוויגן קיין טרעבלינקע איבער די שטאָלענע שינעס, געקלאַפּט וואָס אַמאָל שטאַרקער, כדי וואָס שנעלער איבערצורייסן די שטאַרקע פעדעם פון עלטערן צו קינדער.

דאָס איז געווען אַ געיעג מיט אַן אינהאַלט, מיט אַ באַדייטונג.

די אויסגעשטרעקטע הענט, די געביילטע פויסטן האָבן גערעדט, געשריגן, זיי האָבן באַפוילן, די זין און טעכטער האָבן די שטומע רייד אויפגענומען אין זייערע הערצער און אין זייער גייסט.

די דאָזיקע שטומע ווערטער מיט ווייטיק, צער, מיט ליידן, מיט פאַרדרוס, אָבער אויך מיט אַ פאַרלאַנג, נאָך נקמה אַלס אָנווייזונג פאַר דער צוקונפט.

ערשיינען אין אונזערע מחשבות די גרויזאַמע געשעענישן, וואָס האָבן מיט 15 יאָר צוריק פאַרשלונגען אונדזערע נאָענטסטע, אונדזערע פאַמיליעס און אונדזערע פריינט, נאָך ווען מיר זאָגן היינט אַ געמיינזאַמען קדיש.

יוני 1960.

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל

חשובער לאַנדסמאַן:

ווי עס איז אייך באַקאַנט, האָט די עגזעקוטיווע דערפאָלגרייך אַדורכגעפירט די פסח זאַמל־אַקציע אַ דאַנק אייער פאַרשטענדניש צו העלפן אונדזערע נויט־באַדערפטיקע לאַנדסלייט.

עס איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין ישראל און פוילן עטלעכע פערציק טשעקס אויף דער סומע פון 750 (זיבן הונדערט און פופציק) דאָלאַר. דערמיט האָבן זיך אונדזערע פינאַנסן אויסגעשעפּט. מיר באַקומען, אָבער, ווייטערדיקע ווענדונגען צו שיקן הילף, האָט די עגזעקוטיווע באַשלאָסן אַדורכצופירן אַ ראַפל-אַקציע, כדי מעגליך צו מאַכן אונדזער ווייטערדיקע הילפס־אַרבעט.

מיר שיקן אייך צו אַ ביכל, וואָס איז בייגעלייגט צו דעם בריוו, וואָס אַנטהאַלטן 20 (צוואַנציק) ראַפל־טיקעטס און מיר בעטן אייך אַריינצושיקן פאַר זיי דאָס געלט.

העלפט אונדז מיט צום דערפאָלג פון דער ראַפל־אַקציע.

מיט לאַנדסמאַנשאַפט גרוס:

די עגזעקוטיווע

## מאַטעריאַל-קוועלן

1. אַרכיוואַלע דאָקומענטן.

**א. פּראָטאָקאָל־ביכער,**

**ב. דערהאַלטענע בריוו,**

**ג. קאָפּיעס פון אַרויסגעשיקטע בריוו,**

**ד. צייטונגס־אויסשניטן,**

**ה. מימאָגראַפישע באַריכטן, וואָס זיינען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אַרויס־געשיקט געוואָרן צו די מיטגלידער.**

2. פאַרעפנטליכטע מאַטעריאַלן.

אָרענשטיין, ד״ר בנימין.

**די טעטיקייט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, פאַרעפנטליכט אין בוך „טשענסטאָכאָוו". ניו יאָרק 1958, זייטן 246־243. דער' יובל פון צוויי ביכער און דער אָפּפאָר פון שלמה וואגא, אויסגאַבע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, 1958, 32 זייטן.**

3.

**טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילף־פאַריין אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. פאַר־עפנטליכט אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן" ניו יאָרק, 1947, זייטן 354־353.**



## טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו יאָרק

אין יאָר 1964 ווערט 50 יאָר זייט דער טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו יאָרק איז געגרינדעט געוואָרן.

בכדי צו געבן אַ געהעריקן איבערבליק וועגן די טעטיקייטן פון קאָמיטעט, פאַר שטענדליך אויף אַ כראָנאָלאָגישן אופן, איז נויטיק אַ גאַנץ בוך, דעריבער איז דאָס נישט מעגלעך צו טאָן אין דער פּובליקאַציע.

דער באַריכט וועט זיך דעריבער באַגרעניצן בלויז צו עטלעכע הויכפּונקטן פון די אַקטיוויטעטן פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר.

דער רעליף קאָמיטעט אין ניו יאָרק ווערט אָנגעפירט דורך אַן אַקטיוו, וואָס באַשטייט פון לאַנדסלייט, וואָס זיינען זיך מוסר נפש פאַר דער אַרבעט, געבן אַוועק פרייוויליק צייט און באַדייטנדע באַשטייערונגען.

דער אַקטיוו באַשטייט מערסטנטיילס פון געשולטע, געזעלשאַפטלעכע טוער און זיינען נאָך באַקאַנט פון דער אַלטער היים. עס זיינען אויך דאָ אַזעלכע, וועלכע זיינען נאָך יונג און ניי אין געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. זיי זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אַרבעט, נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל, לערנען זיך און פריער אָדער שפּעטער וועט פון זיי אויסוואַקסן אויסגעצייכנטע געזעלשאַפטלעכע טוער.

די אַקטיוויטעטן זיינען ברייט פאַרצווייגטע. פאַרשטענדליך, אין דער ערשטער רייע, מאַטעריעלע הילף. אונטערן באַגריף מאַטעריעלע הילף איז דאָס נישט אַלע־מאָל געמיינט מזומנים. אין די בריוו־ווענדונגען, וואָס דער רעליף קאָמיטעט דערהאַלט, בעטן די לאַנדסלייט קליידונג, אַנטי־ביאָטישע מעדיקאַמענטן און אין איין פאַל איז די ווענדונג געווען גומענע זאָקן פאַר קראַנקע פיס. דאָס לייכטסטע איז די קליידונג, ווייל עס ווערט גלייך געשאַפן צווישן די לאַנדסלייט גופא. עס איז דאָ אַ פּרינציפּ אין רעליף קאָמיטעט, אַז קיין שום ווענדונג ווערט נישט אָנטזאָגט.

דער רעליף קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן צוויי גרויסע ביכער: „טשענסטאָכאָווער יידן" אין יאָר 1947 און „טשענסטאָכאָוו" אין יאָר 1958. ביידע ביכער פאַר־אייביקן די געשיכטע פון לעבן, קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

די לעצטע עטלעכע יאָר האָט דער רעליף קאָמיטעט זיך קאָנצענטרירט איבער אַ פּראָיעקט פון אויפבויען אַ קינדערהיים אין כפר סבא, ישראל, פאַר דער סומע פון פופצן טויזנט דאָלאַר.

דאָס קינדערהיים דאַרפט דינען אַלס מאָנומענט און נר־תמיד פאַר די קדושים פון טשענסטאָכאָוו און אומגעגנט, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין דער צייט פון דער נאַצי־טיראַניע. דער נאָמען פון דער אינסטי־טוציע וועט זיין: „טשענסטאָכאָווער קינדערהיים".

די פינאַנסיעלע מיטלען ווערן געשאַפן אויף פאַרשידענע אופנים. ערשטנס: פון יחידים, וואָס ווילן פאַראייביקן זייערע נאָענטסטע אומגעקומענע דורך אויסגראַווירטע בראָנז־טאָוולען וואָס וועלן הענגען אין די צימערן פון קינדערהיים. צווייטנס: פון פאַראייביקן נעמען, וואָס וועלן אַריינגעשריבן ווערן אין גאָלדענעם בוך, וואָס וועט זיך געפינען אין דער לאָבי פון קינדערהיים. דריטנס: פון די יזכור אַקאַדעמיעס צו וועלכע עס קומען, אומגעפער, ביי פינף הונדערט לאַנדסלייט. פערטנס: פון אַ באַל, וואָס קומט פאָר ניי־יאָר, צו דער אין טאָג פון דער באַפרייאונג פון די „האַסאַג" לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו.

די עגזעקוטיווע פון טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און
ליידיס אָקזילערי אין ניו־יאָרק

קאַרל וואַרגאַן, פּרעזידענט
אברהם באָמבע, סעקרעטאַר

## מעסעדזש פון הרב בנימין באַזשיקאָווסקי

### אַ ר י י נ פ י ר

הרב בנימין אליעזר באַזשיקאָווסקי, דער שרייבער פון דעם מעסעדזש, איז אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן. ער איז געווען אַ תלמיד מובהק אין דער ישיבה חכמי לובלין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם וועלט באַרימטן הרב מאיר שפירא ז"ל. צו אַכצן יאָר האָט הרב באַזשיקאָווסקי אָנגעשריבן און פאַרעפנטליכט אַ ספר אונטערן טיטל: „קב ונקי", אין וועלכן ער פאַרענטפערט 103 פראַגן אין ש"ס און פוסקים, וועלכע זיינען פאַרבליבן אונפאַרענטפערט דורך הרב הגאון פון קינצק אין זיין ספר „חלקת יואב". הרב באַזשיקאָווסקיס ספר איז דערשינען אין וואַרשע אין יאָר תרצ"ז. די חשיבות פון דעם ספר דרינגט אַרויס דערפון, אַז די הסכמות זיינען פון אַזעלכע אויטאָריטעטן ווי: פון באָיאַנער רבין, פילצער רבין און הרב הגאון ארי' צבי פראמער, קאזיענלאווער רב, וואָס איז געווען איינער פון די ראשי המנהלים פון ישיבת חכמי לובלין.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה איז הרב באַזשיקאָווסקי געווען אין טשענסטאָכאָוו און צוזאַמען מיט אַלע יידן האָט ער אַדורכגעמאַכט דעם ליידנס־וועג אונטער דער נאַציסטער טיראַניע.

נאָך דער באַפרייאונג איז הרב באַזשיקאָווסקי מיט אַ גרופּע תלמידים געקומען קיין איטאַליע און אין דער שטאָט פּאַדואַ האָט ער געגרינדעט די ישיבה „מאור הגולה", וואָס האָט זיך נאָכדעם איבערגעטראָגן קיין רוים. די ישיבה האָט גענאָסן די פולסטע אונטערשטיצונג פון הויפּט רב אין איטאַליע, פּראָפעסאָר דוד פּראַטאָ, פון הויפּט־טשאַפּליין פון דער ענגלישער אַרמיי פאַרן מיטעלן מזרח קאָלאָנעל בער־מאַן און פון מעידזשאָר טשאַפּליין אייזאַקס. די ישיבה האָט געהאַט אָפּטיילונגען אין סאַנטאַ צעזאַרי, און אין בעגאַיאַ נעבן מילאַנאָ. די ישיבה מיט אירע אָפּטיילונגען זיינען געווען צענטערס פון יידישן גייסטיקן און רעליגיעזן לעבן, צוציענדיק די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט פון די וויכטיקסטע רעליגיעזע פּערזענלעכקייטן.

אָנהויב 1949 איז הרב בנימין אליעזר באַזשיקאָווסקי געקומען מיט די תלמידים קיין מאָנטרעאַל און פירט אָן מיט דער ישיבה ביז דעם היינטיקן טאָג.

דער רעדאַקטאָר

ב"ה. דאָנערשטיק, כ"ז חשון, תשכ"ד.

טייערע און חשובע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט!

**שלום וברכה!** צום דערשיינען פון בוך וועגן טשענסטאָכאָוו און די מאָנטרעאַלער לאַנדסמאַנשאַפט, באַגריס איך אייך האַרציק און ווינטש אייך, אַז איר זאָלט אין דער צוקונפט ווייטער קענען אָנגיין מיט אייער ווױלטעטיקייט און טוען מעשי צדקה וחסד לטובת די נויטבאַדערפטיקע.

עס איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן אונדזער געבורטס־שטאָט. פונדעסט־וועגן שטייט געשריבן: „אין בית המדרש בלי חידוש", דאָס הייסט, אַז ביי גייסטיקע ענינים איז נישטאָ קיין ענדע. פונקט ווי אַ ים קען מען נישט אויסשעפּן, אזוי קען מען נישט אויסשעפּן די טעמע וועגן אונדזערע גבורי האומה, די גייסטיקע גבורים וקדושים.

איך גלויב, אַז יעדער וועט געפינען אין דעם בוך עפּעס באַלערנדעס און אויך אַ דערמאָנונג.

זאָלן מיר מיט יראת הכבוד און דרך־ארץ ווייטער ממשיך זיין דעם לעבנס־וועג, רצון און אמונה, פון אונדזערע קדושים, בכדי עס זאָל זיין אַ כבוד פאַר זייער אָנדענקונג.

הרב בנימין באזשיקאָווסקי

## מעסעדזש פון קאָפּל קאַנאַרסקי פון בעלגיע

דער שרייבער פון דעם מעסעדזש, קאָפּל קאַנאַרסקי, איז אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן און וווינט שוין לאַנגע יאָרן אין בעלגיע. ער האָט אין זיינע קינדער און יוגנט יאָרן איינגעזאַפּט אין זיין נשמה דאָס גייסטיקע טשענסטאָכאָוו מיט אירע אַלע וויטאַלע אַספּעקטן פון געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן. דאָס האָט געלייגט אויף אים אַ חותם אויף זיין גאַנץ לעבן. זיין טעטיקייט באַווייזט בולט, אַז ער איז ממשיך אַלע טראַדיציעס פון זיין היים־שטאָט, וואָס האָט וויברירט מיט פאַרשידנאַרטיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. קאָפּל קאַנאַרסקי איז נישט מער און נישט וויניקער ווי עקזעקוטיוו מיטגליד פון דער צענטראַל פאַרוואַלטונג פאַר סאָציאַלע טעטיקייטן אין אַנטווערפּן, פאַראַנטוואָרטלעכער אַדמיניסטראַטאָר פון בית מנוחה לזקנים, סעקרעטאַר פון די קינדער־קאָלאָניע „ווילא אלטאל“ (זומער קעמפּ), וויצע־פּאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „אָרט“ אין בעלגיע, פאַרוואַלטונגס מיטגליד פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער ליי־קאַסע, מיטגליד פון רעדאַקציע־ראַט „זשורנאַל צענטראַלע“, וואָס באַהאַנדלט סאָציאַלע, געזעלשאַפטלעכע און אַלגעמיינע פּראָבלעמען און אויסער דעם געהערט ער צו צענדליקער אַנדערע לאָקאַלע, רעגיאָנאַלע און נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס.

קאָפּל קאַנאַרסקי איז פון פאַך אַ דיימאַנד בראָקער און צו די אַלע אינסטיטוציעס, וווּ ער איז דערווײַלט געוואָרן איז ער גלייכצייטיק איינער פון די באַדייטנדע ביישטייערער. פאַר זיינע אַקטיוויטעטן אויפן סאָציאַלע געביט איז ער אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַ מעדאַל פון בעלגישן קעניג לעאָפּאָלד דער 2־טער.

קאָפּל קאַנאַרסקי איז געווען אויף אַ באַזוך אין מאָנטרעאל אין אויגוסט 1961 און אין דעם מעסעדזש גיט ער איבער זיינע איינדרוקן פון אַ גאַסט אויף אַ ווייל, וואָס זעט פאַר אַ מייל.

דער רעדאַקטאָר



קאָפּל קאנארסקי

**ווען איך שרייב די ווערטער וויקלען זיך אַדורך אין מיין מח די אנגענעמע איינדרוקן, וואָס איך האָב געהאַט זייענדיק אויף אַ באַזוך אין מאָנטרעאל. געקומען בין איך זיך זען מיט מיין ברודער טשאַרלס קאַנאַרסקי און מיט דער פאַמיליע.**

גלייך האָט זיך אָבער דערוווּסט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און די עקזעקוטיווע האָט גערופן אַ ספּעציעלע זיצונג מיט מיין באַטייליקונג. צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט לאַנדסלייט, וואָס איך האָב כמעט נישט געקענט. עס איז אַוועק אַ דריי צענדליק יאָר, וואָס איך האָב זיי נישט געזען. אין בעסטן פאַל האָב איך זיי געקענט אַלס קינדער. זייערע נעמען זיינען נאָר מיר באַקאַנט געווען און אויך די גאַסן אויף וועלכע זיי האָבן געוווינט זיינען מיר אויך גוט באַקאַנט געווען, ווייל אויף יענע גאַסן און געסעלעך האָב איך געקענט יעדן שטיין. געגאַנגען דורך זיי סיי אין קינדערישע דערהויבונג, אין פריידן, אויב אַזעלכעס איז אַמאָל געווען, אָבער מערסטנטייל אין טרויער אוןליידן, אין פאַרטראַכטונג און חשבון הנפש.

ווי נאָר די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן זיינען מיינע רעיונות אָפּגעווענדעט געוואָרן אַן אַ זייט. צוערשט בין איך פאָרגעשטעלט געוואָרן דורך דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. פונוואַנעט ער האָט גענומען אַזויפיל ידיעות וועגן מיר, דאָס ווייס איך באמת נישט. פון מיין אָנגענעמער איבערראַשונג האָב איך געפילט, אַז איך וועל נישט זיין אימשטאַנד קיין ריכטיקן זאַץ אַרויסצוברענגען. דער גליקלעכער צופאַל איז געווען, אַז איך האָב דאָס וואָרט טאַקע נישט באַקומען נאָר עס האָבן זיך אָנגעהויבן די נאָרמאַלע פאַרהאַנדלונגען. פון געזעלשאַפטלעכן באַריכט האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז עס האַלט נישט אָפּ אַ זיצונג, אַ פאַרהעלטעניסמעסיק באַשיידענע לאַנדסמאַנשאַפט, נאָר עפּעס אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון אַ לאַנדס באַוועגונג. וועגן וואָס איז באַריכטעט געוואָרן: וועגן פּראָצעסן קעגן נאַציס, וואָס קומט פאָר אין דייטשלאַנד, וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען מיט ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, טאָראָנטאָ, וועגן פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן אין דער פּרעסע וועגן טשענסטאָכאָווו, וועגן צוגרייטן אַ קאַנאַדער פּובליקאַציע, דאָס הייסט טאַקע דאָס בוך.

אין פּונקט קאָרעספּאָנדענץ זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן דאַנק־בריוו פון לאַנדסלייט פון מעבר לים, פון ישראל און אויך פון אַנדערע לענדער, וואָס האָבן געדאַנקט פאַר דער פינאַנציעלער הילף, וואָס די לאַנדסמאַנשאַפט האָט צו זיי געשיקט און איבערהויפּט פאַר דער פריינטלעכער און האַרציקער באַנעמונג. עס זיינען אויך פאָרגעלייגט געוואָרן ווענדונגס־בריוו וועגן הילף און עס איז טאַקע באַשלאָסן געוואָרן אַנטקעגנצוקומען די בקשות פון קראַנקע לאַנדסלייט.

יעדער באַהאַנדלטער פּונקט פון טאָג־אָרדנונג האָט פאַר מיר אַנטפּלעקט באַזונדערע געביטן פון אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

נאָך דעם ווי איך האָב מיך באַקענט מיט דער גאַנצער טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט האָב איך איצט באַקומען דאָס וואָרט.

איך בין שוין דעמאָלט געווען אַדורכגעדרונגען אינגאַנצן מיט אַנדערע געפילן. איך האָב שוין דעמאָלט נישט בלויז געזען אַן אויסגעצייכנט אַקטיווע עקזעקוטיווע, וואָס ווייסט ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן איר טעטיקייט, נאָר איך האָב געזען אין מיניאַטור די אַמאָליקע יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו. איך האָב געזען און געפילט, אַז די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען ממשיך די טראַדיציעס פון אַמאָל גלאָררייכן טשענסטאָכאָווער גייסטיקן צענטער.

איך האָב געזען פאַר זיך מענטשן, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט אַדורכגעמאַכט אַ לאַנגן דערנער וועג פון ליידן, נויט, קאַמף, גייסטיקן און פיזישן געראַנגל. איך האָב געזען און געפילט, אַז די לאַנדסלייט האָבן די געהעריקע פאַרשטענדעניש צו די, צו וועמען דער שיקזאַל האָט נישט קיין שמייכל געטאָן, צו די, וואָס האָבן נאָך יאָרן פון ליידן אונטערן נאַצי רעזשים שוין נישט געקענט צוריקקומען צום פיזישן גלייכגעוויכט.

איך האָב אין מיין וואָרט זיך געטיילט מיט די ידיעות וועגן טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, אַ ביסל גערעדט וועגן בעלגיע אין אַלגעמיין און אונטערשטראָכן דעם פּאַקט, אַז די מאָנטרעאַלער לאַנדסמאַנשאַפט דאַרפט דינען פאַר אַ מוסטער פאַר אַלע טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס.

די זיצונג האָט אויף מיר געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. זי האָט צוריק אויפגעפרישט אין מיין זכרון די אַלטע היים, די היים אין וועלכער איך האָב מיינע קינדער און יוגנט יאָרן פאַרבראַכט, די היים אין וועלכער איך האָב געחלומט, געטראַכט, געשטרעבט צו אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט.

אייער באַשיידנקייט פון אויספירן אַזעלכע גאָר גרויסע און וויכטיקע הילפס־ און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן פאַרדינט אַ גאָר גרויסע אָנערקענונג און אַ דאַנק.

איך ווינטש אייך מיטן גאַנצן האַרצן הצלחה אין אייערע אַקטיוויטעטן.

קאָפּל קאַנאַרסקי



**הויפּט באַאַמטע פון דער טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ**

פון רעכטס צוו לינקס (זיצנדיק): — משה פראַנק, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; יאַנקל נייטינגאַל, עקס־פרעזידענט; יאַקוב שוויענטאַרסקי, פרעזידענט.

פון רעכטס צו לינקס (שטייענדיק): — אברהם וויינשאָק, פינאַנס־סעקרעטאַר; ישראל יאַקובאָוויטש, אַקטיווער עגזעקוטיווע מיטגליד; שמואל געלקאָפּף, קאַסירער

משה פראַנק

# די גרינדונג און טעטיקייטן פון טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַריין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ

אין אָנהויב 1943 איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריין און אומגעגענט אין טאָראָנטאָ.

די ערשטע אויסגעוויילטע באַאַמטע זיינען געווען: משה טאַרנאָווסקי ע״ה, פאָר־זיצער; ש. קאַמינאָווסקי, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; ש. ליכטער, פינאַנס־סעקרעטאַר; ד. בערענהאָלץ, קאַסירער. אין דער עגזעקוטיווע זיינען דערוויילט געוואָרן: צ. אזשעך, גאָלדבערגס, בערענהאָלץ, מ. פינקוס, וואַזשניצע, לאַנדוי, דאלמאנס, עלסטער און אַנדערע. עס איז אויך דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן אַ ליידיס־אָקזילערי.

דאָס איז געווען די צייט ווען די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיטן גאַנצן פוילישן יידנטום זיינען אויסגעמאָרדעט גע־וואָרן דורך די נאַצישע מערדער.

דער ציל פון פאַריין איז געווען צו שאַפן פאָנדן צו העלפן די געראַטעוועטע פון נאַצישן גיהנום און איינאָרדנען הזכרות נאָך די געפאַלענע על קידוש השם ועל קידוש העם.

דער פאַריין האָט זיך גענומען ענערגיש אַדורכצופירן די אויף זיך גענומענע אויפגאַבן און דורך פאַרשידענע אונטערנעמונגען געשאַפן באַדייטנדע סומעס געלט, קליידונג, מעדיקאַמענטן און אויך אַדורכגעפירט יזכורס.

גלייך נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט האָט דער פאַריין זיך געשטעלט אין פאַר־בינדונג מיט די קאָמיטעטן און אינדיווידועלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד, אין שוועדן און אין ישראל און געשיקט צו זיי געלט, קליידונג, מעדיקאַמענטן און לעבנסמיטל פּעקלעך. דער פאַריין האָט אויך מיטגע־האָלפן איינאָרדנען די לאַנדסלייט, וואָס זיינען אָנגעקומען קיין טאָראָנטאָ ווי אויך איינגעאָרדנט אויף אַן ערנהאַפטן אופן הזכרות.

ענדע 1948 איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די אַלט־איינגעזע־סענע און ניי־געקומענע לאַנדסלייט. דער פאָרזיצער פון הילפס־פאַריין משה טאַר־נאָווסקי ע״ה האָט אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכן טעטיקייט־באַריכט פאַר די יאָרן 1948־1943 און אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַרן צוטרוי און אָנערקענונג, וואָס עס איז אים מיט זיין עגזעקוטיווע אויסגעדריקט געוואָרן. ער האָט דעמאָלט אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז די ניי אָנגעקומענע לאַנדסלייט זאָלן איבערנעמען די אָנפירונג און ממשיך זיין די אָנגעצייכנטע אויפגאַבן פון פאַריין, דערביי האָט ער פאַרזיכערט זיין מיטהילף צו יעדער צייט.

ביי דער אויבנדערמאָנטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג זיינען איינשטימיק אויס־געוויילט געוואָרן:זיסער לאַפּידעס, פאָרזיצער; יאָסל גאָלדבערג ע״ה, וויצע־פאָר־זיצער; עלי שטייניץ, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר. (דעם אַמט האָט נאָכדעם איבערגע־נומען יאַנקל נייטינגאַל). אין דער עגזעקוטיווע זיינען דערוויילט געוואָרן: ש. ליכ־טער, ש. קאַמינקאָווסקי, ד. בערענהאָלץ, מ. פינקוס, מ. דאלמאן, מ. פראַנק, ל. ערליך, ג. ביאַליק, ל. בארקאָווסקי, מ. גליקסמאַן, לאַנדוי, שוויענטאַרסקי און אַנדערע.

אין די יאָרן 1952־1949 זיינען, די מערהייט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד, עולה געווען קיין מדינת ישראל. אין יענע יאָרן איז זיי נישט געווען אַזוי לייכט זיך איינצואָרדנען און דעריבער האָבן זיי גע־שיקט בריוו און געבעטן הילף. די עגזעקוטיווע מיטגלידער אין טאָראָנטאָ האָט געקענט יעדן איינעם פון די בריוו־שרייבער, ווייל זיי אַליין זיינען געווען מיט זיי צוזאַמען סיי אין די צייטן פון די נאַצישע שחיטות, סיי אין די קאָנצענטראַציע־ לאַ־

גערן און נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט אין די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד. די עגזעקוטיווע מיטגלידער פלעגן, נאָך אַ טאָג שווערע אַרבעט אין די שעפּער, אָנ־שטאָט אַהיימגיין, לויפן צו די לאַנדסלייט אין די הייזער און געזאַמלט דאָלאַר צו דאָלאַר, איינגעקויפט לעבנסמיטל, מעדיקאַמענטן און נאָכדעם איינגעפּאַקט אין צוואַנציק פונטיקע פּעקלעך אַוועקצושיקן.

די פּעקלעך זיינען געפּאַקט געוואָרן אין די דעמאָלט ענגע און קליינע וואוי־נונגען פון די לאַנדסלייט יאַנקל נייטינגאַל, לייבל ערליך, ש. קאַמינקאָווסקי און אַנדערע. יעדעס מאָל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ צוואַנציק לאַנדסלייט מיט די פרויען און יעדער האָט געטאָן זיין חלק אַרבעט. טעלעכע האָבן צוגעגרייט די זאַכן, קליי־דונג, לעבנסמיטל און מעדיקאַמענטן פאַר יעדן פּעקל באַזונדער, אַנדערע האָבן געוווגן, אַז יעדעס פּעקל זאָל וועגן 20 פונט לויט די פאָרשריפטן פון פּאָסט־אַמט, אַנדערע האָבן געפּאַקט די פּעקלעך, אַנדערע האָבן געשריבן די אַדרעסן און די נוי־טיקע פאָרמולאַרן. ווען די אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען אַלע געווען באַ־הערשט מיט גרויס צופרידנהייט, ווייל יעדער האָט זיך פאָרגעשטעלט וויפיל פרייד וועט פאַרשאַפן אַזאַ פּעקל פאַר אַ נויטליידנדע פאַמיליע. די פּעקלעך זיינען געשיקט געוואָרן צו אינדיווידועלע אַדרעסאַטן, די מערהייט נאָך ישראל, קיין טשענסטאָ־כאָוו גופא, דייטשלאַנד, שוועדן, אין סאַנאַטאָריעס און צו אַנדערע קראַנקע און על־טערע מענטשן. דער פאַריין האָט אויך געשיקט די סומע פון דריי הונדערט דאָלאַר צו דער הלואה־קאַסע אין תל אביב, ישראל.

דער פאַריין פירט די הילפס־טעטיקייט די גאַנצע צייט צוגעפּאַסט צו די באַ־דינגונגען פון דער צייט.

עס זיינען אויך דאָ פאַלן ווען עס איז נויטיק פינאַנסיעלע הילף פאַר לאַנדס־לייט איינוווינער אין טאָראָנטאָ גופא. צום ביישפּיל: עס איז געווען אַ טראַגישער פאַל, אַז דער לאַנדסמאַן אהרן זאַקס ע״ה, וואָס איז געווען עטלעכע חדשים אין טאָ־ראָנטאָ איז פּלוצלינג געשטאָרבן. דער פאַריין האָט געקויפט אַ קרקע אויפן טשענ־סטאָכאָווער בית־הקברות און געשטעלט אַ מצבה. אַלע לאַנדסלייט מיט זייערע פאַ־מיליעס האָבן זיך באַטייליקט און אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד דעם נפטר.

אַן אַנדער פאַל איז געווען, אַז אַ לאַנדסליידי איז געשטאָרבן. אויך אין דעם פאַל האָט דער פאַריין געקויפט אַ קרקע, אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד דורך דעם, וואָס אַלע לאַנדסלייט מיט זייערע פאַמיליעס האָבן זיך באַטייליקט אין דער לויה און דער פאַריין האָט אויך פינאַנסיעל געשטיצט די יתומים פון דער נפטרת.

יעדעס יאָר אָרדנט איין דער פאַריין מיט גרויס יראת הכבוד אַ יזכור אין אָנדענק פון די קדושים און גבורים, וואָס זיינען געפאַלן על קידוש השם ועל קידוש העם אין טשענסטאָכאָוו. די יזכור׳ס קומען שטענדיק פאָר אין אַ מקום קדוש מיט דער באַטייליקונג פון אַ רב און אַ חזן. אַלע לאַנדסלייט, מיט געבויגענע קעפּ, ביי זעקס אָנגעצונדענע ליכט, זאָגן געמיינזאַם דעם טראַדיציאָנעלן קדיש.

בכדי צו פאַראייביקן די טשענסטאָכאָווער און אומגעגענט קדושים און גבורים, האָט דער פאַריין באַשלאָסן אויפצובויען אַ מעדיצינישן צענטער אין מדינת ישראל און איינגעצאָלט צו דער הסתדרות די סומע פון פינף טויזנט דאָלאַר. די דערעפע־נונגס־פייערונג פון דעם מעדיצינישן צענטער, וואָס געפינט זיך אין רמת־גן אין ישראל, איז פאָרגעקומען פעברואַר 8, 1960. אין דער פייערונג האָבן זיך באַטייליקט דריי הונדערט טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון ישראל און אונדזערע צוויי דעלעגאַטן פון טאָראָנטאָ מר. און מרס. ש. ליכטער. אין די רעדעס, וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן ביי דער דערעפענונגס־פייערונג איז אויסגעדריקט געוואָרן גרויס אָנערקענונג צום טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ און צו אַלע אירע לאַנדסלייט.

דער טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ באַטייליקט זיך אין אַלע שמחות פון אירע לאַנדסלייט. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאַמיליאַרע אַט־מאָספערע. יעדע שמחה ביי אַ לאַנדסמאַן איז גלייכצייטיק די שמחה פון אַלע לאַנדס־לייט.

די אַלע אַקטיוויטעטן זיינען אַ רעזולטאַט פון די איבערגעגעבענע אָנשטרענ־גונגען, באַמיאונגען און אַרבעטסזאַמקייט פון פּרעזידיום, עקזעקוטיווע, לײדיס אָק־זילערי און אַלע אַנדערע אינסטאַנצן און קאָמיטעטן פון פאַריין, ווי אויך, פאַרשטענד־ליך, די פולע קאָאָפּעראַציע פון אַלע לאַנדסלייט.

דאָס פּרעזידיום און עקזעקוטיווע פאַרן יאָר 1963:

## פּרעזידיום:

יאַנקל נייטינגאַל, עקס־פּרעזידענט; יאַקוב שוויענטאַרסקי, פּרעזידענט; לואיס בוכוואַלטער, וויצע־פּרעזידענט; משה פראַנק, רעקאָרדינג סעקרעטאַר; אברהם וויינ־שטאָק, פינאַנס־סעקרעטאַר; שמואל געלקאָפף, קאַסירער.

## עקזעקוטיווע:

י. יאַקובאָוויטש, ש. ליכטער, מ. פינקוס, ש. קאַמינקאָווסקי, ד. בערענהאָלץ, ה. זאַקס, צ. אזשעך, א. קאהען, ז. לאפידעס, ג. ביאליק, מ. כלאָפּאַק, פּ. אָרבאַך, ל. מאַרק, מ. דזשאַלאשינסקי, ה. פעדערמאַן, ד. פאַרבערג, ה. פאַרבערג, ל. באַר־קאָווסקי, מ. אַלטמאַן, ש. וואגא, א. טשארני, ב.ווייסבערג, מ. ראַסטאָווסקי, ש. סאשא, ז. געלבערג.



פון רעכטס צו לינקס (זיצנדיק): — ד. בערענהאָלץ, ש. ליכטער, מ. פראַנק, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר; י. שוויענטאַרסקי, פּרעזידענט; לואיס בוכוואַלטער, וויצע־פּרעזידענט; י. ד. אזשעך, מ. פינקוס.

ערשטע רייע (שטייענדיק) פ׳ן רעכטס צו לינקס: א. קאַהען, ה. פאַרבערג, ה. פע־דערמאַן, ג. ביאַליק, ש. וואגא, ש. געלקאָפף, קאַסירער; מ. כלאפּאַק.

צווייטע רייע (שטייענדיק) פון רעכטס צו לינקס: — א. וויינשטאָק, פינאַנס־סעק־רעטאַר; פּ. אָרבאַך, ה. נייטינגאַל, ד. פאַרבערג, ה. זאַקס, א. טשאַרני.

ד״ר בנימין אָרענשטיין

## לייבקע יאַקובאָוויטש

### פרעזידענט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל

צו די אייגנאַרטיקע געשטאַלטן פון דער שארית טשענסטאָכאָוו געהערט לייבקע יאַקובאָוויטש, וואָס פאַרנעמט דעם אַמט פון פרעזידענט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל. נאָרמאַל געפֿינען ווערט דער פרעזידענט די לאַנדסמאַנשאַפט און ביי אַלע אונטערנעמונגען פאַרנעמט ער דעם אויבן־אָן. מיט לייבקע יאַקובאָוויטש איז פונקט דאָס פאַרקערטע.

ביי אַלע אונטערנעמונגען און אין די טאָג־טעגלעכע אַקטיוויטעטן פאַרנעמט ער אַזעלכע אַרבעטן, ביי וועלכע ער איז פאַרנומען די גאַנצע צייט. ער איז דער ערשטער צום קומען און דער לעצטער צום אַוועקגיין. צום ביישפּיל: איינע פון די הויפּט־איינקונפטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט איז דער יערלעכער מאָני־שאַוער, וואָס ווערט איינגעאָרדנט דורך דער ליידיס אָקזילערי. לייבקע יאַקובאָוויטש איז דער וואָס שאַפט די גרעסטע צאָל זאַכן פאַר דעם מאָני־שאַוער, באַזאַר און זאַמלט צונויף אַלע זאַכן אויף איין אָרט, פאַרשרייבט זיי אויף ליסטעס, באַשטימט די פרייזן, שרייבט אויס צעטעלעך און הענגט זיי אָן. אויף דעם מאָני־שאַוער הענגט ער אויס און לייגט אויס אַלע זאַכן און צוזאַמען מיט זיינע געהילפן שטייט ער אַ גאַנצן אָוונט ביים פאַרקויפן. ער איז דער טשעמפּיאָן פון פאַרקויפן די זאַכן. נאָכן אָוונט גיט ער איבער דאָס געלט צום קאַסירער און גייט נישט אַוועק פריער ביז אַלע חשבונות זיינען געמאַכט, וויפיל אויסגאַבן זיינען געווען, וויפיל עס איז געווען דער איינקונפט און וויפיל דער נעט פּראָפיט איז געווען פון דער אונטערנעמונג. מיט דעם האָט זיך זיין אַרבעט פון מאָני־שאַוער באַזאַר נישט פאַרענדיקט. פון די פאַרבליבענע זאַכן באַשטימט ער צוזאַמען מיט דער עקזעקוטיווע אַוועקצושיקן צו געוויסע לאַנדסלייט קיין ישראל אַזעלכע זאַכן, וואָס קענען פאַר זיי ברענגען אַ געהעריקן נוצן. אַנדערע זאַכן נעמט ער מיט יעדן טאָג אין שאַפּ אַ געוויסע זאַך צום פאַרקויפן און אויף דעם געביט האָט ער אַ גרויסן דערפאָלג און ביי יעדן מיטינג פון דער עקזעקוטיווע ברענגט ער געלט פון די פאַרקויפטע זאַכן.

אַלע בריוו, וואָס קומען אָן פון לאַנדסלייט פון מעבר לים וועגן קליידונגס־פּעקלעך האָט ער אַ חזקה צו נעמען די בריוו און אַוועקצושיקן די פּעקלעך מיט זאַכן. דאָס ערשטע גיט ער זיין אייגענע פּערזענלעכע קליידונג, פון זיין טאָכטער, איידעם און אייניקלעך. אַנדערע זאַכן שאַפט ער פון אַנדערע לאַנדסלייט. ער פּאַקט אַליין איין די זאַכן, טראָגט אַליין אַוועק די פּעקלעך אויף דער פּאָסט און שיקט זיי אַוועק. פאַרשטענדלעך קומען אָן דאַנק־בריוו צו דער עקזעקוטיווע פאַר די געשיקטע זאַכן, אָבער קיינער פון די בריוו־שרייבער ווייסט נישט, אַז דעם אויסשליסלעכן דאַנק קומט לייבקע יאַקובאָוויטש, דעם פרעזידענט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. אויף אַלע יערלעכע בעלער איז לייבקע יאַקובאָוויטש איינער פון די קאַסירערס און גיט אַכטונג, אַז אַלץ זאָל אַדורך אין בעסטן אָרדענונג.

צו די יערלעכע הזכרות איז לייבקע יאַקובאָוויטש דער, וואָס קומט מיט אַ צוויי שעה פריער, בכדי אַנטיילצונעמען אין דעקאָרירן דעם האָל מיט אַנטשפּרעכנדע

אויפשריפטן און בילדער. אויף יעדער הזכרה איז אַ קליינע בילדער־אויסשטעלונג פון די נאַצי־רציחות און אויך וועגן די אַקטיוויטעטן פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין פאַרשיידענע לענדער און פאַרשטענדלעך אויך פון מאָנטרעאַל.

לייבקע יאַקובאָוויטש איז דער, וואָס שטיצט די לאַנדסמאַנשאַפט מיט אַ ברייטער האַנט און איז שטענדיק דער מוסטער אויף דעם געביט. דאָס זעלבע איז מיט די ראַפל ביכלעך. צי ער פאַרקויפט די ראַפל ביכלעך, דאָס איז נישט באַקאַנט, אָבער, אַז ער באַצאָלט פאַר די ביכלעך דאָס איז אַ פאַקט. ער איז אַדורכגעדרונגען מיטן גייסט פון די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און גיט אַוועק אָן אַ שיעור צייט און אַרבעט. ער איז אויך דער מחבר פון דער קאָנסטיטוציע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס איז איינשטימיק אָקצעפּטירט געוואָרן דורך דער עקזע־קוטיווע.

לייבקע יאַקובאָוויטש, סיי מיט זיינע אַקטיוויטעטן און סיי אַלס מחבר פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם כאַראַקטער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, איז דער בעסטער ביישפּיל, אַז ער איז דער פּאַסיקסטער און אַנטשפּרעכנסטער צו פאַרנעמען דעם בכבודיקן אַמט פון פּרעזידענט פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל.

---

## באַגריסונג

מיר באַגריסן האַרציק די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל און דעם בוך-קאָמיטעט צום דערשיינען פון בוך.

דאָס בוך איז אַ שטאָלץ פאַר אַלע לאַנדסלייט אין דער וועלט.

זאָלן אייערע הענט געשטאַרקט זיין אין אייערע וויכטיקע אַקטיוויטעטן.

מר. און מרס. דוד פּאַרבערט, טאָראָנטאָ

מר. און מרס. משה אַלטמאַן, טאָראָנטאָ

---



## שלמה וואַגאַ

שלמה וואַגאַ איז דער מחבר פון בוך "חורבן טשענסטאָכאָוו", וואָס איז דערשינען אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1949, אַרויס־געגעבן דורך דעם צענטראַל פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע. דאָס בוך אַנטהאַלט 225 זייטן און איז אויסגעפילט מיט אַ שלל עפּיזאָדן פון נאַצישן באַרבאַריזם, רויב און מאָרד. עס געפינען זיך אַזעלכע עפּיזאָדן ווי דער נאַצישער אָנפאַל אויף דער לענטשנער פאַמיליע און דער טראַגישער גורל פון די קראַנקע און מעדיצינישן פערסאָנאַל אין די צוויי שפּיטאָלן. פאַרן אַנאַליזירן די עפּיזאָדן און די באַדייטונג פון בוך און אויך אַנדערע וואַגאַ׳ס שריפטן איז קודם כל נויטיק זיך צו באַקענען מיט זיין ביאָגראַפיע.

שלמה וואַגאַ איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו דעצעמבער 22, 1900. צו 18 יאָר האָט ער פאַרענדיקט די יידישע האַנדווערקער שולע אין טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן רום אין פוילן. אין די יאָרן 1922—1919 איז וואַגאַ געווען אין דייטשלאַנד, אין דאַרטמונד, און דאָרטן געאַרבעט אַלס מעכאַניקער. גלייכצייטיק האָט ער שטודירט אין די אָוונטן און דערפאָלגרייך גראַדואירט די דארטמונדער טעכנישע הויך־שולע. אין די יאָרן 1922—1924 האָט וואַגאַ געדינט אין פוילישן מיליטער אין נאָווידוואָר, נעבן מאָדלין, אין דעם איינציקן מאַשין־באַטאַליאָן, וואָס פוילן האָט פאַרמאָגט. זייענדיק אין מיליטער האָט ער אַ יאָר צייט שטודירט אין דער אָפיצירן שולע און איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט גראַדואירט מיט אויסצייכענונגען. נאָכן מיליטער דינסט, אין 1924, איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און געפירט מיט זיין פאָטער און ברודער אַ גלאָז־שלייפעריי ביז 1931 און נאָכדעם געעפנט אַ פאַבריק מיט אייגענע געבויטע מאַשינען און פּראָדוצירט שטאָלענע איזאָלאַציע רערן. די פאַבריק איז געווען איינע פון דריי פון ענלעכע אויסאַרבעטונגען אין גאַנץ פוילן. ווי נאָר די דייטשן זיינען אַריין קיין טשענסטאָכאָוו איז די פאַבריק רעקוויזירט געוואָרן און איז אונטערליגן דעם דייטשן אינדוסטריע צענטער. וואַגאַ איז אין דער ערשטער צייט פון דער נאַצי אָקופּאַציע געווען באַשעפטיקט אין זיין אייגענער פאַבריק אַלס ספּעציאַליסט. עס איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז די פאַבריק עקזיסטירט ביז דעם היינטיקן טאָג און איז נאַציאָנאַ־ליזירט געוואָרן דורך דער פוילישער רעגירונג.

גלייך ווי די נאַצי אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין טשענסטאָכאָוו איז שלמה וואַגאַ צוזאַמען מיט אַנדערע אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אַרעסטירט געוואָרן אַלס זאַקלאַדניק. די דייטשן האָבן געדראָט צו דערשיסן אַלע זאַקלאַדניקעס אויב די ציווילע באַפעלקערונג אין שטאָט וועט אָנגרייפן אַ דייטש. נאָכדעם ווי די נאַציס האָבן איינגעשטעלט זייער אַדמיניסטראַציע, זיינען ביסלעכוויז די זאַקלאַדניקעס באַפרייט געוואָרן. פאַר וואַגאַ׳ן ווי פאַר אַלע יידן הויבט זיך אָן אַ שווערער גוראַנגל. טאָג טעגלעך ווערט די לאַגע ביטערער און שוידערלעכער. וואַגאַ קענענדיק יעדן שטיין, יעדעס הויז און יעדן יידן אין טשענסטאָכאָוו, ליידט נישט בלויז פון זיינע אייגענע צרות, נאָר אויך פון אַלעמענס צרות. יעדן טאָג זיינען געווען קרבנות, דערשיסונגען און אַרעסטן. די אַלע זיינען

געווען די פריינט און באַקאַנטע פון וואַגאַ. יעדע געשעעניש פון אַזאַ כאַראַקטער האָט אים פיזיש רואינירט. ער אינטערעסירט זיך מיט אַלע געשעענישן, באַמיט זיך צו באַקומען אינפאָרמאַציע וועגן דער יידישער לאַגע. אָט דאָ רעדט ער מיט אַנטלאָפענע פון לאָדזשער געטאָ, וואָס זיינען געקומען זוכן שוץ אין טשענסטאָכאָוו, דאָ רעדט ער מיט אַנטלאָפענע פון לאַגער טשעשאַנאָוו, ווו עס האָט גרויזאַם געוועל־טיקט דער נאַצי רוצח מאַיאָר דאלף, ער רעדט מיט מיטגלידער פון יודענראַט און מיט געטאָ פּאָליציאַנטן און די אַלע אינפאָרמאַציעס גיבן אים אַ קלאָר בילד וועגן דער טראַגישער לאַגע און גרויזאַמען גורל פון אַלע יידן, וואָס זיינען אַרונטער־געפאַלן אונטער דער נאַצי הערשאַפט. וואַגאַ איז דער עדות פון אַלע געשעענישן אין טשענסטאָכאָוו און זעיך די טראַגישסטע — די סעלעקציעס, אויסזידלונגען און דעפּאָרטאַציעס אין וועלכע עס זיינען אומגעקומען זיינע עלטערן: דער פאָטער ר׳ יעקב־צבי, די מוטער ביילע־גיטל, פון דער היים בינדער, דער ברודער משה, פילצאָליקע משפחה מיטגלידער און אַ גאַנצע שטאָט פון פריינד און באַקאַנטע. נאָך די בלוטיקע געשעענישן איז דער אַמאָל בליענדער און לעבנס־וויברירנדער ישוב געוואָרן אַן אויסגעשאָכטענע שטאָט און די הייזער ווי מצבות נאָך די אַמאָליקע איינוווינער. דאָס שנעל געשאַפענע קליינע געטאָ איז געווען פאַר די נאָך דעמאָלט לעבנדע יוגנט, וואָס איז דורך די נאַציס אויסגענוצט געוואָרן צו שקלאַפישער אַרבעט. וואַגאַ האָט זיך אין קליינעם געטאָ נישט געקענט איינהאַלטן, ווייל עס איז געווען אַ געראַנגל צווישן לעבן און טויט. ער אַנטלויפט פון קליינעם געטאָ צוזאַמען מיט זיין פרוי רענאַ און זון לודוויק און באַהאַלטן זיך אויס אין אַ פאָרשטאָט פון טשענסטאָכאָוו אין אַ בונקער ביי אַ פּוילישער פאַמיליע, פאַרשטענדלעך פאַר אַ באַדייטנדער סומע געלט. דער בונקער איז באַשטאַנען פון אַ לעבעדיקן קבר, אָן זון־שיין, אָן לופט און אָן אַ פענצטער. זיי האָבן געמוזט זיין אויסבאַהאַלטן פון אַ מענטשלעך אויג. אומעטום האָבן גרויזאַמע אויגן פון פּוילישע פאַרברעכערישע עלעמענטן געלויערט אויפן יידישן לעבן. אין אָט דעם פינצטערן קבר האָט וואַגאַ געשריבן זיין בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו״, וואָס דער מאַנוסקריפּט האָט אַנטהאַלטן 600 זייטן און טיילווייז איז עס אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם דערמאָנטן בוך. וואָס האָט וואַגאַ געשריבן? נאָר דאָס, וואָס ער האָט אַליין אַדורכגעלעבט און נאָר דאָס, וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אויגן און דאָס וואָס ער האָט געהערט פון די ערשטע קוועלן.

דאָס ערשטע וואַגאַ אַליין. זיינע אייגענע איבערלעבונגען איז אַ מאַטעריאַל פאַר עטלעכע ביכער. זיין בוך הויבט זיך טאַקע אָן ווי די דייטשן זיינען אַריין אין שטאָט און די גרויזאַמקייטן פון „בלוטיקן מאָנטיק״, דער נאַצישער יאָך און ווי אַזוי איז געווען די פּראָצעדור פון נעמען די זאַקלאַדניקעס און די מאָראַלישע און פיזישע פייניקונגען. די ווייטערדיקע קאַפּיטלען האָבן צו טאָן מיטן יידישן פאַרצווייפלטן געראַנגל אין געטאָ, די אויסזידלונגען און דאָס לעבן אין קליינעם געטאָ.

די באַשרייבונג אויף די זייטן 52—49 וועגן דעם אָנפאַל פון די „געשטאַפּאָ״ באַנדיטן אויף דער פאַמיליע לענטשנער איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט, אַז יעדער דייטש, יעדער נאַצי, וואָס איז געווען אין פּוילן איז אַ באַנדיט, אַ מערדער, אַ פאַרברעכער, וואָס האָט אין גייציקייט פון צורויבן יידיש פאַרמעגן געמאָרדעט אומשולדיקע מענטשן.

גאָר שוידערלעך איז די באַשרייבונג וועגן די צוויי שפּיטאָלן. אויף זייטן 173־174 גיט איבער וואַגאַ וועגן אַ באַפעל פון דעגענהאַרדטן, דעם הויפּט־מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, אַז דאָס מעדיצינישע פּערסאָנאַל זאָל דורך איינשפּרי־צונגען פאַרסמען אַלע קראַנקע.

אין אַ גאַנצע רייע קאַפּיטלען ברענגט וואַגאַ צום אויסדרוק זיין מיינונג וועגן דער ראָלע פון דער געטאָ פּאָליציי. ער קריטיקירט נישט סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר גיט אָן פאַקטן און די פאַקטן ריידן אַליין פאַר זיך מער ווי אַ באַשול־דיקונגס־אַקט. אויף זייט 194 גיט איבער וואַגאַ, אַז דער הויפּט־מערדער דעגענהאַרדט האָט צונויפגערופן די יידישע געטאָ פּאָליציי קורץ פאַר דער ערשטער „דעפּאָרטאַציע" און זיי געגעבן אינסטרוקציעס וועגן זייערע אויפגאַבן. וואַגאַ שרייבט ווערטלעך, אַז די יידישע געטאָ פּאָליציאַנטן „האָבן דערפילט די טרויעריקע ראָלע, וואָס זיי דאַרפן אויספירן, אָבער זיי זיינען דאָך געגאַנגען דערפילן די אויפגאַבע".

אין ליכט פון די פאַקטן, וואָס זיינען באַשריבן אין דעם בוך און אין די באַדינגונגען אין וועלכע דער מאַנוסקריפּט איז געשריבן געוואָרן, אונטערליגט נישט קיין שום צווייפל אַז דאָס בוך איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט און אַ בייטראַג צו דער דאָקומענטאַציע ליטעראַטור פון דריטן חורבן.

ד"ר וואָלף גליקסמאַן האָט געשריבן, אַז „וואַגאַס בוך איז אַן איינדרוקספולער אויפשריפט אויף דער מצבה פון טשענסטאָכאָווער יידנטום". (זען „טשענסטאָכאָוו", ניו־יאָרק 1958, זייט 209).

הערי קליין דערקלערט, אַז וואַגאַס „בוך איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט דורכ־געווייטיקט מיט בלוט און ליידן. דאָס איז אַ בוך פון ליידן, פּיין, אומקום און הערואיזם פון טשענסטאָכאָווער יידנטום". („דער יובל פון צוויי ביכער", מאָנטרעאַל 1958, זייט 13).

שלמה וואַגאַ האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען און נעמלעך:

1. די ערשטע אויסזידלונג אין טשענסטאָכאָוו. „מאָרגן־זשורנאַל", אָקטאָבער 22, 1950.

2. די לעצטע טעג פון קליינעם געטאָ אין טשענסטאָכאָוו. (צו דער זיבעטער יאָרצייט) „המשך", אָרגאַן פון פאַרבאַנד פון שארית הפליטה אין טאָראָנטאָ, 1950.

3. אַ פריילעכער יום־טוב מיט טרויעריקע געדאַנקען. (פּסח אַרטיקל), „המשך", טאָראָנטאָ 1950.

4. דער אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. „בלעטער פון אומקום און קאַמף". טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל, 1958, זייטן 10—7.

5. מיין חלום. „בלעטער פון אומקום און קאַמף", טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין מאָנטרעאַל, 1958, זייטן 31—29 .

6. דאָס בלוט פון די אומגעקומענע שרייט פון דער ערד. „טשענסטאָכאָוו", ניו־יאָרק 1958, זייטן 56—52.

וועגן דער באַדייטונג פון שלמה וואַגאַ'ס שרייבן וועט זיין גענוג צו ציטירן די באַדייטונגספולע מיינונג פון דער אויטאָריטאַטיווער פערזאָן אויף דעם געביט חיים ליבערמאַן, וועלכער האָט געשריבן וועגן וואַגאַס „דאָס בלוט פון די אומגע־קומענע שרייט פון דערר ערד" פאָלגנדעס: „עס איז אַ בילד, וואָס קען דינען ווי אַ סימבאָל פאַר דעם גאַנצן חורבן. יענע מיידל — זי איז אַ סימבאָל פון דער שיינער כנסת ישראל פון אייראָפּעישן יידנטום, וואָס די דייטשן האָבן דערמאָרדעט. קיין מער אויפשוידערנדיקס, ווי דאָס, קען איך זיך נישט פאָרשטעלן". („פאָרווערטס" מיטוואָך, נאָוועמבער 25, 1959).

* * *

נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט איז וואַגאַ מיט זיין פאַמיליע אַרויס פון „בונקער" אויף דער פריי. נאָך 22 חדשים האָבן זיי דאָס ערשטע מאָל געקענט אָפּעטעמען מיט פרישער לופט און דערזען די ליכטיקע שיין. די וואַגאַס האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן פוילן. דערווייל איז וואַגאַ געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו

אויף פאַרשיידענע געביטן. כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, אַז די צענטראַלע פון קרן־היסוד אין לאָדזש האָט זיך צו אים געווענדעט מיט אַ בריוו דאַטירט יאַנואַר 7, 1948, אין וועלכן זיי האָבן אים געבעטן צו אָרגאַניזירן אַן אָפּטיילונג אין טשענסטאָכאָווו און אַדורכפירן, פאַרשטענדלעך, אַ געלט זאַמלונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איין חודש מיט זיבן טעג שפּעטער איז געווען אַ גוט אָרגאַניזירטער קאָמיטעט מיט אַן אָפּטיילונג פון קרן קימת אין טשענסטאָכאָוו, 144 אָפיציעל דעקלאַרירטע מיטאַרבעטער און אַ געשאַפענע סומע פון איין מיליאָן זעקס הונדערט און פופציק טויזנט און פינף הונדערט זלאָטעס. דאָס דערוויסט מען זיך פון אַ באַריכטס בריוו פון דער צענטראַלע פון קרן־היסוד אין פּוילן אונטערן נומער 919/48 דאַטירט פעברואַר 19, 1948.

אין דעצעמבער 1948 איז שלמה וואַגאַ אָנגעקומען קיין קאַנאַדע, מאָנטרעאַל. זיין ווונטש איז געווען זיך צו טרעפן מיט זיין איינציקער שוועסטער, מרס. חיה׳לע רויטמאַן־וואַגאַ, וואָס וווינט פאַר לאַנגע יאָרן אין ניו־יאָרק.

שלמה וואַגאַ איז גלייך נאָך זיין אָנקומען געוואָרן אַקטיוו אין דער לאַנדס־מאַנשאַפט, פאַרנעמענדיק די הויפּט אַמטן: פּאָרזיצער, סעקרעטאַר, פּאַבליק ריליישאַנס און אַנדערע. צו יענער צייט זיינען די ניי געקומענע לאַנדסלייט נאָך נישט געווען ווי געהעריק איינגעאָרדנט און זיך נישט געקענט באַטייליקן אין אַלע אַרבעטן האָט וואַגאַ אַלע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן דערפילט. זיין הויז איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט מיט אַ סעקרעטאַריאַט. ער האָט דערהאַלטן די קאָרעספּאָנדענץ, ער האָט געענטפערט אויף אַלע בריוו, צוגעגרייט לאַנגע באַריכטן, געווען אין קאָנטאַקט מיט כמעט אַלע טשענסטאָכאָווער אינסטיטוציעס אין דער גאַנצער וועלט. געשאַפן געלט און געשיקט צו נויטבאַדערפטיקע. ער איז אויפגעטרעטן אויף די אַקאַדעמיעס, פאַרזאַמלונגען און לאַנדסמאַנשאַפט מסיבות. זיך באַטייליקט אין די פּובליקאַציעס פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק און אין מאָנטרעאַל. מיט זיין איבערגעגעבנקייט פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט האָט ער זיך דערוואָרבן אַ זייער גוטע רעפּוטאַציע און דינט ווי אַ מוסטער און אַ ביישפּיל פאַר דער עקזע־קוטיווע מיטגלידער.

ענדע אַפּריל 1958 האָט וואַגאַ זיך איבערגעצויגן קיין טאָראָנטאָ און נישט געקוקט דערויף איז ער אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער מאָנטרעאַלער לאַנדס־מאַנשאַפט, שיקט צו זיינע באַשטייערונגען און ווען ער קומט קיין מאָנטרעאַל נעמט ער אָנטייל אין די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע.



צבי ראַזענוויין
ניו־יאָרק

# ד״ר בנימין אָרענשטיין

אין יאָר 1956 האָט דער פאַרייניקטער טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט אין ניו־יאָרק באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1958.

אַלס סעקרעטאַר פון רעדאַקציע קאָמיטעט איז מיר דאָס ערשטע געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער איינציקער, וואָס קען פיל בייטראָגן צו דעם בוך איז ד״ר אָרענשטיין און ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער חורבן־עפּאָכע. יעדע אַרבעט, וואָס איז אָנגעקומען פון ד״ר אָרענשטיין איז גלייך מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט דורך אַלעמען געלייענט געוואָרן, דאָס הייסט, דורך די רעדאַקציע־מיטגלידער און ביי יעדעס מאָל בין איך באַאויפטראגט געוואָרן אָנצושרייבן דאַנק־בריוו פאַר זיינע וויכטיקע בייטראָגן. אָנהויב 1957 איז אָנגעקומען פון ד״ר אָרענשטיין אַן אַרבעט אונטערן טיטל: „טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין די די־פּי קעמפּס אין דייטשלאַנד״. פון דער אַרבעט האָב איך מיך בשום אופן נישט געקענט אָפּרייסן. יעדעס וואָרט, וואָס דאָרטן איז געשריבן האָב איך געפילט ווי אַ טייל פון מיין לעבן. פאַר מיינע מחשבות זיינען פאַרביי אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט די על פּי נס געראַטעוועטע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און זייער בייטראַג צום יידישן לעבן פון דער שארית הפליטה. פאַר מיינע אויגן איז פאַרביי די ערשטע טרויער־אַקאַדעמיע, וואָס איז פאָרגעקומען יוני 26, 1946, אין די־פּי לאַגער פעלדאַפינג, אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפשטאַנד און ליקווידאַציע פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ד״ר אָרענשטיין האַלט זיך שטרענג ביי דער היסטאָרישער טעמע מיט גענויע פאַקטן, איז ער גלייכצייטיק באַשאָנקען מיט אַ גאָר הויכע ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס מאָלט אויס מיט אַלע איינצלהייטן די היסטאָרישע געשעעניש. איך האָב אויפסניי איבערגעלעבט די אַלע געשעענישן וועגן וועלכע עס זיינען דאָרט באַשריבן (יעדער איינער קען לייענען די אָפּהאַנדלונג אין בוך „טשענסטאָכאָוו״ אויף זייטן 66—62) און דאָס וויכטיקסטע איז געווען מיין ערשטע באַגעגעניש, נאָך דער מלחמה, מיט ד״ר בנימין אָרענשטיין.

ד״ר בנימין אָרענשטיין איז דעמאָלט געקומען צו דער יזכור אַקאַדעמיע ווי דער פאָרשטייער פון רעגיאָנאַל קאָמיטעט פון פראַנקן און רעדאַקציע „אונדזער וואָרט״.

אויסער דער פלאַם־פייערדיקער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן, האָט ער אויך פאָרגעלייענט שאַפּונגען, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַסאַג־פּעלצערן״, וואָס זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס בייפאַל. נאָך דער אַקאַדעמיע האָט ער זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט און מיר האָבן געפירט אַ קורצן שמועס. איך האָב אים גענוי אָבסערווירט, זיין הויכע געשטאַלט, האַסטיקע אימפּולסיווע באַוועגונגען, גוטמוטיקע, טיפע בלויע אויגן און דער עיקר זיין מאָדנע אידעע אין יענער צייט. ער האָט מיר געזאָגט נישט מער און נישט ווייניקער: „איך וויל אַרויסגעבן אַ גרויס היסטאָריש בוך וועגן חורבן אין טשענסטאָכאָוו. איך ווייס, אַז איר האָט אַ סך מאַטעריאַלן וועגן טשענסטאָכאָווער געטאָ, שרייבט עס אָן און שיקט עס מיר צו״. איך האָב גאָרנישט געענטפערט. איך האָב מיך באַצויגן סקעפּטיש צום גאַנצן פּלאַן. איך האָב פּרובירט מיט מיינע בליקן אַריינדרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם יידן. הערט נאָר אַ געשיכטע. עס איז קוים אַ יאָר נאָך דעם גרעסטן חורבן פון יידישן פאָלק און אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. טויזנט יאָר יידיש לעבן, יידישע קולטור אוצרות זיינען טאָטאַל פאַרניכטעט געוואָרן.

אַלע יידישע גייסטיקע ווערטן, אַלע משיח טרוימען און אחרית הימים אידעאַלן זיינען אַזוי ברוטאַל צעטרעטן און פאַרניכטעט געוואָרן, ווען דאָס לעבן פון דער שארית הפליטה און אויף אייביק רואינירט און צעשטערט געוואָרן, קומט אַ ייד און טראַכט וועגן שרייבן ביכער. פאַר וועמען זאָלן דאָס זיין די ביכער? פאַר די, וועלכע האָבן דעם חורבן אַדורכגעמאַכט, וועמענס הערצער זיינען אָנגעפילט מיט לעבעדיקע קברים פון די אומגעקומענע נאָענטסטע און טייערסטע? פאַר זיי זאָלן דאָס זיין די ביכער? אָדער זאָלן דאָס זיין די ביכער פאַר דער דרויסנדיקער וועלט, וואָס האָט זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צו דעם אומגליק פון טויט, פאַרניכטונג און פאַרוויסטונג. פון מיין שווייגן האָט ד"ר אָרענשטיין גלייך פאַרשטאַנען, אַז איך בין נישט צופיל באַגייסטערט פון זיין אידעע.

אָרענשטיין געהערט אָבער נישט צו די, וואָס ווערן באַאיינפלוסט פון אַ נעגאַטיווער מיינונג. ער איז דער, וואָס נעמט זיך אונטער אַ פלאַן אַדורכצופירן וועט ער מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט און זאָרגפעלטיקייט אַדורכפירן.

צו מיין גרויס פאַרוואונדערונג, ווען איך בין נאָך אַהיימגעקומען (אויב מען קען עס אַזוי אָנרופן היים), געוווינט האָב איך אין די־פּי קעמפּ איינרינג, האָב איך שוין געפונען פון אים אַ בריוו און נאָכדעם טעלעגראַמען. די בריוו מיט די טעלע־גראַמען זיינען געווען מיט איין רוף: „שרייבט און שיקט עס גלייך".

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אַרטיקלען פון ד"ר אָרענשטיין אין דער פּרעסע. דער אמת איז געווען, אַז יעדער איינער איז מיטגעריסן געוואָרן מיט זיינע אַרטיקלען. כסדר זיינען געווען געדרוקט אין די צייטונגען באַריכטן מיט דער גרעסטער ליִבּ וועגן ד"ר אָרענשטיין'ס לעקציעס אין די די־פּי קעמפּס, וועלכע זיינען געווען אונטער דער אָנפירונג פון צענטראַלן באַרד פאַר קולטור און דערציאונג.

דער הויפּפּונקט פון רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אַרויסגעבן דאָס בוך איז געווען די צענטראַלע אַקאַדעמיע אין לאַנדסבערג, פאַרגעקומען אָקטאָבער 20, 1946, אין דער אָנוועזנהייט פון טויזנט צוויי הונדערט טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָט ד"ר אָרענשטיין פּראָקלאַמירט דעם געדאַנק פון אַרויסגעבן דאָס בוך: „חורבן טשענס־טאָכאָוו". דאָס מאָל האָט שוין אָרענשטיין געדונערט פון דער בינע פון גרויסן טעאַטער־זאַל אין לאַנדסבערג און געפּאַדערט פאַנאַנדערצעוויקלען די גאַנצע מגילה פון די נאַצישע גרויזאַמקייטן אין טשענסטאָכאָוו. נישט פאַרגעסן דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט און פאַרלאַנגען אַ משפט קעגן די נאַצי־מערדער. אָרענשטיין'ס רוף האָט אָנגערירט די טיפסטע געפילן פון אַלע, על פּי נס, געראַטעוועטע לאַנדסלייט און אַלע ווי איינער האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיט דעם געדאַנק. דער געפיל פון שטעלן צום געריכט די נאַצי־מערדער איז ביי דער מערהייט פון דער שארית הפליטה געווען דער איינציק איבערגעבליבענער ציל אין לעבן. זיי האָבן זיך פּשוט נישט געקענט פאַרשטעלן אָנצוהויבן, פריער, אַ נאָרמאַל לעבן נאָכדעם ווי אַלץ איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן. עס איז דעריבער נישט קיין ווונדער, אַז אָרענשטיין איז אויף דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנ־שאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד איינשטימיק דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון קולטור־קאָמיטעט פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג און די אַרבעט ביים בוך האָט פּראָגרעסירט פון טאָג צו טאָג.

ד"ר אָרענשטיין האָט גלייך זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אַלע לאַנדסלייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד און אויך מיט מיר. איך בין געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון בוך און דאָס ערשטע צוגעשיקט אַ ליד, וואָס איך האָב געהאַט אָנגעשריבן אין דער צייט פון די אויסזידלונגען אונטערן טיטל: „דו זאָלסט נישט פאַרגעסן" און סיסטעמאַטיש צוגעשיקט מאַטעריאַלן וועגן יידישן ווידערשטאַנד.

אין יאָר 1947 איז דאָס בוך שוין געווען פולשטענדיק אויסגעזעצט, אָבער צוליב די אומגעהויערע שוועריקייטן פון באַקומען פּאַפּיר איז דאָס בוך, נאָך לאַנגע דערוואַרטונגען, דערשינען אין 1948 אין אַן אויפלאַגע פון 3,000 עקזעמפּלאַרן, וואָס איז פּשוט צעכאַפּט געוואָרן. דאָס בוך איז געוואָרן דער שטאָלץ פון טשענס־טאָכאָווער יידנטום און צו דער אַלגעמיינער סאַטיספאַקציע פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג איז דאָס בוך געוואָרן אַ מוסטער פאַר אַלע אַנדערע גרעסערע לאַנדס־מאַנשאַפטן און אָנגעזעענע מחברים ווי אַזוי אַ בוך וועגן חורבן דאַרפט באַאַרבעט ווערן. דאָס בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו" איז פאַרזען מיט צוויי פאָרווערטער: דאָס ערשטע פון הויפט־פאָרשער פון דער חורבן־עפּאָכע ד"ר פיליפּ פרידמאַן און דאָס צווייטע פון פאָרזיצער פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמנשאַפטן, ד"ר צבי קאַנטאָר, וועלכער געפינט זיך היינט אין מדינת ישראל. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס ד"ר פיליפּ פרידמאַן האָט געשריבן וועגן בוך:

„די אַרבעט פון ב. אָרענשטיין שילדערט דעם חורבן טשענסטאָכאָוו אין די פינצטערע יאָרן פון אונדזער גרעסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע אין גלות.

„דער מחבר האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אַרומצונעמען, ווי נאָר מעגלעך, אַלזייטיק די טראַגעדיע פון די טשענסטאָכאָווער יידן. ער האָט זי געשילדערט אויפן פאָן פונם פולסירנדיקן יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו פאַר דער מלחמה. ער האָט אין זיין אַרבעט אַנאַליזירט אַלע אַספּעקטן פון יידישן לעבן: קאַמף און אומקום אין דער היטלער־צייט. ער גיט אונדז אַ סיסטעמאַטיש בילד פונם יודענראַט, זיין טעטיקייט, ווי אויך פון אַנדערע אינסטיטוציעס פון דער כלומרשטער „זעלבסט־פאַרוואַלטונג". מיר דערוויסן זיך זייער אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער יידישער אַרבעט און דעם יידישן אַרבעטער־ראַט — אַ זעלטענע אינסטיטוציע אין דער תקופה פון דער נאַצי־טיראַניע, — די קאַשאַרירונג און די פאַרשיידענע אַרבעטס־שטעלן — די כאַראַקטעריסטישע דעקאָנצענטראַציע פון די „געפערלעכע" יידישע אַרבעטער־עלעמענטן דורך די דייטשן — דאָס אַלץ ווערט בפּרוטיות געשילדערט. זייער וויכטיק זיינען די ידיעות וועגן דער יידישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און די געשטאַלטן פון די איינצלנע קעמפער.

שוידערלעך זיינען די באַשרייבונגען וועגן די אַקציעס און סעלעקציעס. דער מחבר האָט זיך אָפּגעשטעלט אויך אויף דעם ווייטערדיקן גורל פון די טראַנספּאָרטן אויסגעזידלטע פון טשענסטאָכאָוו, וועלכע ער פאָלגט נאָך אין זייער טרויעריקן וועג מיט זיין פעדער און מיט זיין געפיל — קיין טרעבלינקע, בוכענוואַלד, גראָס־ראָזען, דאַכאַו, ראַווענסבּרוק, בערגען־בעלזען און אַזוי ווייטער.

ער פאַרענדיקט זיינע אויסשעפּנדיקע בילדער מיט דער שילדערונג פון דער שארית טשענסטאָכאָוו נאָך דער באַפרייונג; פון די ערשטע שפּראָצונגען פון אַן אָרגאַניזירטן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו נאָך דער באַפרייאונג, ווי אויך פון די ניצול געבליבענע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין דייטשלאַנד.

„זיין אַרבעט האָט ב. אָרענשטיין אויפגעבויט — חוץ אויף פּערזענלעכע דער־פאַרונגען און איבערלעבונגען — אויף אַ גרויסער שפע פליסיק געזאַמלטן מאַטעריאַל פון גבית־עדות און אַמטלעכע דאָקומענטן.

„עס איז אַן אַרבעט, וואָס בילדעט אַ וויכטיקן צושטייער צו דער געשיכטע פון דעם חורבן, וואָס איז גלייכצייטיק אַ ווירדיקער און ערנסטער אָנדענק פאַר דער יידישער קהילה — טשענסטאָכאָוו, פאַר דער אויף קידוש השם אומגעקומענער „עיר ואם בישראל"."

ד"ר צבי קאַנטאָר, דער פאָרזיצער פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די

טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער מערב זאָנע אין דייטשלאַנד, האָט וועגן בוך אין זיין פאַרוואָרט געשריבן:

„אָנגעהויבן האָט זיך מיט ווערטער. איך אַליין בין געווען ספּעקטיש געשטימט, ווען פריינד אָרענשטיין האָט פּראָקלאַמירט דעם געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ בוך וועגן חורבן־טשענסטאָכאָוו. עס איז אַ גליק, וואָס די דאָזיקע אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען בנימין אָרענשטיין, אַלס לייטער פון קולטור־רעסאָרט ביי דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, ווייל נאָר אַ מענטש מיט אַן אומגעהויערן עקשנות און שטאַרק אומבויגזאַמען ווילן, איז געווען אימשטאַנד — טראָץ שטע־רונגען מכל המינים — צו פאַרענדיקן זיין בכבודיקע און מיפולע אַרבעט.

„היינט ליגט פאַר אונדז דאָס בוך „חורבן־טשענסטאָכאָוו" אַ פאַרטיקס, נאָר דער וועלכער האָט זיך נענטער צוגעקוקט און אַריינגעדרונגען אין די געהיימע קֶעמערלעך פון בנימין אָרענשטיינס „לאַבאָראַטאָריע", איז אימשטאַנד אָפּצושאַצן די גרויסע לייכטונג. עס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, צוזאַמענצוקלויבן אַלע מאַטעריאַלן ביי מענטשן, וועלכע וווינען אין אַלע עקן פון דייטשלאַנד, זיי סאָרטירן, באַאַרבעטן און צום שלוס פאָרלייגן די מאַטעריאַלן פאַרן לייענער אין דער צוגענג־לעכער און כראָנאָלאָגישער פאָרם, ווי בנימין אָרענשטיין האָט דאָס געמאַכט.

„דער מחבר האָט מיט דעם בוך אַריינגעפירט זיין אייגענע מעטאָדע פאַר קעגנוווערטיקער געשיכטס־פאָרשונג. ער האָט צוערשט באַאַרבעט אַלע זיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען און אָבסערוואַציעס, פאַנאַנדערגעשיקט אין צענדליקער עקזעמפּלאַרן צו די אַלע, וועלכע קענען אין יעדן קאַפּיטל אַריינברענגען עפּעס נייעס; שטרייכן אומפּינקטלעכקייטן, קאָרעגירן און זאָגן אַ מיינונג, אָננעמענדיק מיט אַ גרויסן דאַנק יעדע באַמערקונג, וועלכע איז געמאַכט געוואָרן דורך 60 פּערזאָן. נאָכן דערהאַלטן די באַמערקונג האָט ער ווידער באַאַרבעט דעם מאַטעריאַל און אויפסניי פאַנאַנדערגעשיקט די ניי־באַאַרבעטע מאַנוסקריפּטן ביז עס האָט זיך געשאַפן אַן אייהייטלעך, פאַרפולקאָמט בילד. איז טאַקע קיין ווונדער, וואָס ביז צום אַוועקגעבן דאָס בוך צום דרוקן, זיינען פאַרוועַנדעט געוואָרן 25,000 בויגן מאַשין־פּאַפּיר.

„דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַרן איצטיקן דור און פאַר די צוקונפטיקע דורות. פאַר דורות, וועלכע וועלן דאַרפן זיך פאַרטיפן אין דער גרויזאַמער טראַגעדיע פון אַ דור, וואָס האָט געלעבט אין דער רשעות'דיקסטער תקופה פון ציוויליזירטע מענטשן־פרעסער, אין אַ תקופה ווען די סימבאָלן פון אַ מאַכט זיינען געווען באַרבאַריזם, טויט און פאַרניכטונג.

„בנימין אָרענשטיין, דער לייטער פון אונדזער קולטור־רעסאָרט קומט אַ האַרציקן דאַנק פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט ביים אַרויסגעבן דאָס בוך. אויב די לייענער וועלן אים פאַרוואַרפן מיט דאַנק און אָנערקענונגס־בריוו, ווי אויך מיט באַמערקונגען און צוגאָב־אינפאָרמאַציעס פאַר דער נייער אויפלאַגע אין דער יידישער שריפט, טאָ זאָל דאָס זיין די באַלוינונג פאַר זיין אַרבעט און מי."

איך בין געווען אַ תלמיד פון ד"ר פיליפּ פרידמאַן ע"ה און איך באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסן זכות. איך האָב אים דעריבער זייער גוט געקענט. ער איז געווען איינער פון די זעלטנסטע זאַכלעכע היסטאָריקער און אַ גאָר שאַרפער קריטיקער. פון זיינע תלמידים האָט ער פאַרלאַנגט מאַקסימאַלע קענטעניש אין די טעמעס, וואָס זיי האָבן באַהאַנדלט און אויב ד"ר פיליפּ פרידמאַן האָט געגעבן אַזאַ זאַכלעכע אָפּשאַצונג וועגן אָרענשטיין'ס בוך איז דאָס נישט בלויז אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר דעם מחבר ב. אָרענשטיין, נאָר עס איז אויך אַ שטאָלץ פאַרן גאַנצן טשענס־טאָכאָווער יידנטום אין דער וועלט, אַז זייער געשיכטע איז באַאַרבעט געוואָרן דורך אַ באַרופענעם היסטאָריקער ווי ד"ר בנימין אָרענשטיין איז. זאָל דאָ אויך דערמאָנט

ווערן דער פאַקט, אַז ד״ר פיליפּ פרידמאַן האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף די פּראָבלעמען פון אַרבעטער־ראַט און די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ. ד״ר בנימין אָרענשטיין איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט די פּראָבלעמען אויף אַ געהעריקן, זאַכלעכן און אָביעקטיוון אופן געבראַנגט צום אויסדרוק, אַז יידן זיינען נישט גלייכגילטיק געווען צו די נאַצי גרויזאַמקייטן, נאָר מיט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע מיטלען געקעמפט קעגן דער מערדערישער נאַצי־מאַכט. די פּראָבלעמען האָבן אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסע פאַראינטערעסירונג ביי די ערנסטע און זאַכלעכע היסטאָריקער און נעמלעך: ד״ר רפאל מאהלער האָט אין אַ גרעסערער אַרבעט געבראַנגט אַ גאַנצע רייע ציטאַטן פון בוך. איך וועל נאָר ציטירן איין זאַץ, וואָס ד״ר רפאל מאַהלער האָט געשריבן: „ווי אין גרויסער ליכט־שטראַל פּלעכט זיך אַדורך אין בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו״ די באַשרייבונג און אַקטיוויטעטן פון אַרבעטער־ראַט״. דער אָפּרוף געהערט צו די גאָר גרויסע זכותים, וואָס ד״ר אָרענשטיין האָט דערגרייכט.

מ. גינזבורג האָט געשריבן אין „קענעדער אדלער״ אין מאָנטרעאָל, אַז „בנימין אָרענשטיין האָט דאָס בוך באַאַרבעט סיסטעמאַטיש, מיט אַ געפיל פון אחריות. עס איז אַ בוך וואָס פאַרדינט אויפמערקזאַמקייט. נעמענדיק אין באַטראַכט די קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען ביים זאַמלען אַזויפיל מאַטעריאַלן, פאַקטן, ביאָגראַפיעס און זכרונות, קען מען ערשט אָפּשאַצן די גרויסע ענערגיע, מיט וועלכער פריינד אָרענשטיין איז באַשאַנקען״.

ד״ר וואָלף גליקסמאַן האָט געשריבן: „ב. אָרענשטיין האָט כמעט ניט פאַרקוקט קיין איין אַספּעקט פון געטאָ־לעבן, וואָס האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט אין משך פון די טראַגישע יאָרן. ער שילדערט דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן, דעם בלוטיקן מאָנטיק, דאָס אַנטשטיין פון יודענראַט, די צוואַנגס־אַרבעט, די יידישע פּאָליציי, דאָס לעבן אין דעם גרויסן און אין דעם קליינעם געטאָ, די ווידערשטאַנד באַוועגונג, דאָס קולטור לעבן, די טראַגישע סעלעקציעס און אויסזידלונגען, דאָס לעבן אין „האַסאַג״ און נאָך אַנדערע מאָמענטן, וואָס דאָס לעבן אין געטאָ האָט אַרויסגעבראַנגט. אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל איז די באַשרייבונג וועגן געשאַפענעם ,אַרבעטער־ראַט״, אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ שיינעם מאָמענט אין דעם פינצטערן געטאָ לעבן. דער מחבר איז מיטגעגאַנגען מיט דער שארית־הפליטה פון „האַסאַג״ קיין בוכענוואַלד, קיין „דאָראַ״ און קיין בערגען־בעלזען. אָט די שילדערונגען פון די לעצטע טעג זיינען אַ וויכטיקער צושטייער צום קאַפּיטל „טראַנספּאָרטאַציע פון אַרעסטאַנטן אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען״, ווו דער טויט האָט געהאַט אַ רייכן שניט״. (בוך: „טשענסטאָכאָוו״, ניו־יאָרק, 1958, זייט 205).

די הויכע מיינונגען וועגן דעם בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו״ איז איין אַספּעקט פון דעם פּראָבלעם, דאָס הייסט אויף אַ ווירדיקן אופן פאַראייביקן דאָס יידישע לעבן, קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. אויף ד״ר אָרענשטיין איז געלעגן אַ גאָר אַנדערע אויפגאַבע, אַלס פאָרזיצער פון קולטור קאָמיטעט פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דייטשלאַנד, אַלס פּאַקטישער רעפּרעזענטאַנט פון שארית טשענסטאָכאָוו. די אויפגאַבע איז געווען, אַז דורך דעם בוך זאָלן די מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום צוגעצויגן ווערן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און טאַקע באַקומען די פאַרדינטע שטראָף. די 1,200 לאַנדסלייט, די פון פייער, גאַז און שווערד, ניצול געוואָרענע טשענסטאָ־כאָווער יידן האָבן איינשטימיק געגעבן דעם מאַנדאַט צו ד״ר אָרענשטיין, אַז ער מיט זיין בוך זאָל דאָס רעאַליזירן. צי האָט אָרענשטיין דעם ציל דערגרייכט? דער ענטפער איז אַן איבעראַשנד שטוינענדער. דאָס בוך איז דערשינען אָקטאָבער 1948

און עס איז גלייך דורך דער לייפּציקער הויפּט־פּראָקוראַטור אַרויסגעפּאַדערט געוואָרן צו דעם פּראָצעס, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן: „דער גרויסער טשענסטאָכאָווער פּראָצעס". וועגן דער ראָלע פון דעם בוך אויף דעם פּראָצעס אין לייפּציק קען מען אַליין אָנשרייבן אַ בוך. זאָל דאָ דעריבער בלויז געברענגט ווערן אַ ציטאַטע, וואָס אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטיין (היינט מרס. פּראַט, וווינט אין לאָס־אַנדזשעלעס), אַ טשענסטאָכאָווערין, וואָס איז אויפגעטרעטן אַלס עקספּערט און עדות אויף דעם פּראָצעס. די ציטאַטע איז גענומען פון „קענעדער אדלער" אין מאָנטרעאָל, דאַטירט אויגוסט 10, 1949, אין וועלכן עס ווערט איבערגעגעבן פאָלגנדעס: בנימין אָרענשטיין'ס בוך „חורבן־טשענסטאָכאָוו" אַלס באַשולדיקונגס־דאָקומענט אין לייפּציקער פּראָצעס. אין לייפּציק, סאָוויעטישע זאָנע אין דייטשלאַנד, איז אין די חדשים מאַי־יוני 1949 פאָרגעקומען אַ גרויסער פּראָצעס קעגן 22 נאַצי פאַרברעכער. די נאַצי פאַרברעכער זיינען געווען מייסטער אין די „האַסאַג" פאַבריקן אין טשענסטאָכאָוו. זיי האָבן דאָרטן געפּייניקט די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער און פאַראורזאַכט דעם טויט פון הונדערטער יידישע מענער און פרויען דורך אַדורכפירן סעלעקציעס.

אַלס עדות האָבן זיך באַטייליקט אַ גרעסערע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט פון דער אַמעריקאַנישע זאָנע אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די פּייניקונגען אין די „האַסאַג" לאַגערן. צווישן אַנדערע איז אויפגעטרעטן אַלס עקספּערט און עדות די געוועזענע גענעראַל־סעקרעטאַרין פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנישע זאָנע אין דייטשלאַנד די אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטיין און איר שוועסטער תמר עפּשטיין און אַ גאַנצע רייע אַנדערע.

אין דער צייט פון פּראָצעס האָבן דריי פּראָקוראָרן מיטן גענעראַל פּראָקוראָר בראש שטודירט בנימין אָרענשטיין'ס בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו", דערביי פעסטגעשטעלט די דאַטן און גרויזאַמע טאַטן פון די 22 אָנגעקלאָגטע.

אין דער צייט פון דער באַשולדיקונגס־רעדע האָט דער פּראָקוראָר געהאַלטן דאָס בוך אין דער האַנט און כסדר ציטירט פראַגמענטן, וואָס האָבן געברענגט צום אויסדרוק דעם יידישן חורבן אין טשענסטאָכאָוו אין וועלכן די 22 אָנגעקלאָגטע זיינען געווען מיטבאַטייליקט.

די אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטיין האָט געשריבן יולי 13, 1949: אַלס עדות און עקספּערט אויפן טשענסטאָכאָווער פּראָצעס אין לייפּציק האָב איך מיך באַנוצט מיט די דאַטן און פאַקטן פון אָרענשטיין'ס בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו". דער גענעראַל פּראָקוראָר האָט דאָס בוך פאָרגעשטעלט פאַרן געריכט און זיין באַשולדיקונגס־רעדע האָט ער אויפגעבויט אויף די פאַקטן און דאַטן פון „חורבן טשענסטאָכאָוו".

פיר זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און 18 צו לאַנגע תפיסה טערמינען.

אויסער אין לייפּציק זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע פּראָצעסן און אומעטום האָט דאָס בוך געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע.

דאָס בוך אַליין פאַר זיך איז אַ היסטאָריש ווערק, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויסע אנערקענונג ביי די באַדייטנדסטע היסטאָריקער אויף דעם געביט, גלייכצייטיק האָט עס געדינט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון יידישן פאָלק און פון יעדן טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן באַזונדער.

# לייבקע יאַקובאָוויטש

## שמחה סילווער (זילבערבערג)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון חיים און מאַניאַ, פון דער היים סטאַשעווסקאַ. געלערנט אין חדר און אין דער אַלגעמיינער שולע. געהערט צו דער יוגנט אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" און מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון דער „סקיף" אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו. געווען מיטגליד אין שטאָט־קאָמיטעט פון „בונד" און סעקרעטאַר פון באַקליידונגס־פאַריין ביז צום אָפּפאָר קיין פּאַריז.

אין יאָר 1933 אָנגעקומען קיין פּאַריז און אין יאָר 1934 חתונה געהאַט מיט דער לאַנדסליידי חיה בערגמאַן, וואָס האָט אים באַשאָנקען מיט צוויי קינדער: אַ זון און אַ טאָכטער.

אין אָקטאָבער 1939 מאָביליזירט געוואָרן אין אַקטיוון מיליטער דינסט פון דער פראַנצויזישער אַרמיי אין קאַמף קעגן דער נאַצישער אינוואַזיע. אין יאָר 1940 דעמאָביליזירט געוואָרן פון דער אַרמיי און דעמאָלט הויבט זיך אָן דער געראַנגל קעגן די נאַצי־משחיתים, וואָס האָבן געלויערט אויפן יידישן לעבן. די קינדער זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון אַ פראַנצויזישער פאַמיליע און אויף אַזאַ אופן אויסגעהיטן געוואָרן פון חורבן און אומקום. שמחה סילווער מיט זיין פרוי האָבן אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע אין פראַנקרייך ווי געטאָגט נישט געזעכטיקט. אַ טרייסט און אַ האָפענונג איז געווען די מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילף פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו יאָרק, וואָס האָט אין אַזעלכע אומבאַשרייבלעכע באַדינגונגען דערגרייכט צו שמחה סילווער און פילצאָליקע זיינס גלייכן.

נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט זיינען אָנגעקומען קיין פּאַריז פּליטים פון דער שארית החורבן און פון זיי האָט זיך יעצט שמחה סילווער דערוווסט וועגן די נאַצישע גרויל שחיטות אין טשענסטאָכאָוו און וועגן גורל פון פּוילישן יידנטום.

אין יאָר 1955 איז שמחה זילבערבערג מיט זיין פאַמיליע אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל און זייט דעמאָלט נעמט ער און זיין פרוי אָן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. שמחה סילווער איז סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און פון בוך קאָמיטעט, זיין פרוי איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי.

שמחה סילווער, אַלס סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, פירט אויס זיינע אויפגאַבן מיט גרויס איבערגעגעבנהייט. אויפגאַבן האָט ער פאַרשיידענע פאַר באַזונדערע צייטן פון יאָר און נעמליך:

ווערט גערופן אָן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, איז ער דער, וועלכער דאַרפט צוגרייטן די איינלאַדונגען, אַריינלייגן זיי אין די קאָנווערטן, אָנשרייבן די אַדרעסן, אָנקלעפן פּאָסט־מאַרקן און זיי אַוועקשיקן.

ווערט אַדורכגעפירט אַ ראַפל, איז ער דער, וואָס דאַרפט באַזאָרגן צו יעדן לאַנדסמאַן און לאַנדסליידי ראַפל ביכלעך, סיי פּערזענליך און סיי דורך פּאָסט.

עס ווערט יאָר־יערליך אַדורכגעפירט אַ מאַני־שאוער איז ער דער, וועלכער שטייט אין קאָנטאַקט מיט די פרויען פון די ליידיס אָקזילערי, וועקט און מונטערט

צו זאַמלען זאַכן פאַרן באַזאַר און צו פאַרקויפן בילעטן און פירט די קאָנטראָל פון אַלע איינקונפטן און ביי די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע באַריכטעט ער ווי אַזוי די פאַרבערייטונגס־אַרבעטן אַנטוויקלען זיך. נאָכדעם איז זיין אויפגאַבע אַרויסצו־שיקן קוויטונגען און דאַנק בריוו צו די וואָס האָבן זיך באַשטייערט סיי מיט געלט, סיי מיט זאַכן.

יאָר־יערליך ווערט אַדורכגעפירט אַ מעות־חיטים קאַמפּיין שיקט שמחה סיל־ווער אַרויס צו די לאַנדסלייט בריוו, דערמאָנונגען, טעלעפאָנירט און באַריכטעט וועגן דעם אויף די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע ביז דער קאַמפּיין ווערט אָפיציעל אָפּגעשלאָסן.

ווען עס קומט די צייט אַרויסצושיקן הילף צו לאַנדסלייט און ספּעציעל אויף פּסח, באַטייליקט זיך שמחה סילווער אין די זיצונגען פון ספּעציעלן קאָמיטעט און ער איז דער, וואָס האָט אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס און בריוו פון די קאַנדידאַטן, וואָס האָבן זיך געווענדעט און נויטיקן זיך אין הילף. שמחה סילווער איז גלייכצייטיק דער אויספירער פון די באַשלוסן פון דעם קאָמיטעט און נעמליך: אויסקויפן די ספּעצ־יעלע טשעק־דראַפטס פון דער באַנק, צו יעדן טשעק באַלייגן אַ בריוו פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, אַוועקשיקן אַלץ אין דער געהעריקער צייט און שטיין אין אַ שריפט־לעכן קאָנטאַקט מיט יעדן קאַנדידאַט צו וועמען עס איז געשיקט געוואָרן מאַטער־יעלע הילף. דאָס זעלבע איז אויך אַ גאַנץ יאָר ווען פינאַנסיעלע הילף ווערט גע־שיקט אין דרינגענדע פאַלן.

שמחה סילווער איז אויך זער אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן די יערלעכע הזכרות.

עס דאַרפט אויך באַמערקט ווערן, אַז שמחה סילווער נעמט אַ וויכטיקן אַנטייל ביי די יערלעכע באַפרייאונגס אַוונטן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

שמחה סילווער׳ס אַקטיוויטעטן זיינען פון וויכטיקער באַדייטונג פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---

## טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַריין און אומגעגענט אין טאָראָנטאָ

## באַגריסונג

דער טשענסטאָכאָווער הילפס־פאַריין און אומגעגנט אין טאָראָנטאָ באַגריסט האַרציק די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל צום דערשיינען פון בוך, וואָס איז אַ וויכטיקער בייטראַג צו דער געשיכטע פון יידישן לעבן, קאַמף און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

מיר באַוואונדערן די וויכטיקע אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט אירע קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע און הילפס־טעטיקייטן.

זייט געשטאַרקט און געבענטשט פאַר אייערע הילפס־טעטיקייטן לטובת אונדזערע טשענסטאָכאָווער ברידער און שוועסטער מעבר־לים.

מיר ווינטשן אייך געזונט און דערפאָלג אין אייערע ווייטערדיקע אַרבעטן.

מיט לאַנדסמאַנשאַפט גרוס:

טשענסטאָכאָווער הילפס-פאַריין און אומגעגנט
אין טאָראָנטאָ

ד״ר בנימין אָרענשטיין



## רפאל פעדערמאַן

דער נאָמען רפאל פעדערמאַן איז אויסגעוואַקסן צום באַגריף פון אַן אינסטי־טוציע, צו אַ סינאָנים פון רעפּרעזענטאַנץ פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. צום באַגריף מאמין, וואָס דריקט זיך אויס אין אמונה שלימה אין דער דורכפירבאַרקייט פון פאַרשידענע פּלענער, וואָס פאַר אַנדערע דוכט זיך עס אויס ווי אַ פאַנטאַזיע. רפאל פעדערמאַן איז דער מענטש פון טאַט און צו יעדער זאַך, וואָס ער נעמט זיך אונטער אָדורכצופירן טוט ער דאָס מיט ליבשאַפט, איבערגעגעבנקייט, גלויבן און אמונה.

ער איז געבוירן געוואָרן מערץ 24, 1892, אין טשענסטאָכאָוו אין האַרץ פון דער יידישער אָרעמקייט. דלות און נויט האָט דאָרטן געהאַט איר אומבאַזיגבאַרע קעניגרייך. די געשעעניש אין טשענסטאָכאָוו האָבן געלייגט אַ גייסטיקן חותם אויף רפאל פעדערמאַנס קינדער־יאָרן. דאָס איז געווען אַ שרפה אין אַ פאַבריק אין וועלכער עס זיינען אומגעקומען זעקס יידישע אַרבעטער־מיידלעך. די געשעעניש האָט פשוט אויפגעטרייסלט דעם גאַנצן יידישן ישוב און אויך זעלבסטפאַרשטענדלעך דעם דעמאָלט צען יאָריקן רפאל פעדערמאַן. טשענסטאָכאָוו איז געווען און איז ווייטער אַ שטרענג קאַטוילישע שטאָט. טויזנטער פּילגרימען פלעגן קומען צו דער „יאַסנאַ גוראַ״ צו בעטן אויף נסים. גלייכצייטיק איז די שטאָט געווען אָנגעפילט ניטש בלויז מיט קאַטוילישע תפילות, נאָר אויך מיט אַ לאַנגער דורות׳דיקער יידן־שנאה, יידן־האַס, וואָס האָט עקספּלאָדירט אין עקסצעסן און אין פּאָגראָמען.

רפאל פעדערמאַן איז אויפגעוואַקסן געוואָרן אין דער סביבה פון די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן און דורך די זעלבע מאַסן איז ער דערוויילט געוואָרן צו דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג און אין שטאָט־ראַט, פאַרנעמענדיק דעם אַמט פון סעקרעטאַר. אין שטאָט־ראַט איז ער געווען דער צענטער פון אַלע אַטאַקעס פאַר זיין וואַכזאַמקייט קעגן די אַנטי־יידישע עלעמענטן און שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן. דער אָנזען און רעפּוטאַציע פון רפאל פעדערמאַן זיינען כסדר געוואַקסן. ער האָט פאַרנומען פאַרשידענע אַמטן אין מוניציפּאַלן, געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן אין טשענסטאָכאָוו. ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז רפאל פעדערמאַן געווען אַ צענטראַלע פיגור אין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די נאַצי־הענקער האָבן זיך געגרייט צו דער שחיטה פון אייראָפּעישן יידנטום און דער באָדן האָט שוין געברענגט אונטער די פיס, געלינגט פעדערמאַנען אין צייט צו פאַרלאָזן וואַרשע און אויסצומיידן דעם אָנקומענדן שחיטה־שטורעם. אַ דאַנק פעדערמאַן׳ס פאַר־צווייגטע פאַרבינדונגען, איז אים געלונגען צו באַקומען פּאַפּירן פון די פאַרייניקטע שטאַטן קיין ווילנע און פון דאָרט דורך פאַרשיידענע וועגן און אומוועגן ווי: מינסק, מאָסקווע, סווערדלאָווסק, קראַסנאָיאַרסק, בייקאַל, אירקוטסק, טשיטא, קויבישעוו, בירא־בידזשאַן און דורך אַ גאַנצע רייע אַנדערע אומוועגן, צוליב די מלחמה־אָפּעראַ־ציעס, אָנצוקומען אויף דער טעריטאָריע פון די פאַרייניקטע שטאַטן אָקטאָבער 31, 1940.

אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז רפאל פעדערמאַן געוואָרן דער אַדרעס פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין דער וועלט. אויב אין דער צייט פון צווישןביידע וועלט־מלחמות איז ער געווען דער פאַרטרעטער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום וואָס האָט געקעקמפּט פאַר זייער רעכט אין דער היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער געפילט אַ מאָראַלישע פליכט און אויפגאַבע לגבי די אומגעקומענע מאַסן, פון די נאַצישע גרויזאַמקייטן, צו זאָגן קדיש און יזכור. מיט אַ געפיל פון גאָר גרויסער אחריות האָט ער אויף דעם געביט געטאָן גאָר גרויסע זאַכן. ער האָט אַקטיוויזירט די לאַנדסמאַנשאַפטן אין די פאַרייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע, געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער וועלט און ווי אויך מיט די על פּי נס ניצול געוואָרענע לאַנדסלייט און אַרויסגעגעבן צוויי גאָר וויכטיקע ביכער: „טשענסטאָכאָווער יידן״ און „טשענסטאָכאָוו״. די אַלגעמיינע מיינונג, פּאַקטיש איז עס אַזוי, אַז אָן זיינע באַמיאונגען, לייסטונגען און אחריות׳פולער איבערגעגעבנקייט, וואָלטן די ביכער נישט געקענט דערשיינען.

צבי ראָזענוויין האָט דערקלערט, אַז: „פעדערמאַנען איז אַ סך צו פאַרדאַנקען דאָס דערשיינען פון בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״ און דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו״ (בוך „טשענסטאָכאָוו״ זייט 229).

בן־מרדכי אין זיין אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק וועגן פעדערמאַן האָט געשריבן: „גלייך נאָך זיין אָנקומען אין די פאַרייניקטע שטאַטן וואַרפט ער זיך אַריין אין דער אַרבעט פאַר זיינע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. ער קען נישט רוען אין די טעג פון חורבן, ביז ער דערוואַרט זיך צו דער ענדע פון דער מלחמה, ווען די באַפרייטע יידן, אין די דייטשע לאַגערן, אין די די־פּי קעמפּס, הויבן זיך אָן צו ווענדן נאָך הילף. פעדערמאַנס אַפּיס, ווו ער אַרבעט, ווערט פּאַקטיש דער אַדרעס פון טויזנטער יידישע פּליטים אין דייטשלאַנד. ער העלפט, ער זאַמלט געלט, פּעקלעך שפּייז, קליידער און ער טוט אַלץ אַרויסצוראַטעווען זיינע לאַנדסלייט פון די די־פּי לאַגערן״. (בוך „טשענסטאָכאָוו״, זייט 227).

דר. וואָלף גליקסמאַן האָט געשריבן, אַז ביידע ביכער „טשענסטאָכאָווער יידן״ און „טשענסטאָכאָוו״, זיינען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס רפאל פעדערמאַן איז געווען דער רוח החיים פון דער אונטערנעמונג.

אין אַלגעמיין שילדערט דר. גליקכמאַן רפאל פעדערמאַנען אין פאָלגנדע ווערטער: „ער איז געקומען צו דער יידישער גאַס און צו זיין מענטש ביים מאָרגן־שיין פון פוילישן יידנטום און געשטאַנען מיט אים ביז זיין אונטערגאַנג. עס איז געווען זיין זכיה צו שטיין ביים בראשית און עס איז אויך געווען זיין טראַגעדיע צו זען דעם ביטערן און טראַגישן סוף. רפאל פעדערמאַן פאַרקערפערט אין זיך די בעסטע טראַדיציעס פון דעם הערלעכן און טראַגיש פאַרשניטענעם פוילישן יידנטום". („קולטור און דערציאונג", ניו־יאָרק, נר. 6, נאָוועמבער 1962, זייט 8).

רפאל פעדערמאַן איז אויך דער מחבר פון בוך: „ביי די טייכן פון וואַרטע און איסט ריווער", וואָס איז אייגנטלעך אַן אויטאָביאָגראַפיע פון מחבר. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ יזכור רעקאָרד, וואָס באַשטייט פון אַ ליד „טשענסטאָכאָוו", אַ יזכור רעדע פון רפאל פעדערמאַן און ז. סעגאַלאָוויטשעס קדיש.ביידע לידער „טשענסטאָכאָוו" און „קדיש" זיינען געזונגען דורך דעם זינגער־קינסטלער מאיר שטיינוואָרצעל. די קאָמפּאָזיציעס צו ביידע לידער האָט געשאַפן דער קאָמפּאָזיטאָר מ. געלבאַרט, וועלכער האָט געשפּילט די פּיאַנאָ ביים רעקאָרדירן די לידער.

וועגן דעם רעקאָרד שרייבט חנן קיעל פאָלגנדעס: „אין דעם יזכור רעקאָרד טויכט אויף אונדזער יידיש טשענסטאָכאָוו ווי אַ ווייטער חלום. די שטילע געסלעך, דער אַלטער מאַרק, די לאַנגע גרינע אַלייען און פּאַרקן, די שולן און בתי־מדרשים, אונדזערע פרומע, למדנישע זיידעס, אונדזערע פאַרזאָרגטע און פאַרהאָרעוועטע טאַטעס; די תפילות פון אונדזערע הייליקע מאַמעס ביי די בענטשליכט אין פרייטיק צונאַכטס, דאָס געזאַנג פון נייעם דור, זיין קאַמף פאַר אַ גערעכטער, שלומדיקער וועלט, דאָס געזאַנג פון חלוצים פול מיט האָפענונג און גלויבן אין אַ זיכערער היים".

דער „טאָג" פון נאָוועמבער 3, 1960, האָט געשריבן וועגן רעקאָרד אין אַלגעמיין און ספּעציעל וועגן רפאל פעדערמאַנס יזכור רעדע, אַז „די ווערטער שניידן ביים האַרצן, אוי וואָס עס איז געוואָרן פון אַ יידישער קהילה אין פוילן".

שלום סעקונדאַ, אין „פאָרווערטס" פון דעצעמבער 2, 1960, האָט אַנאַליזירט דעם רעקאָרד פון מוזיקאַלישן שטאַנדפּונקט און גלייכצייטיק כאַראַקטעריזירט רפאל פעדערמאַנס רעדע: „די רעדע איז אַ טיף רירנדע און ווערט פאַרגעטראָגן מיט דעם פּאַטאָס פון אַ מענטשן פאַר וועמען די שטאָט האָט איבערגעלאָזט פּאַטעטישע און גלייכצייטיק ליכטיקע זכרונות".

רפאל פעדערמאַן האָט מיט זיינע אַקטיוויטעטן מקדש געווען דאָס לעבן, שאַפן און אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.



## צבי ראָזענוויין

דער נאָמען צבי ראָזענוויין איז אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון קאַמף פון דער יידישער יוגנט קעגן נאַצי־רעזשים אין דער צייט פון דער חורבן עפּאָכע.

ער איז געבוירן געוואָרן אין דעצעמבער 1918 אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, וואָס איז געווען לויט דער רייע די אַכטע גרעסטע יידישע קהילה אין פוילן. ער שטאַמט פון אַ שטרענג רעליגיעזער, חסידיש אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע. זיינע עלטערן האָבן שטאַרק געהיטן, אַז זייער זון צבי, זאָל באַקומען אַן אַלגעמיינע רעליגיעזע דערציאונג און דערפאַר האָבן זיי אים געשיקט צו דער דעמאָלט באַקאַנטער און באַרימטער „מחזיקי הדת" תלמוד־תורה, ווו עס האָט געוועלטיקט דער למדן, גמרא קענער ר' יצחק, וועמען מען האָט גערופן דער „לאָמער יצחק". פּאַראַלעל מיטן לערנען גמרא און קבלה, לייענט ער מיט דער זעלבער התמדה אַלץ, וואָס קומט אונטער דער האַנט: סיי אַלגעמיינע ליטעראַטור, ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע. ספּעציעל איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אידעען און די שריפטן פון א. ד. גאָרדאָן, וועלכער האָט גערופן די יידישע יוגנט איבערצורייסן מיטן גלות־לעבן און גלות־פּסיכאָלאָגיע.

אין יאָר 1932 איז ער אַריינגעטרעטן אין דער חלוצישער אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" און הויבט אָן צו שטייגן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַ יאָר שפּעטער פאַרטרעט ער שוין די אָרגאַניזאַציע אין פאַרשיידענע אינסטאַנצן און קאָנפערענצן און טרעט אויף מיט לעקציעס אויף ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע טעמעס. צו 20 יאָר, אין יאָר 1938, ווערט ער אַ מיטאַרבעטער אין דער וואָכנשריפט: „טשענס־טאָכאָווער צייטונג" אין וועלכן ער שרייבט אַ קאָלום: „אין שאָטן פון אונטערגאַנג". די סעריע פון אַרטיקלען האָבן געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף דער ערנסט טראַכטנדער יוגנט צוליב די פּעסימיסטישע געדאַנקען וועגן יידישן לעבן און די צוקונפט פון דער יוגנט אין גלות. אַ יאָר שפּעטער, סעפּטעמבער 1, 1939, ברעכט אויס די צווייטע וועלט־שרפה. פרייטיק אינדערפרי איז היטלער דייטשלאַנד באַפאַלן פוילן און זונטיק 9 אַזייגער אינדערפרי האָבן שוין די היטלעריסטישע מאָטאָריזירטע איינהייטן אָקופּירט טשענסטאָכאָוו. גלייך אויפצומאָרגנס, מאָנטיק סעפּטעמבער 4, איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אונטערן בלבול, אַז יידן האָבן געשאָסן אויף די דייטשן. דער טאָג איז באַצייכנט אין דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו אַלס: „דער בלוטיקער מאָנטיק".

צבי ראָזענוויין איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ היסטאָרישן נסיון, וואָס טוט מען ווייטער? ווי אַזוי האַלט מען אויף ווייטער די אָרגאַניזאַציע? וואָס טוט מען צו לינדערן דעם הונגער און נויט, וואָס האָט פאַראורזאַכט עפּידעמישע קראַנקהייטן און שטערבלעכקייט. דאָס ערשטע איז געווען צו רעאָרגאַניזירן די לאַנגיאָריקע חלוצישע הכשרה פאַרם און דאָרטן פירן אַן אומלעגאַלע טעטיקייט און אויך צווישן

דער יוגנט אין דער שטאָט. עס איז גערופן געוואָרן אַן אומלעגאַלע קאָנפערענץ מיט דער באַטייליקונג פון פאָרשטייער פון מרכז אין וואַרשע, וואָס זיינען באַשטאַנען פון: צביה לובעטקין און יוסף קאַפלאַן. אויף דער קאָנפערענץ איז אָנגעצייכנט געוואָרן די נייע ריכטליניען און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט און ראָזענוויין איז געוואָרן איינער פון די הויפּט אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו. זיין אויפגאַבע איז געווען צו פירן אַ קולטורעל־דערציערישע טעטיקייט צווישן דער חלוצישער יוגנט און אָנהאַלטן די גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. עס קומען פאָר כסדרדיקע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען אין די וווינונגען פון מלכה וועלטמאַן אויף 1 בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ גאַס, צעלע קאַץ, נר. 21 וואַרשעווער גאַס, חיה פרידמאַן, נומער 5 גאַרנצאַרסקאַ גאַס און מאַניאַ טשעטשורא, נר. 14 קעדזשינסקע גאַס. אויף די אַלע פאַרזאַמלונגען טרעט אויף צבי ראָזענוויין, וועקט און מונטערט, דערהויבט דעם גייסט פון די יוגנטלעכע צו אויסדויער, מוט און קאַמף.

די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַ ראַשיקן טעמפּאָ. ווי אַ מבול האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צרות, פּייניקונגען און נאַצישע גרויזאַמקייטן. איינע פון די ערשטע פאַרפאָלגונגס פּלאָגן איז געווען דאָס כאַפּן יידן צו אומבאַלוינטער צוואַנגס-אַרבעט, דערביי זיינען די יידן געשלאָגן און געפּייניקט געוואָרן ביי דער צוואַנגס־אַרבעט.

צבי ראָזענוויין און אַנדערע יונגע געזעלשאַפטלעכע טוער זיינען אויך געווען צווישן די צוואַנגס־אַרבעטער. זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, אין דער ערשטער רייע, צו אָרגאַניזירן די צוואַנגס־אַרבעטער אין אַ נייער געהיימער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָלן אָננעמען אַזעלכע פאָרמען, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן די באַדינגונגען פון דער צייט. צווישן די הויפּט־טוער און אָרגאַניזאַטאָרן זיינען געווען: צבי ראָזענוויין, מאלאי שמולעוויטש, אברהם לאזניאזש, יהודה מאַנדעלבאַום און אַנדערע. דער הויכפּונקט פון דער אָרגאַניזיר אַרבעט איז געקומען צום אויסדרוק אין דער היסטאָרישער דאַטע מאַי 12, 1940. אין דעם טאָג זיינען די צוואַנגס־אַרבעטער פון אַ גאַנצער רייע אַרבעטס־פּלעצער נישט געגאַנגען אַהיים, נאָר גלייך פון דער אַרבעט געגאַנגען צו אַן אומלעגאַלן מאַסן־מיטינג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער אַמאָליקער פאָלקס־באַנק אויף אַלעע 22, פאַרכאַפּט דעם לאָקאַל און באַזעצט אַלע אויסגענג און אַריינגענג. מיט פייערדיקע קאַמפס־רעדעס, פאַר די טויזנט פאַרזאַמלטע צוואַנגס־אַרבעטער, זיינען אַרויסגעטרעטן: צבי ראָזענוויין, ישראל שילדהאַוז און מאלאי שמולעוויטש. דאָס איז געווען די דאַטע פון דער אַנטשטייאונג פון דער נייער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע צוואַנגס־אַרבעטער אָן אונטערשיד פון פּאַרטייאישער אָנגעהעריקייט און געבילדעט שפּעטער דעם יסוד פון דער באַוואָפנטער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גערופן „אַרבעטער־ראַט" און צבי ראָזענוויין איז געווען אין דער הויפּט אָנפירונג אין פּרעזידיום פון דער אָרגאַניזאַציע. דער איינציקער פון די דריי רעדנער, אויף דעם היסטאָרישן אומלעגאַלן מאַסן־מיטינג, וואָס איז געבליבן ביים לעבן איז צבי ראָזענוויין צו לאַנגע, לאַנגע געזונטע יאָר.

וועגן דער וויכטיקייט פון „אַרבעטער־ראַט" איז גענוג צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז אין בוך „חורבן־טשענסטאָכאָוו" זיינען צוויי קאַפּיטלען געווידמעט דער אָרגאַניזאַציע. דער הויפּט־פאָרשער פון דער חורבן-עפּאָכע, ד"ר פיליפּ פרידמאַן ע"ה, האָט וועגן „אַרבעטער־ראַט" פאָלגנדעס געשריבן: „אַ זעלטענע אינסטיטוציע אין דער תקופה פון דער נאַצי־טיראַניע". (זען: „אונדזער יאָרצייט", באַמבערג 1948, זייט 10). דער היסטאָריקער ד"ר רפאל מאהלער האָט געשריבן, אַז די אַקטי־וויטעטן פון „אַרבעטער־ראַט" איז געווען ווי איין גרויסער ליכט־שטראַל אין דער אַלגעמיינער פינצטערניש. (זען: „יידישע קולטור", ניו־יאָרק 1949, נר. 4). עס איז דעריבער נישט קיין ווונדער, אַז אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", פון פעברואַר 25,

1949, געפינט זיך פאָלגנדע באַשרייבונג „צבי ראָזענוויין איז איינער פון די פּיאָ־נערן פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין טשענסטאָכאָוו. אַ ברויזנדע, העראָאישע, קעמפערישע, רעוואָלוציאָנערע נשמה, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער נאַצי־מאַכט. זיין טעטיקייט איז מיט דעם גרעכטן דרך־ארץ נאָכגעפאָלגט געוואָרן דורך די אָנפירער פון העראָאישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און זיי האָבן געהאַלטן, אַז ער מוז פאַרשפּרייטן זיין טעטיקייט און רעוואָלוציאָנערן ברען אויך אין אַנדערע שטעט. ער ווערט אַוועקגעשיקט קיין בענדין און דאָרט ווערט ער דער גייסטיקער און פּראַקטישער אָנפירער פון דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג.”

נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט איז צבי ראָזענוויין געווען אין „די־פּי” קעמפּ איינרינג, אַמעריקאַנישע זאָנע אין דייטשלאַנד. געווען אַ מיטגליד אין דער צענטראַל פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן און אַ מיטגליד פון דער קולטור־קאָמיסיע. ער איז געווען זייער אינסטרומענטאַל ביים אַרויסגעבן דאָס בוך „חורבן טשענסטאָכאָוו” און געווען אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער איינמאָליקער אויסגאַבע „אונדזער יאָרצייט”. אין 1949 איז ראָזענוויין אָנגעקומען קיין אַמעריקע, ניו-יאָרק. ער איז געוואָרן סעקרעטאַר פון וועלט־סעקרעטאַריאַט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן, סאָסייטיס און פאַריינען. ער האָט אויך רעדאַגירט אַ בולעטין. ער איז אויך געווען מיטרעדאַקטאָר פון דעם גרויסן בוך „טשענסטאָכאָוו”, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1958 און איז פאַרטרעטן מיט אַ גאַנצער רייע אַרבעטן. אין דעם זעלבן יאָר, 1958, איז ער געווען מיטבאַטייליקט מיט גאָר פיינע אַרטיקלען אין דער אויסגאַבע: „בלעטער פון אומקום און קאַמף”. אויסער דעם האָט צבי ראָזענוויין פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן. זיין ליטעראַרישער פּסעוודאָנים איז צריין. צבי ראָזענוויין איז געווען ד״ר פיליפּ פרידמאַנס אַ סטודענט אין פאַריייניקטן לערער־סעמינאַר אין ניו־יאָרק.

צבי ראָזענוויין געהערט צו די קאָלירפולסטע פערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָוו, וואָס האָבן געפירט אַ העראָישן קאַמף קעגן נאַציזם.

---

## טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי אין ניו יאָרק

## באַגריסונג

דער טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי אין ניו יאָרק שיקט אייך איבער די האַרציקסטע ברכות צו דער דערשיינונג פון בוך.

זייט געבענטשט פאַר אייערע וויכטיקע אַקטיוויטעטן און פאַרן בייטראַג צו דער געשיכטס־פאַרשונג פון אונדזער חרוב געוואָרענער קהילה.

די עקזעקוטיווע פון טשענסטאָכאָווער רעליף־קאָמיטעט און
ליידיס אָקזילערי אין ניו־יאָרק

קאַרל ווארגאן, פּרעזידענט
אברהם באמבע, סעקרעטאַר

# בערל איצקאָוויטש

ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין אַן אַרבעטער משפחה. זיין געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן וויסן האָט ער דערוואָרבן אין די פריסטע יאָרן אין סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד „סקיף" און שפּעטער אין דער יוגנט אָרגאַניזאַציע „צוקונפט". ער האָט אויך נאָכדעם געהערט צום פאַרבאַנד פאַר פיזישער דערציאונג „מאָרגנשטערן". די אָרגאַניזאַציעס האָבן אים גייסטיק און פיזיש רייף געמאַכט און דערמיט אים צוגעגרייט צו ווערן אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. אַלס שניידער אַרבעטער איז ער געווען אַקטיוו אין באַקליידונגס־פאַריין, פאַרנעמענ־דיק, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, באַדייטנדיקע אַמטן.

ווי נאָר די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט ער ווי אַלע יידן אין טשענסטאָכאָוו געליטן פון די נאַצי פאַרפאָלגונגען, רעפּרעסיעס און רציחות. ווי יעדער איינער איז ער געווען אויסגעשטעלט צו אַלע צרות, ליידן און פּיין, וואָס יעדער ייד האָט אַדורכ־געמאַכט אין די פינסטערע און בלוטיקע יאָרן פון דער היטלער אָקופּאַציע.

אין דער צייט פון גרויסן געטאָ איז ער געווען אַ צוואַנגס־אַרבעטער און ווי אַלע זיינס גלייכן האָט ער געטרוימט און געהאָפט אויף אַ שנעלע מפּלה פון דער אכזריות'דיקע נאַצי־מאַכט. ער האָט פּרובירט זיך און אַנדערע גייסטיק דערמוטיקן, אַז פריער אָדער שפּעטער וועלן די נאַציס, די מאַכט פון גרויזאַמקייטן און באַרבאַ־ריזם מוזן פאַלן און ליידן אַ וויסטע מפּלה.

די געשעענישן האָבן זיך דערווייל אַנטוויקלט אין אַ פּונקט קעגנזעצלעכע ריכ־טונג. ווי ווילדע רוצחים האָט זיך די נאַצי טויטן־קאָמאַנדע אונטער דער אָנפירונג פון בלוטיקן רוצח דעגענהאַרדט זיך געוואָרפן אויף לעבן פון די יידן אין געטאָ און דורך מאַסן סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס אין טויטן לאַגער טרעבלינקע אומגע־בראַכט די מערהייט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. אין דער צייט פון די מאַסן-שחי־טות זיינען אומגעקומען די מערהייט פון זיין משפחה, חברים, פריינט און באַקאַנטע.

ווען דאָס קליינע געטאָ איז אַנטשטאַנען איז דאָס יידישע לעבן געווען ווי אויף אַ ברויזנדיקן ווולקאַן. יעדן טאָג אַנדערע פאַרשיקונגען און בלוטיקע געשעענישן ביז דאָס קליינע געטאָ איז אין יוני 1943 אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן.

נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז בערל איצקאָוויטש געווען אין לאַגער „האסאג־פעלצערן". קורץ פאַר דער באַפרייאונג, דאָס הייסט פאַרן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט אין טשענסטאָכאָוו איז ער, מיט נאָך אַנדערע טויזנטער יידן, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות און פּיין. דאָס ערשטע איז דאָס געווען אין קאָנצענטראַציע לאַגער גראָס־ראָזן, נאָכ־דעם אין דעם טרויעריק באַקאַנטן קאָנצענטראַצע לאַגער „דאָרא" און אַנדערע. שפּע־טער איז ער ווידער מיט טויזנטער אַנדערע געשלעפּט געוואָרן אין טויטן-מאַרש קיין בערגען־בעלזען און דאָרט ענדלעך אַפּריל 15, 1945 באַפרייט געוואָרן דורך דער ענג־לישער אַרמיי.

נאָך דער באַפרייאונג איז בערל איצקאָוויטש צוריקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרטן האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין לאַנגיאָריקע פריינדין שרה נודעלמאַן און חתונה געהאַט. לאַנג אין דער שטאָט האָבן זיי זיך נישט אויפגעהאַלטן, ווייל אויף טריט און שריט האָבן אויפגעוואַכט ערינערונגען פון פאַרגאָסן בלוט, טויט און אומקום.

בערל איצקאָוויטש מיט זיין פרוי סאלע האָבן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָוו און אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד און צוויי יאָר געוווינט אין די־פּי־לאַגער ציילסהיים ביי פראַנקפורט אַם־מיין און דאָרטן איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ טאָכטער גיטעלע.

אין ציילסהיים איז בערל איצקאָווייטש געווען טעטיק אין די־פּי־לאַגער און דאָרטן איז געפירט געוואָרן אַ גאָר ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט. עס האָבן זיך פאָרמירט פּאָליטישע פּאַרטייען, „אָרט״-וואַרשטאַטן, ספּאָרט־קלובן, קולטורעלע טע־טיקייטן, ביבליאָטעק, שול און אַ גאַנצע רייע ווירטשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

פון ציילסהיים זיינען די איצקאָוויטשעס אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז און דאָרטן איז זיי געבוירן געוואָרן די צווייטע טאָכטער פּאַלעט. אויך דאָרטן איז איצקאָוויטש געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך סיי אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און סיי אין קאָמיטעט פאַר די ניי־איינגעוואַנדערטע.

נאָכן אָפּזיין דריי יאָר אין פּאַריז זיינען די איצקאָוויטשעס צוזאַמען מיט זיי־ער׳ע צוויי גראָטענע טעכטערלעך אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל און דאָ האָבן זיי זיך עקאָנאָמיש עטאַבלירט און זיינען געזעלשאַפטלעך טעטיק אויף אַ ברייטן פאַרנעם.

בערל איצקאָוויטש איז דער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, מיטגליד אין בוך קאָמיטעט און פון אַ גאַנצע רייע אַנדערע קאָמיטעטן, וואָס פּלאַנירן און פירן אויס די ברייט פאַרצווייגטע אַקטיוויטעטן. אויך זיין פרוי, סאַלע איצקאָוויטש, נעמט אַ גאָר וויכטיקן אָנטייל אין דער ליידיס אָקזילערי טעטיקייטן. זי צייכנט זיך אויס אין די יערלעכע מאַני־שאוערס, וואָס ברענגען אַריין די פינאַנסיעלע מיטלען פאַר די הילפס־אַקטיוויטעטן.

---

## דאַנק אויסדרוק

איך דריק אויס אַ דאַנק צום רעדאַקטאָר, ד״ר בנימין אָרענשטיין, פאַר אָנ־שרייבן און פאַרעפנטלעכן אין דעם בוך די צוויי ביאָגראַפיעס: 1) וועגן מיין גאָטזעליקן פאָטער, דעם קדוש, הרב יוסף פּראַקאַש זצ״ל און 2) וועגן מיין טייערע אונפאַרגעס־לעכע פרוי פּערל ע״ה.

מיט כבוד און דרך־ארץ:

שמואל פּראַקאַש

---

# הערי קליין

הערי קליין, דער זון פון ר׳ משה מרדכי און רבקה קליינער, פון דער היים זליבערשאַץ, איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און שטאַמט פון אַ מיוחס׳דיקער פאַמיליע. דער פאָטער, ווי נאָר ער פלעגט זיך אָפּפּאַרטיקן מיט זיינע טעגלעכע געשעפטלעכע עסקים, איז ער געזעסן און געלערנט. ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדרער חסיד און געווען אָנגעזען צווישן די רעליגיעזע יידן אין טשענסטאָכאָוו אין אַלגעמיין און צווישן די אַלעקסאַנדערער חסידים בפרט. ער האָט געגעבן זיינע קינדער אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג און געשטרעבט, אַז זיינע קינדער זאָלן גיין אין זיינע דרכים. ר׳ משה מרדכי איז געוואָרן שטאַרק דערשטוינט ווען הערי האָט אים איינמאָל דערקלערט, אַז ער ווערט אַ מיטאַרבעטער אין דער וועכנטלעכער צייטונג „די צייט״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך חיים ווייסבערג. עס איז געווען גענוג דעמאָלט צו זען דעם בליק פון ר׳ משה מרדכי צו וויסן די שטימונג, וואָס די ידיעה האָט אויף אים געמאַכט. בכדי אויסצומיידן מיספאַרשטענדנישן, איז הערי קליין עטלעכע טעג נישט אַהיימגעקומען בכדי דער כעס און פאַרדרוס זאָל זיך איינשטילן.

הערי קליין האָט ארויסגעוויזן געזעלשאפטלעכע נייגונגען. זער יונג איז ער געוואָרן אַ מיטגליד אין דער „פועלי אגודת ישראל״ און נאָכדעם איז ער אַריבער צו דער „מזרחי״ און געהערט צו די אַקטיווסטע מיטגלידער.

ווען די צווייטע וועלט־שחיטה איז אויסגעבראָכן איז די פאַמיליע קליין געווען אין טשענסטאָכאָוו. די ערשטע גרויזאַמע רציחות, וואָס די נאַציס האָבן אַדורכגעפירט איז געווען אין אַזוי גערופענעם „בלוטיקן מאָנטיק״. דעמאָלט איז ר׳ משה מרדכי מיט הערין געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַציס און פאַרשפאַרט געוואָרן אין דער קירכע אויף דעם נייעם מאַרק. ר׳ משה מרדכי איז אָונט צייט באַפרייט געוואָרן און הערי איז נאָך געהאַלטן געוואָרן עטלעכע טעג אין די קאַזאַרמעס.

וואָס אַ טאָג האָבן זיך פאַרשאַרפט די רדיפות, פאַרפאָלגונגען און ברוטאַליטעטן פון די נאַציס. אין אָנהויב האָט זיך אויסגעדריקט אין כאַפּן צו פאַרשידענע אומבאַלוינטע צוואַנגס אַרבעט, ביי וועלכע מען איז געשלאָגן און געפייניקט געוואָרן.

הערי קליין איז געכאַפּט געוואָרן צו אַ טראַנספּאָרט אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין דייטשלאַנד. די לעצטע מינוט איז אים געלונגען צו אַנטלויפן. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך שטאַרק געהיטן און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין שטוב אין אַ שאַנק. אייגנטליך איז דאָס געווען אַ קליין שענקל און עס האָט קיינעם נישט געקענט איינפאַלן, אַז אין אַזאַ קליין שענקל זאָל זיך אַ לעבעדיקער מענטש קענען אויסבאַהאַלטן. אין דעם שענקל באַהעלטעניש איז אים געלונגען אויסצומיידן די צוואַנגס־אַרבעט ביז צו די גרויליקע טעג פון דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ.

בשעת דער סעלעקציע איז ער געווען צוזאַמען מיט זיינע עלטערן. די עלטערן און אַן אייניקל זיינען אויססעלעקטירט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. הערי קליין מיט זיינע צוויי ברידער און צוויי שוועסטערן זיינען איבערגעשיקט געוואָרן צו דער מעטאַלורגיע. ביים אַריינגיין אין מעטאַלורגיע איז זיין יינגסטער ברודער יחיאל פאַרהאַלטן געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. עטלעכע טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע אין דער מעטאַלורגיע און זיין עלטערער ברודער יעקב איז פאַרהאַלטן געוואָרן און זיין גורל איז געווען דער זעלבער ווי דער גורל פון די עלטערן.

נאָכן אַנטשטיין פון קליינעם געטאָ איז הערי געווען צוזאַמען מיט זיינע צוויי שוועסטערן. דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווייל אין אַ געוויסן טאָג ביים אַרויס־גיין פון קליינעם געטאָ צו דער אַרבעט איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן און איז מיט אַ גרעסערע גרופּע אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בליזשין און נאָכן אויפליזן פון בליזשי־נער לאַגער איז ער פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ־בירקענאו און נאָכדעם קיין אַריאַניענבורג, ווייטער קיין זאַקסענהאַוזען, און לאַנדסבערג. קורץ פאַרן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט איז דער לאַגער עוואַקואירט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אַזוי גערופענער „טויטן־מאַרש". דער מאַרש צופוס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום לאַגער אללאך נעבן מינכן. דעם ערשטן מאַי 1945 האָט די אַמעריקאַנער אַרמיי באַפרייט דעם לאַגער.

אין 1946 איז הערי קליין מיט אַ גרופּע זעצערס גערופן געוואָרן צום צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן אין מינכן וועגן אָרגאַניזירן אַ יידישע זעצעריי אַרויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג. די שוועריקייט איז דעמאָלט באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס איז נישט געווען קיין יידישער זאַץ. מען האָט געמאַכט יידישן זאַץ און די צייטונג אונטערן נאָמען „אונדזער וועג" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען און איז געווען די ערשטע צייטונג אין דייטשלאַנד אין דער יידישער שפּראַך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין מינכן האָט הערי קליין געוווינט צוזאַמען מיט זיינע צוויי שוועסטערן, וועל־כע האָבן נאָכדעם חתונה געהאַט. הערי קליין האָט זיך דעמאָלט באַקענט מיט זיין יעצטיקער פרוי אין מינכן, וועלכע שטאַמט פון אַ זער פיינע פאַמיליע אין אָלקוש. זי הייסט פון דער היים חוה באַרנשטיין. זי איז געבליבן איינע אַליין פון דער גאַנ־צער משפּחה. איר פאָטער ר' יצחק, די מוטער מלכה און איר ברודער יוסף זיינען אַלע אומגעקומען דורך די נאַציס.

ענדע 1948 איז הערי קליין צוזאַמען מיט זיין פרוי און אויך אַ שוועסטער גע־קומען צופאָרן קיין מאָנטרעאַל צום ברודער דזשאָרזש קליין. דאָ האָט ער שוין גע־טראָפן זיין צווייטע שוועסטער מיטן שוואָגער מר. און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקי.

גלייך נאָכן אָנקומען קיין מאָנטרעאַל האָט זיך הערי געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט און פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר. נאָכדעם איז ער דערוויילט געוואָרן אַלס קאַסירער און דעם אַמט פאַרנעמט ער ביז דעם היינטיקן טאָג.

הערי קליין פירט אויס אַ גאַנצע רייע וויכטיקע אַרבעטן פאַר דער לאַנדסמאַנ־שאַפט. ער טרעט אויף מיט רעדעס אויף די יזכור אַקאַדעמיעס, העלפט אָרגאַניזירן די ליידיס אָקזילערי אַדורכצופירן דעם יערלעכן מאַני שאוער און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

זוען די לאַנדסמאַנשאַפט האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס בוך, איז הערי קליין דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון בוך קאָמיטעט. ער האָט פיל צייט און מי אַוועקגעגעבן ביים זאַמלען מאַטעריאַלן און פאָנדן פאַר דעם בוך.

לייבקע יאַקובאָוויטש

## מיין ביאָגראַפיע

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1900 אין פּזשירעוו נעבן טשענסטאָכאָוו און בין דער זון פון ר׳ מאיר זלמן און איטע, פון דער היים געלבאַרד. צו פיר יאָר האָב איך אָנגעהויבן לערנען אין חדר ביי ר׳ שמואל יוסף, וועלכער איז געווען אַ פרומער און שטרענג רעליגיעזער ייד און אַ בקי אין וועלטלעכע ענינים.

ווען איך בין אַלט געוואָרן 13 יאָר זיינען מיינע צוויי ברידער מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי און צוליב דעם האָב איך געמוזט אַרויסהעלפן אין דער פּרנסה. איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן און זיך געלערנט דורך פּריוואַטע לעקציעס.

צו 20 יאָר בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. דאָס איז געווען די צייט פון דער פּויליש-באָלשעוויסטישער מלחמה. די פּוילישע אָפיצירן און זעלנער זיינען געווען דורכגעפּרעסן מיט יידן־האַס און אַנטיסעמיטיזם און צוליב דעם האָב איך אַ סך געליטן סיי פון הונגער און סיי פון דערנידערונגען און באַליידיקונגען אַלס ייד און אויפן חשבון פון יידישן פאָלק.

צו 25 יאָר האָב איך חתונה געהאַט מיט כאַלטשע נודעלמאַן, וואָס האָט מיך באַשאָנקען מיט צוויי קינדערלעך: נאַדזשיע, אַ טאָכטער, און מאיר זלמן, אַ זון. מיר האָבן געפירט אַ צופרידן און גליקליך לעבן.

אין יאָר 1936 איז מיין פרוי, נאָך אַ לענגערע קראַנקהייט, געשטאָרבן. איך בין געבליבן אַליין מיט די צוויי קינדער און דערצו געפירט אַ געשעפט און דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט. אונטערן איינפלוס און דרוק פון מיין פרוי׳ס משפחה האָב איך חתונה געהאַט מיט רעלא יאַקובאָוויטש, מיין פרוי׳ס שוועסטער׳ס אַ טאָכטער.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען דאָס לעבן ביז די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די מורא׳דיקע יידן־שחיטות. אין יאָר 1942 איז מיין פרוי רעלא מיט מיין איינציקן זון מאיר־זלמן אומגעקומען אין טרעבלינקע. אויך מיינע צוויי ברידער מיט זייערע פרויען און קינדער זיינען אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער אין טרעבלינקע.

איך און מיין טאָכטער נאַדזשיע זיינען קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג" און אַדורכגעמאַכט די שוידערלעכע און טראַגישע צייט ביז יאַנואַר 17, 1945, ווען די רוסישע אַרמיי האָט באַפרייט טשענסטאָכאָוו.

גלייך נאָך דער באַפרייאונג האָב איך מיך מיט מיין טאָכטער געפילט עלנד און איינזאַם אין טשענסטאָכאָוו. פון דער גאַנצער צאָלרייכער פאַמיליע איז קיינער נים געבליבן, די הייזער און וווינונגען זיינען געווען צעשמעטערט און פאַרניכטעט. יעדעס אָרט, יעדער שטיין און יעדער בוים האָבן אויפגעטויכט ערינערונגען פון די אומברחמנותדיקע פאַרשניטענע לעבנס דורך די היטלעריסטישע קאַניבאַלן און זייערע פּוילישע מיטהעלפער. איך מיט מיין טאָכטער נאַדזשיע האָבן, דעריבער, באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פּוילן און נאָכן אַרומוואַנדערן אַ געוויסע צייט זיינען מיר אָנגע־

קומען אין די־פּי קעמפּ ציילסהיים אין פראַנקפורט אַם־מיין. דאָרטן, אין קעמפּ, זיינען מיר געווען קנאַפּע דריי יאָר ביז צו דער אַנטשטייאונג פון מדינת־ישראל. אין נאָוועמבער 1948 זיינען מיר אָנגעקומען קיין ישראל אין דער שטאָט יפו.

אין ישראל האָט דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן מרדכי פּראָפּינאַטאָר אונדז אויפגעזוכט און האָט אונדז אַ סך מיטגעהאָלפן איינצואָרדנען זיך און די גאַנצע צייט האָבן מיר זיך זער גוט און פריינדליך פאַרהאַלטן.

זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן, אַז דער לאַנדסמאַן מרדכי פּראָפּינאַטאָר האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו אַלע אָנגעקומענע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די קאָנצענטראַציע-לאַגערן און יעדן איינעם מיטגעהאָלפן מיט ראָט און טאַט און מיט אַלץ, וואָס איז אים נאָר מעגליך געווען.

צוליב פאַרשידענע סיבות האָב איך מיט מיין טאָכטער פאַרלאָזט מדינת ישראל און מיר זיינען אָנגעקומען קיין קאַנאַדע, קיין מאָנטרעאָל און דאָ האָבן מיר זיך גע־טראָפן מיט אַ סך לאַנדסלייט, פריינט און באַקאַנטע.

אין מאָנטרעאָל האָט זיך מיין טאָכטער נאַדזשיע, באַקענט מיט אַ טאָראָנטאָווער לאַנדסמאַן סאַלעק ספּארן און האָבן חתונה געהאַט און לעבן גליקליך און צופרידן. זיי האָבן צוויי פיינע קינדערלעך: אַ זון חיים, וואָס איז שוין 10 יאָר אַלט און אַ טאָכטער, האַלינאַ, וואָס איז 7 יאָר אַלט.

איך ווויין די גאַנצע צייט צוזאַמען מיט מיין איידעם, טאָכטער און אייניקלעך און דאָס איז די איינציקע טרייסט און צופרידנהייט אין מיין לעבן און באַטראַכט די פאַמיליע ווי אַ פאַרמעגן.



די פאַמיליע ספּאָרן

פון לינקס צו רעכטס: נאַדזיע און איר מאַן סאַלעק מיט די צוויי קינדערלעך: חיים און האַלינאַ.



NATHAN GELBER
HON. PRESIDENT

# CZENSTOCHOVER SOCIETY MONTREAL



HARRY BERK
HON. VICE-PRESIDENT

# טשענסטאכאווער לאנדסמאנשאפט אין מאנטרעאל



GEORGE KLEIN
HON. VICE-PRESIDENT

די גרינדער פון טשענסטאָכאַווער און אומגעגנט· הילפס-סאָסייטע אין מאָנטרעאַל



זיצנדיק פון רעכטס: דוד געלבער, רפאל פעדערמאַן, הערי בערק, אברהם מייעראָוויטש
שטייענדיק פון רעכטס: ווילי יאַבלאָן, דזשאָרזש קליין, נייטן געלבער, מאָטל סילווער, אברהם ווייסקאָפּ ע״ה

# בוך-קאָמיטעט



פון רעכטס זיצנדיק: הערי קליין, ד״ר בנימין אָרענשטיין, בערל איצקאָוויטש
פון רעכטס שטייענדיק: שמחה סילווער, לייב יאַקובאָוויטש, טשאַרלס קאָנאַרסקי,

לײדיס אַקזילערי פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל



זיצנדיק פון רעכטס: מרס. מילטשין, ה. ראָזענבלום, ח. סילווער, ע. קלײן, ד. לערנער, ח. סעגאַל, מ. קאַנאַרסקי
שטײענדיק פון רעכטס: מ. אַלטמאַן, ג. קאַרטוז, ח. באַרוכאָווסקאַ, ח. פרידלענדער, נ. שפּאָרן, ר. לעווקאָוויטש, ר. הערשליקאָוויטש, מ. לײכטער, ש. איצקאָוויטש, א. סרעבּרניק



ערן-בוך-קאָמיטעט

פון רעכטס: דזשאָרזש קליין, נייטן געלבער, הערי בערק, ווילי יאַבלאָן

# דריי דורות



יוסף בן שמואל



שמואל בן יוסף



יוסף בן שמואל

די עקזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל



זיצנדיק פון רעכטס: א. בירנבוים, מ. פרידלענדער, ד״ר ב. אָרענשטיין, ל׳ יאַקובאָוויטש, ש. סילווער, מ. אַלטמאַן
שטייענדיק פון רעכטס: ז. נויפעלד, ק. ראָזענבלום, טש. קאָנאַרסקי, ב. איצקאָוויטש, ה. קליין, מ. לעווקאָוויטש,
ר. הערשליקאָוויטש, א. קאַמינסקי, ש. לעדנער

געמיינזאַמע זיצונג פון ערן־בוך־קאָמיטעט מיטן בוך־קאָמיטעט



זיצנדיק פון רעכטס: דזשאָרזש קליין, נייטן געלבער, הערי בערקאָוויטש (בערק), ווילי יאַבלאָן.
שטייענדיק פון רעכטס: ד״ר בנימין אָרענשטיין, משה אַלטמאַן, לייב יאַקובאָוויטש, הערי קליין





Mr. and Mrs. George Klein at the Graduation of their children, Annette and David



Mr. and Mrs. Nathan Gelber celebrating their 40th Wedding Anniversary
Guests: Mr. and Mrs. George Klein and Mr. and Mrs. Harry Berkovitz



Mr. and Mrs. David Gelber at the Wedding
of their son Nahum



Mr. and Mrs. I. Leichter at the Sweet Sixteen
of their daughter Roselyn (Silberberg)



Mr. and Mrs. M. Dudkiewicz at the Bar Mitzvah
of their son Aaron



Mr. and Mrs. Daniel Lerner at the Bar Mitzvah
of their Son Marvin



Mr. and Mrs. Harry Berkovitz at the Wedding
of their daughter Natalie Avrith



Mr. and Mrs. Harry Klein
celebrating their 18th Wedding Anniversary



Mr. and Mrs. David Nisker at the Wedding Anniversary of
Mr. and Mrs. T. Zilbert



Mr. and Mrs. Karol Konarsky of Belgium
at their nephew's Bar Mitzvah



Mr. and Mrs. Charles Konarsky at the Bar Mitzvah
of their son Aaron



Mr. and Mrs. Harry Klein at the Sweet Sixteen
of their daughter Marilyn



Mr. and Mrs. M. Friedlander at the Sweet Sixteen
of their daughter Rosa



Mr. and Mrs. J. Rosenberg at the Bar Mitzvah
of their son Sammy



Mr. and Mrs. I. Leichter at the Bar Mitzvah
of their son Jacob (Silberberg)



Mr. and Mrs. R. Rudnicky at the Bar Mitzvah
of their son Morris



Mr. and Mrs. D. Rudnicky at the Sweet Sixteen
of their daughter Gloria



Mr. and Mrs. Z. Neufeld at the Bar Mitzvah
of their son Abie



Mr. and Mrs. A. Kaminsky at the Bar Mitzvah
of their son Eliezer



Mr. and Mrs. S. Zylberberg at the Wedding of their daughter Margaret



Mr. and Mrs. M. Levcovitch at the Sweet Sixteen of their daughter Pearl



Mr. and Mrs. B. Ickovitz at the Sweet Sixteen of their daughter Gloria



Mr. and Mrs. S. Zylberberg at the Wedding of their son Michel



Mr. and Mrs. M. Friedlander at the Bar Mitzvah
of their son Sammy



Mr. and Mrs. Edward Srebrnik at the Bar Mitzvah
of their son Henry



Mr. and Mrs. B. Ickovitz at the Sweet Sixteen
of their daughter Pauline



Mr. and Mrs. L. Segal at the Sweet Sixteen
of their daughter Naomi

הערי קליין

## אַ טראַדיציע ביי אַ טשענסטאָכאָווער פאַמיליע אין מאָנטרעאָל

מיט זיבער פערציק יאָר צוריק איז דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, נייטן געלבער, אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל. דאָ, אין מאָנטרעאָל, האָט ער זיך עקאָנאָמיש איינגעאָרדנט, חתונה געהאַט און זיין פרוי האָט אים באַשאָנקען מיט 7 קינדער: 3 זין און 4 טעכטער. ביים הייניטיקן טאָג באַשטייט די פאַמיליע פון 40 נפשות, כן ירבו, און נעמלעך: פריינד נייטן געלבער מיט זיין פרוי; 3 זין מיט 3 שנירן, 4 טעכטער מיט 4 איידעמס און 24 אייניקלעך.

ווען נייטן געלבער'ס קינדער זיינען אַביסל אונטערגעוואקסן האָט ער זיי צונויפגערופן, אַנידערגעלייגט אויפן טיש 7 פעקלעך ציגאַרעטן און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע וועגן דער שעדלעכקייט פון רויכערן. נאָך דער רעדע האָט ער געהייסן די קינדער נעמען אַ ציגאַרעט פון יעדן שאַכטל, פאַררויכערן און זיך איבערצייגן, אַז ער איז נישט אויסן צוצונעמען פון זיי דאָס פאַרגעניגן פון רויכערן נאָר, פאַרקערט, באַשיצן זיי פון די שלעכטע פאָלגן פון רויכערן.

יעדעס קינד האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעט און אזוי ווי ביז דעמאָלט האָט קיינער פון זיי נישט גערויכערט, האָט דאָס אויף זיי געווירקט נעגאַטיוו. יעדעס קינד האָט זיך אָנגעהויבן צו שטיקן פון דעם רויך, ניסן און אפילו ברעכן. אַלע קינדער האָבן אַוועקגעוואָרפן די ציגאַרעטן און יעדעס קינד האָט געטאָן אַ נדר, דורך געבן די האַנט דעם פאָטער און דערקלערנדיק, קיינמאָל אין לעבן נישט צו רויכערן.

ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואָקסן און עס האָט שוין געהאַלטן ביי שידוכים, האָט יעדער צוקונפטיקער איידעם און שניר געמוזט באַלייגן אַזאַ נדר.

דער רעזולטאַט פון דעם נדר איז געוואָרן אַ טראַדיציע אין דער משפחה פון נייטן געלבער, אַז קיינער פון זיי, סיי די עלטערן, סיי די זין, טעכטער, שנירן, איידעמס און אייניקלעך, רויכערן נישט. פאַרקערט, ביי יעדער געלעגנהייט באַמיען זיי זיך צו באַווירקן אַנדערע נישט צו רויכערן. מר נייטן געלבער איז זייער שטאָלץ פון זיין באַשלוס נישט צו רויכערן און אַלס אַזעלכער איז ער באַקאַנט ביי אַלע זיינע פריינט און באַקאַנטע.

ד״ר בנימין אָרענשטיין

# בערעק פּיעפּזש

בערעק פּיעפּזש האָט פֿון זיינע פריסטע יוגנט־יאָרן אַרויסגעוויזן אַ חוש פֿאַר געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. ער האָט געלערנט אין „מחזיקי הדת״ און נאָכדעם אין די אַלגעמיינע שולע. זיין געזעלשאַפטלעכע אָריענטאַציע און פיזישער געוואַגטקייט האָט ער צו פֿאַרדאַנקען די אָנגעהעריקייט צו דער יוגנט אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״ און ספּאָרט קלוב „מכבי״.

אין יאָר 1937 איז אין טשענסטאָכאָוו פֿאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. די פּוילישע כוליגאַנעס האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף דער נאַדזשעטנא גאַס אויף אַ העפטיקן ווידערשטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג און נישט געקוקט אויף דער מפּלה פֿון די אָנפאַלער, דאָך איז זיי געלונגען צו דעמאָלירן דעם אַלטן בית־המדרש און די ספר־תורות, חומשים און מחזורים האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין טייך „ווארטא״.

בערעק פּיעפּזש איז דעמאָלט געווען אַ יונג יינגל און זענענדיק דאָס האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און איז אַריינגעשפּרונגען אין טייך און האָט אַרויסגעראַטעוועט אַלע תשמישי קודש.

זיין דרייסטקייט, געוואַגטקייט און שנעלע אָריענטאַציע איז אים שטאַרק צונוץ געקומען אין דער צייט פֿון דער נאַצי טיראַניע.

אין דעם קליינעם געטאָ איז ביי דער פֿאַמיליע פוקס געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַ יינגעלע. עס איז געווען אַ גרויס געפֿאַר צו האַלטן דאָס קינד און יעדע מינוט איז געווען אַ געראַנגל צווישן לעבן און טויט. די עלטערן האָבן אַראַנזשירט, אַז אַ קריסטין זאָל נעמען דאָס קינד צום דערציען. דאָס יינגעלע איז אַלט געווען אַכט טעג. בערעק פּיעפּזש, וואָס האָט געאַרבעט אין הערמאַן׳ס צעגעלניע, נישט ווייט פֿון דער יאַסנע גורסקע, די וווינונג פֿון דער קריסטין, האָט זיך אונטערגענומען דאָס קינד דאָרט אַהינצופירן. אין דעם באַשטימטן פרימאָרגן האָט דער ד״ר פּזשיראָווסקי געגעבן דעם קינד אַ שלאָף איינשפּריצונג און אויך טאַטואירט די פּיאַטע פֿון אַ פּיסעלע מיט בלויען טוש, אַז אויב די עלטערן וועלן איבערלעבן די מלחמה זאָלן זיי האָבן אַ סימן פֿון קינד. דאָס קינד, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט טעג איז איינגעוויקלט געוואָרן אין אַ פאַטשיילע און אין אַ האַנט טעטשקע אין וועלכע עס איז געמאַכט געוואָרן צוויי לעכלעך, עס גאָל אַריינקומען אַ ביסל לופט, איז עס אריינגעלייגט געוואָרן. בערעק פּיעפּזש האָט גענומען די טעטשקע און זיך אַריינגעשטעלט אין דער רייע פֿון דער אַרבעטס־גרופּע און ווי יעדן טאָג אַרויסמאַרשירט צו דער אַרבעט. נאָכן אַרויסמאַרשירן פֿון קליינעם געטאָ איז פֿאָרגעקומען אַן אומגעריכטע געשעעניש. אַלע אַרבעטס־גרופּן זיינען פֿאַרהאַלטן געוואָרן אויפן קליינעם „רינעטשעק״. געווען איז דאָס אַ קאַלטער ווינטערדיקער טאָג פֿון חודש מערץ 1943. די נאַציס האָבן אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע פֿון אַוועקשיקן אַ גרעסערע גרופּע טשענסטאָכאָווער יידן קיין בליזשין. דאָס האָט גענומען צייט און דאָס קינד האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן צו וויינען. בערעק פּיעפּזש האָט אָנגעהויבן צו שאָקלען די טעטשקע, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די סיטואַציע איז געווען ערנסט. בערעק פּיעפּזש האָט זיך נישט פֿאַרלוירן און האָט געהייסן אַלע פֿון דער גרופּע זיי זאָלן זינגען בכדי די נאַצי איבערוואַכער זאָלן נישט דערהערן דאָס געוויין פֿון קינד. דער גליקלעכער צופֿאַל איז געווען, אַז פֿון דער גרופּע איז קיינער נישט אויסגעסעלעקטירט געוואָרן. אונטער אַ באַוואַכונג פֿון אַן אוקראַאינישן ווערקשוץ איז די גרופּע געפירט געוואָרן צו דער אַרבעט. דער אוקראַאינער ווערקשוץ, וואָס איז געווען אין דינסט פֿון דער ס.ס., האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער טעטשקע און ווידער איז געווען די סיטואַציע שלעכט. בערעק פּיעפּזש האָט איבערגעקויפט דעם אוקראַאינער און האָט דערפילט זיין אויפגאַבע בשלימות. אויפן אָפּגערעדטן אָרט

אויף קאָרנער יאַסנע גורסקע נעבן הויז, האָט ער אַוועקגעלייגט די טעטשקע און געגעבן דעם אָפּגערעדטן סימן אַ פייף איז די קריסטין גלייך אַרויסגעקומען און צוגענומען דאָס קינד. דער פאַקט איז, אַז דאָס קינד איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, איבערגעלעבט די מלחמה און דאַרפט שוין היינט אַלט זיין 22 יאָר.

נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ האָבן די נאַציס, אַזוי ווי די גאַנצע צייט פון זייער בלוטיקער הערשאַפט, אַרויסגעפירט אַלע זאַכן פון די יידן קיין דייטשלאַנד. געוויסע אַלטע קליידונגס זאַכן און אַלטע טעפּלעך און שיסעלעך האָט זיך זיי נישט געלוינט צונעמען איז דאָס איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון לאַגער „האסאג־פעלצערן". בערעק פּיעפּזש איז געווען אין דעם לאַגער און געאַרבעט ביי טראַנספּאָרט, דעריבער איז ער מיט נאָך עטלעכע יידן אונטער אַ באַוואַכונג פון ווערקשוצן געשיקט געוואָרן מיט פערד און וואָגן צו ברענגען די זאַכן. אין קליינעם געטאָ האָט ער געפונען צווישן די חורבות אַ גאַנצע רייע תשמישי קודש: אַ ספר־תורה, מגילה, שופר, טליתים, תפילין, אַ ש״ס, חומשים און מחזורים. ער האָט שנעל די אַלע תשמישי קודש באַהאַלטן אונטער די זאַכן אין דעם וואָגן און אויף אַזאַ אופן איז עס אַריינגעשמוגלט געוואָרן אין לאַגער. די אַלע תשמישי קודש האָט ער איבערגעגעבן צו הרב ישראל יוסף קוטנער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ מנין אין באַראַק נר. 7 און יעדן טאָג געלערנט אַ דף יומי. פאַרשטענדלעך איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען שטרענג אין געהיים. אין באַראַק נר. 7 האָבן זיך קאָנצענטרירט אַ גאַנצע רייע שטרענג אָרטאָדאָקסישע יידן ווי צום ביישפּיל: הרב אַלעווסקי, וועלכער איז נאָך דער באַפרייאונג געווען הויפּט־רב אין דער ענגלישער זאָנע אין דייטשלאַנד און היינט איז ער רב אין די פאַראייניקטע שטאַטן; הרב בנימין אליעזר באַזשיקאָווסקי, וועלכער האָט גלייך נאָך דער מלחמה אָרגאַניזירט די באַרימטע ישיבה „מאור הגולה" אין איטאַליע און היינט געפינט ער זיך אין מאָנטרעאָל און איז ממשיך זיינע טעטיקייטן אַלס ראש ישיבה, וועלכע ער האָט געגרינדעט אין איטאַליע, ר׳ נח עדעליסט, וועלכער געפינט זיך אין מדינת ישראל און פּילצאַליקע אַנדערע.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, אַז הרב ישראל יוסף קוטנער און זיינע חברים האָבן די תשמישי קודש אָפּגעהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ און ביי די שטרענגסטע רעוויזיעס האָבן די נאַצי־וועכטער זיי נישט געקענט געפינען. איינמאָל, אין יאָר 1944, איז אומגעריכט פאָרגעקומען אַזאַ רעוויזיע, אַז אַלע זאַכן, די פאַפּירענע שענניקעס מיט דער האַלץ־וואָלע און אַלץ, וואָס איז נאָר געווען אין באַראַק נר. 7 איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אינדרויסן און דעמאָלט האָט דער ווערקשוץ, אַ פאָלקס־דייטש, מיטן נאָמען פּיאַטרוש צוגענומען די תשמישי קודש און זיי פאַרניכטעט. עס האָט זיך בלויז אָפּגעראַטעוועט דער שופר.

גלייך נאָך דער מלחמה ווען יעקב פּאַט האָט באַזוכט טשענסטאָכאָוו, האָט ער באַקומען אַלס מתנה דעם, על פּי נס, אָפּגעראַטעוועטן שופר.

בערעק פּיעפּזש'ס פאָטער ר׳ מאיר איז געווען אַ שניידער־האַנדווערקער און די מוטער מרת חנה איז געווען שטענדיק פאַרנומען מיטן הויזגעזינד, וואָס איז באַשטאַנען פון אַכט קינדער: 5 זין און 3 טעכטער.

אין דער צייט פון די נאַצי־רציחות זיינען זיינע עלטערן: ר׳ מאיר און מרת חנה, זיינע אַלע דריי שוועסטערן: יענטל, הינדע, פייגע און צוויי ברידער: שלמה און שמעון אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

פון דער גאַנצער משפּחה זיינען געבליבן דריי ברידער: בערעק, יאַנקל און וואָלף. יאַנקל און וואָלף געפינען זיך אין אַמעריקע אין ניו־העווען.ביידע האָבן חתונה געהאַט. יאַנקל האָט דריי טעכטערלעך און וואָלף האָט איין זון.

בערעק פּיעפּזש מיט זיין פרוי צעלא און צוויי גראָטענע טעכטערלעך: מרים און אננא האָבן פון יאָר 1947 ביז 1960 געוווינט אין מאָנטרעאָל און פון 1960 וווינען זיי אין ניו יאָרק.



## דוד קאָניעצפּאָלער

אין חולון, ישראל, וווינט זייט יאַנואַר 8, 1949, דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן דוד קאָניעצפּאָלער, וועלכער איז איינער פון די געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וואָס דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט פון זיך אַרויסגעגעבן.

דוד קאָניעצפּאָלער, דער זון פון שלמה און חנה־צפּורה, איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו פעברואַר 27, 1897 ווען ער איז אַלט געווען צוויי יאָר האָבן זיינע עלטערן זיך אַריבערגעצויגן קיין ראַדאָמסק. דאָרט האָט ער פאַרבראַכט זיין קינדהייט און יוגנט יאָרן. געווען איז דאָס די צייט פון דער צאַרישער אָקופּאַציע, ווו יעדע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טעטיקייט איז געוואָרן פאַרבאָטן. די פאַרפאָלגונגען פון דער צאַרישער מאַכט האָבן זיך אויסגעדריקט אין תפיסות, פאַרשיקונגען, סיביר און קאַטאָרגע. נישט געקוקט דערויף איז דער אומגעהויערער דראַנג פון די אַרבעטער־מאַסן געווען צו אָרגאַניזאַציע, צו פאַראייניקונג, קאַמף פאַר סאָציאַלן יושר, פרייהייט און פּאָליטישע רעכט. שלמה, דער פאָטער פון דוד קאָניעצפּאָלער, איז געווען אַ טישלער און במילא געשטאַנען נאָענט צו די קרייזן, וואָס האָבן געפירט דעם גייסטיקן און פיזישן גערעאַנגל פאַרן עקאָנאָמישן קיום און נאַציאָנאַלע פרייהייט. אין דער אַטמאָספערע איז דוד קאָניעצפּאָלער דערצויגן געוואָרן. אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן האָט דוד באַקומען זיין בילדונג. צוערשט, פאַרשטענדלעך, אין חדר און נאָכדעם אין דער אַלגעמיינער שולע. זיין הויפּט בילדונג איז געווען די סביבה, די היים און די אַלגעמיינע אַטמאָספערע. אין די פריסטע יוגנט יאָרן איז ער מיטגעריסן געוואָרן מיט די לאָזונגען פון דער געהיימער באַוועגונג און איז באַהערשט געוואָרן פון די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אידעען. גאָר פרי האָט ער אָנגעהויבן צו אַרבעטן און שטייענדיק ביים טישלער וואַרשטאַט האָט ער געזונגען „די נייע לידער און נייע טענער", וואָס האָבן זיין לעבן אַ נייעם אינהאַלט און אַ נייע אידעע געגעבן. דער טישלער וואַרשטאַט, די סביבה, די געהיימע אָרגאַניזאַציע, די נייע לידער און נייע טענער האָבן דוד קאָניעצפּאָלערן גייסטיק און געזעלשאַפטלעך רייף געמאַכט. ער האָט מיט גרויס אינטערעס געלייענט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיטן יידישן לעבן, גערעאַנגל און אידעאָלאָגיע פון דער באַוועגונג. דאָס האָט באַרייכערט זיין וויסן און אים רייף געמאַכט צו דעם צוקונפטיקן אייגנאַרטיקן געזעלשאַפטלעכן עסקן אין טשענסטאָכאָוו.

פון ראַדאָמסק איז דוד קאָניעצפּאָלער צוריקגעקומען אין סעפּטעמבער 1922 קיין טשענסטאָכאָוו און געעפנט אַ טישלער וואַרשטאַט און אין יאַנואַר 2, 1923 האָט ער חתונה געהאַט. אַלס טישלער האַנדווערקער ווערט ער גלייך אַקטיוו אין דער האַנדווערקער באַוועגונג און איז דערוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון האַנדווערקער פאַרבאַנד אין טשענסטאָכאָוו. ער איז אויך דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרשטייער פון די האַנדווערקער אין דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו. ער איז גלייכצייטיק אַקטיוו געווען אין דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע און אויסגעפירט וויכטיקע פונקציעס פון דער יידישער קהילה. ווי צום ביישפּיל: געווען פּאָרזיצער פון פּליטים קאָמיטעט צו העלפן די זבאָנשינער פּליטים, וואָס זיינען פאַרטריבן

געוואָרן פון דייטשלאַנד ווען היטלער י"ש איז געקומען צו דער מאַכט. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען אין דער טשענסטאָכאָווער פרעסע וועגן עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַ גרויסן אינטערס און ספּעציעל ביי די האַנדווערקער. ער איז אויך געווען זייער אַקטיוו אין דער באַוועגונג „חלוץ בעל־מלאכה", וואָס האָט זיך באַמיט צו באַקומען סערטיפיקאַטן פאַר האַנדווערקער עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. אַ גאַנצע רייע פאַמיליעס מיט זייערע פאַמיליעס איז טאַקע דורך דער אָרגאַניזאַציע געלונגען עולה צו זיין קיין ישראל און אַלס ספּעציאַליסטן אין זייערע פאַכן האָבן זיי דאָרטן אויפגעבויט גאָר אָנגעזעענע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט צעשטערט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שיכות מיטן יידישן לעבן. דוד קאָניעצפּאָלער האָט געפירט אַ טישלער וואַרשטאַט אין האַנדווערקער הויז אויף אַלעע 14 און דאָרט איז געווען אַ זייער אָפטער טרעף־פּונקט פון פאָרשטייער פון דער יידישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. עס איז אַ פאַקט, אַז מאָטעק זילבערבערג, דער שפּעטערדיקער קאָמענדאַנט פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין קליינעם געטאָ האָט איבערגעגעבן, אין יאַנואַר 1943, דוד קאָניעצפּאָלערן פיר רעוואָלווערן צו באַהאַלטן אין וואַרשטאַט. אין דעם זעלבן וואַרשטאַט זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע שטרענג קאָנספּיראַטיווע מיטינגען און אויף אַזאַ מיטינג, אין פעברואַר 1943, איז אָנוועזנד געווען חבר „אַניעק". ווער עס איז געווען „אַניעק" איז גאָר גוט באַקאַנט און נעמלעך מרדכי אַנילעוויטש, דער שפּעטערדיקער קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

דאָס האַנדווערקער הויז איז מערץ 9, 1943, ליקווידירט געוואָרן און די אַלע פאַכלייט, וואָס האָבן געהאַט דאָרטן וואַרשטאַטן זיינען אַריינגעשיקט געוואָרן אין קליינעם געטאָ. דוד קאָניעצפּאָלער האָט געאַרבעט, אַלס פאַכמאַן, אין די געטאָ וואַרשטאַטן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ טישלער און שלאָסער וואַרשטאַט. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אויסצואַרבעטן האַנט־גראַנאַטן אין קליינעם געטאָ גופא. בכדי דאָס מעגלעך צו מאַכן האָבן די מאַשינען געדאַרפט זיך באַוועגן אויף עלעקטרישער קראַפט. דוד קאָניעצפּאָלער האָט דאָס געטאָן און גאַנצע נעכט האָבן די מיטגלידער פון דער טעכנישער גרופּע פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פּראָדוצירט האַנט־גראַנאַטן אין די וואַרשטאַטן פון קליינעם געטאָ.

נאָך דעם אויפשטאַנד און ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז דוד קאָניעצפּאָלער געווען קאָשאַרירט אויף גאַריבאַלדיעגאָ און נאָכדעם אין „האַסאַג־פעלצערן" וו ער איז באַפרייט געוואָרן יאַנואַר 17, 1945, ווען די נאַצי־מאַכט האָט געליטן אַ וויסטע מפּלה און אַנטלאָפן פון טשענסטאָכאָוו.

דוד קאָניעצפּאָלער איז דער איינציקער מיטגליד פון דער פאַר'מלחמה'דיקער יידישער קהילה, וואָס איז על פּי נס ניצול געוואָרן פון די נאַצי־מערדערישע הענט. אויך זיין פרוי האָט זיך על פּי נס אָפּגעראַטעוועט.

גלייך נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט, הגם פיזיש קראַנק און רואינירט, האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע אַרבעטן ,וואָס האָבן געהאַט אַ שיכות מיט ראַטעווען די שארית החורבן. ער איז גלייך דערוויילט געוואָרן צו דער יידישער רעליגיעזער קהילה, וועמענס ציל עס איז געווען ממשיך צו זיין די אַמאָליקע גלאָררייכע טראַדיציעס. אַ לענגערע צייט איז דוד קאָניעצפּאָלער געווען קראַנק און ווי נאָר ער איז פיזיש געקומען צוריק צום געזונט איז ער מיט זיין פרוי עולה געווען קיין ישראל, וואָס איז פאַר לאַנגע יאָרן געווען זיין ציל, אידעע און לעבנס־שטרעבונג.

דוד קאָניעצפּאָלער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער חורבן־עפּאָכע און זיי זיינען אויסגערעכנט אין ד״ר פיליפּ פרידמאַן׳ס ביבליאָגראַפיע אין בוך „טשענסטאָכאָוו״. ער איז אויך פאַרטרעטן מיט אַ גאַר זעלטענער אָפּהאַנדלונג אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״ אונטערן טיטל: „די לעצטע 24 שעה אין „האַסאַג״ און אין דעם בוך מיט גאַר רירנדע מעמואַרן וועגן זיין מוטער חנה צפּורה ע״ה אונטערן טיטל: „מיין מאַמעס לעצטע מינוטן״.

דוד קאָניעצפּאָלער האָט אַ סך בייגעטראָגן צום יידישן לעבן און קאַמף פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

וואָלף סקאָרופּאַ

## די ביאָגראַפיע פון אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן אין ישראל



גאָדל פרייטאַג

גאָדל פרייטאַג געהערט צו די אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ישראל אין יאָר 1925. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ רעליגיעז נאַציאָנאַלער סביבה און אין זיינע טריסטע יוגנט יאָרן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג און געדינט געטריי דער אידעע פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. די באַוועגונג איז געווען פאַר אים די געזעלשאַפטלעכע שולע, וואָס האָט רייף געמאַכט זיינע אידעען, אָנשויאונגען און געדאַנקען. פון יאָר 1912 ביז דעם היינטיקן טאָג איז ער אומצושיידבאַר מיט דער אידעע פון פּועלי ציוניזם. אין דער באַוועגונג זיינען שטענדיק אָנגעגאַנגען דיסקוסיעס און אויך מיינונגס־פאַרשידנהייטן, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אַ קלימאַקס פון שפּאַלטן אויף רעכטע און לינקע. גאָדל פרייטאַג איז געוואָרן אַ רעכטער פּועלי־ציוניסט און פעלזן־פעסט פאַרטיידיקט די 21 פּונקטן פון וועלכע דער הויפּט־פּונקט איז געווען צו קעמפן פאַר אַן אייגענער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקער מדינה אין ישראל. די אידעע האָט זיך ביי גאָדל פרייטאַגן נישט בלויז אויסגעדריקט טעאָרעטיש, נאָר אויך פּראַקטיש און אין יאָר 1925 האָט ער באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין ישראל. זייענדיק באַפריינדעט מיט אַלע פּועלי־ציון חברים, סיי רעכטע און סיי לינקע, האָבן ביידע ריכטונגען איינגעאָרדנט פאַר אים אַ פייערלעכן באַנקעט. אויף דעם באַנקעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ הומאָריסטישע לעבעדיקע צייטונג און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ קאָנקורס פאַר אַ פּאַסיקן נאָמען פון דער צייטונג. דעם קאָנקורס האָט געוואונען יעקב פעפער, וואָס געפינט זיך אין ישראל פאַרן נאָמען: „צוויי קעץ אין איין זאַק״ און דאָס איז דערפאַר, ווייל צוויי באַקעמפנדע זיך צדדים האָבן זיך באַטייליקט ווי צוויי פריינטלעכע גרופּירונגען.

אין טשענסטאָכאָוו זיינען די לינקע פּועלי ציון געווען גרעסער אין צאָל און דעריבער האָט עס געהייסן, אַז די לינקע האָבן אויסגעשלאָסן די רעכטע, מיט אַלע קליפּערלעך, וואָס דעמאָלט גאָר יונגע חברה האָבן געקענט. זיי האָבן געמאַכט אַ ליסטע פון די אויסגעשלאָסענע און איינגערעמט אין אַ שוואַרצער ראַם. צווישן

די נעמען פון די אויסגעשלאָסענע אין דער שוואַרצער ראָם איז געווען אויך דער נאָמען פון גאָדל פרייטאַג. ביים אַוועקפאָרן, אויפן באַנקעט, זיינען אַלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן פאַרשוווּנדן און אַלע האָבן זיך, פון ביידע צדדים, מיט די האַר־ציקסטע און פריינטלעכסטע ווערטער אויסגעדריקט וועגן גאָדל פרייטאַג׳ס טיפן און איבערגעגעבענעם אידעאַליזם. דער נאָמען פון דער לעבעדיקער צייטונג האָט דעריבער באַקומען די אַלגעמיינע צושטימונג פון אַלע אָנוועזנדע. אויף דעם באַנקעט איז אויך ספּאָנטאַניש געשאַפן געוואָרן אַ ליד, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך לעאָן זיידמאַן.

גאָדל פרייטאַג איז ביז זיין אָפּפאָרן קיין ישראל געווען טעטיק אויף אַלע געביטן פון יידישן קולטורעלן, געזעלשאַפטלעכן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן. זיינע אַקטיוויטעטן האָבן אונטער זיך אַ געשיכטע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען איינער פון די גרינדער און אָנפירער פון דעם קאָאָפּעראַטיוו „אַרבעטער־היים״, קינדער היים, פאָלקס־שולע, פאָלקס קיך און קיך פאַר די אינטעליגענץ. דאָס איז געווען די צייט ווען הונגער און נויט האָבן אַריינגעדרונגען אין דער מערהייט פון די יידישע היימען, ווייל צוליב דער מלחמה האָבן די מערהייט פון די יידן פאַרלוירן אַלע קוואַלן פון פרנסה.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אין יאָר 1915, איז אַ גרופּע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און צווישן זיי גאָדל פרייטאַג, אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. דאָרטן זיינען זיי באַשעפטיקט געוואָרן אַלס באַן־אַרבעטער. גאָדל פרייטאַג האָט דאָרט אָרגאַניזירט אַ טשענסטאָכאָווער פאַריין פון די פאַרשיקטע לאַנדסלייט. אין יאָר 1917 איז די גרופּע צוריקגעשיקט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרטן געאַרבעט אַלס באַן־אַרבעטער. די גרופּע יידישע באַן־אַרבעטער האָבן געהערט צום שלאָסער־פאַריין און גאָדל פרייטאַג איז געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג. ווען פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק און די פּוילישע רעגירונג האָט איבערגענומען די אייזנבאַן, איז דאָס ערשטע, וואָס זי האָט געטאָן איז געווען אָפּגעזאָגט די יידישע באַן־אַרבעטער. גאָדל פרייטאַג האָט אונטערגענומען אַן אַקציע, אַז די פּוילישע רעגירונג זאָל צוריק באַשעפטיקן די יידישע אַרבעטער אָדער באַצאָלן אַנטשעדיקונג. די פּוילישע רעגירונג, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט איר אַנטיסעמיטיזם, האָט בעסער אויסגעקליבן דעם צווייטן אַלטערנאַטיוו און באַצאָלט די יידישע באַן־אַרבעטער אַנטשעדיקונג.

ווען די באַנדעס פון גענעראַל האַלער האָבן באַפאַלן און פּאָגראָמירט יידן, האָט אלקנה כראַבלאַווסקי אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ און גאָדל פרייטאַג איז געווען איינער פון די אַקטיווע מיטגלידער אין דער אָרגאַניזאַציע. אלקנה כראַבלאַווסקי וווינט אין לאָס אַנדזשעלעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן די לאַנדסלייט אין דער וועלט אָנגעהויבן צו שיקן פינאַנציעלע הילף קיין טשענסטאָכאָוו פאַר די אינסטיטוציעס. גאָדל פרייטאַג האָט געהאַלטן אַ רעדע אויף דער פייערונג פון דער קינדער־היים און פאָלקס שולע אין וועלכער ער האָט דערקלערט, אַז אַ סך פון די קינדער, וואָס וועלן לערנען אין די אינסטיטוציעס, וועלן אויסוואַקסן קעמפער פאַר ישראל. דער פאַרזאַמלטער עולם האָט אָנגעהויבן צו פייפן און צו לאַכן. גאָדל פרייטאַג, דער־ציילנדיק די געשיכטע, נאָך עטלעכע צענדליק יאָר, דערקלערט ער, אַז דאָס פייפעריי קלינגט נאָך אים איצט אין די אויערן. דאָס האָט אים גאָרנישט אָפּגעשטעלט אָדער אָפּגעשוואַכט אין זיינע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע און פּועלי ציוניסטישע אַקטיוויטעטן. ער דערקלערט, אַז אַ געוויסע צאָל פון די „פייפערס״ זיינען געקומען קיין ישראל און זיך טאַקע גאַנץ גוט און פיין איינגעאָרדנט. נישט געקוקט דערויף, וואָס גאָדל

פרייטאג, האָט געהאַט „אָפּלאַכערס״ און „אויספּייפערס״, האָט ער אויך געהאַט אַ גרויסע צאָל האַרציקע און ליבע פריינט, וואָס האָבן אים שטאַרק פאַרערט. דער פאַקט באַווייזט, אַז צום אָפּפאָרן קיין ישראל איז געקומען צו דער באַן אַ גרויסע צאָל זיינע פאַרערער און שמחה רייך האָט אים אין זייער נאָמען דעקאָרירט מיט אַ זילבערנעם זשעטאָן פאַר זיינע פאַרדינסטן אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער און איבערגעגעבענער אידעאַליסט.

אָנקומענדיק קיין ישראל, האָט גאָדל פרייטאג אָרגאַניזירט אַ פאַריין פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. די צאָל יידן איז נאָך דעמאָלט געווען אַ גאָר קליינע, די עקאָנאָמישע באַדינגונגען נישט קיין גאָר געהויבענע, דעריבער איז די ערשטע פראַגע געווען ווי אַזוי צו שאַפן אַרבעט פאַר די עולים צו פאַרדינען אויף לעבן. גאָדל פרייטאג, מיט זיין שטאַרקן אונטערנעמונגס־גייסט האָט אָרגאַניזירט אַ געזעל־שאַפט צו בויען הייזער אונטערן נאָמען „קבוצה פרייטאג״. אויף אַזאַ אופן האָבן די לאַנדסלייט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען אַרבעט און צו פאַרדינען אויף לעבן. גאָדל פרייטאג איז געווען אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט טשענסטאָכאָוו און איז געווען דער שטענדיקער ארץ־ישראל קאָרעספּאָנדענט פאַר די צוויי צייטונגען: „טשענסטאָכאָווער צייטונג״ און „אונדזער וועג״. אויף אַזאַ אופן איז ער געשטאַנען אין אַ כסדר׳דיקן קאָנטאַקט מיט די לאַנדסלייט אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט אויך אָרגאַניזירט אַ טיי פּאַקעריי אין תל־אביב, אונטערן נאָמען „תה קראת״, וואָס עקזיסטירט ביז דעם היינטיקן טאָג.

אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט האָט זיך גאָדל פרייטאג איבערצייגט, אַז די דעמאָלט קליינע צאָל טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט קענען, ביים בעסטן ווילן, נישט שפּילן קיין אָנגעזעענע ראָלע אין ישוב, דעריבער איז אַמבעסטן צו אָרגאַניזירן אַ פאַרבאַנד פון אַלע פּוילישע יידן, ווו אַלע קליינע גרופּן, דאָס הייסט לאַנדס־מאַנשאַפטן, זאָלן קומען צום אויסדרוק אויף אַ געהעריקן אופן. געטראַכט און געטאָן. גאָדל פרייטאג האָט זיך געזען מיט אַ גאַנצע רייע פאָרשטייער פון פּוילישע יידן, ווי אברהם לערנער פון לאָדזש, בנימין גראסקאָפּ פון לעמבערג, יוסף פּומוריק פון ראַדאָם, דיאמאָנט בערל פון כמיעלניק און אַ גאַנצע רייע אַנדערע און דער פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן איז געשאַפן געוואָרן און האָט געטאָן אַ גאָר וויכטיקע אַרבעט אויפן געביט פון איינאָרדנען נייע עולים, קעגנזייטיקע הילף און אַזוי ווייטער. די טשענסטאָכאָווער זיינען געווען פאַרטרעטן אין דער עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד דורך גאָדל פרייטאג און משה זילבערשאַץ. גלייך נאָך דער גרינדונג פון פאַרבאַנד זיינען פאָרגעקומען וואַלן צו דער שטאָט פאַרוואַלטונג אין תל אביב. דאָס איז געווען אין יאָר 1927 און דער פאַרבאַנד האָט געווונען זעקס מאַנדאַטן און צווישן זיי זיינען צוויי טשענסטאָכאָווער: דער רב שאיעוויטש (אין טשענסטאָכאָוו איז ער באַקאַנט געווען אַלס דער וואלער רב) און גאָדל פרייטאג. דער פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן האָט אַפילו געגרינדעט אַ באַנק, וואָס האָט זיך גערופן „בנק עולי פּולין״ און היינט רופט זי זיך „בנק ישראל בריטניה״.

גאָדל פרייטאג האָט דריי מאָל באַזוכט טשענסטאָכאָוו. דאָס ערשט מאָל אין יאָר 1929 און האָט דעמאָלט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַגיטאַציע, אַז מאַסן טשענסטאָכאָווער יידן זאָלן פאַרלאָזן פּוילן און עמיגרירן קיין ישראל. ער האָט אייסער רעפעראַטן אויף פאַרשידענע מיטינגען אויך געשריבן וועגן דעם אין די טשענסטאָכאָווער צייטונגען. דאָס צווייטע מאָל אין יאָר 1934. גאָדל פרייטאג האָט זיך באַטייליקט אין דער וועלט־אויסשטעלונג אין פּאַריז און דאָרטן האָט זיין פירמע „תה קראת״ באַקומען אַ זילבערנעם מעדאַל. דעמאָלט האָט ער ווידער באַזוכט טשענס־טאָכאָוו צום דריטן מאָל אין יאָר 1937.

גאָדל פרייטאג געהערט צו די אייגנאַרטיקע עסקנים פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.



## בערל איצקאָוויטש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף גאַרנצאַרסקאַ 56, זון פון יעקב און גיטל, פון דער היים, קירשענבוים.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם געווען קאַשאַרירט אין „האסאג פעלצערן". דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און געווען אין פאַרשידענע לאַגערן. באַפרייט געוואָרן אַפּריל 15, 1945 אין בערגען־בעלזען.

געקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1950 צוזאַמען מיט זיין פרוי סאַלע און צוויי טעכטערלעך: גיטעלע און פערעלע.

בערל איצקאָוויטש איז גלייך נאָך זיין קומען געוואָרן אַקטיוו און פאַרנומען אַ גאַנצע רייע אַמטן און פון יאָר 1958 איז ער דער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## סאלא איצקאָוויטש

פון דער היים נודעלמאַן, פרוי פון פאָר־זיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, בערל איצ־קאָוויטש. געבוירן אין לעלעוו. געוווינט אין טשענסטאָכאָוו אויף קראָקעווער גאַס נר. 14.

געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין „האסאג־פעלצערן". געאַרבעט אין דער רעקאַליברירונג אָפּטיילונג. אין 1943 אַדורכ־געשאָסן געוואָרן דורך אַ ווערקשוץ. באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1950 און איז גלייך געוואָרן אַקטיוו אין דער לײדיס אָקזילערי. זי פירט דעם ספר הזכות פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס איז אַ רעקאָרד פון געשיקטע מאַטעריעלע הילף צו די לאַנדסלייט אין ישראל און אין אַנדערע לענדער.

סאַלאַ איצקאָוויטש באַטייליקט זיך אַקטיוו אין אַלע אונטערנעמונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## מרים אַלטמאַן

פון דער היים צוקערמאַן. געבוירן גע־וואָרן אין טשענסטאָכאָוו און פאַר דער מלחמה געוווינט אויף פילסודסקעגא 23. טאָכטער פון לייביש און פייגל ע״ה. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געלעבט אויף דער אַרישער זייט און באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. פרוי פון משה אַלטמאַן. געקומען קיין מאָנטרעאָל מיט איר מאַן און דריי קינדער אין 1958.

אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי און באַטייליקט זיך אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## משה אַלטמאַן

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, און פאַר דער מלחמה געוווינט אויף פילסודסקעגאָ 9. זון פון חיים און דבורה ע״ה. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאָשאַ־רירט אין „האסאג־פעלצערן״ און געאַרבעט אין דער מעכאַנישער אָפּטיילונג.

באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945.

אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1958. איז אַקטיוו אין די לאַנדסמאַנ־שאַפט און פאַרנעמט אַ גאַנצע רייע אַמטן אין דער עקזעקוטיווע.

---



## ד״ר בנימין אָרענשטיין

געבוירן אין וואַרשע. זון פון הרב ר׳ אליעזר און צפורה, פון דער היים שפירא. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער אַ־וועק פון וואַרשע. פון סעפּטעמבער 26, 1939, ביז אַפּריל 27, 1942 געווען אין אָטוואָצק. פון אַפּריל 28, 1942 ביז יאַנואַר 22, 1943 געווען אין לאַגער, ,קאַרטשעוו״ און פון דאָרט אַנטלאָפן קיין טשענסטאָכאָוו. געווען אין טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ. צוערשט געאַרבעט אין ,,האסאג־ראקווו״ און נאָכדעם אין ,,האסאג־ פעלצערן״. יוני 25 קאשארירט געוואָרן אין ,,האסאג־פעל־צערן״. יאַנואַר 15, 1945 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד און פון דאָרט, יאַנואַר 24, 1945 קיין ,,דארא״ זון נאָכדעם עוואַקואירט געוואָרן אַפּריל 2, 1945 קיין בערגען־בעלזען און דאָרט באַפרייט געוואָרן אַפּריל 15, 1945. נאָך דער באַפרייאונג געוווינט אין מערב־דייטשלאַנד אין דער שטאָט באַמבערג. געווען פאַרטרעטן אין אַ גאַנצע רייע אינסטאַנצן פון דער שארית הפליטה. געווען דירעקטאָר פון דער רע־גיאָנאַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פראַנקן, לעקטאָר פון צענטראַלן באָארד פאַר קולטור און דערציאונג און מיטגעאַרבעט אין דער פּרעסע. ער איז דערוויילט גע־וואָרן אַלס פאָרזיצער פון קולטור־קאָמיטעט פון דער צענטראַל פאַרוואַלטונג פון די טשענכטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד און אויפגעטרעטן אויף אַלע צענטראַלע אַקאַדעמיעס. ער איז דער מחבר פון בוך ,,חורבן־טשענסטאָכאָוו״, רעדאַקטאָר פון דער איינמאַליקער אויסגאַבע ,,אונדזער יאָרצייט״ און אַ גאַנצע רייע אַנדערע פּובליקאַציעס. אָנגעקומען קיין קאַנאַדע אָקטאָבער 28, 1948. דערוויילט געוואָרן אַלס ערשטער פאָרזיצער פון דער טשענכטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל און נאָכדעם פאַרנומען דעם אַמט אַלס גענעראַל־סעקרע־טאַר, וועלכן ער פאַרנעמט ביז דעם היינטיקן טאָג. אין קאַנאַדע פאַרעפנטליכט אַ גאַנצע רייע בראָשורן און אָפּהאַנדלונגען וועגן אַלגעמיינע פּראָבלעמען און אויך וועגן טשענסטאָכאָוו.



## רבקה אבראַמסאָן

פון דער היים ווייכמאַן. געבוירן אין קלאָ־בוצק. טאָכטער פון זלמן און מאכע. דורכגע־לעבט די פיין און ליידן אין געטאָ און נאָכ־דעם דעפּאָרטירט געוואָרן אין קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער אין דייטשלאַנד. באַפרייט געוואָרן אַפּריל 15, 1945 אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1952. איז טעטיק אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען.



## שלמה ביאַליסטאָקער

געבוירן אין יאָר 1899 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון משה און האָדל, פון דער היים פּייפער, געוווינט אויף טאַרטאַקאָווע גאַס.

צו 20 יאָר מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי און נאָך עטלעכע חדשים אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד און געוווינט ביז דעם יאָר 1939 אין דער שטאָט קעלן.

מיט שווערער מי איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון די היטלעריסטישע באַנ־דיטן און נאָך אַ לאַנגן פיינפולן וואַנדער־וועג אָנגעקומען קיין טאַנדזיר, מאַראָקאָ.

נאָך שווערע איבערלעבונגען און מאַטערנישן איז אים געלונגען אָנצוקומען אין יאָר 1944 קיין קאַנאַדע און זיך איינגעאָרדנט אין מאָנטרעאָל.

שלמה ביאַליסטאָקער איז אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און העלפט מיט מאָראַליש און פינאַנסיעל.



## מאָריס באָבראָוו (באָבראָווסקי)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געוווינט אויף וואַר־שעווער 33. זון פון פייוויש־לייב און גאָלדע, פון דער היים פּרושיצקא. אויסגעוואַנדערט פון טשענסטאָכאָוו אין די פאַרייניקטע שטאַטן אין יאָר 1912. זייט דעם יאָר 1923 זיך באַזעצט אין קאַנאַדע. חתונה געהאַט אין יאָר 1930 מיט סערא קאלעפּון. איז אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען.

---



## חנה בארוכאָווסקא־פּראקאש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף פּילסודסקיעגא גאַס. טאָכטער פון הרב פּראקאש, וואָס איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען ר׳ יאָסעלע קירה, און מוטער דבורה, פון דער היים אַמסטערדאַם. געקומען קיין קאַנאַדע צוזאַמען מיט איר מאַן דוד באָרוכאָווסקי אין יאָר 1948. איז טעטיק אין דער לײדיס אָקזילערי און נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין אַלע אונטערנעמונגען.

---



## אהרן בירענבאום

געבוירן אין קאמיק. פאַר דער מלחמה גע־וווינט אין טשענסטאָכאָוו אויף דער וואַרשע־ווער גאַס. זון פון שלמה און מלכה. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאשארירט אין „האסאג־פעלצערן". באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָ־כאָוו יאַנואַר 16, 1945. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1949. איז אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. באַטייליקט זיך אין אַלע אַקטיוויטעטן און אין אַלע אונטערנעמונגען.

---



## פרימעט בירענבאַום

פון דער היים קאַנאַפינסקי. געבוירן אין סאָסנאָוויעץ, פרוי פון אהרן בירענבאום. אין דער צייט פון דער מלחמה געוווינט אין טשענ־סטאָכאָוו. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכ־דעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאשארירט אין „האסאג־פעלצערן". באַפרייט גע־וואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. געקומען קיין קאַנאַדע צוזאַמען מיט איר מאַן אין יאָר 1949. איז אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי און באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען.

---



## לייביש בירענבאום

געבוירן אין קאמיק. פאַר דער מלחמה געוווינט אין טשענסטאָכאָוו אויף דער וואַרשעווער גאַס. זון פון שלמה און מלכה. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאשארירט אין „האסאג־פעלצערן״. באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. ער וווינט אין דייטשלאַנד. געווען אויף אַ באַזוך אין מאָנטרעאָל. ער נעמט אַן אינטערעס אין די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל. ער איז דער ברודער פון אהרן בירענבאום.

---



## שלמה בירענבאום

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף דער וואַרשעווער גאַס. זון פון לייביש און העלא. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאשארירט אין „האסאג־פעלצערן״. באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. געפינט זיך יעצט אין דייטשלאַנד. ער איז דער פלימעניק פון אהרן בירענבאום. שלמה בירענבאום איז געווען אויף אַ באַזוך אין מאָנטרעאָל און נעמט אַן אינטערעס אין די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

---



## בערל בראדער

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף בערקא יאָסעלעוויטשא נומ. 6. זון פון יעקב־יוסף און יענטל, פון דער היים שערער. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען אין לאַגער „האסאג־פעלצערן". באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. אַוועקגעפאָרן קיין בעלגיע און געוווינט אין אַנטווערפּן ביז 1951. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1951. נעמט אַן אַקטיוון אינטערעס אין די טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## לייבל בראווער

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון יעקב־יוסף און יענטל, פון דער היים שערער. געוווינט אויף דער בערקא יאָסעלעוויטשאַ גאַס נר. 6. געווען אין גרויסן געטאָ און אין דער צייט פון די בלוטיקע געשעענישן געווען קאשארירט אין „האסאג־פעלצערן". די עלטערן און צוויי ברידער: אברהם און דוד אומגעקומען אין טרעבלינקע.

אַדורכגעמאַכט אַ קאשמאר לעבן אין קליינעם געטאָ און נאָכדעם אין „האסאג". נאָך דער באַפרייאונג געוווינט אין אַנטווערפּן, בעלגיע. פון 1951 אַ שטענדיקער איינוווינער אין מאָנטרעאָל. נעמט אָנטייל אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## מאכל בערגמאַן

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מל־חמה געוווינט אויפן אַלטן־מאַרק נר. 6. זון פון לייזער און מלכה, פון דער היים דרעסלער. אין יאָר 1929 עמיגרירט קיין פראַנקרייך און געוווינט אין פאַריז. נאָך דער מלחמה, אין יאָר 1949, עולה געווען קיין ישראל. אין יאָר 1959 אָנגעקומען קיין קאַנאַדע. נעמט אָנטייל אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## יאָנאַס בערק (בערקאָוויטש)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף גאַריבאַלדיעגא 26. זון פון משה־אהרן און רחל, פון דער היים שפּיץ. געקומען פון דייטשלאַנד קיין קאַנאַדע אין יאָר 1947. געוואָרן אַקטיוו אין דער טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפס־סאָסייטע, פאַר־נעמענדיק דעם אַמט פון סעקרעטאַר. חתונה געהאַט אין מאָנטרעאָל מיט סוזאַן פּיק, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין זאַגרעב, יוגאָסלאַוויע.

נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## זאָפיא גרייצער

פון דער היים מעסטעל, טאָכטער פון יוסף און ביזשקאַ. פרוי פון סטאַשעק גרייצער. אין דער צייט פון דער מלחמה געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין לאַגער „האַסאַג־פעלצערן". באַפרייט געוואָרן יאַנואַר 16׳ 1945 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1952. איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי פון דער טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און נעמט אָנטייל אין אַלע אונטערנעמונגען.



## סטאַשעק גרייצער

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט פאַר דער מלחמה אויף דער פּזשעמיסלאָווע גאַס. זון פון אברהם און העלאַ, פון דער היים דילעווסקי. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכ־דעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין לאַגער „האַסאַג־פעלצערן". באַ־פרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. געקומען קיין קאַנאַדע מיט זיין פרוי זאָפיא, אין יאָר 1952. נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט.



## מרדכי דודקעוויטש

געבוירן אין קאָניעצפּאָל. פאַר דער מל־חמה געוווינט אין טשענסטאָכאָוו אויף פּיל־סודסקעגאָ 27. זון פון אהרן און ביילע. אין יאָר 1956 געקומען קיין קאַנאַדע מיט זיין פרוי שרה פון דער היים פישמאַן און צוויי זין. באַטייליקט זיך אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און נעמט אָנטייל אין אַלע אונטערנעמונגען.

---



## מרדכי הערשליקאָוויטש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף גאַרנצאַרסקאַ 2־4. זון פון דוד און חנה, פון דער היים בערקאָוויטש. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין „האַסאַג־פּעלצערן". אין יאַנואַר 1945 דע־פּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. געווען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן בוכנ־וואַלד, „דאָראַ" און בערגען־בעלזען. באַפרייט געוואָרן אַפּריל 15, 1945 אין בערגען־בעלזען. די עלטערן און די ברייט פאַרצווייגטע פאַמיליע אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין די נאַצי־רציחות.

מרדכי הערשליקאָוויטש איז אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע און זיין פרוי ראָזאַ איז אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי. די הערשליקאָוויטשעס פירן זייערע אַקטיוויטעטן מיט גרויס איבערגעגעבנהייט לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## שלמה וואגא

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געוווינט אויף אַלעע 24. דעם „בלוטיקן מאָנטיק" איז וואגא גענומען געוואָרן אַלס אַ „זאקלאדניק". געוועזן די גאַנצע צייט אין גרויסן געטאָ. נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ אין יוני 1943 געווען אין אַ בונקער צוזאַמען מיט זיין משפחה ביז צו דער באַפרייאונג, יאַנואַר 17, 1945. זייענדיק אין בונקער האָט ער אָנגעשריבן זיינע איבערלעבונגען, וואָס איז אין יאָר 1949 דערשינען אין בוך־פאָרם אונטערן נאָמען „חורבן־טשענסטאָכאָוו".

אין יאָר 1949 איז וואגא אָנגעקומען קיין קאַנאַדע און זיך באַזעצט אין מאָנט־רעאָל. ער איז גלייך געוואָרן אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט. ער האָט פאַרנומען צוערשט דעם אַמט פון סעקרעטאַר און נאָכדעם אַלס פאָרזיצער. ער איז אויפגע־טרעטן מיט רעדעס אויף די יזכור אַקאַדעמיעס און ביי פאַרשידענע אונטערנעמונ־גען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

זייט די לעצטע פאָר יאָר וווינט ער אין טאָראָנטאָ. נישט געקוקט דערויף, וואָס וואגא איז יעצט דאָרטן אַ תושב, דאָך נעמט ער אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.





## אַדאַם וואַלאַס (וורצלאַווסקי)

געבוירן אין בענדין. זון פון אלימלך און שרה פון דער היים פאַכטער. אין יאָר 1934 חתונה געהאַט אין טשענסטאָכאָוו מיט פעליציאַ שאיא.

אין דער נאַצי צייט זיינען אַדאַם וואַלאַסעס עלטערן, דריי ברידער און דריי שוועסטערן ווי אויך די פרויס משפחה: איר פאָטער, אַ ברודער און שוועסטער, אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם. דער איינציקער זון פון די וואַלאַסעס, אין עלטער פון זיבן יאָר, איז דורך די נאַצי-רוצחים אומגעבראַכט געוואָרן.

די וואַלאַסעס: אַדאַם און פעליציאַ, זיינען געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם געווען קאַשאַרירט אין „האַסאַג-פעלצערן".

זיי זיינען באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

די וואַלאַסעס זיינען אָנגעקומען קיין קאַנאַדע, מאָנטרעאַל, אין יאָר 1947 און פעליציאַ וואַלאַס האָט דאָ געבוירן אַ זער געראָטן טעכטערל, סוזי.

פרוי פעליציאַ וואַלאַס איז געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל אויגוסט 13, 1961.

אַדאַם וואַלאַס איז טעטיק אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. ער האָט פאַרנומען פאַרשיידענע אַמטן אין דער עקזעקוטיווע און באַטייליקט זיך אין אַלע אַקטיוויטעטן.

---



## סוזי וואַלאַס (וורצלאַווסקי)

געבוירן אין מאָנטרעאַל, טאָכטער פון אַדאַם און פעליציאַ וואַלאַס, פון דער היים שאיא. זי האָט גראַדואירט די באַרימטע טראַפאַלגאַר הײַ־סקול. זי אַרבעט אַלס סעקרעטאַרין אין אַ יורידישן אָפיס פאַר אַ באַקאַנטן מאָנטרעאַלער לאָיער. זי צייכנט זיך אויס מיט איר אינטעליגענץ און טאַקטפולקייט און איז זער באַליבט אין יעדער געזעלשאַפט.

---



## יאָסל וורָאָצלאַווסקי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף וואַרשעווער גאַס. זון פון מרדכי און מירל, פון דער היים פאַרבערג.

געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין „האַסאַג־ראַקוווּ". ענדע 1944 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכנוואַלד. באַפרייט געוואָרן פון רעזנשטאַטער קאָנצענטראַציע לאַגער מאַי 8, 1945. אָנהויב 1947 געקומען קיין קאַנאַדע. נעמט אָנטייל אין אַלע אונטערנעמונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## מאַניע לייכטער

געבוירן אין יאָר 1920 אין דזשאַלאָשין. טאָכטער פון יעקב איצקאָוויטש און גיטל, פון דער היים קירשענבוים.

די פאַמיליע האָט זיך איבערגעצויגן קיין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1927 און אין באַשטאַנען פון 9 פּערזאָן.

אין דער צייט פון די נאַצי רציחות אין טשענסטאָכאָוו זיינען מלכה לייכטער'ס עלטערן און פיר געשוויסטער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרטן אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

מלכה לייכטער מיט איר ברודער בערל און שוועסטער געניא, וואָס געפינט זיך אין מדינת ישראל, זיינען געווען קאַשאַרירט אין „האַסאַג־פעלצערן" און דאָרטן באַפרייט געוואָרן.

מלכה לייכטער האָט אין „האַסאַג־פעלצערן" געאַרבעט אונטער די אָנפירונג פון מייסטער פאַסאַל, וועלכער איז געווען אַ גרויזאַמער נאַצי רוצח און אַלעמען מער־דערלעך געשלאָגן. אין רעזולטאַט פון ד'עם שלאָגן האָט מלכה לייכטער באַקומען אַ כראָנישן גערויש אין די אויערן.

זי איז געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1947 און האָט צוויי געראָטענע קינ־דערלעך.

מלכה לייכטער איז אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי און מיט גרויס איבער־געגעבנהייט פירט זי אויס אַלע אַרבעטן פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## חיה זילבערבערג

פון דער היים ברעגמאַן. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, טאָכטער פון לייזער און מלכה, פון דער היים דרעסלער. פאַר דער מלחמה גע־ווינט אויפן אַלטן מאַרק נר. 6. פרוי פון שמחה זילבערבערג (סילווער).

אין יאָר 1934 אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז און דאָרטן אין פראַנקרייך איבערגע־לעבט די מלחמה.

אין יאָר 1955 געקומען קיין מאָנטרעאָל צוזאַמען מיטן מאַן און צוויי קינדער: אַ זון און אַ טאָכטער.ביידע האָבן חתונה געהאַט אין מאָנטרעאָל.

חיה זילבערבערג איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי און נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן.

---



## שמחה סילווער (זילבערבערג)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון חיים און מאַניא, פון דער היים סטאַשעווסקאַ. גע־לערנט אין חדר און אין דער אַלגעמיינער שולע. געהערט צו דער יוגנט אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" און מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון דער „סקיף" אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו. געווען מיטגליד אין שטאָט־קאָמיטעט פון „בונד" און סעקרעטאַר פון באַקליידונגס־פאַריין ביז צום אָפּפאָר קיין פּאַריז.

אין יאָר 1955 איז שמחה זילבערבערג מיט זיין פאַמיליע אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל און זייט דעמאָלט נעמט ער און זיין פרוי אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע אַרבעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. שמחה סילווער איז סעקרעטאַר פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט און פון בוך קאָמיטעט. זיין פרוי איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי.

---



## טאַדעק זילבערשאַץ (זילבערט)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף פּאַשא גאַס נר. 5. זון פון ר׳ ישראל שלום און מרת ברײנדל, פון דער היים זילבערשטיין.

גראַדואירט די יידישע גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו, וועמענס דירעקטאָר, צו יענער צייט, איז געווען דער וועלט־באַרימ־טער היסטאָריקער פּראָפעסאָר ד״ר מאיר באַלאַבאַן.

אין יאָר 1937 חתונה געהאַט מיט דאַרקאַ קאַפּינסקי.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם אין „האַסאַג־פּעלצערן״.

באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945. אין יאָר 1946 אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, פראַנקרייך, צוזאַמען מיט דער פרוי און דאָרטן געווען ביז דעם יאָר 1948. פון יאָר 1948 אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. באַטייליקט זיך אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## דאַרקאַ זילבערשאַץ (זילבערט)

פון דער היים קאַפּינסקי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף דער צווייטער אַלעע. טאָכטער פון וואָלף און גאָלדע, פון דער היים ווינער.

גראַדואירט די ערשטע פּרויען רעגירונגס גימנאַזיע אין טשענסטאָכאָוו.
חתונה געהאַט אין יאָר 1937 מיט טאַדעק זילבערשאַץ (זילבערט).

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם אין „האַסאַג״־פּעלצערן״.

באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945. אין יאָר 1946 אַוועקגעפאָרן מיט דעם מאַן קיין פּאַריז, פראַנקרייך און דאָרטן געווען ביז 1948. פון יאָר 1948 אין מאָנטרעאָל. נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין די טעטיקייטן פון דער ליידיס אַקזילערי און ספּעציעל צייכנט זי זיך אויס אין אָרגאַניזירן די יערלעכע מאַני־שאַוערס.

---



## יצחק יאבלאָנקעוויטש (יאַבלאָן)

געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף אַלעע 8. זון פון בעריש און חוה, פון דער היים פישהאָף. געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ, „האַסאַג־פעלצערן" און פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. געווען אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן גראָוס ראָזן און „דאָרא". באַפרייט געוואָרן מאַי 3, 1945 אין נוישטאַט־האָלשטיין. נאָך דער באַפרייאונג חתונה געהאַט אין דייטשלאַנד מיט בראָניא שאַיניאַק פון לאָדזש און האָבן אַ זון בירני, וואָס שטודירט אין מעקגיל אוניווער־סיטעט. אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1948.

די משפּחה יאַבלאָן (יאַבלאָנקעוויטש) איז באַקאַנט געווען אַלס אַקטיווע און גע־זעלשאַפטלעכע טוער. יצחק יאַבלאָן איז געווען אַקטיוו ביים גרינדן דעם פריזירער פאַריין אין טשענסטאָכאָוו. ער נעמט אָנטייל אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט.

---



## מענדל יאבלאן (יאבלאנקעוויטש)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף דער אַלעע נר. 8. זון פון בעריש און חוה, פון דער היים פישהאָף. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1927 און זיך באַזעצט אין האַליפאַקס. ער איז געזעלשאַפטלעך טעטיק און אינטערעסירט זיך מיט די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל. זיינע צוויי ברידער ווילי און יצחק געפינען זיך אין מאָנטרעאַל. ווילי געהערט צו די ערשטע גרינדער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל.

---



## מאיר און פעלא כלאפּאַק

מאיר כלאפּאק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1906 אין טשענסטאָכאָוו ביי אונ־פאַרמעגלעכע עלטערן, אָבער זער פיינע און אָרענטלעכע מענטשן.

מאיר כלאפּאק האָט געלערנט אין תלמוד־תורה און אין דער אַלגעמיינער שולע. ער האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען בכדי אַרויסצו־העלפן זיינע עלטערן. אין דער שטרעבונג צו פאַרבעסערן די מאַטעריעלע מערכה איז ער געוואָרן אַ קליינהענדלער און אַ דאַנק זיין ענערגיע און שווערע אַרבעט האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט. אין דער נאַצי־צייט איז זיין גאַנצער האָב און גוטס פון יאָרן שווערע אַרבעט צערויבט און צעשטערט געוואָרן. אין דער מלחמה צייט איז ער גע־ווען אין לאַגער „האסאג״.

נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט האָט ער געעפנט אַ קליינעם וואַרשטאַט אין וועלכן עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן הויזן. ער האָט באַשעפטיקט עטלעכע מענ-טשען און האָט ווידער זיך אָנגעהויבן אַרויפצואַרבעטן און אויך זיינע אַרבעטער זיינען געווען צופרידן.

דאָס יידישע לעבן אין פוילן איז געוואָרן, וואָס אַמאָל ערגער און עס זיינען אַפילו אויסגעבראָכן פּאָגראָמען קעגן די, פון פייער און שווערד, געראַטעוועטע יידן פון נאַצי־גיהנום. גלייך נאָכן קעלצער פּאָגראָם האָט מאיר כלאפּאק מיט זיין פרוי פעלא באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן. זיי זיינען געפאָרן קיין קאַנאַדע און זיך באַזעצט אין טאָראָנטאָ. צוערשט האָט מאיר כלאפּאק זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע אַר־בעטן ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענעם גרויסן שאָפּ אין וועלכן ער באַ־שעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער.

מאיר און פעלא כלאפּאק זיינען זער פריינטלעכע מענטשן מיט געפילן און סענ־טימענטן און זיינען שטענדיק גרייט אַרויסצוהעלפן אַ לאַנדסמאַן אָדער אַ פריינד. זיי זיינען שטענדיק די ערשטע צו באַשטייערן זיך פאַר וווילטעטיקע אינסטיטוציעס.



## אַדוואָקאַט בערנאַרד לאַזאַראָוויטש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון דוד און צביה, פון דער היים גורסקי. געוווינט אויף דער אַלעע 21. נאָכן גראַדואירן די טשענסטאָכאָווער גימנאַזיע, שטודירט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויף אַדוואָקאַט. נאָכן גראַדואירן דעם אוניווערסיטעט פּראַקטיצירט אַדוואָקאַטור אין וואַרשע ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין יאָר 1948 געקומען קיין מאָנטרעאָל מיט זיין פרוי סאַבינע און זון ריטשאַרד.

באַטייליקט זיך אין אַלע הילפס־אַקציעס פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט.

---



## סאַבינאַ לאַזאַראָוויטש

פון דער היים שיפער. געבוירן אין טשענ־סטאָכאָוו און געוווינט אויף אַלעע נר. 27. טאָכטער פון שלמה און יעטאַ, פון דער היים קארטוז. געענדיקט די גימנאַזיע אין טשענ־סטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט אַדוואָקאַט בערנאַרד לאַזאַראָוויטש. ביז דער צווייטער וועלט מלחמה געוווינט אין וואַרשע. אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע אין יאָר 1948 צוזאַמען מיט איר מאַן בערנאַרד און זון ריטשאַרד.

סאַבינאַ לאַזאַראָוויטש העלפט מיט אין די אַקטיוויטעטן פון דער ליידיס אָקזי־ליערי און אונטערנעמונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## נאַטאַליא לאַזאַראָוויטש

פון דער הייב ווייספעלנער, טאָכטער פון שמעון און אננא מאָשקאָוויטש געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, געוואוינט איף אַלעע 21. חתונה געהאַט מיט ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש. געוווינט אין טשענסטאָכאָוו און אין לאָדזש. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה געווען אין גרויסן־געטאָ, אין קליי־נעם געטאָ און נאָכדעם קאָשאַרירט אין לאַגער ,,האַסאַג־פעלצערן״. באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945. אין יאָר 1946 זיך געטראָפן מיטן מאַן אין לאָדזש. צוערשט אַוועק מיטן מאַן קיין בעלגיע און נאָכדעם אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל. איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי און אין דער לאַנדסמאַנשאַפט. איר מאַן ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש ע״ה איז געווען אַ צייט פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## ישראל לאַפידעס

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט זייף טאָרגאָווע 25. זון פון שמואל און רחל, פון דער היים דזשאַלאָווסקי. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליי־נעם געטאָ. געווען קאָשאַרירט אין ,,האַסאַג־פעלצערן״. באַפרייט געוואָרן יאַנואַר 16, 1945 אין טשענסטאָכאָוו. געקומען קיין קאַנאַדע ענדע 1946. באַטייליקט זיך אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## משה לעווקאָוויטש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף וואַרשעווער 33. זון פון מאַנטשע און רויזע, פון דער היים שאיע. משה לעווקאָוויטש האָט חתונה געהאַט אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1946 מיט רעגינא קראַקאָווסקא, געבוירן אין נאָוואָראַדאָמסק. אין יאָר 1948 געקומען קיין קאַנאַדע מיט דער פרוי און צוויי טעכטערלעך. משה לעוו־קאָוויטש איז אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און מיסיס רעגינאַ לעווקאָוויטש איז אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי.

---



דאָס בילד איז אויפגענומען גע־וואָרן אין יאָר 1962, ווען רעגינאַ לעווקאָוויטש האָט באַזוכט איר פאָטער, ר׳ שלמה קראַקאָווסקי, אין ישראל.

## רעגינאַ לעווקאָוויטש

טאָכטער פון ר׳ שלמה נ״י און פערל ע״ה. געבוירן אין נאָוואָ־ראַדאָמסק און פון דאָרט, אין דער נאַצי־צייט אַנטלאָפן קיין טשענס־טאָכאָוו. געווען קאַשאַרירט אין „האַסאַג־פעלצערן״. באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

אין דער צייט פון די נאַצי־שחיטות אין טשענסטאָכאָוו איז איר מוטער, פינף שוועסטערן און אַ ברודער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרטן אומגע־קומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

איר פאָטער און צוויי ברידער: יעקב־יצחק און דוד־לייב, וועלכע האָבן אַדורכ־געמאַכט די צייט פון דער נאַצי־טיראַניע אין טשענסטאָכאָוו, וווינען מיט זייערע פאַמיליעס אין ישראל.

רעגינאַ האָט חתונה געהאַט אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1946 מיט משה לעוו־קאָוויטש. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1948. די לעווקאָוויטשעס האָבן צוויי טעכ־טערלעך: פערל און מרים.

רעגינאַ לעווקאָוויטש איז טעטיק אין די ליידיס אָקזילערי און העלפט מיט אין אַלע אַרבעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## דארקא לערנער

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און גע־וווינט אויף דער ערשטער אַלעע נר. 100. טאָכטער פון רפאל און פריידל גאבעל, פון דער היים האבערמאַן. נאָכן פאַרענדיקן די שולע אויף ווילסאנא, איז די צווייטע וועלט מלחמה אויסגעבראָכן. געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאשארירט געוואָרן צוזאַמען מיט אירע שוועסטערן סאלע און בלימע אין „האסאג״.

דארקא לערנערס עלטערן און צוויי ברידער זיינען פון גרויסן געטאָ, דורך די נאַצי רוצחים, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און דאָרטן אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

באַפרייט געוואָרן יאַנואַר 16, 1945, אין טשענסטאָכאָוו. חתונה געהאַט מיט סיימאָן לערנער און האָט אַ גערעטן טעכטערל, פרענציס.

דאָרקאַ לערנער איז אַקטיוו אין דער ליידיס אַקזילערי און נעמט אַנטייל אין אַלע טעטיקייטן לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## סיימאָן לערנער

געבוירן אין יאָר 1914 אין טשענסטאָכאָוו. זון פון שלמה און שרה, פון דער היים בער־קענשטאַט. געלערנט אין יאָסל גרינ׳ס חדר און נאָכדעם אין דער אַלגעמיינער פוילישער שולע אויף קראָקעווער גאַס. צו 15 יאָר אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביים פאָטער. צו 20 יאָר געדינט אין דער פוילישער אַרמיי אין דער ראַנגע פון קאַפּראַל. זיך באַטיי־ליקט אין דער פויליש־היטלעריסטישער מלחמה. נאָך גרויסע קאַמפן גענומען גע־וואָרן אין דער היטלעריסטישער געפאַנגענשאַפט און דאָרט געווען זעקס חדשים און נאָכדעם צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו. ביז צו דער אויסזידלונג פון גרויסן געטאָ אָנגעשטעלט ביי אַ טרויהענדלער. נאָך דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ געווען צוזאַמען מיטן פאָטער; שלמה און ברודער דאניעל אין „האסאג־פעלצערן״ און אַלע דריי האָבן געאַרבעט ביי דעם מייסטער, וואָס איז באַקאַנט געווען פון צו־נאָמען „אחשורוש״.

איז אַ מיטגליד אין דער עגזעקוטיווע און נעמט אַנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## זעליג נויפעלד

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון אברהם און צירל, פון דער היים ראָזענבוים. געוווינט אויף גאַרנצאַרסקע 30. געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געווארן אין „האַסאַג־פעלצערן".

אין יאָר 1943, אין דער צייט פון קליינעם געטאָ, חתונה געהאַט מיט העלא ראָזענבאום.

ביידע געווען קאַשאַרירט אין „האסאַג פעלצערן".

באַפרייט געוואָרן יאַנואַר 16, 1945 אין טשענסטאָכאָוו.

געקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1951 און זיך דאָ איינגעאָרדנט.

די נויפעלדס האָבן צוויי געראָטענע קינדערלעך: אַ זון און אַ טאָכטער.

זעליג נויפעלד איז אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן.

---



## העלא נויפעלד

פון דער היים ראָזענבאום. געבוירן געוואָרן אין קאָניעצפאָל נעבן טשענסטאָכאָוו. טאָכטער פון אברהם און גאָלדע. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף טאַרגאָווע גאַס. געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם געווען קאשארירט אין „האַסאַג־פעלצערן".

באַפרייט געוואָרן יאַנואַר 16, 1945 אין טשענסטאָכאָוו.

געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1951.

העלאַ נויפעלד איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי און נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן.

---



## לוסי ניסקער

פון דער היים מיענטקעוויטש. טאָכטער פון וואָלף און טאשא, פון דער היים קאפינסקי. געוווינט פאַר דער מלחמה אויף דער צווייטער אַלעע נר. 38.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג פעלצערן".

באַפרייט געוואָרן אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945 אין טשענסטאָכאָוו.

געקומען קיין מאָנטרעאַל צוזאַמען מיט דער פאַמיליע זילבערשאַץ אין יאָר 1948.

חתונה געהאַט אין מאָנטרעאַל מיט דוד ניסקער אין יאָר 1951.

די ניסקערס האָבן צוויי געראָטענע קינדערלעך: אַ טעכטערל דזשאָיס און אַ זון וויליאַם.

לוסי ניסקער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די טעטיקייטן פון דער ליידיס אַק־זילערי פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---

## דוד נירענבערג



געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף דער צווייטער אַלעע נר. 23. זון פון אברהם און אסתר, פון דער היים אַראָנאָוויטש פון ראַדאָמסק.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פעלצערן". דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכענ־וואַלד און נאָכדעם אין פאַרשיידענע קאָנצענ־טראַציע לאַגערן אין דייטשלאַנד.

באַפרייט געוואָרן אין זאַלצהאַבען אין דייטשלאַנד.

געקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1948 צוזאַמען מיט זיין פרוי מרים, פון דער היים גרינבערג, טאָכטער פון שמואל און צביה, פון דער היים פוטערמאַן, פון פאַ־ביאַניץ.

דוד נירענבערג און זיין פרוי מרים נעמען אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## האַנקאַ סעגאַל

פון דער היים קאַץ. געבוירן אין טשענ־סטאָכאָוו. געוווינט אויף דער אַלעע 3. טאָכ־טער פון אברהם און נחמה. די פאַמיליע קאַץ איז געווען זער באַקאַנט אין טשענסטאָכאָוו מיט זייער דרוקעריי און מיטן אַרויסגעבן אַ יידישע צייטונג. האַנקאַ איז די פרוי פון ליבער סעגאַל און האָבן צוויי טעכטער.

געקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1948. נעמט אָן אַקטיוון אָנטייל אין די טע־טיקייטן פון דער ליידיס אָקזילערי.

---



## ליבער (באַבעק) סעגאַל

געבוירן אין וואלין און פון 1932 געוווינט אין טשענסטאָכאָוו אויף טאַרגאָווע 25. זון פון משה און העניע, פון דער היים באב. פאַר דער מלחמה געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער יוגנט־בונד „צוקונפט” אָרגאַניזאַציע. געקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1948 מיט זיין פרוי האַנקאַ סעגאַל, פון דער היים קאַץ.

ליבער סעגאַל נעמט אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן און איז אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

ווען דאָס בוך איז געווען אין דרוק איז ליבער סעגאַל געשטאָרבן. נאָוועמבער 22, 1965.

---



## אסתר סרעברניק

פון דער היים גאבעל. טאָכטער פון ר׳ פּיי־וויש און גאָלדע, פון דער היים זילבערמאַן. גע־וווינט פאַר דער מלחמה אויף וואַרשאַווסקע 13. געלערנט אין דער אַקסער׳ס גימנאַזיע.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַסאַרירט געוואָרן אין האַסאַג פּעלצערן.

באַפרייט געוואָרן אין דער נאַכט פון 16-טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945 אין טשענסטאָכאָוו.

אסתר סרעברניק איז געקומען מיט איר מאַן און זון קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1948.

די סרעברניקס האָבן דריי געראָטענע קינדער: אַ זון הערשל-פּייוויש, וואָס איז געבוירן געוואָרן נאָך דער מלחמה אין טשענסטאָכאָוו און צוויי טעכטערלעך: גרעיז און עוועלין, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין מאָנטרעאָל.

אסתר סרעברניק איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי פון דער לאַנדסמאַנ־שאַפט און נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן.

---



## עדוואַרד סרעברניק

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. זון פון הערשל און חוה, פון דער היים ראָזען. געוווינט פאַר דער מלחמה אויף דער אַלעע נר. 8.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשארירט געוואָרן אין האסאג פּעלצערן.

באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

געקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1948.

עדוואַרד סרעברניק איז געווען רעקאָרדינג סעקרעטאַר פון דער לאַנדסמאַנ־שאַפט. ער איז טעטיק אין דער עקזעקוטיווע און נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן. ער איז אויך אַ מיטגליד אין מאָנומענט־קאָמיטעט.



## נאַדזשיאַ ספּאָרן

פון דער היים יאַקובאָוויטש. געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו. אין דער נאַצי־צייט געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם געווען קאַסאַרירט אין „האַסאַג־פעלצערן".

באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

געקומען קיין מאָנטרעאָל צוזאַמען מיט איר פאָטער לייבקע יאַקובאָוויטש.

נאַדזשיאַ האָט אין מאָנטרעאָל חתונה געהאַט מיט סאַלעק ספּאָרן און זיי האָבן צוויי געראָטענע קינדערלעך, אַ זון חיים און אַ טעכטערל האַליטאַ.

נאַדזשיאַ ספּאָרן איז אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און ספּעציעל צייכנט זי זיך אויס ביי די מאָני־שאוערס.

---



## עוואַ פרייבערג

פון דער היים זאַמפּער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. טאָכטער פון אברהם און אסתר, פון דער היים וויינשטאָק. געוווינט אויף פּילסודסקיעקאָ 17. געקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1951. חתונה געהאַט מיט יחזקאל פרייבערג און האָט צוויי זין. איז אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען.

---



## בערעק פּיעפּזש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף נאַדזשעטנא 15. זון פון מאיר און חנה, פון דער היים שטילער.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פּעלצערן". באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

נאָך דער באַפרייאונג, אין יאָר 1945, חתונה געהאַט אין טשענסטאָכאָוו מיט צעלא דילעווסקי, וואָס האָט אים באַשאָנקען מיט צוויי געראָטענע טעכטערלעך.

עמיגרירט קיין קאַנאַדע אין יאָר 1947 און געוווינט אין מאָנטרעאַל. געווען אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און זיך באַטייליקט אין אַלע אַקטיוויטעטן ביז צו זיין אָפּפאָר מיט דער פאַמיליע, אין יאָר 1960, קיין ניו יאָרק.

בערעק פּיעפּזש איז אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל און ביז דעם היינטיקן טאָג שיקט ער צו זיינעביישטייערונגען.

---



## צעלא פּיעפּזש

פון דער היים דילעווסקי. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף דער סענאַ־טאָרסקא גאַס. טאָכטער פון שלמה און אסתר.

געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פּעלצערן". באַפרייט געוואָרן אין טשענ־סטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

חתונה געהאַט אין 1945 אין טשענסטאָכאָוו מיט בערעק פּיעפּזש. אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1947. האָט צוויי געראָטענע טעכטערלעך: מרים, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און אַננאַ, געבוירן אין מאָנטרעאַל.

געווען טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי ביז צום אָפּפאָר, אין יאָר 1960, מיט דער פאַמיליע קיין ניו יאָרק. איז אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין מאָנטרעאַל.

---



## שמואל פראקאש

געבוירן זײַן טשענסטאָכאָוו. זון פון הרב ר׳ יוסף פראקאש ע״ה, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ יאָסעלע קירה און מוטער דבורה ע״ה, פון דער היים אַמ־סטערדאַם. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ער אַוועק דורך קעלץ קיין ווילנע און פון דאָרטן געוואַנדערט קיין יאַפּאַן און פון דאָרט קיין כינע. נאָך דער מלחמה איז ער אַוועק פון כינע און אָנגעקומען אין יאָר 1948 קיין קאַנאַדע אין דער שטאָט עדמאָנטאָן און אין יאָר 1949 זיך באַזעצט אין מאָנטרעאָל.

שמואל פראקאש האָט איין איינציקן זון און צו דער געלעגנהייט פון דער בר־מצוה איז ער מיט אים געפאָרן קיין ישראל. די בר־מצוה פייערונג איז פאָרגעקומען אויגוסט 17, 1963 אין תל אביב. אַ גרעסערע צאָל לאַנדסלייט און פריינט האָבן זיך באַטייליקט אין דער בר־מצוה שמחה און אויך דער פאָרזיצער פון דער טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל, בערל איצקאָוויטש, וואָס איז דעמאָלט גע־ווען אויף אַ וויזיט אין ישראל.



דער בר מצוה־בחור יוסף פראקאש



## מענדל פרידלענדער

זון פון שלמה און רייזל. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף דער מאַס־טאָווע 17.

געווען אין גרויסן־געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פעלצערן".

אין דער צייט פון די גרויזאַמע שחיטות און מאַסן־סעלעקציעס זיינען מענדל פרידלענדערס צוויי ברידער: יעקב־נח און וואָלף, און זיין שוועסטער רחל אומגע־קומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין טרעבלינקע.

יאַנואַר 1945 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד און פון דאָרט אין אַ גאַנצע רייע אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. באַפרייט געוואָרן אַפּריל 30, 1945 דורך דער אַמעריקאַנישער אַרמיי.

נאָך דער באַפרייאונג איז מענדל פרידלענדער צוריקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און דאָרטן באַגעגנט זיין פרוי חנה׳לע. זיי האָבן פאַרלאָזט די פּוילישע פאַרבלוטיקטע ערד און אַוועק קיין דייטשלאַנד און געוווינט אין ציילסהיים ביי פראַנקפורט אם מיין.

אין 1948 איז מענדל פרידלענדער מיט זיין פרוי און טעכטערל אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל. ער איז אַ מיטגליד פון דער עגזעקוטיווע און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין די טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## חנה׳לע פרידלענדער

פון דער היים ערליכמאַן. שטאַמט פון זאַגלעמביע און פון יאָר 1931 געוווינט אין טשענסטאָכאָוו. טאָכטער פון אברהם און זיסל ערליכמאַן. פרוי פון מענדל פרידלענדער. גע־ווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פעלצערן".

באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַ־נואַר, 1945, אין טשענסטאָכאָוו.

געקומען קיין מאָנטרעאַל צוזאַמען מיט איר מאַן און טעכטערל אין יאָר 1948.

חנה׳לע פרידלענדער איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי און נעמט אַן אַק־טיוון אָנטייל אין אַלע אונטערנעמונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## אברהם קאַמינסקי

געבוירן אין לאָדזש. זון פון משה־דוד און בלומע־זיסל, פון דער היים זעלמאַנאָוויטש. די עלטערן זיינען אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ. אברהם קאַמינסקי איז געווען אין טשענסטאָכאָווער גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאשארירט אין לאַגער „האסאג־פעלצערן". באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָו יאַנואַר 16, 1945. גלייך נאָך דער מלחמה עולה געווען קיין ישראל און זיך באַטייליקט אין די באַפרייאונגס קאַמפן פון מדינת ישראל. אברהם קאַמינסקי׳ס דריי ברידער זיינען אויך געווען קאשארירט אין „האסאג־פעלצערן" און צו דער זעלבער צייט באַפרייט געוואָרן. זיי וווינען אין מדינת ישראל.

אברהם קאַמינסקי איז געקומען קיין קאַנאַדע אין 1952. איז אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע און נעמט אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---

## מאָטעק קייזער

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1924 און געוווינט אויף וואַרשעווער גאַס נר. 66. זון פון לייביש און פריידל.

פון די ערשטע, צוזאַמען מיט זיין פריינד כליוונער, קאשארירט געוואָרן אין „האַסאַג־פעלצערן". די אונדערטרעגליכע באַדינגונגען צו יענער צייט אין „האַסאַג" זיינען אונבאַשרייבליך. מאָטעק קייזער צוזאַמען מיט זיין פריינד כליוונער זיינען אַנטלאָפן דורך אַריבערשפרינגען די פאַרצוימטע דראָטן און דורך דעם טייך וואַרטא. יעדע קלענסטע אונפאַרזיכטיקייט האָט געקענט פאַראורזאַכן דעם טויט. נאָכן אָנקומען אין קליינעם געטאָ, זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער און נישט געגאַנגען צו דער צוואַנגס־אַרבעט.

אין דער צייט פון די סעלעקציעס, שחיטות און דעפּאָרטאַציעס זיינען די עלטערן, די שוועסטערן: פייגל און אסתר, דער ברודער שימעק און די גאַנצע פאַמיליע אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין טרעבלינקע.

דעם לעצטן דינסטיק פאַר דער באַפרייאונג, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אין דער שטאָט ראקלאַ־בעראַדע, ווו עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די „ף. 2".

דעם דריטן מאַי 1945 באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי. פאַרבליבן אין דייטשלאַנד אין די־פּי לאַגער צייליסהיים נעבן פראַנקפורט און פון דאָרט עמיגרירט קיין קאַנאַדע. אין מאָנטרעאָל חתונה געהאַט און האָט צוויי גראָטענע קינדערלעך.

מאָטעק קייזער איז אַקטיוו אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

---



## יחזקאל קאַנאַרסקי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו, געוווינט אויף סענאַטאָרסקע גאַס נומער 16. פון פאַך אַ דרוקער. מיטגעאַרבעט, פאַר לאַנגע יאָרן, אין דער „טשענסטאָכאָווער צייטונג". ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דרוקער פאַריין, וואָס האָט געהאַט זיין לאָקאַל אויף פילסודסקי גאַס נומער 17.

אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע אַדורכגעמאַכט אַלע צרות און פּיין אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און לסוף געווען קאַסאַרירט אין „האסאַג־פּעלצערן".

אין גרויסן געטאָ איז יחזקאל קאַנאַרסקי געווען אַ מיטגליד פון „אַרבעטער־ראַט" און אָנטייל גענומען אין אַ גאַנצע רייע געהיימע זיצונגען.

באַפרייט געוואָרן פון „האַסאַג־פּעלצערן" אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945. די ערשטע צייט געווען אין טשענסטאָכאָוו און זיך נישט געקענט צופּאַסן צו דער נייער ווירקלעכקייט. דער פּוילישער דורות׳דיקער אַנטיסעמיטישער האַס צו יידן האָט עקספּלאָדירט אין אַ פּאָגראָם אויף די רעשטלעך לעבן־געבליבענע יידן אין קעלץ. אַ טאָג נאָך דעם קעלצער פּאָגראָם פאַרלאָזט יחזקאל קאַנאַרסקי פּוילן און הויבט אָן אַ וואַנדער וועג צו דער שארית הפּליטה אין דייטשלאַנד. צוערשט קומט ער קיין בערלין אין דער סאָוועטישער זאָנע, נאָכדעם אין דער אַמעריקאַנער זאָנע ביז ער קומט אָן קיין מינכן און דאָרטן נעמט ער זיך צוריק צו זיין פאַך און ווערט מיטאַרבעטער פון „אונזער וואָרט" און אויך פון דער העברעאישער וואָכן־צייטונג „ניצוץ".

אין 1946 איז יחזקאל קאַנאַרסקי אַוועקגעפאָרן קיין אַנטווערפּן, בעלגיע און דאָרטן האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין איינציקן לעבן געבליבענעם ברודער קאָפּל קאַנאַרסקי.

אין אַנטווערפּן האָט יחזקאל קאַנאַרסקי חתונה געהאַט מיט די טשענסטאָכאָווער לאַנדסליידי מרים קליינער און אין נאָוועמבער 1947 זיינען זיי אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע.

די קאַנאַרסקיס זיינען גלייך געווען אין קאָנטאַקט מיט דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און עס איז דעמאָלט אין זייער הויז אויף עספּלענייד עוועניו פאָרגעקומען אַ מיטינג פון די אַלט איינגעזעסענע און מיט די ניי אָנגעקומענע. די קאַנאַרסקיס זיינען אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט. יחזקאל קאַנאַרסקי איז אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע און פאַרנעמט דעם אַמט פון רעקאָרדינג־סעקרעטאַר און מרים קאַנאַרסקי איז אַקטיוו אין די ליידיס אָקזילערי



## מאַניאַ קאַנאַרסקי

פון דער היים קליינער. געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף בערקא יאָסעלעוויטשא נר. 1, טאָכטער פון משה מרדכי און רבקה קליינער, פון דער היים זילבערשאַץ.

אין דער צייט פון דער מלחמה געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאַשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פּעלצערן". פאַר דער באַפרייאונג דעפּאָרטירט געוואָרן קיין ראַווענסברוק, דייטשלאַנד. באַפרייט געוואָרן מאַי 1945.

געוווינט אַ קורצע צייט אין מינכן צוזאַמען מיט איר ברודער הערי און שוועסטער מאַדזיאַ. זי האָט זיך באַקענט מיטן טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן יחזקאל קאַנאַרסקי און ביידע זיינען אַוועקגעפאָרן צו זיין ברודער קאַפּל קאַנאַרסקי קיין בעלגיע און דאָרטן חתונה געהאַט.

אין יאָר 1949 אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל און זיך דאָ איינגעאָרדנט. זיי האָבן צוויי געראָטענע קינדערלעך: אַ טאָכטער, רעגינאַ, און אַ זון, אהרן.

מאַניאַ קאַנאַרסקי איז טעטיק אין די ליידיס אַקזילערי און נעמט אַנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן.

---



## נעטי קאַנאַרסקי

פון דער היים באַטשאַן, פרוי פון קאַפּל קאַנאַרסקי, געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף קאַטעדראַלנע גאַס.

געפינט זיך אין אַנטווערפּן, בעלגיע, צוזאַמען מיט איר מאַן, טאָכטער און זון.

געקומען קיין מאָנטרעאָל זיך צו באַטייליקן אין דער בר מצוה פייערונג פון מר. און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקיס זון.

זי האָט זיך דאָ געטראָפן מיט די לאַנדסלייט און לאַנדסליידיס און האָט אַ גאַר געהויבענע מיינונג וועגן די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל.

---



## גוטקע קאַרטוז

פון דער היים נירענבערג. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף אַלעע 23. טאָכטער פון אברהם און אסתר ע״ה. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשארירט אין לאַגער „האסאג־פעלצערן״. באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 16, 1945. אָנגעקומען מיט איר מאַן סטאַשעק קיין קאַנאַדע אין יאָר 1949. גוטקע קאַרטוז איז טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי און נעמט אַ וויכטיקן אָנטייל אין די מאָני־שאוער און באַזאַר אונטערנעמונגען.

די קאַרטוזעס האָבן אַ גראַטענע טאָכטער עוועלין, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין מאָנטרעאָל.

---



## סטאַשעק קאַרטוז

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויף קאַפערניקא 6. זון פון ווילהעלם און עווא, פון דער היים מייטליס. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאָשאַרירט אין לאַגער „האַסאַג-פעלצערן״. אין יאָר 1944 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכנוואַלד און נאָכדעם קיין קאַלדיץ. באַפרייט געוואָרן אין טערעזיענשטאָט אין 1945. אָנגעקומען קיין קאַנאַדע מיט זיין פרוי גוטקע אין יאָר 1949.

צוזאַמען מיט זיין פרוי נעמט ער אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## הערי קליין (הערשל קליינער)

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ נר. 1. זון פון משה מרדכי און רבקה קליינער, פון דער היים זיל־בערשאַץ.

אין דער צייט פון דער מלחמה געווען אין גרויסן און אין קליינעם געטאָ. דע־פּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און באַפרייט געוואָרן אין מאַי 1945 נעבן מינכן. נאָך דער באַפרייאונג זיך באַזעצט אין מינכן און מיטגעאַרבעט אין דער וואָכן־צייטונג „אונדזער-וועג". חתונה געהאַט אין מינכן מיט עווא, פון דער היים באָרענשטיין פון אלקוש, וועלכע האָט אים געבוירן דריי געראָטענע טעכטערלעך: מערילין, רות און דזשאַנעט.

אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל אָנהויב 1949 און גלייך אַקטיוו געוואָרן אין דער לאַנדסמאַנשאַפט צוערשט אַלס סעקרעטאַר און נאָכדעם אַלס קאַסירער, אָנהאַלטנדיק דעם אַמט ביז דעם היינטיקן טאָג. הערי קליין געהערט צו די אַקטיווסטע מיטגלידער פון דער עגזעקוטיווע.

---



## חוה קליין

פון דער היים באָרענשטיין. טאָכטער פון יצחק און מלכה, פון דער היים גאָסטפּרוינד. אין דער צייט פון דער מלחמה זיינען אירע עלטערן און ברודער יוסף אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

חוה קליין איז געווען פאַרשיקט אין פאַרשיידענע לאַגערן. באַפרייט געוואָרן אין מאַי, 1945, אין טשעכיען. געווען אין מינכן, מערב־זאָנע אין דייטשלאַנד און דאָרטן זיך באַקענט מיט הערי קליין און האָט חתונה געהאַט. געקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1947 צוזאַמען מיטן מאַן.

חוה קליין איז אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי און באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

---



## האלינא ראָזענבלום

פון דער היים אָפּאַטאָווסקאַ. טאָכטער פון בעריש און רבקה לאה ע״ה. געבוירן אין לאָדזש. געווען אין לאָדזשער געטאָ. דעפּאָר־טירט געוואָרן קיין אוישוויץ און נאָכדעם קיין בערגען־בעלזען. באַפרייט געוואָרן אַפּריל 1945 אין זאַלצוועדעל. געקומען קיין קאַ־נאַדע צוזאַמען מיט איר מאַן ראָזענבלום הערשל אין 1953.

האַלינאַ ראָזענבלום איז אַקטיוו אין דער לײדיס אָקזילערי און נעמט אָנטייל אין אַלע וויכטיקע אַקטיוויטעטן לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## הערשל ראָזענבלום

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויפן אַלטן מאַרק נר. 6. זון פון הענדל און רחל, פון דער היים כלאַפּאַק. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין לאַגער „האסאַג־פעלצערן״. אין יאַנואַר 1945 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכנוואַלד. באַפרייט געוואָרן אין אַפּריל 1945 אין גאַר־דעלעגן. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1953. איז אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און נעמט אַ וויכטיקן אָנטייל אין אַלע אַקטיוויטעטן.



## מאדזיא ראָזענבערג

פון דער היים קליינער. געבוירן אין טשענסטאָכאָוו און געוווינט אויף בערקא יאָ־סעלעוויטשאַ נר. 1. טאָכטער פון משה־מרדכי און רבקה קליינער, פון דער היים זילבערשאַץ.

אין דער צייט פון דער מלחמה געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאשארירט געוואָרן אין „האסאג". קורץ פאַר דער באַפרייאונג דעפּאָרטירט געוואָרן קיין ראַוועגסברוק, דייטשלאַנד. באַפרייט געוואָרן אין מאַי 1945 און גע־וווינט אין מינכן מיט איר ברודער הערי קליין און איר שוועסטער מאַניא. זי האָט התונה געהאָט אין מינכן מיט יוסף ראָזענבערג און האָבן צוויי געראָטענע קינדער־לעך: סעם און רעני.

געקומען קיין קאַנאַדע מיט איר מאַן און קינדערלעך אין יאָר 1948.

מאַדזיאַ ראָזענבערג איז טעטיק אין דער לײדיס אָקזילערי און העלפט מיט אָרגאַניזאַציאָנעל און פינאַנסיעל.

---



## נטע ראָזענצווייג

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אין דייטשלאַנד, אין פראַנק־פורט אַם מיין. געוואָרן פאַרשיקט אין לאַגער דאַכאו. אין יאָר 1939 געלונגט אים צו אַנט־לויפן פון דייטשלאַנד און דורך פאַרשיידענע אומוועגן, אָנצוקומען קיין כינע און דאָרט געווען ביז דעם יאָר 1948.

אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1949. איז אַקטיוו אין רעליגיעזן סעקטאָר פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. ער איז באַשעפטיקט אין מרכז התורה.

---



## ראובן רודניצקי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אין נאָוואָראַדאָמסק. זון פון חיים־משה און פרימעט, פון דער היים גראַנעק. געווען אין ראַדאָמסק, סקאַרזשיסק און אין „האַסאַג־וואַרטע". באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

נאָך דער מלחמה געווען אין ציפּערן און נאָכדעם אין מדינת ישראל. געקומען קיין קאַנאַדע צוזאַמען מיט זיין פרוי געניא, וואָס שטאַמט פון דעמבלין, אין יאָר 1952. זיי זיינען אַקטיוו אין די טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

די רודניצקיס האָבן דריי גערעטענע קינדערלעך.



## דוד רודניצקי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. געוווינט פאַר דער מלחמה אויף וואַלינסקע גאַס נר. 20. זון פון חיים־משה און פרימעט, פון דער דערהיים גראַנעק. געווען אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און נאָכדעם קאָשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג". אין יאַנואַר 1945 דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד און פון דאָרט אין אַ גאַנצע רייע קאָנצענטראַציע לאַגערן אין דייטשלאַנד. באַפרייט געוואָרן אין טערעזיענשטאַט מאַי 8, 1945. געקומען קיין קאַנאַדע צוזאַמען מיט זיין פרוי אין יאָר 1948. זיי זיינען אַקטיוו אין די טעטיקייטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

די רודניצקיס האָבן צוויי גערעטענע קינדערלעך.



## שלמה שווימער

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו. פאַר דער מלחמה געוווינט אויפן אַלטן מאַרק 19. זון פון יוסף און פייגל, פון דער היים געלבער. געווען אין גרויסן געטאָ און נאָכדעם אין קליינעם געטאָ. געווען קאַשאַרירט אין „האסאג־פעלצערן". דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאָרא". באַפרייט געוואָרן אין בערגען־בעלזען אַפּריל 15, 1945. עולה געווען קיין ישראל און דאָרטן געווען ביז 1960. ענדע 1960 געקומען מיט דער פרוי און קינדער קיין קאַנאַדע. באַטייליקט זיך אין די אַקטיוויטעטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.



## בערל שינקאַרסקי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1926. זון פון פייוול און אסתר, פון דער היים יאַשי־נאָוויטש. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז בערל שינקארסקי, קוים 14 יאָר אַלט געווען. בערל שינקאַרסקי׳ס עלטערן און אויך עטלעכע פאַמיליע אָנגעהעריקע זיינען געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. ווען דאָס קליינע געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן און עס זיינען נישט געווען קיין שום מעגלעכקייטן צו באַזאָרגן לעבנסמיטל אין בונקער און עס האָט געדראָט, אַז אַלע אין בונקער זאָלן אומקומען פון הונגער, קעלט און קראַנקהייטן, האָט בערל מיט זיין פעטער שמאי שינקארסקי זיך באַמיט אַרויס־צוראַטעווען די אויסבאַהאַלטענע פון בונקער און זיי צו ברענגען אין „האסאג". דער מערדערישער „האסאג" ווערקשוצלייטער מיט נאָך עטלעכע נאַצי באַנדיטן זיינען אַוועק צום בונקער און גענומען די יידן און אָנשטאָט זיי צו ברענגען אין „האסאג", זיי אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם און אַלעמען דערשאָסן.

יאַנואַר 15, 1945, איז בערל שינקארסקי דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד און נאָכדעם אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מאַי 2, 1945 איז בערל שינ־קאַרסקי באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

אין יאָר 1955 איז בערל שינקארסקי געקומען קיין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. ער איז אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט, באַטייליקט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען און באַשטייערט זיך פאַר אַלע פאָנדן און געלט־זאַמלונגען.

## דאַטעס פון די דעפּאָרטאַציעס אין טשענסטאָכאָוו

**1טע אַקציע** — 11טער טאָג אין תשרי, אַ טאָג נאָך יום כיפּור, תש״ג — 1942

די גאַסן — קאָשאַראָווע
קרוטקע,
סטאָדאָלנע
קאָוויע
וואַרשעווער פון 15 ביז 43 — פון 28 ביז 44
גאַרנצאַרסקע פון 48 ביז ענדע פון 37 ביז ענדע
נאַדזשעטשנע פון 44 ביז ענדע פון 43 ביז ענדע
גאַריבאַלדיעגאָ

**2טע אַקציע** — 14 טעג אין תשרי, ערב סוכות
די גאַסן — ספּאַדעק
סענאַטאָרסקע
קאָזיע
מאָסטאָווע
אַלטער מאַרק
גאַרנצאַרסקע פון 26 ביז 46, פון 27 ביז 37
נאַדזשעטשנע פון 30 ביז 44, פון 23 ביז 41

**3טע אַקציע** — 17 טעג אין תשרי' 1טער טאָג חול-המועד סוכות
די גאַסן — טאַרגאָווע (יאַטקע גאַס)
(פּראָסטע מיכאָווסקי)
גאַרנצאַרסקע פון 1 ביז 25, פון 2 ביז 24
נאַדזשעטשנע פון 1 ביז 21, פון 2 ביז 30
סטראַזשאַצקע (בערלינער הויז)

**4טע אַקציע — 20 טעג אין תשרי, אַ טאָג פאַר הושענה רבה**
**די גאַסן — פּרזשעמיסלאָווע**
**אָרליטש-דרעשעראָ**
קאַטעדראַלנע פון 4 ביז 12, פון 7 ביז 17
1טע אַלייע — פון 1 ביז 11
נייער מאַרק — פון 10 ביז 14

**5טע אַקציע** — 24 טעג אין תשרי, שמחת תורה
די גאַסן — בערקאַ יאָסעלעוויטשאָ
נייער מאַרק — פון 2 ביז 6
וואַרשעווער — פון 1 ביז 13, פון 2 ביז 26
1טע אַלייע — פון 2 ביז 12

ד״ר בנימין אָרענשטיין

# דער נאַצי רוצח דעגענהאַרדט

דעגענהאַרדט איז געווען אין דער ראַנגע פון ל׳יטענאַנט. מיטלוווקס, אַ העסלעך פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט ווילדקייט און חיה׳שקייט. זיינע רוצחישע מעשים האָבן דאָס באַשטעטיקט, אַז דאָס איז נישט קיין מענטש, וואָס האָט געפילן, סענטימענטן, נאָר אַ גרויזאַמע חיה, אַ בלוטדורשטיקע חיה, וועמענס העכסטע אימפּעראַטיוון זיינען רויב און מאָרד. אין דער זעלבער צייט, וואָס ער האָט אָן שום געוויסנסביסן געמאָרדעט מאַסן מענטשן איז ער געווען אַ פּחדן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיין אייגן לעבן. ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען אַליין, שטענדיק אין באַגלייטונג מיט אַנדערע רוצחים פון זיין סוויטע, וואָס אַלע האָבן געטראָגן אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן. איינער פון זיינע שטענדיקע באַגלייטער איז געווען זיין שאָפער, דער רוצח ווילי אנקעלבאַך, וועלכער איז דורך דעם מערב־דייטשן געריכט אין האַנאָ אַם מיין פאַראורטיילט געוואָרן צו 7 מאָל לעבנסלענגלעכע תפיסה און צו פאַרלירן אַלע בירגערלעכע רעכטן.

## דער ערשטער פּרווו פון גרויזאַמען פאַרברעכן

אין דער צייט פון גרויסן געטאָ, יוני 1942, האָט דעגענהאַרדט פאַראָרדנט אַן אַפּעל פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, אין עלטער פון 15 ביז 50 יאָר, אויף די פּלעצער פון אַלטן מאַרק, נייעם מאַרק און ערשטער אַלעע. עס האָבן זיך דעמאָלט געשטעלט צום אַפּעל די צאָל פון צוואַנציק טויזנט יידן מיטן יודענראַט און זיינע אָפּטיילונגען. געהייסן האָט עס, אַז עס איז אַ קאָנטראָל פון די אַרבעטס־פּלעצער, אָבער פאַקטיש איז דאָס געווען די צוגרייטונג צום גרויסן פאַרברעכן, אַ פאָרשפּיל צו די שפּעטערדיקע דעפּאָרטאַציעס צום טויט־לאַגער קיין טרעבלינקע.

## דעגענהאַרדטס פאַרזיכערונג

די נאַצי־מאַכט איז אויסער דעם, וואָס זי איז געווען אַ טאָטאַליטאַרע מיליטאַריסטישע, איז זי אויך געווען אַן אַטעאיסטישע. די מערהייט פון זייערע פאַרברעכערישע מעשים איז זי באַגאַנגען גראָד אין די יידישע יום־טובים בכדי צו מאַניפעסטירן איר אַטעאיזם. אין טשענסטאָכאָוו האָבן די נאַציס גראָד אויסגעקליבן יום־כיפור. דעם טאָג איז דאָס געטאָ אין טשענסטאָכאָוו ממש ווי עלעקטריזירט געוואָרן, אַז די „שוואַרצע אויסראָטונגס־קאָמאַנדע״ איז אָנגעקומען און 100 משא־וואַגאָנען שטייען גרייט צו דער דעפּאָרטאַציע. דער יודענראַט האָט אָנגעהויבן צו אינטערווענירן און דער שטאָט הויפּטמאַן ד״ר פראַנק האָט זיך געלאָזט איבערקויפן מיט הונדערט טויזנט זלאָטעס און ער האָט פאַרזיכערט, אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג און עס וועט גאָרנישט פאָרקומען. דאָס איז געווען סעפּטעמבער 21, 1942, 8 אַזייגער אָוונט. צוויי שעה שפּעטער האָט דער נאַצי רוצח דעגענהאַרדט טעלעפאָנירט צום יודענראַט און צו דער געטאָ־פּאָליציי און פאַרזיכערט, אַז די באַאומרואיקונג אין געטאָ איז אַן אומבאַגרינדעטע און עס וועט גאָרנישט פאָרקומען.

## דעגענהאַרדט רופט אַן אַפּעל פון דער געטאָ פּאָליציי אויף פיר פאַרטאָג

נישט געקוקט אויף דער פאַרזיכערונג פון דעגענהאַרדטן, וואָס ער האָט געגעבן 10 אַזייגער ביינאַכט, האָט ער אָבער אַ צוויי שעה שפּעטער גערופן אַן אַפּעל פון דער געטאָ־פּאָליציי אויף 4 אַזייגער פאַרטאָג אויף דעם געביט פון דער פאַבריק „מעטאַלורגיאַ״, אויף דער קרוטקע גאַס. אויף דעם אַפּעל האָט דעגענהאַרדט דערקלערט, אַז עס וועט פאָרקומען אַן אַפּעל פון די יידן, וואָס וווינען אויף די גאַסן: קאַוויע,

קאָשאַראָווע, וואַרשעווער מאַרק, וואַרשעווער גאַס, ביז צו דער גאַריבאַלדי גאַס, גאַריבאַלדי און ווילסאָן גאַסן. דער ציל איז צו קאָנטראָלירן די אַרבעטס־קאַרטן. אַלע מוזן זיך שטעלן פּינקטלעך 6 אַזייגער אינדערפרי. די וועלכע וועלן נישט אויספירן דעם באַפעל וועלן אויפן אָרט גלייך דערשאָסן ווערן.

## די ערשטע דעפּאָרטאַציע

דינסטיק, סעפּטעמבער 22, 1942, זעקס אַזייגער אינדערפרי, זיינען אַלע יידישע איינוווינער פון די אויבן־אויסגערעכנטע גאַסן געטריבן געוואָרן צו דער קרוטקע גאַס נומער 13, צו דער פאַבריק „מעטאַלורגיע״. זיי זיינען געטריבן געוואָרן דורך זשאַנדאַרן, דורך די „שוואַרצע״ טויטן־קאָמאַנדע און דורך די אַלע פאָרמאַציעס אין דינסט פון דער נאַצי־מאַכט, וואָס זיינען געווען אונטער דער דירעקטער קאָמאַנדע פון נאַצי הויפּט רוצח לויטענאַנט דעגענהאַרדט. דאָס טרייבן די יידן איז פאָרגעקומען אונטער אַ האָגל פון שיסערייען פון אַלע זייטן. דערשאָסענע יידן זיינען געפאַלן אויף די גאַסן און שטראָמען יידיש בלוט האָט געפלאָסן אויף אַלע זייטן. דעגענהאַרדט איז געשטאַנען אויף דער קרוטקע גאַס אָנגעטאָן אין ווייסע הענטשקעס מיט אַ שטעקעלע אין דער האַנט און אָנגעפירט מיט דער דעפּאָרטאַציע. אויף די וואָס ער האָט אָנגעוויזן אויף לינקס זיינען גלייך געפירט געוואָרן ווייטער צו דער באַן־סטאַציע צו אויסגעקאַלכטע משא וואַגאָנען, אַוועקגעפירט צו ווערן צום אומקום אין די גאַז־קאַמערן אין טרעבלינקע. אויף די, וואָס ער האָט אָנגעוויזן רעכטס, אויף געזונטע יונגע מענער און פרויען, זיינען אַריינגעלאָזט געוואָרן אויפן געביט פון דער פאַבריק „מעטאַלורגיע״. דאָס וואָס דעגענהאַרדט האָט דעמאָלט אַדורכגעפירט קען באַצייכנט ווערן אין איין זאַץ: „קאַלטבלוטיקער מאַסן־מאָרד און שקלאַפעריי״. זיבן טויזנט יידן פון טשענסטאָכאָוו זיינען יענעם טאָג דורך דעגענהאַרדטן אַוועקגעשיקט געוואָרן צום גרויזאַמען טויט צו די גאַז קאַמערן אין טרעבלינקע. די בלוטיקע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט יענעם טאָג, די אומאויפהערלעכע שיסערייען אויף די, וואָס האָבן נישט געקענט גיין אַזוי שנעל ווי דעגענהאַרדטס געהילפן האָבן געטריבן, איז אוממעגלעך פשוט צו באַשרייבן. איבער די גאַסן איבער וועלכע די דורך דעגענהאַרדט אויססעלעקטירטע יידן צום טויט זיינען געטריבן געוואָרן האָבן געשטראָמט טייכן בלוט.

דעגענהאַרדט האָט פאַראָרדנט צו גראָבן אַ מאַסן־קבר אויף דער קאַוויע גאַס און אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט זיינען די דערשאָסענע אויף די גאַסן, טויטע און האַלב־טויטע, אויפגעזאַמלט געוואָרן אויף וועגענער געשפּאַנטע מיט פערד און אַוועקגעפירט געוואָרן אויף דער קאַוויע גאַס און דאָרטן זיינען זיי פשוט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין מאַסן קבר.

## דעגענהאַרדטס מאַסן מערדערייען איז געווען פאַרבונדן מיט מאַסן רויב

דעגענהאַרדטס מאַסן מערדערייען זיינען געווען פאַרבונדן מיט מאַסן רויב פון יידישן פאַרמעגן. זיינע פאַראָרדענונגען זיינען געווען, אַז אַלע וואָס מוזן זיך שטעלן צום אַפּעל דאַרפן די שליסלען לאָזן שטעקן אין די טירן. די טירן טאָרן נישט פאַרשלאָסן ווערן. קיינער טאָר נישט מיטנעמען קיין שום באַגאַזש אויסער אַ קליינעם האַנט־פּעקל. ביי דער באַן סטאַציע זיינען די קרבנות געצוווּנגען געוואָרן פאַרן אַריינגיין אין וואַגאָן אויסצוטאָן די שיך. דעגענהאַרדטס מיטהעלפערס האָבן די קרבנות באַרויבט פון אַלע ווערטפולע זאַכן.

## די ווייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס

לויטן סיסטעם פון דער ערשטער דעפּאָרטאַציע זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע פון אַנדערע גאַסן און געביטן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ. אַלע מיט די זעלבע גרויזאַמקייטן און בעסטיאַלישקייטן.

די צווייטע דעפּאָרטאַציע איז פאָרגעקומען פרייטיק, סעפּטעמבער 25, די דריטע — מאָנטיק, סעפּטעמבער 28, די פערטע — פרייטיק אָקטאָבער 1 און די פינפטע — מאָנטיק אָקטאָבער 4, אַלע דעפּאָרטאַציעס אין טראַגישן יאָר 1942 און אַלע אַדורכגעפירט דורך דעם נאַצי־רוצח דעגענהאַרדט.

## די יידן פאַרזאַמלטע אין דער מעטאַלורגיע

די באַטריבס־לייטער זיינען געקומען אין דער מעטאַלורגיע צו נעמען זייערע אַרבעטער, וואָס האָבן ביי זיי געאַרבעט ביז צו דער דעפּאָרטאַציע. דעגענהאַרדט פלעגט יעדע גרופּע געניי קאָנטראָלירן, דערביי פלעגט ער זיך שטענדיק אויסקלויבן אַ פּאָר קרבנות און פאַראָרדענען זיינע מיטהעלפער גלייך צו דערשיסן. אַזוי איז געווען דער פאַל ווען דער קאָמיסאַר פון „ענרא" הער קאלאנטיי איז געקומען נאָך זיין גרופּע אַרבעטער, האָט דעגענהאַרדט אַ ווונק געגעבן צו איינעם פון זיינע רוצחישע מיטהעלפער, דעם זשאַנדאַרם שאָטט, וועלכער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער רייע דאָס 17 יאָריקע יינגל, דעם קאמיקער רב'ס איידעמס זון און דערשאָסן אויפן אָרט אין אַלעמענס אָנוועזנהייט.

אין די גרויזאַמע טעג פון די דעפּאָרטאַציעס האָט זיך טייל אויסגעדוכט, אַז דורך אַריינבאַקומען זיך אין דער „מעטאַלורגיע" וועלן זיי אויסמיידן דאָס אומגליק פון דעפּאָרטירט צו ווערן צו די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס איבערקויפן דעגענהאַרדטן אַליין און זיינע מיטהעלפער די זשאַנדאַרן. דער נאַצי רוצח דעגענהאַרדט מיט זיינע מיטהעלפער האָבן דעמאָלט אויסגערויבט די גרעסטע פאַרמעגנס פון צירונג און ווערט־זאַכן, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור און טייל זאַכן זיינען געווען אַזעלכע אַנטיקן פון אומשעצבאַרן ווערט. דערפאַר זיינען זיי אַריינגעלאָזט געוואָרן אין דער „מעטאַלורגיע".

אַ פרוי האָט אין די טראַגישע אומשטענדן געבוירן אַ קינד אין דער „מעטאַלורגיע". די זשאַנדאַרן האָבן דאָס גלייך צוויסן געגעבן דעגענהאַרדטן, וועלכער האָט פאַראָרדנט, אַז די פרוי מיטן קינד זאָל אַריינגעפירט ווערן אין אַ זאַל פון דער פאַבריק און אויך אַלע פרויען מיט קליינע קינדער און זיי וועלן געניסן אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און עס וועט זיי קיין שלעכטס געשען.

אין דער מעטאַלורגיע איז געווען איין פאַמיליע מיטן נאָמען מיסקי, וועלכער איז געווען פון דער חברה קדישא און גענאָסן פון אַזוי גערופענע ספּעציעלע פּריווילעגיעס. דעגענהאַרדט האָט אים געגעבן זיין „ערן־וואָרט", אַז מיט אים און זיין פאַמיליע וועט קיין שום שלעכטס געשען.

נאָכדעם ווי דעגענהאַרדט האָט אַדורכגעפירט די מאַסן דעפּאָרטאַציעס און דאָס גרויסע געטאָ איז אויסגעליידיקט געוואָרן, האָט ער אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע פון אַלע יידן, וואָס האָבן זיך ביי אים און ביי זיינע אַרויסהעלפער אויסגעקויפט פאַר גרויסע פאַרמעגנס, אַלע פרויען מיט די קינדערלעך, די פאַמיליע מיסקי און אויך אַ גאַנצע רייע אַנדערע און אַלעמען אַוועקגעשיקט צום טויט קיין טרעבלינקע. מיסקי האָט אויפמערקזאַם געמאַכט דעגענהאַרדטן, אַז ער האָט געגעבן זיין „ערן־וואָרט", ווו איז זיין „ערן־וואָרט"? דערויף האָט דער נאַצי רוצח דעגענהאַרדט געענטפערט, אַז אים פאַרפליכטעט נישט קיין ערן־וואָרט אין באַצוג צו יידן.

## דאָס האַנדווערקער הויז

אויף אַלע 14 (נאַישוויענטשעי מאַרי פּאַנני) זיינען געווען עטלעכע צוואַנציק וואַרשטאַטן פון די בעסטע יידישע האַנדווערקער פּאַכלייט. דעגענהאַרדט, זיינע מיטהעלפער און די נאַציס, וואָס האָבן סטאַציאָנירט אין טשענסטאָכאָוו, האָבן ווי געהעריק אויסגענוצט די וואַרשטאַטן פאַר זייערע פּערזענלעכע צוועקן. אין די וואַרשטאַטן זיינען געווען אָפיציעל רעגיסטרירט 187 פּאַכלייט. זיי האָבן געהאַט די פאַרזיכערונג סיי פון דעגענהאַרדטן און סיי פון שטאָט־הויפּטמאַן, אַז זיי וועט גאָרנישט געשען. אין טאָג פון דער פינפטער אַקציע איז דעגענהאַרדט געקומען מיט זיינע מיטהעלפער און בליץ־שנעל אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע און 19 עלטערע מענטשן, די עלטערן פון די האַנדווערקער, זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן צו דעם דעפּאָרטאַציע טראַנספּאָרט צום אומקום קיין טרעבלינקע.

## די צוויי יידישע שפּיטאָלן

דעגענהאַרדט איז אַוועק אין די שפּיטאָלן און פאַראָרדנט די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער צו טויטן אַלע קראַנקע דורך סם־איינשפּריצונגען. די דאָקטוירים האָבן אָפּאָנירט, אַז זיי קענען דאָס נישט טאָן אין איינקלאַנג מיט דער עטיק פון דער פּראָפעסיע און צווייטנס האָבן זיי נישט אַזעלכע איינשפּריצונגען. דעגענהאַרדט איז אַריין אין אַ ווילדער רציחה און דערקלערט, אַז אויב אין צוויי שעה אַרום וועלן אַלע קראַנקע נישט זיין פאַרסמט, וועלן אַלע קראַנקע מיט די דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטערס און אַלע אַנדערע שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע דערשאָסן ווערן. צוויי שעה שפּעטער זיינען אַלע קראַנקע געווען פאַרסמט, טויט.

## דאָס קליינע געטאָ

נאָך די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס און מאַסן שחיטות איז דאָס געטאָ געוואָרן אויס־געליידיקט. די לעבנגעבליבענע זיינען געווען קאַשאַרירט אויף די פאַרשידענע אַרבעטס־פּלעצער אונטער אַ גרויזאַמען רעזשים, ביי שקלאַפישער אַרבעט, אין די ערגסטע סאַניטאַרע באַדינגונגען, ליידנדיק דערביי הונגער און פון עפּידעמישע קראַנקהייטן.

אויפן אָרט פון דעם גרויסן געטאָ האָט דעגענהאַרדט איינגעפירט אַ קליינעם געטאָ אויף דריי שמאָלע געסלעך און נעמלעך: נאַדזשעטשנאַ, גאַרנצאַרסקאַ און קאָזשיאַ און די קאַשאַרירטע יידן אין די פאַבריקן זיינען געשיקט געוואָרן אין דעם קליינעם געטאָ, אונטער באַוואַכונג, צום שלאָפן. דאָס קליינע געטאָ איז געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע אַרענע פון דעגענהאַרדטס בלוטיקע ספּעקטאַקלען.

## דעגענטהאַרדט שיקט אַוועק אויף „אַרבעט״ טשענסטאָכאָווער יידן קיין ראַדאָמסק

אונטערן אויסרייד פון שיקן טשענסטאָכאָווער יידן אין די ראַדאָמסקער לאַגערן האָט דעגענהאַרדט אַוועקגעשיקט אַכט הונדערט יידן און זעקס דאָקטוירים מיט זייערע פאַמיליעס. ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין ראַדאָמסק, איז דאָרטן פאָרגעקומען די דעפּאָרטאַציע אין די טויט־לאַגערן און אַלע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן צום אומקום.

## דעגענהאַרדט פאַראָרדנט צו גרינדן אַ קינדער־היים פאַר די לעבנגעבליבענע קינדער

נישט געקוקט אויף אַלע דעפּאָרטאַציעס און זוכענישן אויף אויסבאַהאַלטענע יידן און כאַפּענישן, איז דאָך געלונגען אויסצובאַהאַלטן אַ גאַנצע רייע קינדער אין

פאַרשידענע באַהעלטענישן. די צאָל האָט דערגרייכט צו 120. דעגענהאַרדט האָט פאַראָרדנט איינצואָרדענען אַ קינדער־היים און די קינדער זאָלן באַקומען בעסערע פאַרפלעגונג און זיי וועט קיין שלעכטס געשען. דאָס קינדערהיים איז טאַקע איינגעאָרדנט געוואָרן און אָנגעפירט געוואָרן דורך גוטע פעדאַגאָגישע קרעפטן און צווישן אַנדערע איז געווען דער געוועזענער דירעקטאָר פון דער יידישער גימנאַזיע ד״ר אַניספעלד. עטלעכע וואָכן שפּעטער זיינען אַלע קינדערלעך דורך דעם נאַצי רוצח דעגענהאַרדט אומגעבראַכט געוואָרן.

## ב ל י ז ש י ן

איינע פון די גרעסטע צרות איז געווען דאָס כסדר׳דיקע פאַרשיקן קיין בליזשין. צוערשט זיינען דורך פריער צוגעגרייטע ליסטעס געכאַפּט געוואָרן פאַכלייט, מערסטנטייל טישלער, און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בליזשין אויפצובויען פאַר דעם דאָרטיקן לאַגער באַראַקן. נאָכדעם זיינען כסדר געכאַפּט געוואָרן יידן און דאָרטן אַוועקגעשיקט געוואָרן צו שווערער שקלאַפישער אַרבעט ביי שטיין־ברוך. בלויז אין טאָג פון מערץ 17, 1943, זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן 300 יידן פון טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ. די מערהייט האָט נישט אויסגעהאַלטן די שווערע אַרבעט און הונגער. אָנהויב 1944 איז דער בליזשינער לאַגער אינגאַנצן ליקווידירט געוואָרן און אַלע זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן אין טויטן־לאַגער אוישוויץ.

## אויסטויש פון דייטשע קריגס־געפאַנגענע פאַר יידן

דעגענהאַרדט האָט אין חודש פעברואַר 1943 פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז די נאַצי רעגירונג האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער ענגלישער מאַכט, דורך דיפּלאָמאַטן פון נייטראַלע לענדער, וועגן אַן אויסטויש פון דייטשע קריגס־געפאַנגענע אין ענגלישער געפאַנגענשאַפט פאַר יידן און אַז די יידן דאַרפן אַוועקגעשיקט ווערן קיין פּאַלעסטינע. די באַרעכטיקטע יידן צום אויסטויש זיינען די, וואָס האָבן קרובים אין פּאַלעסטינע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע מיט פאַרשידענע פּראָטעקציעס און יעדער איינער האָט באַוויזן, אַז ער האָט אין פּאַלעסטינע קרובים. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ ליסטע פון 157 נעמען איז צוגעגרייט געוואָרן, וואָס איז באַשטאַנען פון כמעט דער גאַנצער דעמאָלט לעבנדער אינטעליגענץ. מערץ 20, 1943, זיינען אַלע פון דער ליסטע גערופן געוואָרן זיך צו מעלדן צו אַן אַפּעל. אָנשטאָט אַוועקצושיקן קיין פּאַלעסטינע זיינען אַלע אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן טשענסטאָכאָווער בית־עולם און דאָרטן דערשאָסן געוואָרן.

## די טעג פון ערשטן ביז דעם דריטן מאַי 1943

דעם ערשטן מאַי 1943 איז דאָס קליינע געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט פאַרשטאַרקטע אוקראַינישע וואַכן. קיין שום אַרבעטס־גרופּע איז נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן צו דער אַרבעט. עס איז פאַר אַלעמען געוואָרן קלאָר, אַז דאָס זיינען די לעצטע מינוטן פון דער עקזיסטענץ פון קליינעם געטאָ און די אומגעפער 6,000 נאָך לעבנדע יידן וועלן דעפּאָרטירט ווערן צו די טויט־לאַגערן, צו די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע.

וואָס איז אייגנטלעך דעמאָלט געשען? דעגענהאַרדט האָט געוואָלט די קנאַפּע 6,000 יידן אומברענגען און דערקלערן טשענסטאָכאָוו אַלס יידן־ריין. די פּאָליטישע דירעקטאָרן פון די „האַסאַג״ פאַבריקן („האַסאַג״ זיינען די איניציאַלן פון: הוגאָ שניידער אַקציען געזעלשאַפט) האָבן זיך קעגנגעשטעלט און דערקלערט, אַז זיי דאַרפן צו האָבן די יידן צו דער אַרבעט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע רייע פאַר־

האַנדלונגען מיט די העכערע אינסטאַנצן אין ראַדאָם און אין בערלין און די פּאָליטישע דירעקטאָרן פון „האַסאַג" האָבן דערווייל, צונישט געמאַכט דעגענהאַרדטס נייעם מאַסן־מאָרד פּלאַן. דעם 4־טן מאַי 1943, זיינען אַלע איינוווינער צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. דעגענהאַרדט האָט דאָס נישט געקענט מוחל זיין די פּאָליטישע דירעקטאָרן פון „האַסאַג" וואָס האָבן, דערווייל, צונישט געמאַכט זיין פּלאַן.

## דעגענהאַרדטס פּלאַן צו ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ

דעגענהאַרדט האָט איינגעזען, אַז מיט די פּאָליטישע דירעקטאָרן, הגם אויך נאַציס, אָבער פאַראינטערעסירטע אין דער אינדוסטריע, וועט ער גאָרנישט אויספירן, האָט ער באַשלאָסן צו ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ. וויפיל יידן, אַלס אַרבעטער, די פּאָליטישע דירעקטאָרן וועלן פאַרהאַלטן און קאָשאַרירן אין די פאַבריקן איז פאַר־פאַלן און די איבעריקע וועט ער אויסמאָרדן.

יוני 25, 1943, איז דעגענהאַרדט צוגעטרעטן צו ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ. די טאָג־שיכט אין די פאַבריקן זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן און מער נישט צוריקגעשיקט געוואָרן. אין „האַסאַג־פעלצערן" איז געמאַכט געוואָרן אַן אַפּעל. געווען איז דאָס אַ פּאָר מינוט נאָך 5. עס האָט זיך באַוויזן דעגענהאַרדט און געהאַלטן אַ רעדע.

## דער שיינער מאַי איז פאַר אייך פאַרביי

דער אינהאַלט פון דער רעדע איז געווען: „דער שיינער מאַי איז פאַר אייך פאַרביי, איר לעבט אַזוי לאַנג ווי איר אַרבעט פאַרן „האַסאַג" איז איר אַרבעט אַזוי לאַנג ווי איר לעבט". דער פּאָליטישער דירעקטאָר פון „האַסאַג" איז אַוועק צום קליינעם געטאָ נאָך די יידישע אַרבעטער פון דער נאַכט שיכט, וואָס דעגענהאַרדט איז נישט געווען אַזוי איינשטימיק אַרויסצוגעבן. עס האָבן געשטרייט צוויי כוחות: „בלוט און עקספּלואַטאַציע" און דער פּאָליטישער דירעקטאָר פון „האַסאַג", ליטט, איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון קליינעם געטאָ די נאַכט־שיכט אַרבעטער.

## ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ

דעגענהאַרדט איז צוגעטרעטן צו ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון קליינעם געטאָ זאָלן זיך גלייך שטעלן צו אַן אַפּעל און די, וואָס וועלן נישט אויספירן דעם באַפעל וועלן גלייך דערשאָסן ווערן. דאָס מאָל האָט אים קיינער נישט געפאָלגט און נישט אויסגעפירט דעם באַפעל. פאַרקערט, אַלע יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן אין קעלערס און אויף בוידעמער.

## דעגענהאַרדט גיט זיין ערן אָפיצירישן וואָרט

דעגענהאַרדט האָט דורך זיינע מיטהעלפערס באַקאַנט געמאַכט, אַז ער גיט זיין ערן אָפיציריש וואָרט, אַז ער דערקלערט אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע, וואָס וועלן זיך מעלדן פרייוויליק ביז צומאָרגנס צוויי אַזייגער בייטאָג. די אַלע וואָס וועלן זיך מעלדן פרייוויליק וועלן נישט באַשטראָפט ווערן מיט קיין שום זאַך און וועלן געשיקט ווערן צו אַרבעט אין די „האַסאַג" פאַבריקן.

נישט געקוקט אויף אַלע פּילצאָליקע מאַסן־מערדערייען, וואָס דעגענהאַרדט האָט דורכגעפירט אונטער פאַרשידענע ליגנערישע פאַרזיכערונגען און צוזאָגן, האָט זיך דאָך געפונען אַ גרופּע יידן, וואָס האָט זיך פרייוויליק צוגעשטעלט געשיקט צו ווערן צו אַרבעט אין „האַסאַג". די אַנטוישונג איז אָבער זייער שנעל געקומען. צו דער באַשטימטער צייט, דאָס הייסט 2 אַזייגער בייטאָג, איז אָנגעקומען בעטשער,

דער שעף פון ראַדאָמער ס. ס. דיסטריקט און פאַראָרדנט די פּרייוויליק זיך צוגעשטעלטע יידן אַוועקפירן אויפן בית־עולם און דערשיסן. בעטשער איז גלייך נאָך דער מלחמה געכאַפּט געוואָרן און דורך דעם פּוילישן געריכט אין ראַדאָם פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן דורך הענגען.

## די פינאַלע ליקווידאַציע פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ

עטלעכע טעג זיינען אָנגעגאַנגען געיעגן קעגן די אויסבאַהאַלטענע יידן. דעגענהאַרדט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אויפצורייסן די הייזער מיט דינאַמיט. עס האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשפּילט די גרויזאַמסטע סצענעס, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך דאָס נישט פאָרשטעלן. שטיקער הייזער אויסגעמישט מיט קערפּערטיילן פון די אויסבאַהאַלטענע יידן זיינען געפלויגן אין דער לופטן.

די אַלע יידן, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן און אויך אויף דער אַרישער זייט זיינען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן אויף אַ שייטער הויפן אויף דער גאַרנצאַרסקאַ גאַס. עס זיינען דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן פינף הונדערט יידן. איינער פון דעגענהאַרדטס געהילפן, וואָס האָט אַדורכגעפירט דעם גרויזאַמען אַקט פון פאַרברענען לעבעדיקערהייט יידן איז גלייך נאָך דער מלחמה געכאַפּט געוואָרן אין וורראָצלאַוו און איז געברענגט געוואָרן קיין טשענסטאָכאָוו צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס פּוילישע געריכט אין טשענסטאָכאָוו האָט פאַרמשפּט דעגענהאַרדטס גרויזאַמען מיטהעלפער קעסלער צום טויט דורך הענגען. דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו.

אין די טעג פון 26 ביז 30 יוני 1943, ביי דער פינאַלער ליקווידאַציע פון טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ האָט דעגענהאַרדט פאַראורזאַכט צוויי טויזנט יידישע קרבנות.

## די וויי‌טערדיקע סעלעקציעס

נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ זיינען אַלע דעמאָלט לעבנדע יידן געווען קאָשאַרירט אין די „האַסאַג" פאַבריקן. בלויז אַ גרופּע יידן פאַכלייט זיינען געווען קאָשאַרירט אין אַ הויז אויף גאַריבאַלדיעגאָ. אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ האָט דעגענהאַרדט געוואָלט ליקווידירן דורך אַדורכפירן אַ סעלעקציע, אַ טייל אויסמאָרדן און די איבעריקע אַוועקשיקן אין „האַסאַג-פעלצערן". דערמיט האָט זיך דעגענהאַרדט נאָך נישט געוואָלט באַנוגענען, נאָר ער האָט אויך געוואָלט אַדורכפירן אַ סעלעקציע אין „האַסאַג־פעלצערן" גופא.

## די סעלעקציע אויף גאַריבאַלדיעגאָ

אונטערן פּרעטעקסט פון אַוועקשיקן אין „האַסאַג פעלצערן" האָט דעגענהאַרדט אַדורכגעפירט אַ סעלעקציע אויף דער גאַריבאַלדיעגאָ און אויסגעקליבן 100 יידן, מענער און פרויען. דאָס איז געווען יולי 20, 1943.

## די סעלעקציע אין „האַסאַג פעלצערן"

צו דער גלייכער צייט האָט דעגענהאַרדט אויפגעצוווּנגען אַ סעלעקציע אין „האַסאַג־פעלצערן", וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די נאַצי מייסטערס דעם זעלבן טאָג, יולי 20, 1943, צען אַזייגער ביינאַכט. עס זיינען דעמאָלט אויסגעסעלעקטירט געוואָרן דריי הונדערט יידן. זיי זיינען גרופּנווייז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך ווערקשוצן און אַוועקגעפירט געוואָרן אין די קעלערן פון דער אַזוי גערופענער „קאָלאָניע".

צומאָרגנס, יולי 21, 1943, זיינען די אויסגעסעלעקטירטע 100 יידן פון דער גאַריבאַלדיעגאָ געברענגט געוואָרן צום געביט פון דער „קאָלאָניע" און אָנגעשלאָסן געוואָרן צו די אויסגעסעלעקטירטע 300 יידן. אַלע 400 יידן זיינען אויף אַ בעסטיאַלישן

אופן געפּייניקט געוואָרן און האַלב טויטע זיינען זיי אויף טראָקס אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן טשענסטאָכאָווער בית עולם. דאָרטן זיינען זיי דערשאָסן אין באַער־דיקט געוואָרן אין אַ מאַסן קבר.

נאָך דער מלחמה זיינען 22 פון די נאַצי מייסטערס פון „האַסאַג״ געכאַפּט געוואָרן און געשטעלט געוואָרן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין לייפּציק אין די חדשים מאַי און יוני 1949. פיר זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און אַכצן צו לעבנסלענגלעכע תפיסה אורטיילן.

## וויפיל מענטשלעכע לעבנס האָט דעגענהאַרדט אויף זיין געוויסן

דאָס ערשטע דאַרפט פעסטגעשטעלט ווערן, אַז קיין טשענסטאָכאָוו זיינען איבער־געזידלט געוואָרן גאַנצע יידישע קהילות און נעמלעך: פון אַמסטאָוו, באָדזאַנאָוו, וויעלון, קאָניעצפּאָל און קרולעווסקאַ הוטאַ. פּליטים זיינען אויך אָנגעקומען פון פאַרשידענע שטעט ווי: אָטוואָצק, דזיאַלאָשין, וואַרשע, לאָדזש, לובלין, פּלאָצק, קאַליש, קראָקע און אויך פון די געביטן, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן געוואָרן אין דריטן רייך. די אָנגעקומענע פּליטים האָבן זיך נישט רעגיסטרירט בכדי אויסצומיידן די אומבאַלויִנטע צוואַנגס־אַרבעט, פאַרפאָלגונגען און רעפּרעסיעס. לויט דער סטאַטיסטיק פון טשענסטאָכאָווער מאַגיסטראַט, וואָס נעמט אַרום די צייט ביז יולי 30, 1942, זיינען געווען רעגיסטרירט יידן 43,290, אָבער דער מאַגיסטראַט באַוואָרנט זיך מיט אַ דערקלערונג, אַז ביי אַ 20 פּראָצענט יידן זיינען בכלל נישט געווען רעגיסטרירט. עס זיינען געווען 995 יידן רעגיסטרירט אין יודענראַט, אָבער נישט אין מאַגיסטראַט, ווייל דער נאַצי שטאָט־הויפּטמאַן האָט פאַרבאָטן דעם מאַגיסטראַט צו רעגיסטרירן יידן נאָך יולי 30, 1942. עס דאַרפט אויך גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז קיין טשענסטאָכאָוו זיינען געבראַכט געוואָרן טראַנספּאָרטן מיט יידן דירעקט צו די „האַסאַג״ פאַבריקן אין אַ צאָל פון צוועלף טויזנט און זיי זיינען געווען פון לאָדזשער געטאָ, פּלאַשאָוו (לאַגער נעבן קראָקע), סקאַרזשיסקאָ־קאַמיעננאַ, בליזשין, פּיאָטרקאָוו און דעמבלין.

די סטאַטיסטיק איז דעריבער פאָלגנדע:

| | |
|---|---|
| 1. אָפיציעל רעגיסטרירטע אין מאַגיסטראַט ביז יולי 30, 1942 | 34,290 |
| 2. רעגיסטרירטע אין יודענראַט אין אויגוסט און סעפּטעמבער 1942 | 995 |
| | 35,285 |
| 3. די באַהויפּטונג פון מאַגיסטראַט, אַז 20 פּראָצענט יידן זיינען נישט געווען רעגיסטרירט | 7,057 |
| | 42,342 |
| 4. טראַנספּאָרטן פון יידן דירעקט געברענגט אין די „האַסאַג״ פאַבריקן און לאַגערן און נעמלעך: „האַסאַג־פּעלצערן״, „האַסאַג וואַרטאַ״ און „האַסאַג טשענסטאָכאָוויאַנקאַ״ | 12,000 |
| | 54,342 |
| 5. נישט אידענטיפיצירט | 3,858 |
| צוזאַמען | 58,200 |
| זיך געראַטעוועט פון די קאָנצענטראַציע לאַגערן | 8,200 |
| דירעקטע קרבנות פון דעגענהאַרדטס גרויזאַמע פאַרברעכנס אין טשענסטאָכאָוו | 50,000 |

די ציפער פון פופציק טויזנט קרבנות באַציט זיך אויסשליסלעך צו די יידן, וואָס זיינען געווען אין דער נאַצי אָקופּאַציע צייט אין טשענסטאָכאָוו.

נאָכן אויספירן די מאַסן־מאָרדן איז דעגענהאַרדט פאַרשווונדן פון טשענסטאָכאָוו און ווער ווייסט וויפיל מאַסן־מאָרדן ער איז באַגאַנגען ביז צום פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט.

## פאַרוואָס איז דעגענהאַרדט גלייך נישט געכאַפּט געוואָרן ?

ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז דער מאַסן־מערדער דעגענהאַרדט איז נישט גלייך געכאַפּט געוואָרן נאָך דער מלחמה? נישטאָ קיין איין ייד, וואָס איז געווען אין טשענסטאָכאָוו, אַז ער זאָל נישט קענען דעם מאַסן־מערדער דעגענהאַרדט. יעדער איינער וואָלט אים גלייך דערקענט שוין צוליב זיין העסלעכן אויסזען.

דער ענטפער איז פאָלגנדער: אין דער צווייטער העלפט פון 1944, ווען די נאַצי־מאַכט האָט אָנגעהויבן צו ליידן איין מיליטערישע מפלה נאָך דער אַנדערער, איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ ידיעה צווישן די יידן אין די טשענסטאָכאָווער „האַסאַג״ לאַגערן, אַז דעגענהאַרדט איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין גריכנלאַנד אָנצופירן מיטן קאַמף קעגן די גריכישע פאַרטיזאַנער. די גריכישע פאַרטיזאַנער האָבן זיך דער־ וווּסט וועגן זיינע פאַרברעכערישע טאַטן אין טשענסטאָכאָוו און גלייך אַרויסגעטראָטן אַ טויט־אורטייל קעגן אים, וואָס איז גלייך אויסגעפירט געוואָרן.

קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַ ספּעציעל „פּראָדוצירטע״ ידיעה און אַלע האָבן זי אָנגענומען פאַר אַ זיכערן אמת.

דער נאַצי מאַסן־מערדער דעגענהאַרדט איז גלייכצייטיק, ווי דערמאָנט, אַ פּחדן פאַר זיין אייגן פאַרברעכעריש לעבן. ער פלעגט שטענדיק אָפּנאַרן די יידן מיט פאַרשידענע ליגנס. אויך דאָס מאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט וועט אים געלינגען אַלעמען אָפּצונאַרן פון זיין פאַרברעכערישער פאַרגאַנגענהייט.

דעגענהאַרדט איז דאָך געכאַפּט געוואָרן און הגם ער האָט זיך געמאַכט משוגע און געווען אַ לענגערע צייט אויף אָבסערוואַציע אין אַן אַזיל פאַר משוגעים, האָבן די דאָקטוירים פעסטגעשטעלט, אַז ער איז אַ סימולאַנט און אים איבערגעגעבן צו דער מערב דייטשער יוסטיץ.



## דער עוואַקואַציע-טראַנספּאָרט פון „האַסאַג פּעלצערן״ קיין דייטשלאַנד

מאָנטיק אינדערפרי, יאַנואַר 15, 1945, איז דאָס לאַגער־געביט פון „האַסאַג פּעלצערן״ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך נאַצי־מחבלים און ווערקשוצן. די צוואַנגס־אַרבעטער פון דער נאַכט־שיכט זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די באַראַקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן די בליץ־שנעלע עוואַקואַציע. גרופּן צו 100 יידן זיינען אויף שנעל אַרומגערינגלט געוואָרן דורך ווערקשוצן און אַוועקגעפירט צו דער באַן־ליניע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן לאַגער . דאָס זעלבע איז געשען אין די אַנדערע לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו, ווי „האַסאַג ראַקווו״ און האַסאַג טשענסטאָכאָוויאַנקאַ״. די יידן זיינען אַריינגעפּאַקט געוואָרן צו 80, 90 און צו 100 אין איין לאַסט־וואַגאָן. קיינער האָט נישט געוווסט די סיבה פון דער אַזוי פלוצלינגער עוואַקואַציע און אויך ווו דער טראַנספּאָרט ווערט געשיקט. קיינער האָט אויך נישט געוווסט, אַז די נאַצי-מאַכט אין טשענסטאָכאָוו איז שוין אין אַ גסיסה־צושטאַנד און אין דרייסיק שעה שפּעטער וועלן די נאַציס מוזן אַנטלויפן ווו דער פּעפּער וואַקסט. וואָס איז אייגנטלעך געשען, וואָס קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר? עס פלעגן דאָך פאָרט דערגיין פאַרשיידענע ידיעות צום לאַגער, עס פלעגן אויך דערגיין, אויף אַ שטרענג געהיימען און אומלעגאַלן וועג, די לעצטע ראַדיאָ־ידיעות און אויך איינצלנע צייטונגען פון וועלכע מען האָט זיך געקענט אָריענטירן ווו מען האַלט אויף דער וועלט. דער ענטפער איז דער, אַז זייט דער נאַצי־רוצח באַרטענשלאגער האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו, איז דער טעראָר און רעפּרעסיעס פאַרשטאַרקט געוואָרן און עס איז נישט מעגלעך געווען אָנצוהאַלטן די זעלבע קאָנטאַקטן, וואָס זיינען נאָך מעגלעך געווען ביז צו יענער צייט. דער נאַצי־רוצח באַרטענשלאגער האָט געהאַט ספּעציעלע פולמאַכטן איבער די „האַסאַג״ קאָנצענטראַציע-לאַגערן און האָט געטאָן אַלץ, וואָס אים איז געפעלן געוואָרן. ער איז שטענדיק אַרומגעלאָפן מיטן רעוואָלווער אין האַנט, און ווען ער האָט אָנגעטראָפן האָט ער דערשאָסן. ער האָט איינגעפירט נייע אָרדנונגען. דאָס ערשטע איז אויף שנעל אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך ביים לאַגער אַריינגאַנג און עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אַריינצוגיין און אַרויסצוגיין איינצלווייז, נאָר אין געשלאָסענע גרופּן צו דער אַרבעט און צוריק פון דער אַרבעט. עס איז אויפסניי איינגעפירט געוואָרן אַ יידישע פּאָליציי און יידישע פייערלעשער, דערצו זיינען געבראַכט געוואָרן דריי, מישטיינס געזאָגט, יידישע לאַגער־ספּעציאַליסטן; איינער אַ דייטשער ייד מיטן נאָמען גאָלדשטיין אַלס לאַגער־פירער און צוויי פּאָליציאַנטן: יידל פּרענקעל און אומגליק פון לאַגער „וואַרטאַ״. דער נאַצי־רוצח האָט אויך פאַראָרדנט צו בויען אַ נייעם באַראַק פאַר אַ קיך אויפן לאַגער־געביט בכדי די יידישע שקלאַפן־אַרבעטער פון דער נאַכט־שיכט זאָלן נישט דאַרפן אַרויסגיין פון לאַגער פאַר דער מיטאָג־זופּ. די קליידער פון די יידישע שקלאַפן־אַרבעטער זיינען פאַרשמירט געוואָרן מיט שערלאַק פון רויטלעכן קאָליר מיט ווערטיקאַלע שטריכן, סיי ביי מענער און סיי ביי פרויען. טאָג־טעגלעך זיינען אָנגעקומען צוגן מיט מאַשינען, דאָס הייסט, אַז די פאַבריק ווערט פאַרגרעסערט. (אין דער אמתן זיינען די מאַשינען געווען פון עוואַקואירטע פאַבריקן פון וועלכע די נאַציס זיינען אַנטלאָפן). די עס־עס מענער האָבן פאַר זיך געבראַכט וואַגאָנען מיט ביוראָ־מעבל, פאַרשיידענע איינריכטונגען, זשיראַנדאָלן און אַנדערע אָנגערויבטע זאַכן. דער רוצח באַרטענשלאגער האָט דערקלערט, אַז פאַר דער פּראָדוקציע, זיינען צופיל יידישע שקלאַפן־אַרבעטער באַשעפטיקט און, אַז אַ קלענערע צאָל וועט אויך קענען די אַרבעט אויספירן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון רעדוקציעס. די ערשטע רעדוצירטע גרופּן

זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ‟ און „וואַרטאַ‟ אין טשענ־סטאָכאָוו און די רעדוצירטע אין דעצעמבער 1944 זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן; די מענער קיין בוכענוואַלד און די פרויען קיין ראווענסברוק. אַנדערע רעדוצירטע זיינען באַשעפטיקט געוואָרןביים בויען נייע רעלסן, וואָס זאָל פאַרבינדן דעם פאַבריקס־געביט פון אַלע זייטן מיט די באַן-ליניעס. די אַרבעט ביים אויסלייגן די נייע רעלכן איז אָנגעגאַנגען מיט דעם שנעלסטן טעמפּאָ.

דער געברענגטער יידישער לאַגער־פירער גאָלדשטיין האָט געהאַט ספעציעלע פאַרזאַמלונגען מיט די קאַפּאָס און זיי דערקלערט, אַז די היטלער־מאַכט גייט כסדר פאָרויס און וועט איינעמען גאַנץ אייראָפּע און פאַר יידן איז נאָר דאָ איין אויסוועג — צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען און אויספירן אַלץ, וואָס די דייטשן פאַרלאַנגען. ער האָט די קאַפּאָס געלערנט דעם נייעם קאָנצענטראַציע־לאַגער כיסטעם, ווי אַזוי אַ קאַפּאָ דאַרף אַדורכפירן דורכן טויער זיין גרופּע, ביים אַפּעל, ביי וועלכן עס איז שטענדיק געווען אַן עס־עס מאַן. די פּראָצעדור איז געווען פאָלגנדע: דער קאַפּאָ שטייט פאָרויס און אונטער אים זיין גרופּע. ער גיט דעמאָלט אַ באַפעל: „פאָרויס מאַרש‟, נאָכדעם: „מיצן אפּ‟, „אויגן רעכטס‟ און דעמאָלט גיט ער דעם ראַפּאָרט: „קאַפּאָ 11 מעלדעט 30 העפטלינגען‟. דעמאָלט מאַרשירט ער דורך מיט דער גרופּע דורכן טויער און גיט ווידער אַ באַפעל צו דער גרופּע: „מיצן אן‟. דאָס וואָרט העפטלינגען האָט קיינער נישט פאַרשטאַנען. (דאָס וואָרט באַדייט אַרעסטאַנטן) דאָס האָט געשאַפן אַ טראַגי־קאָמישע סיטואַציע. איינער פון די קאַפּאָס האָט זיך בשום אופן נישט געקענט אויסלערנען דאָס וואָרט און יעדן פרימאָרגן האָט אים גאָלדשטיין דערפאַר „מכבד‟ געווען מיט פייערדיקע פעטש. דער קאַפּאָ פלעגט מעלדן אָנשטאָט: „קאַפּאָ 11 מעלדעט 30 העפטלינגען‟, פלעגט ער זאָגט: „קאַפּאָ 11 מעלדעט 30 פיטלינגען‟. נאָכן אַריינכאַפּן אַ פייערדיקן פּאַטש פלעגט ער זאָגן: „קאַפּאָ 11 מעלדעט 30 הפקר יינגען‟. עס האָבן נישט געהאָלפן די פעטש, דאָס וואָרט „העפטלינגען‟ האָט ער נישט געקענט אַרויסזאָגן. ווער ווייסט? אפשר האָט ער גראַדע יאָ געוווסט דעם באַטייט פון דעם אויסדרוק און דערפאַר האָט ער דאָס וואָרט נישט געוואָלט אַרויסזאָגן און אויף אַזאַ אופן דעמאָנסטרירן זיין פּראָטעסט קעגן די עס־עס לייט און זייער אונטערהעלפער גאָלדשטיין? דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט ביז מאָנטיק, יאַנואַר 15, 1945. אין יענעם פרימאָרגן איז געקומען צולויפן דער נאַצי־רוצח באַרטענשלאַגער מיט אַ גרופּע עס־עס לייט אַדורכצופירן די עוואַקואַציע. דאָס איז געשען אין אַזאַ בליץ־שנעלקייט, אַז איידער עס האָט זיך עמעצער אָריענטירט, וואָס עס קומט פאָר, איז ער שוין געווען אין אַ פאַרמאַכטן וואַגאָן. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט מען טאַקע געקענט פאַרלירן יעדע אָריענטאַציע פון דער סטראַטעגישער סיטואַציע אויף די פראָנטן און וועגן מלחמה־דויער.

ווי עס ווייזט זיך אַרויס, האָט די דירעקציע פון „האַסאַג פעלצערן‟ געוווסט, אַז עס וועט זיין אַזאַ עוואַקואַציע, ווייל דאָס דרינגט אַרויס פון דעם פון די ווערסיעס, וואָס זיי האָבן פאַרשפּרייט, אַז די יידישע שקלאַפן אַרבעטער פון דער פאַבריק ווערן באַטראַכט אַלס קוואַליפיצירטע פאַכלייט און אַזוי ווי די „האַסאַג‟ פירמע עפנט כסדר נייע פאַבריקן, וועלן אַ טייל אַוועקגעשיקט ווערן אין די נייע פאַבריקן. ווער האָט, אָבער, געקענט טראַכטן אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנען וועגן דעם, אַז אַלץ, וואָס די דייטשן האָבן געזאָגט, האָט זיך שטענדיק אַרויסגעוויזן פאַר ליגן און פאַלש.

דער צוג האָט זיך געשלעפּט און געשלעפּט און כסדר אַוועקגעשטעלט געוואָרן

אויף זייטיקע ליניעס, ווייל עס זיינען געלאָפן צוגן מיט דייטשיש מיליטער און אַמוניציע. אין די וואַגאָנען איז יעדע מינוט געוואָרן אומדערטרעגלעכער. עס איז נישט מעגלעך געווען אָפּצואָטעמען. עס האָט פּשוט געדראָט דערשטיקט צו ווערן און אויסצוגיין פון דורשט און הונגער. ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, איז צוליב דער אַלגעמיינער פאַרטונקלונג האָט מען גאָרנישט געקענט זען. צוליב דער כסדר׳דיקן אַוועקפירן דעם צוג אויף פאַרשיידענע אָפּצווייג־ליניעס, האָט מען אויך פאַרלוירן די אָריענטאַציע אין וועלכער ריכטונג דער צוג פאָרט. אינדערפרי ווען עס איז ליכטיק געוואָרן, האָט מען דערזען אַן אויפשריפט אויף אַ באַן־סטאַנציע „ווייסמאַר״ און פונדערווייטנס האָט מען שוין געקענט באַמערקן אַ שילד „בוכענוואַלד״. אַלע זיינען געווען פאַרביטערט און פאַרצווייפלט. פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון אַ דערנעבנדיקן וועלדל. אינסטינקטיוו האָט דוד וואַטענבערג געגעבן אַ רוף אויס: „יידן זאָגט ודוי, יעצט איז אונדזער ענדע״. אַלע זיינען געבליבן דערשיטערט. עס איז שוין נישט געווען קיין צייט אַפילו צו טראַכטן. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ באַפעל איז געפאַלן אַרויסצוגיין פון די וואַגאָנען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן אין דעם וועלדל דייטשן געמאַכט שיס־איבונגען. בוכענוואַלד איז פאַר אַלעמען דערשינען מיט איר אויסטערלישן אויסזען. אַ גוואַלדיקער קאַמבאַט, אַ ריזיקע שטאָט און ווי ווייט די אויגן קענען דערגרייכן, זיינען נאָר באַראַקן, באַראַקן און ווידער באַראַקן, דאָס ווערק און אויפטו פון היטלער׳ס רעזשים. עס האָט זיך באַוויזן די לאַגער־פּאָליציי, וואָס איז שוין געווען אינפאָרמירט וועגן טראַנספּאָרט. דאָס ערשטע ווי דער „מנהג״ איז געווען האָט מען איינגעשטעלט אין רייען און געציילט. נאָכדעם האָט מען אַריינגעפירט אין לאַגער. אַרום דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער זיינען געווען הויכע טורעמס, אויף וועלכע עס זיינען געשטאַנען עס־עס וואַכן מיט מאַשין־געווער אין פולער גרייטקייט צום שיסן יעדן איינעם, וואָס וועט נאָר פּרובירן זיך אַרויסצורייסן פון בוכענוואַלדער גיהנום־טאָל. אין לאַגער הערט מען אַ געמיש פון פאַרשיידענע לשונות, ווייל פון אַלע לענדער, ווו די נאַצי־מחבלים האָבן נאָר באַטראָטן זייערע שטיוול, זיינען פון דאָרטן געשיקט געוואָרן מענטשן צום טרויעריק־באַרימטן בוכענוואַלדער קאָנצענטראַציע־לאַגער. עס פאַלט אַ באַפעל שטיין בלייבן און אַוועקלייגן אַלע פּעקלעך. שוין ווידער נישט קיין גוטער צייכן. מען פירט גרופּנווייז אַריין די טשענסטאָכאָווער זיין אַ פּריזיר־ און באַד־געביידע, אייגנטלעך איז עס געווען ווי אַ קעלער, וואָס האָט נישט ווייניקער אָנגעוואָרפן אַ פחד. ווידער אַ באַפעל אָפּצוגעבן פרייוויליק אַלע ווערטפולע זאַכן; געלט, גאָלד־חפצים און דעוויזן און אויב עס וועט עמעצער באַהאַלטן, איז ער גלייך אַ קאַנדידאַט פאַר דער קרעמאַטאָריע. דער עס־עס מאַן האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון דער קרעמאַטאָריע, פון וועלכער עס האָט געזעצט דורך דעם קוימען פייערדיקע וואָלקנס רויך, דער סימבאָל פון טעכנישן מאַסן־מאָרד פון היטלעריזם. צי איז דען מעגלעך איבערצוגעבן אַזאַ גרויליקע איבערלעבונג? צי איז דען מעגלעך איבערצוגעבן דעם סאַדיסטישן בעסטיאַליזם פון די נאַציס, וואָס האָבן מאַסן־מאָרד און רויב אין אַ אידעע פאַרוואַנדלט? נאָכדעם פאַרשפּיל האָבן זיך אַלע געמוזט אויסטאָן צום שערן און באָדן. די שער מאַשינקעס האָבן אויסגעריסן די האָר און נישט געשוירן. די באָד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס יעדער איינער האָט געמוזט אַריינגיין אין אַ טיפער באַליע, אין וועלכער עס איז געווען אַ דעזינפעקציע־פליסיקייט און נאָכדעם אונטער אַ שפּריץ זיך וואַשן. נאָכדעם זיינען די, וואָס זיינען שוין געווען געשוירן און געבאָדן, אַרויפגעפירט געוואָרן אויפן אויבערשטן שטאָק און דאָרטן איז אויסגעטיילט געוואָרן קליידונג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ העמד, אַ פּאָר הויזן, אַ רעקל, אַ פּאָר שיך און אַ היטל. גלייכצייטיק איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעגיסטראַציע. נאָך דער

גאַנצער פּראָצעדור, וואָס האָט געדויערט אַן ערך 15 שעה, זיינען אַלע אָוועקגעפירט געוואָרן דורך דער לאַגער־פּאָליציי אין אַ באַראַק. די טשענסטאָכאָווער זיינען איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין די בלאָקן 59, 61 און 63 פון דעם אַזוי־גערופענעם קליינעם לאַגער, וואָס איז גערופן געוואָרן קוואַראַנטאַננע, אָדער טויטן־לאַגער, וואָס איז געווען אָפּגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן פון דעם אַלגעמיינעם לאַגער. נאָכן דורכמאַכן די פּראָצעדור, האָט איינער דעם אַנדערן נישט געקענט דערקענען. אַלע זיינען געווען טויט־בלאַס און אויסגעמאַטערט פון דער רייזע, פון הונגער, פון דעם שערן, ריכטיקער באַצייכנט וואָלט געווען אויסצופּן די האָר און פון דער דעזינפעקציע, וואָס האָט געדויערט ווי אַן אייביקייט. די קליידונג האָט אַלעמען פאַרענדערט. איינער האָט באַקומען אַ היטל פון אַ שיפס־קאַפּיטאַן, אַן אַנדערער פון אַ מאַטראָז, אַ דריטער פון אַ שאָפער. הויכע האָבן געטראָגן קורצע הויזן און קורצע רעקלעך. נידעריקע האָבן געטראָגן לאַנגע קליידער און אַלץ איז פון זיי אַראָפּגעהאָנגען. איז דען אַ ווונדער, אַז איינער האָט נישט געקענט דערקענען דעם אַנדערן ?

דער סיסטעם אין די באַראַקן איז געווען אַ גאָר אַן אַנדערער ווי אין „האַסאַג" אין טשענסטאָכאָוו. ערשטנס האָט מען נישט גערופן באַראַק נאָר בלאָק. דער בלאָק איז געווען איינגעטיילט אין סעקציעס און בוקסעס. אַ בוקסע איז באַשטאַנען פון ניין העפטלינגען און אַ סעקציע פון זעקס בוקסעס. יעדע סעקציע איז באַשטאַנען פון 55 העפטלינגען. 54 פון די זעקס בוקסעס און אַ סעקציע פירער. איבער די אַלע סעקציעס איז געווען אַ שטובן־דינכט, אַ שרייבער און אַ בלאָק־עלטעסטער. די וואָס זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט האָבן נאָך געהאַט אַ פאָראַרבעטער און אַ קאַפּאָ. אַ חוץ דעם זיינען געווען: אַ בלאָק־פירער, ראַפּאָרט־פירער, פּאָליטישע אָפּטיילונג־פירער און אַ גאַנצע מחנה פון פאַרשיידענע פירער — איין מערדער בעסיאַלישער פאַרן צווייטן. אין בוכענוואַלד האָט מען די טשענסטאָכאָווער נישט געשיקט צו קיין אַרבעט, אָבער די מחנה „פירערס" האָבן שוין צוגעטראַכט ווי אַזוי אַלעמען צו האַלטן באַשעפטיקט פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביינאַכט. אָנגעהויבן האָט זיך מיט אַפּעלן, איינשפּריצונגען, לייז קאָנטראָלעס און פאַרשיידענע אַנדערע אָנשיקענישן, וואָס נאָרמאַלע מענטשן וואָלטן דאָס גאָרנישט געקענט צוטראַכטן. דאָס עסן איז געווען אַזוי ווי אין „האַסאַג פּעלצערן", אָבער דאָס שלאָפן איז געווען אומדערטרעגלעך. אַלע זיינען געלעגן ווי איינגעפּרעסט אין די בוקסעס און זיך נישט געקענט אַ ריר טאָן. צו דעם איז נאָך געווען אַ צרה די קעלט, דאָס פירן ביי די אַפּעלן. בוכענוואַלד ליגט אין דער געבירגיקער געגנט פון יענא, ווו די לופט איז זייער אַ שאַרפע. אין יאַנואַר 1945 זיינען געווען שרעקלעכע פרעסט און היות ווי קיינער האָט נישט געהאַט קיין מאַנטל, האָט פּשוט געדראָט, אַז אַלע זאָלן געפרוירן ווערן. נאָך עטלעכע טעג מאַטערן די טשענסטאָכאָווער איז געמאָלדן געוואָרן, אַז ווער עס וויל אַרבעטן זאָל זיך פאַרשרייבן, וועט ער אָוועקגעשיקט ווערן אין אַ פאַבריק. דאָס איז געווען אַ פּראָבלעם. יאָ פאַרשרייבן זיך אָדער נישט. נישט פאַרשרייבן זיך וואָלט געהייסן אויסמיידן צו אַרבעטן און פאַר די מערדער וואָלט דאָס געווען אַ באַגרינדונג צו פאַרגאַזן און פאַרברענען אין דער קרעמאַטאָריע. יאָ פאַרשרייבן זיך איז ווער ווייסט, וואָס דערוואַרט דאָרטן ? ווער ווייסט צי דאָס איז אַ פאַבריק ? צי קען מען דען גלויבן, וואָס די נאַצי־רוצחים זאָגן ? די מעדיטאַציע איז געלייזט געוואָרן דערמיט, וואָס די ליסטעס זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן אָן צו פרעגן קיינעמען צי ער וויל יאָ פאָרן אָדער נישט. אויפן אַכטן טאָג זיינען די טשענסטאָכאָווער אויסגערופן געוואָרן און אין רייען אָוועקגעפירט געוואָרן צום טראַנספּאָרט אין קינאָ בלאָק. מיטן טראַנספּאָרט איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, ווייל עס זיינען נישט געווען קיין טראַנספּאָרט־מיטלען, זיינען אַלע

געבליבן אין דעם קינאָ־זאַל אויף אַ גאַנצער נאַכט. צו אַלעמענס פאַרווונדערונג איז געוויזן געוואָרן אַ פילם. דאָס אַלץ האָט אויסגעזען ווי אַ קרומער שפּיגל: פון איין זייט — קינאָ און מוזיק און פון דער אַנדערער זייט די תּליה און קרעמאַטאָריע. פאַרטאָג האָט זיך דערהערט דער באַפעל „איינטרעטן״, דאָס הייסט איינשטעלן זיך אין רייען צום טראַנספּאָרט. די פראָסט איז געווען אַ שטאַרקע און אַלע האָבן געשווידערט און געציטערט פון קעלט. אין געשלאָסענע רייען, באַוואַכטע דורך עס־עס מענער, איז די גרופּע אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער אָפּצווייג באַן־ליניע, וווּ עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע פּראָצעדור פון ציילן און איינשטייגן אין די משא־וואַגאָנען. ווידער אַ געדרענגעניש צו 80 אין אַ וואַגאָן. דאָס מאָל איז אין יעדן וואַגאָן געווען אַן עס־עס מאַן אין פולער באַוואָפענונג. ווידער אַ שלעכטער סימן. וועגן זיך צופרייסן די קליינע מיט דראָט פאַרצוימטע פענסטערלעך קען שוין קיין רייד נישט זיין. צווייטנס איז דאָס דייטשישע טעריטאָריע און יעדע באַגעגעניש מיט אַ דייטש איז הונדערט פּראָצענטיקער טויט. דער צוג האָט זיך געשלעפּט ביי 14־12 שעה ביז מען איז אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען אונטערזאַקסענהאַוזן. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דער שטח פון בוכענוואַלד ביז אונטער־אַקסענהאַוזן 65 קילאָמעטער, דאָס הייסט נישט קיין גאַנצע 41 מייל און אַזאַ רייזע האָט געדאַרפט דויערן נישט מער ווי איין שעה. פון דער באַן־סטאַנציע זיינען אַלע געפירט געוואָרן אין געשלאָסענע רייען זעקס קילאָמעטער צום קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאָרא״, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַזונדערע און אָפּגעשלאָסענע וועלט. צוערשט זיינען אַלע צוגעפירט געוואָרן צום באָד און דעזינפעקציע־בלאָק. ביים אַריינגאַנג זיינען געשטאַנען עס־עס מענער און קאַפּאָס, וואָס האָבן אָן שום באַגרינדונג יעדן איינעם געקאָפּעט, געשלאָגן און געפּאַטשט. דאָס איז געווען דער קבלת־פּנים אין „דאָרא״, און נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישע פּראָצעדור ווי אין „בוכענוואַלד״ מיט דעזינפעקציע, באָדן, רעגיסטראַציע, וואָס האָט געדויערט ביז אינדערפרי. דער אונטערשייד צווישן בוכענוואַלד און „דאָרא״ איז געווען אַ קאָלאָסאַלער און איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין בוכענוואַלד זיינען געווען פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פאַרשיידענע פעלקער ווי געוועזענע מיניסטאָרן, ריכטער, שרייבער, קינסטלער, גייסטלעכע פון פאַרשיידענע רעליגיעס און זיי האָבן אָן שום צווייפל אויסגעאיבט אַ געהעריקן איינפלוס, דעריבער האָבן די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער אינערלעכער אַדמיניסטראַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון די העפטלינגען אַליין, האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז זייערע מלוכה־רעפּרעזענטאַנטן געפינען זיך דאָרט און אַ ביסעלע צוימען זייערע ווילדע און באַרבאַרישע אינסטינקטן. אין „דאָרא״ איז געווען גאָר אַנדערש. די מערהייט פון דער אינערלעכער אַדמיניסטראַציע, ווי קאַפּאָס און פאָראַרבעטער, זיינען באַשטאַנען פון דייטשע קרימינעלע פאַרברעכער, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַ רעקאָרד פון פילצאָליקע קרימינעלע פאַרברעכנס און תּפיסה־טערמינען. זיי האָבן געוואָלט מיט זייער סאַדיזם און בעסטיאַלישקייט נאָך איבערשטייגן די עס־עס לייט און אויף אַזאַ אופן באַקומען העכערע פּאָזיציעס. די אונטערוועלט־מענטשן זיינען דאָס געווען די מאַכט־האָבער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאָרא״. די קאַפּאָס זיינען דאָ געווען אין פאַרשיידענע ראַנגען און נעמלעך: אונטער־קאַפּאָ, קאַפּאָ און אויבער־קאַפּאָ. זייער אויפגאַבע איז געווען אָן אויפהער צו שלאָגן, פּאַטשן און קאָפּען. דאָ האָט מען זיך איצט דערוווּסט, וואָס עס באַדייט אַ קאַפּאָ אין נאַציישן באַגריף, ווייל אין די לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו האָט אַ קאַפּאָ נישט געשפּילט קיין שום ראָלע. פאַרקערט, אַ קאַפּאָ אין טשענסטאָכאָוו איז געווען דער „וואָס קריגט די פּעטש״. אויב עמעצער פון אַ גרופּע האָט נישט אויסגעפירט זיין אַרבעט, האָט דער דייטשער מייסטער מכבד געווען דעם קאַפּאָ

מיט פּעטש, אויב עמעצער איז נישט געשטאַנען ווי געהעריק ביים אַפּעל, האָט דער קאַפּאָ באַקומען פּעטש און אַזוי ביי יעדער געלעגנהייט. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דארא״, האָט אַ קאַפּאָ געמוזט האָבן די געהעריקע „קוואַליפיקאַציעס״, וואָס זיינען באַשטאַנען אין זיין אַ קרימינעלער פאַרברעכער מיט אַ סאַדיסטישע נייגונג צו פּייניקן אַנדערע. עס איז אַ באַשטעטיקטער פאַקט, אַז אַ זון, אַ קאַפּאָ, האָט אויפגעהאָנגען זיין אייגענעם פאָטער און זיין אייגענע מוטער אין טויטן־לאַגער מאַידאַנעק נעבן לובלין. יעדער קאָנצענטראַציע־לאַגער איז געווען פאַר זיך אַן אָפּגעשלאָסן קעניגרייך פון גרויזאַמע סאַדיסטישע פּייניקונגען, וואָס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן דורך די פאַרברעכערישע עס־עס מענער און זייערע משרתים די קאַפּאָס. די יידישע עפנטלעכקייט פון דער שארית הפליטה, נאָך דער באַפרייאונג, האָט זיך באַצויגן מיט דעם גרעסטן עקל צו קאַפּאָס אין אַלגעמיין און צו יידישע בפרט. דאָס קען באַשטעטיקט ווערן מיט פאָלגנדע פאַקטן. דער ערשטער קאָנגרעס פון די באַפרייטע יידן אין דער אַמעריקאַנישער זאָנע אין דייטשלאַנד, פאָרגעקומען אין מינכען אין די טעג פון 27, 28 און 29 יאַנואַר, 1946, האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז געוועזענע קאַפּאָס טאָרן נישט פאַרנעמען קיין שום געזעלשאַפטלעכע אַמטן. דער צוזאַמענפלי פון די פּאַרטיזאַנער און פראָנט־קעמפער באַוועגונג „פח״ח״, וואָס איז פאָרגעקומען אין לייפּהיים אין די טעג פון 8 און 9 מאַי 1946, האָט אין דער אַלגעמיינער פּאָליטישער רעזאָלוציע אין פּונקט 9 באַשלאָסן, אַז די אָנפירנדע אינסטאַנצן זאָלן נישט דערלאָזן, אַז קאַפּאָס זאָלן פאַרנעמען אַמטן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום האָט גאָרנישט געוווסט וועגן דעם אויסדרוק „קאַפּאָ״. צום ערשטן מאָל האָבן זיי דאָס וואָרט געהערט יוני 24, 1943, ווען זיי זיינען קאָשאַרירט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַסאַג פּעלצערן״. דעמאָלט האָט דער פּאָליטישער דירעקטאָר ליטט געהאַלטן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט דערקלערט, אַז אין לאַגער ווערט איינגעפירט קאַפּאָס, דאָס הייסט, אַז אין שפּיץ פון יעדער אַרבעטס־גרופּע וועט זיין איינער, וועמענס אויפגאַבן וועלן זיין צו זאָרגן פאַר דער פאַרפלעגונג און באַקליידונג פון זיין גרופּע. דער אויסדרוק „קאַפּאָ״ איז פאַרשטאַנען געוואָרן אַלס „קאָנצענטראַציע־לאַגער פּאָליציי״. פאַקטיש שטאַמט דאָס וואָרט פון דער איטאַליענישער שפּראַך און באַדייט פּאָליציי־פירער, רעגירנדע פּערזאָן ווי אויך קאָפּ. סיי אין בוכענוואַלד, סיי אין „דארא״, און שפּעטער אין בערגען־בעלזען, האָבן זיך די טשענסטאָכאָווער דערוווסט, אָדער דערפילט פון די סאַדיסטישע פּייניקונגען, וואָס „קאַפּאָ״ באַדייט אין נאַצישן באַגריף.

דארא! אַזאַ נאָמען האָבן די נאַצי־משחיתים אויסגעטראַכט פאַרן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין אונטערזאַקסענהאַוזען, וואָס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט אַ טויט־גיהנום. דער טויט־גיהנום איז געווען אַן אָפּטיילונג פון טרויעריק־באַקאַנטן קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד. די פּייניקונגען און מערדערייען אין „דארא״ זיינען ווייט, ווייט איבערגעשטיגן ווי אין הויפּט־לאַגער בוכענוואַלד. דער בעסטער באַווייז איז דער, אַז דער לויף־נומער פון די פאַרשקלאַפּטע אין „דארא״ האָט איבערגעשטיגן די ציפער פון 140,000 און אין לאַגער זיינען נישט געווען מער ווי עטלעכע און דרייסיק טויזנט לאַגערניקעס. די איבער הונדערט טויזנט פאַרשקלאַפּטע לאַגערניקעס זיינען פון שווערער אַרבעט, הונגער, נויט, קעלט, קראַנקהייטן, שלאָגן, פּייניקונגען, דערשיסונגען און דורך תליות אין פיזישן און גייסטיקן גראַנגל אומגעקומען און אין דער קרעמאַטאָריע פאַרברענט און אין אַש פאַרוואַנדלט געוואָרן. „דארא״ איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלער לאַגער בלויז פאַר מענער. די לאַגערניקעס זיינען באַשטאַנען פון פאַרשיידענע פעלקער, וועלכע זיינען אונטער־

יאָכט געוואָרן דורך היטלער־דייטשלאַנד. פון אַלע לענדער, ווו די היטלעריסטישע חילות האָבן מיט זייערע שטיוול באַטרעטן די ערד זיינען געשיקט געוואָרן טראַנסכּאָרטן מיט יונגע מענער צו שקלאַפישער אַרבעט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער „דארא”. טראַנכפּאָרטן זיינען אָנגעקומען זייער אָפט, ווייל קיינער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן מער ווי עטלעכע חדשים. עס איז געווען אַ כסדר׳דיקע באַוועגונג. יעדע פּאָר טעג האָבן נייע טראַנספּאָרטן פאַרטרעטן די אויסגעשטאָרבענע און פאַרברענטע אין דער קרעמאַטאָריע.

די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, אָנגעקומענע קיין „דארא”, זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין גרופּן און זיינען געשיקט געוואָרן צו דער אַרבעט. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון טראָגן שטיינער, וואָס פאַקטיש איז דאָס געווען נאָר אַן אויסרייד צום שלאָגן און צו געפּרוירן ווערן. קיינער וואָלט סיי־ווי־סיי לאַנג נישט אויסגעהאַלטן. עס איז פּשוט געשען אַ „נס”, אַז די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און אויך אַנדערע זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין טונעל צו אַרבעטן אין דעם אַזוי גערופענעם „זאַוואַדזקי ווערק”.

צוערשט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ גאַנצער רייע פּאָרמאַליטעטן און אַ שרייבעריי אין דעם אַרבעטס־איינזאַץ. יעדער איינער האָט געדאַרפט ענטפערן אויף אַ גאַנצער רייע פראַגן און אַלץ איז פאַרשריבן געוואָרן אויף ספּעציעלע פראַגעבויגנס. די מערהייט טשענסטאָכאָווער האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס שלאָסער־פאַכלייט, ווייל קיין שלאָסער זיינען נישט געשיקט געוואָרן צו שוואַרצער אַרבעט, דאָס הייסט, טראַנספּאָרט, וואָס איז געווען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון די עס־עס און קאַפּאָס. דאָס איז געווען דאָס ערגסטע, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. אויך אין דער פאַבריק זיינען די עס־עס און קאַפּאָס אַרומגעלאָפן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַזוי צו שלאָגן, ווייל דאָ האָבן „געקיניגט” די דייטשע מייסטערס.

די מערהייט פון די טשענסטאָכאָווער זיינען צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרופּע „קליין” און דאָס איז דערפאַר, ווייל דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג איז געווען אינזשיניער קליין. ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט געגעבן דעם פּראָיעקט פון „פּאַו 3”. ביז דעמאָלט זיינען פּראָדוצירט געוואָרן „פּאַו 1” און „פּאַו 2”. אייגנטלעך די פּראָדוקציע פון „פּאַו 3” האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. דער פּלאַן האָט נאָך געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן, אָבער דערווייל זיינען צוגעגרייט געוואָרן האַלעס צום אַרבעטן און עס זיינען אַריינגעשטעלט געוואָרן מאַשינען. קיין אַרבעט איז נאָך איבערהויפּט נישט געווען, עס זיינען נאָר געמאַכט געוואָרן צוגרייטונגען צום מאָנטירן די „פּאַו 3”. אַרבעטן האָבן אַלע געמוזט, ווייל די דורכגייענדע עס־עס לייט און קאַפּאָס וואָלטן גלייך מכבד געווען מיט קלעפּ און צו טאָן איז נישט געווען וואָס. דער וואָס איז פאַקטיש געווען אַ שלאָסער האָט געמאַכט אַ שליסל פאַרן מייסטער אָדער אַנדערע אַזעלכע זאַכן, אָבער די וואָס זיינען נישט געווען קיין שלאָסערס, האָבן זיי געמוזט זוכן, וואָס צו טאָן. אַלע זיינען געוואָרן קערערס און גערייניקט די גרויסע האַלע. איין גרופּע איז אַרומגעפאָרן מיט וואַסער און באַשפּריצט, אַ צווייטע האָט אויסגעשיט מיסט, אַ דריטע האָט געקערט און אַ פערטע האָט געמאַכט בעזעמס פון האָלץ־וואָלע, ווייל קיין בעזעמס זיינען אויך נישט געווען.

אין דער צווייטער העלפט פון חודש מערץ האָט דער הויפּט פון דער אָפּטיילונג אינזשיניער קליין, וואָס איז גערופן געוואָרן „בעטריבס לייטער”, האָט פאַראָרדנט דעם קאַפּאָ צו מאַכן אַן אַפּעל, ווייל ער וויל האַלטן אַ רעדע. אַזוי איז דאָס געווען. אינזשיניער קליין האָט אין זיין רעדע דערקלערט, אַז ביז איצט זיינען נאָך געווען

צוגרייטונגס־אַרבעטן און איצט וועט זיך אָנהויבן די פּאַקטישע אַרבעט. אַלע, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס קוואַליפיצירטע שלאָסער, עלעקטראָטעכניקער און מעכאַניקער מוזן זיין פעאיק פּרעציז אויסצופירן די אַרבעטן, אין קעגנפאַל וועט דאָס באַטראַכט ווערן אַלס סאַבאָטאַזש. יעדע קלענסטע אומפּינקטלעכקייט וועט באַשטראָפט ווערן אַלס סאַבאָטאַזש און וועט אין צוויי שעה אַרום אויפגעהאָנגען ווערן. די וואָס זיינען נישט קיין ערשטקלאַסיקע פאַכלייט, קענען זיך איצט נאָך צוריקציען און וועלן געשיקט ווערן צו אַנדערע אַרבעטן. אַ קליינע צאָל האָט זיך דעמאָלט צוריקגעצויגן, די מערהייט נישט קיין יידן און נישט קיין טשענסטאָכאָווער, ווייל ווער האָט געהאַט די גאַראַנטיע, אַז די וועלן נישט אומגעבראַכט ווערן פאַר אָפּנאַרן. ביי די טשענסטאָכאָווער איז אָנגעגאַנגען דאָס ווערטל: „יינגל האַלט זיך, אויב נישט ביסטו אַ פאַרפאַלענער". דאָס ווערטל האָט נישט אַנטוישט, ווייל דאָס מאָנטירן „פּאַו 3" האָט זיך קיינמאָל נישט אָנגעהויבן. דאָס איז שוין געווען די צייט, ווען די אַליאירטע עראָפּלאַנען זיינען טאָג־איין, טאָג־אויס, געפלויגן איבער דער דייטשער טעריטאָריע און „מכבד" געווען מיט די ריכטיקע באָמבעס, אָדער ווי די פאַרשקלאָפטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פלעגן רופן: „אַרבעסלעך". די „אַרבעסלעך" האָבן געטאָן די אַרבעט, אַז די וואַגאָנען מיט די טיילן צום מאָנטירן „פּאַו 3" זיינען קיינמאָל קיין „דארא" נישט דערגאַנגען. זיי זיינען צעשמעטערט געוואָרן אויפן וועג.

אַ „נאָרמאַלער" טאָג אין „דארא" האָט געהאַט פאָלגנדן פאַרלויף: פיר אַזייגער אינדערפרי זיינען אַלע אויפגעוועקט געוואָרן. דער בלאָק־עלטסטער און דער שטובן-דינסט זיינען מיט געשרייען און מיט שלאָג מכשירים אַרומגעלאָפן און געשלאָגן פאַר נישט אויפשטיין צו דער סעקונדע. גלייך האָבן אַלע זיך געדאַרפט וואַשן. קיין זייף און קיין האַנט־טיכער זיינען נישט געווען, אָבער אין אַ וויסטער קעלט שטיין ביים קאַלטן וואַסער דאָס האָט יעדער געמוזט. דאָס האָט געגעבן די איבערוואכער ווידער אַ געלעגנהייט צום שלאָגן. גלייך נאָכדעם האָט יעדער זיך געמוזט איינשטעלן אין אַ רייע צו באַקומען די פּאָרציע ברויט און זופּ, וואָס איז געווען די פאַרפלעגונג פאַר אַ גאַנצן מעת־לעת, דערביי באַקומען געשלאָגן פאַר נישט שטיין גלייך אין דער רייע, פאַר אַריינקוקן אין דער זופּ, צי עס איז דאָ אַ קאַרטאָפל און ענלעכע „חטאים". גלייך נאָכדעם איז געווען דער באַפעל: „איינטרעטן". דאָס האָט באַדייט, אַז אַלע מוזן זיך איינשטעלן צו פינף אין אַ רייע פאַרן בלאָק. ווידער הויבט זיך אָן דאָס שלאָגן, פאַר נישט איינשטעלן זיך שנעל, פאַר ריידן צווישן זיך און אַזוי ווייטער.

דערנאָך האָט דער בלאָק־עלטסטער געפירט אַלעמען צום אַפּעל־פּלאַץ. אויך אויף דעם וועג איז נישט אָפּגעגאַנגען אָן קלעפּ. פאַר נישט מאַרשירן מיט גלייכן טריט, פאַר גיין צו לאַנגזאַם, פאַר גיין צו שנעל און אַזוי ווייטער. אויפן אַפּעל־פּלאַץ האָט זיך יעדער איינער געדאַרפט צושטעלן צו זיין קאָמאַנדאָ. יעדער קאָמאַנדאָ האָט געהאַט אַ נומער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ רונדן שטעקן אויף וועלכן עס איז געווען צוגעקלאַפּט אַ ברעטעלע און אויף דעם ברעטעלע איז געווען מיט פאַרב אָנגעצייכנט דער נומער. דאָ זיינען שוין געווען די הערשער די ריכטיקע באַנדיטן. מען האָט זיי געקענט גלייך דערקענען נישט בלויז פון זייער אויסזען, נאָר אויך לויט די צייכנס, וואָס זיי האָבן געטראָגן אַ גרינעם דריי־עק, וואָס מען האָט גערופן ווינקל און באַצייכענונגען אין בוכשטאַבן: „ב. פ." אָדער „ס. פ." די באַדייטונג פון די בוכשטאַבן זיינען: „ב. פ." — באַרופס באַרברעכער, און „ס. פ." — „שווער פאַרברעכער". די באַרופס פאַרברעכער זענען געווען פּראָפעסיאָנעלע גנבים און אונטערוועלטניקעס. די שווער פאַרברעכער — פּראָפעסיאָנעלע רויבער, באַנדיטן און אָנפאַלער.

די באַנדיטן זיינען געווען די אויבער־קאַפּאָס, קאַפּאָס, אונטער־קאַפּאָס און פאָראַרבעטער אין „דאָרא״. זיי האָבן שוין מערדערלעך געשלאָגן אָן אַ פאַרוועץ און אָן אַ פאַרוואָס. נישט געווען קיין טאָג, אַז אויפן אַפּעל־פּלאַץ זיינען עטלעכע אַזוי צעשלאָגן געוואָרן, אַז זיי זיינען אַוועקגעפאַלן האַלב טויט. זיי זיינען אַוועק־געטראָגן געוואָרן אין שפּיטאָל, וואָס איז גערופן געוואָרן „קראַנקען־באו״ און מער האָט מען זיי נישט געזען. מען קען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שפּיטאָל דאָס איז געווען, אַז דער נאָמען אַליין איז אַזוי אויסטערליש „קראַנקען באו״. די דערפאַרונג, וואָס די טשענסטאָכאָווער האָבן געהאַט פון דעם „קראַנקען באו״ איז געווען פאָלגנדע: דער לאַנדסמאַן דוד וואַטענבערג, וואָס איז געווען דער איינציקער שלאָסער פאַכמאַן אין דער גרופּע „קליין״, האָט זיך ווי אַלע אַנדערע טשענסטאָ־כאָווער געפילט זייער שוואַך און קראַנק. אין איינעם אַ פרימאָרגן, אַז ער האָט שוין נישט געקענט עסן דאָס ברויט אײַנדערפרי, האָט ער דערזען, אַז עס איז גאָר שלעכט, איז ער פון אַפּעל־פּלאַץ אַוועק צו דער „קראַנקען באו״. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אַ צעשלאָגענער און דערצו האָט מען אים דאָרט צוגערויבט די פּאָרציע ברויט. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די זעלבע נאַכט ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז ער מער נישט אויפגעשטאַנען.

דאָס איז געווען דער „קראַנקען באו״ אין „דאָרא״. עס איז אַ פאַקט, אַז פאַר דעם פאַל און נאָך דעם פאַל איז קיין איינער פון די טשענסטאָכאָווער נישט איבער־געטרעטן די שוועל פון „קראַנקען באו״. זיי האָבן זיך געריכטעט לויט דער לאָזונג: „ייִנגל האַלט זיך, אויב נישט ביסטו אַ פאַרפאַלענער״. איבער צוויי שעה פלעגט דויערן דער אַפּעל און אַלע העפטלינגען האָבן געציטערט פון קעלט. צו די צרות האָט נאָך געשפּילט אַן אָרקעסטער פאַרשיידענע מאַרשן, וואָס האָט פּשוט צערודערט די מחשבות וועגן דעם „דאָרא״ גיהנום. פון איין זייט פייערדיקע וואָלקנס רויך פון דער קרעמאַטאָריע, וואָס האָט אומאויפהערלעך פאַרברענט די קערפּערס פון די פאַרשטאָרבענע, האַלב טויט דערשלאָגענע, דערשאָסענע און אויפגעהאָנגענע און גלייכצייטיק האָט אַן אָרקעסטער געשפּילט מאַרשן. נאָכדעם ווי אַלע זיינען שוין געווען אָפּגעציילט דורך דעם קאַפּאָ, האָט ער זיך געשטעלט פאָראויס און אונטער אים האָבן אַלע געמוזט מאַרשירן אין אַ מיליטערישער אָרדנונג צום אויסגאַנגס־טויער, ווו עס זיינען געשטאַנען די עס־עס לייט. דאָ האָט דער קאַפּאָ געגעבן באַפעלן פון דעם שוין באַקאַנטן נאַצי־לעקסיקאָן: „מיצן אָפּ״, „אויגן רעכטס״, „פאָראויס מאַרש״, און נאָכן אַדורכמאַרשירן: „מיצן אָן״.

דער קאַפּאָ האָט אַרויסבאַקומען אַ צעטל אויף וועלכן עס איז געווען פאַרשריבן די צייט פון דורכמאַרש און די צאָל העפטלינגען. אַזוי האָט מען מאַרשירט ביז צום טונעל פון דעם פאַבריקס קאָמבאַט אונטער דער ערד. דאָ איז ווידער געווען אַ וואַך פון עס־עס לייט און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ציילן צי עס שטימט מיט דעם צעטל פון קאַפּאָ. ווידער די זעלבע געשיכטע מיט „מיצן אָפּ״ א. אַז. וו.

נאָכדעם ווי די טאָג־שיכט האָט אַריינמאַרשירט אין טונעל, האָט אַרויס־מאַרשירט די נאַכט־שיכט. האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ סדרה פון קלעפּ פאַר ריידן מיט די פון דער נאַכט־שיכט. נאָך די אַלע אַפּעלן און ציילונגען, ווען אַלע זיינען שוין געווען אין די באַזונדערע האַלעס, האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן קלענערע אַפּעלן פון די אַרבעטער פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען. די מייסטערס און פאָר־אַרבעטער האָבן אויסגעקליבן זייערע אַרבעטער און צוגעטיילט צו באַשטימטע אַרבעטן.ביים איינטיילן די אַרבעט זיינען ווידער געפאַלן קלעפּ, ווייל דער אָדער יענער האָט געוואָלט גיין צו אַן אַנדער אַרבעט צו וועלכער ער איז נישט צוגע־טיילט געוואָרן. ווי שוין דערקלערט, איז קיין אַרבעט נישט געווען, אָבער יעדער האָט געמוזט אַרבעטן, אויב נישט איז ער נישט זיכער געווען מיטן לעבן. אַ טייל

מייסטערס האָבן שוין איינגעזען, אַז דאָס איז אַ שפּיל פאַרן טייוול, אָבער פאַר די עס־עס האָבן זיי געמוזט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז אַלץ פּראָגרעסירט צו דער גאָר גרויסער פּראָדוקציע, וואָס דאַרפט זיך אָנהויבן.

קיינער האָט זיך נישט געטאָרט פרעגן, וואָס ער זאָל טאָן, נאָר ער האָט זיך געמוזט אַליין אויסזוכן עפּעס צו טאָן. יעדער האָט שוין עפּעס אויסגעפונען אַזאַ זאַך צו טאָן, אַז מען זאָל זיך נישט צוטשעפּען צו אים און שלאָגן פאַר נישט אַרבעטן. וואָס האָבן די טשענסטאָכאָער חברה געטאָן? די מערהייט האָבן געכאַפּט שלאָסער שליסל, אַרויפגעקראָכן אויף די העכסטע מעטאַלענע בימס, וואָס איז געווען איינגעפּעסטיקט מיט שרויפן צו דער גאַנצער מעטאַלענער סטרוקטור פון דער האַלע און געהאַלטן אין איין אויפשרויפן און צושרויפן די שרויפן. אין אָנהויב פלעגט די חברה טאַקע אויפשרויפן און צושרויפן די שרויפן, אָבער שפּעטער האָבן זיי נאָר געמאַכט מיט די הענט מען זאָל מיינען, אַז זיי שרויפן און נאָך שפּעטער האָבן זיי געקלאַפּט מיט די שליסלען אין די מעטאַלענע בימס. אַנדערע פלעגן צענעמען אַ מעטאַלענעם טיש און אים נאָכדעם צוריק צונויפשטעלן. מיטאָג־צייט איז געווען אַן אָפּקומעניש. אַלע זיינען געווען הונגעריק, אָבער קיין עסן האָט מען נישט באַקומען. די נאַצי־מייסטערס און אַלע אַנדערע דייטשן זיינען אַוועק עסן, זיי האָבן טאַקע געגעסן, אָבער פאַר די העפטלינגען האָט מען בלויז געגעבן קאַווע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ביטער שוואַרץ וואַסער, דערצו פלעגט עס נאָך זיין באַגלייט מיט קלעפּ פאַר נישט שטיין גלייך אין דער רייע, פאַר שטיין צו נאָענט פון קעסל א.אַז.וו.

זייער זעלטן איז אַדורך דער טאָג רואיק. שטענדיק זיינען פאָרגעקומען אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן געשטעלט אין געפאַר דאָס לעבן פון די העפטלינגען. איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, צוליב וועלכער עס זיינען געווען 15 העפטלינגען באַדראָט מיט זייער לעבן. די געשיכטע איז פאָלגנדע: דער דייטשער מייסטער האָט צוגעשווייסט אַן אייזערנע קלאַפּע. דער שווייס-אַפּאַראַט האָט שלעכט פונקציאָנירט, ווייל די גומענע רער איז געווען אויף איין אָרט אַ ביסל אויפגעריסן. ער האָט צוגערופן דעם קאַפּאָ און אים דאָס געוויזן. אויף אַזאַ געלעגנהייט האָט דער קאַפּאָ געוואַרט, ווייל איצט וועט זיך אָנהויבן די „ריכטיקע אַרבעט״ פון קענען שלאָגן אַלע אָן אויסנאַם. בכדי צוצוגעבן דער גאַנצער זאַך אַ גרעסערע חשיבות, איז דער קאַפּאָ אַוועק צו דער עס־עס וואַכע און געמאָלדן וועגן אַ סאַבאָטאַזש. צוויי עס־עס לייט זיינען גלייך אָנגעקומען און זיי האָבן „פעסטגעשטעלט״, אַז די גומענע רער איז אויפגעשניטן געוואָרן מיט אַ מעסערל. צוליב דעם, וואָס עס איז געווען פאַרבאָטן פאַר העפטלינגען צו האָבן אַ מעסערל, איז גלייך פאַראָרדנט געוואָרן אַ רעוויזיע ביי אַלע די, וואָס זיינען געווען נאָענט צו דעם שווייס־אַפּאַראַט. אַלע זיינען רעווידירט געוואָרן. דער קאַפּאָ האָט געמאַכט אַ ליסטע פון 15 העפטלינגען, וואָס זיינען געווען נאָענט ביי דעם שווייס־אַפּאַראַט און זיי אַרויסגערופן און זיי אַוועקגעשטעלט פאַר דער עס־עס. דער קאַפּאָ האָט דאָס ערשטע אַלעמען מכבד געווען מיט פייערדיקע פּעטש פאַר זייע צוויי חטאים. ערשטנס פאַר נישט שטיין אויף אַכטונג און דאָס צווייטע פאַר נישט אַראָפּנעמען די היטלען פאַר די עס־עס. (די באַקאַנטע געשיכטע מיט „מיצן אָפּ״).

נאָכדעם האָט איינער פון די עס־עס געהאַלטן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט דערקלערט, אַז אויב דער פאַרברעכער וואָס האָט געמאַכט דעם סאַבאָטאַזש וועט זיך נישט גלייך מעלדן, וועלן אַלע 15 פאַרברעכער גלייך אויפגעהאָנגען ווערן. די געשיכטע איז געוואָרן גאָר ערנסט, ווייל דאָס אויפהענגען גאַנצע גרופּן העפטלינגען פאַר אויסגעטראַכטע בלבולים איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. איינער פון דער גרופּע האָט אָנגעהויבן צו ריידן, אַז ער איז אַ שווייסער־ספּעציאַליסט

און אַ בלינדער קען זען, אַז די גומענע רער איז אַן אַלטע און אַ דורכגעפוילטע און פון פאַרפוילטקייט האָט זיך עס אויפגעריסן. פאַר דער „חוצפה״ איז אים ווילי, דאָס איז דער נאָמען פון קאַפּאָ, וואָס האָט געטראָגן אַ גרינעם ווינקל מיט דער באַצייכענונג „ס. פּ.״, דאָס הייסט שווער פאַרברעכער, באַפאַלן און מערדערלעך געשלאָגן און אויך די עס־עס האָבן אים מיט די שטיוול געקאָפּעט ביז בלוט האָט פון אים גערונען. נאָכדעם זיינען די עס־עס אַוועק און דערמיט האָט זיך דער ענין פאַרענדיקט. ווער ווייסט וואָסערע קאָנסעקווענצן עס וואָלטן געווען פון דער געשיכטע, ווען עס וואָלט נישט געווען עטלעכע טעג פאַרן צוזאַמענברוך פון נאַצישן כוליגאַנישן רעזשים.

דאָס צוריקגיין אין לאַגער, נאָכן פאַרענדיקן די שיכט־אַרבעט, האָט נישט געהערט צו די לייכטע זאַכן. דאָס ערשטע דאָס אָפּגעבן די מכשירים, וואָס יעדער האָט גענומען אינדערפרי, נאָכדעם זיך איינשטעלן לויט דער גרופּע און ווידער אַ ציילעניש, נאָכדעם ווידער ווערן אָנגעשלאָסן צו דער גאַנצער קאָמאַנדאָ און עס הייבט זיך אָן דער מאַרש צו דעם אַרויסגאַנג פון טונעל. פאַרן אַרויסגאַנג הויבט זיך אָן דאָס וואַרטעניש ביז די צווייטע שיכט וועט אָנקומען, ווייל פאַר דעם טאָר מען נישט פאַרלאָזן דעם טונעל. יעדע עטלעכע טעג איז אויסער דעם פאָרגעקומען אַזעלכע געשעענישן, וואָס האָבן צערודערט דעם מח, דאָס זיינען עקזעקוציעס פון גאַנצע גרופּן העפטלינגען און יעדער האָט געמוזט שטיין דערביי און קוקן. דאָס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט די מערדערישע קאַפּאָס צו שלאָגן יעדן איינעם אונטערן אויסרייד פאַר נישט קוקן ריכטיק, אָדער פאַר פאַרדרייען דעם קאָפּ. אין דער אמתן איז דען דאָס מעגלעך זיך צוקוקן צו מאַסן־עקזעקוציעס פון אויפהענגען אומשולדיקע מענטשן און ווי עס שטייען די בלוטיקע עס־עס מיט אָנגעלאָדענע מאַשין־ביקסן און לאַכן, דערצו האָבן אין די עקזעקוציעס אָנטיילגענומען עס־עס פרויען אויך מיט מאַשין־ביקסן, מיט אַ טייוולאָנישן שמייכל אויף זייערע בעסטיאַלישע געזיכטער. יעדע אַזאַ עקזעקוציע האָט די העפטלינגען פּשוט פיזיש און גייסטיק אויפגעטרייסלט.

נאָכדעם ווי די נאַכט־שיכט איז אָנגעקומען, האָבן זיי צוערשט געמוזט פאַרביימאַרשירן און קוקן אויף די געהאָנגענע. נאָכדעם האָט די טאָג־שיכט אָנגעהויבן אַרויסמאַרשירן אונטער די באַפעלן פון קאַפּאָ פון באַקאַנטן נוסח: פאָראויס מאַרש, מיצן אָפּ, אויגן רעכטס א.אַז.וו. דאָס ציילעניש און, אַז מען איז שוין אין דרויסן, מאַרשירט מען נאָך אַלץ נישט אין לאַגער אַריין, נאָר מען פירט צום שטיינברוך און יעדער מוז נעמען אַ ריזיקן שטיין און מאַרשירן מיט אים אין לאַגער אַריין צו אַ נייעם וועג, וואָס ווערט דאָרטן אויסגעבויט. ביי די שטיינער איז ווידער אַ סדרה פון קלעפּ, פאַר נעמען אַ קליינעם שטיין, אָדער פאַר אויסקלויבן אַ שטיין. ווען אַלע זיינען שוין פאַרטיק מיט די שטיינער, מאַרשירט מען שוין אין לאַגער אַריין. בייב טויער ווידער די געשיכטע מיט די „מיצן אָפּ״ און אַ ציילעניש צי די צאָל שטימט לויט דעם צעטל, וואָס דער קאַפּאָ גיט איבער צו דער עס־עס. ווען אַלע זיינען שוין אויפן געביט פון לאַגער און אַוועקגעלייגט די שטיינער און ווילן אַ ביסל זיך אָפּרוען פון די וויסטע צרות. הויבט זיך אָן אַ פרישער גיהנום אין בלאָק גופא. צוערשט דער בלאָק עלטסטער מיט דעם שטובן־דינסט נעמען אויף די העפטלינגען מיט קלעפּ און זידלערייען. אַ נייע געשיכטע. עס איז פאַרלוירן געוואָרן אַ לעפל און דאָס וועט נישט אָפּגיין גלאַטיק. דער אינווענטאַר שטימט נישט און דאָס קען נישט אַדורכגיין אָן אַ שטראָף. דער רעזולטאַט איז, אַז אַלע ווערן באַשטראָפט צו שלאָפן אָן קאָלדרעס דריי נעכט אין פראָסטיקע נעכט אין אומבאַהייצטע בלאָקן. קיין עסן באַקומט קיינער נישט און קיינער וואָלט נאָך אַזעלכע איבערלעבונגען

פון דער מאַסן־עקזעקוציע געקענט עסן. דאָס איז געווען אַ „נאָרמאַלער'' טאָג אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דאראַ''.

נישט געקוקט אויף דעם גרויזאַמען און ברוטאַלן נאַצישן טעראָר, האָט דאָך עגזיסטירט אַ ווידערשטאַנדס-באַוועגונג אין טויט גיהנום „דאָראַ". דאָ האָט מען זיך דערוווסט נאָך אַן עקזעקוציע פון דרייסיק העפטלינגען מיטן קאַפּעלמייסטער פון אָרקעסטער בראש. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער קאַפּעלמייסטער, דער דיריגענט פון אָרקעסטער, וואָס פלעגט שפּילן ביי די אַפּעלן, געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. דער פּלאַן איז געווען אויפצורייסן מיט דינאַמיט דעם טונעל אין אַ זונטיק אינדערפרי ווען די נאַכט־שיכט גייט צוריק אין לאַגער און דעמאָלט איז קיינער פון די העפטלינגען נישטאָ אין די פאַבריקן. דער דינאַמיט איז טאָג־טעגלעך געזאַמלט געוואָרן פון שטיינברוך. דער שטיין באַרג איז כסדר אויפגעריסן געוואָרן מיט דינאַמיט און יעדן טאָג איז באַהאַלטן געוואָרן אַ ביסל אין אַ באַהעלטעניש בסוד סודות. עס ווייזט אויס, אַז דער פּלאַן איז פאַראַטן געוואָרן און די דרייסיק פלאַנירער מיטן קאַפּעלמייסטער זיינען אומגעקומען ווי העלדן אויף דער תליה.

וואָס אַמאָל האָבן אָנגעהויבן צו דערגיין פריילעכערע ידיעות, אַז די נאַציס ליידן וויסטע מפּלות, גאַנץ דייטשלאַנד ווערט באָמבאַרדירט. דאָס האָט אַלעמען דערמוטיקט, אפשר, אפשר וועט מען דערלעבן אַרויסצוגיין פון דעם גיהנום לעבעדיקע? אַז די לאַגע פאַר די נאַציס איז נישט קיין פויגלדיקע, האָט מען שוין געפילט אין לאַגער גופא. ערשטנס האָט מען אויפגעהערט צו געבן ברויט פאַר עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד, ווייל די בעקערייען זיינען באָמבאַרדירט געוואָרן און אָנשטאָט ברויט האָבן די העפטלינגען באַקומען צו דריי פאַרפוילטע געפאַרעוועטע קאַרטאָפל. צווייטנס זיינען טאָג טעגלעך אָנגעקומען גרופּן לופט־פליער צו אַרבעטן ביים מאָנטירן די „נויע וואפע פאַו דריי''. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיי שוין נישט געהאַט קיין עראָפּלאַנען און מען האָט זיי איינגערעדט, אַז דער נאַצישער זיג וועט קומען דורך „פאו־3", וואָס פליט אָן פליערס. זיי זיינען טאַקע געווען די ריכטיקע מעכאַניקער און עלעקטראָטעכניקער און האָבן געזאָלט זיין די אינ־סטרוקטאָרן ביים מאָנטירן די „נויע זיגרייכע וואפע''.

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין דער האַלע פון מאָנטאַזש „פאַו דריי'', איז זיי פינצטער געוואָרן אין די אויגן. זיי האָבן דערזען ווי מחנות העפטלינגען זיצן אויף די בימס נעבן סופיט און מאַכן זיך דרייען מיט די שליסלען די שרויפן, זיי האָט מען דאָך נישט געקענט אָפּנאַרן, זיינען זיי אַריין אין ביוראָ פון מייסטער מיט אַ ויצעקו, וואָס גייט דאָ אָן. ערשטנס האָט דער מייסטער זיי געהייסן זיין שטיל, צווייטנס האָט ער נאָך זיי נישט געשיקט. דריטנס, ווי קען עפּעס מאָנטירט ווערן, אַז קיין שום זאַך איז נישט אָנגעקומען. ס'טייטש, האָבן זיי געשריגן, מען האָט זיי באַריכטעט,אַז טויזנטער „פאַו דריי'' ווערן דאָ מאָנטירט יעדן חודש. דער מייסטער האָט זיי געענטפערט, אַז דאָס אַלץ, וואָס ווערט באַריכטעט איז נאָר פּראָפּאַגאַנדע. די לופט פליער האָבן זיך „אַקלימאַטיזירט'' און ווי די מייסטערס האָבן זיי אָנגעהויבן צו מאַכן פאַר זיך מעטאַלענע שענקלעך פאַר קליידער מיט שלעסלעך און שליסעלעך. דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. עטלעכע טעג שפּעטער, מערץ 31, 1945, איז דורך די לאַגער־הילכערס דערקלערט געוואָרן אַ „בלאק שפּערע''. קיינער פון די העפטלינגען איז נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון בלאָק און קיינער איז שוין מער נישט געפירט געוואָרן צום טונעל צו דער אַרבעט. יעדע פאַר שעה זיינען פאָרגעקומען אַלאַרמען, אַ צייכן, אַז אַ לופט־אָנגריף קומט אָן. די נאַציס האָבן שוין גאָרנישט רעאַגירט. זיי זיינען געוואָרן אויס קאַפּעלוש־מאַכער נישט געהאַט קיין אַמוניציע צו שיסן קעגן עראָפּלאַנען. פאַר זעלבסט־אָפּנאַרעריי האָבן

זיי פאַרשפרייט ידיעות, אַז זיי ווילן נישט אַטאַקירן די עראָפּלאַנען, ווייל דאָס קען גורם זיין דאָס באָמבאַרדירן די פאַבריקן און דאָס ווילן זיי נישט.

אַפּריל 2, 1945, אין די פרימאָרגן שה'ן האָבן די לאַגער-הילכערס פאַנאַנדערגעטראָגן דעם באַפעל, אַז יעדער העפטלינג זאָל מיט זיך נעמען צוויי קאָלדרעס, אַ שיסל מיט אַ לעפל און ביים הויפּט־מאַגאַזין וועט ער באַקומען פאַרפלעגונג. דאָס איז שוין געווען אַ גאָר אַנדערע נייעס. עס איז אָבער נישט מעגלעך געווען אַדורכצוטראַכטן די שפּאָגל נייע געשעעניש, ווייל די בלאָק עלטעסטע האָבן גלייך אַרויסגעטריבן אַלעמען פון די בלאָקן אָן קאָלדרעס, אָן שיסלען און אָן לעפל. זיי האָבן געמאַכט אַן אַפּעל און ווי דער שטייגער אָפּגעציילט די צאָל. פאַקטיש זיינען אַלע צוגעפירט געוואָרן צום הויפּט מאַגאַזין ווו קאַפּאָס האָבן ווילד געשלאָגן מיט גראָבע שטעקנס. פון מאַגאַזין איז געטיילט געוואָרן ברויט און קאָנסערוון. פון אַן אַנדער טייל מאַגאַזין זיינען פשוט אַרויסגעוואָרפן געוואָרן קאָלדרעס מיט שיסלען און לעפל. ווער עס האָט געקענט אויסהאַלטן קלעפּ פון די קאַפּאָס האָט איינגעשטעלט און געכאַפּט. די מערהייט האָט אָבער מוחל געווען די קאָלדרעס מיט די שיסלען און לעפל און נישט געוואָלט ריזיקירן אַריינצוכאַפּן טויט קלעפּ.

פונדערווייטנס האָט מען דערזען רויך און פייער. דורך די פענצטער פון אַרבעטס־איינזאַץ און פון די פּאָליטישע ביוראָען, זיינען דורך די פענצטער אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַקטן, דאָקומענטן, אַנקעטעס און ביכער, וואָס זיינען פאַרברענט געוואָרן אין די ספּעציעל געמאַכטע שייטערהויפנס בכדי צו פאַרווישן די שפּורן פון די נאַצישע פאַרברעכנס אין טויט גיהנום „דאָראַ“, ווו עס זיינען אומגעקומען איבער 110,000 העפטלינגען פון פאַרשיידענע פעלקער. פון דעם איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז דער לאַגער ווערט עוואַקואירט. צוערשט זיינען איינגעשטעלט געוואָרן יידן און רוסן און נאָכדעם פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אַרויסמאַרש דורך דעם לאַגער־טויער און דאָ זיינען געשטאַנען עס־עס לייט און ווי דער שטייגער געציילט. אויף דעם געביט נעבן דעם טונעל אויף דעם באַן אָפּצווייג, זיינען שוין געשטאַנען וואַגאָנען. די העפטלינגען זיינען צוגעפירט געוואָרן צו די וואַגאָנען און די עס־עס לייט האָבן ווידער געציילט און אַריינגעפּאַקט צו 100 העפטלינגען אין איין וואַגאָן און יעדער וואַגאָן איז באַוואַכט געוואָרן דורך אַן עס־עס מאַן. אין גרויס איילעניש איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען און דער לאַנגער צוג איז שנעל אַרויסגעפאָרן פון דער אָפּצווייג־ליניע. דאָס איז אין דער אמתן געווען אַ פאַנטאַזיע, אַז פון „דאָראַ“ אַרויסצוקומען אַ לעבעדיקער. צו דעם טרוים און צו דעם טאָג האָבן איבער 110,000 העפטלינגען נישט דערלעבט. ווהין פאָרט דער צוג? ווי לאַנג וועט דויערן די רייזע? וואָס דערוואַרט די העפטלינגען אין צוג? אויף די פראַגן זיינען קיין ענטפערס נישט געווען.

דער צוג האָט זיך געשלעפּט איבער פאַרשיידענע שטעט, זייער אָפט איז דער צוג געבליבן שטיין אויף לאַנגע שעה'ן און געפאָרן אַהין און צוריק. עס איז דעריבער נישט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן ווו דער צוג פאָרט. פון שמועס, וואָס דער עס־עס מאַן פון וואַגאָן האָט געפירט אויף אַ באַן־סטאַציע ווען דער צוג איז געבליבן שטיין, האָט מען זיך דערוווסט, אַז דער צוג פאָרט קיין האַמבורג. קיין עסן און אַפילו קיין וואַסער האָט מען נישט באַקומען. עס האָט זיך דערווייל פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז אין האַמבורג איז טעטיק דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ און זיי וועלן איבערנעמען דעם טראַנספּאָרט און געבן אַלעמען צו עסן. נאָך צוויי מעת־לעת פאָרן איז ענדלעך דער צוג אָנגעקומען קיין האַמבורג. פון די וואַגאָנען האָט מען געקענט זען דעם פּאָרט, דעם ים, די צאָלרייכע קיל־הייזער און די צעבאָמבאַרדירטע הייזער אין דער שטאָט. צו אַלעמענס אַנטוישונג,

האָט די ווערסיע מיטן רויטן קרייץ ווי אַלע ווערסיעס אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע לאַגערן נישט געהאַט קיין שום גרונד און קיין עסן האָט מען נישט באַקומען.

אַ פּאָר שעה איז דער צוג געשטאַנען אין האַמבורג און איז ווידער אַוועקגעפאָרן. ווידער האָט דער צוג זיך געשלעפּט און געשלעפּט. דער הונגער און דורשט האָט שרעקלעך געפּייניקט. אין אַ וואַגאָן האָבן זיך אַלע צעבונטעוועט און אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין די טירן און שרייען. צוויי עס־עס לייט זיינען אַריין אין וואַגאָן מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן און באַוויזן די נאַצישע מאָראַל. „ברויט ווילט איר — דאָ האָט איר״. זיי האָבן דערשאָסן צוויי העפטלינגען. עס איז צוגעטשעפּעט געוואָרן אַליידיקער וואַגאָן צום צוג און אין דעם וואַגאָן זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן די צוויי דערשאָסענע און די וואָס זיינען אויסגעשטאָרבן אין די וואַגאָנען פון הונגער און דורשט. ווידער איז דער צוג אָנגעקומען קיין האַמבורג, ווידער געשטאַנען עטלעכע שעה און ווייטער אַוועקגעפאָרן. אויף יעדן אָפּשטעל זיינען די טויטע אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די וואַגאָנען און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם וואַגאָן פון די טויטע. ווען דער וואַגאָן פון די טויטע איז שוין געוואָרן איבערפולט, זיינען די טויטע שוין געבליבן צוזאַמען מיט די לעבעדיקע, וואָס זיינען שוין אויך געווען מער טויט ווי לעבעדיק. ענדלעך איז אויפן זיבעטן טאָג, אַפּריל 8, דער צוג געבליבן שטיין און די טירן האָבן זיך געעפנט און אַ באַפעל איז געפאַלן „אויסשטייגן״. דאָס איז געווען די באַן־סטאַציע, וואָס דער וועג האָט געפירט צום קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען. אויף דער באַן-סטאַציע נעבן די זייטיקע ליניעס זיינען געלעגן ברוקוועס און בוראַקעס. די צום טויט פאַרהונגערטע העפטלינגען האָבן זיך מיט די לעצטע כוחות אַ וואָרף געטאָן צו די ברוקוועס און בוראַקעס און אָנגעהויבן צו כאַפּן. ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן דער נאַצי רוצח, דער קאָמענדאַנט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען, קראַממער, און האָט אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און געדראָט יעדן איינעם, וואָס וועט כאַפּן אַ ברוקווע אָדער אַ בוראַק וועט גלייך דערשאָסן ווערן. ער האָט אומעטום אַוועקגעשטעלט וואַכן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן מיט אַ באַפעל יעדן איינעם צו דערשיסן, וואָס וועט כאַפּן אַ ברוקווע אָדער אַ בוראַק. ווי דער שטייגער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ציילעריי און די ציפערן האָבן נישט געשטימט און דאָס איז דערפאַר, ווייל יעדע פּאָר סעקונדן איז אַן אַנדער העפטלינג אַוועקגעפאַלן טויט. ענדלעך האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרש צום קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען, וואָס איז געווען אַ שטח פון פינף קילאָמעטער. דער גאַנצער וועג איז געוואָרן באַדעקט מיט פאַרחלשטע האַלב טויטע העפטלינגען. די נאָך לעבעדיקע האָבן מיט די לעצטע כוחות זיך דערשלעפּט צום לאַגער און פּשוט אַוועקגעפאַלן אויפן אַפּעל־פּלאַץ. קיין עסן אָדער וואַסער האָט מען נאָך אַלץ נישט געגעבן. עס האָט זיך אָגעהויבן אַ פרישע ציילעריי און צוטיילן די העפטלינגען צו פאַרשיידענע בלאָקן. די טשענסטאָכאָווער זיינען איינקוואַרטירט געוואָרן אין די בלאָקן 88 און 89. דאָרט איז פאַר דעם געווען אַ מיליטערישע שולע, וואָס איז געוואָרן עוואַקואירט. אין די קליינע צימערלעך זיינען אַריינגעפּאַקט געוואָרן צו פופציק העפטלינגען. עס זיינען נישט געווען קיין שטרוי זעק און אַלע זיינען געלעגן אויף די ליידיקע פּלאָרס.

ביי אַלעמען זיינען די ליפּן נישט נאָר געווען פאַרטריקנט, נאָר פּשוט פאַרברענט. אַלע האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע מתים, ביינער איבערגעצויגן מיט הויט. קיין עסן האָט מען אַלץ נישט געגעבן. עטלעכע שעה שפּעטער, איז געברענגט געוואָרן זופּ און יעדער האָט באַקומען אַ ביסל וואַרעמס. צו עסן איז ווייטער נישט

געווען, ווייל די לאַגער קיכן זיינען נישט אימשטאַנד געווען צו קאָכן פאַר די ניי אָנגעקומענע טראַנספּאָרטן און די בעקערס האָבן נישט געהאַט קיין מעל צום באַקן ברויט.

צו קיין אַרבעט איז קיינער נישט געשיקט געוואָרן, ווייל קיינער פון די אָנגעקומענע פון טראַנספּאָרט איז נישט געווען אימשטאַנד די פיס צו דערשלעפּן. דערווייל האָבן זיך די געשעעענישן אַנטוויקלט אין אַ בליץ שנעלן טעמפּאָ. די נאַצישע אָנגריפס־קראַפט איז שוין פון לאַנג געווען צעשמעטערט און אויך זייער ווידער־שטאַנד איז פולשטענדיק געבראָכן געוואָרן. דאָס וואָס זיי האָבן נאָך געטאָן איז געווען אַנטלויפן פון די אָנקומענדע אַליאירטע אַרמייען. אויפן זעקסטן טאָג אין בערגען־בעלזען, אַפּריל 14, 1945, האָט מען דערזען, אַז דער איינציקער פאַנצער־טאַנק אין בערגען־בעלזען איז אַרומגעפּאַרבט געוואָרן אַרום און אַרום מיט אַ ברייטן ווייסן צייכן. די מערהייט עס־עס לייט זיינען פאַרשוווּנדן און די עטלעכע, וואָס זיינען נאָך געווען מיטן נאַצישן רוצחישן קאָמענדאַנט קראַממער, האָבן אָנגעטאָן ווייסע אָרעם־בענדער. די וואַכלייט פון לאַגער, וואָס זיינען געווען סלאָוואַקן, אין נאַצישן דינסט, האָבן אויך אָנגעטאָן ווייסע אָרעם־בענדער. דאָ האָט מען שוין באַשיינפּערלעך געזען, אַז די נאַצישע הערשאַפֿט איז אַ פראַגע פון געציילטע שעה'ן.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ געהיימער אַפּעל פון די מערדערישע קאַפּאָס מיט די צייכנס „ב. פ.‟ און „ס. פ.‟. דער נאַצי רוצח קראַממער האָט זיי געגעבן פרייע הענט צום אַנטלויפן. זיי האָבן נאָך באַוויזן אָנצורויבן געוויסע זאַכן אין מאַגאַזין, זיך איבערגעטאָן מען זאָל זיי נישט דערקענען דורך דער קאַצעט קליידונג און מיט אַ שלל פון אָנגערויבטע ווערטפולע זאַכן זיינען זיי אין דער נאַכט אַנטלאָפן.

## די באַפרייאונג אין בערגען־בעלזען

איין וואָך נאָכן אָנקומען פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען, איז דער לאַגער באַפרייט געוואָרן. אַפּריל 15, 1945, אַכט אַזייגער אינדערפרי, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע קאָלאָנעס פון די ענגלישע מאָטאָריזירטע איינהייטן. פאָראויס זיינען געפאָרן מיליטער פאָליציי (מ. פּ.) אויף דזשיפּס און אויף מאָטאָרציקלען. נאָך זיי זיינען געפאָרן גאַנצע קאָלאָנעס מיט מיליטערישע איינהייטן. עטלעכע אויטאָס האָבן זיך פאַרהאַלטן אין דעם לאַגער און די קאָלאָנעס זיינען ווייטער געפאָרן צו דערפילן זייערע מיליטערישע פליכטן. די ענגלישע מיליטער־פּאָליציי האָט גלייך באַזעצט אַ געביידע, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע אָנפירונג פון לאַגער. זיי האָבן דערקלערט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט אָנקומען אַ ציווילע אַדמיניסטראַציע, וואָס וועט איבערנעמען די אָנפירונג פון לאַגער. אַן אויטאָ ראַדיאָ סטאַנציע איז גלייך אַרומגעפאָרן איבערן לאַגער און געבראָדקעסט די לעצטע נייעס אין פאַרשיידענע שפּראַכן. דער ראַדיאָ קאָמוניקאַט האָט איבערגעגעבן וועגן דער באַפרייאונג פון קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען, אַ קורצן רעפּאָרטאַזש וועגן אויסזען פון לאַגער און קלאָגעדיקן מצב פון די באַפרייטע. דער ראַדיאָ האָט אויך באַקאַנט געמאַכט, אַז אויפן באַפעל פון הויפּט־אָנפירער פון די אַליאירטע מיליטערישע קרעפטן אין אייראָפּע, גענעראַל ד. ד. אייזענהאַוער, וועלן אַלע לאַגערניקעס אַנטשפּרעכנד פאַרפּלעגט און באַקליידט ווערן, אַלע קראַנקע וועלן געשיקט ווערן אין שפּיטעלער און סאַנאַטאָריעס. ספּעציעלע שיפן מיט פּראָדוקטן זיינען אויפן וועג, אָבער צוליב דעם, וואָס די קאַמפן דויערן נאָך איז דער טראַנספּאָרט באַשווערט, דעריבער זאָלן אַלע האָבן געדולד. די באַוועגלעכע ראַדיאָ סטאַנציע האָט עטלעכע מאָל אין טאָג איבערגעגעבן נייעסן.

די באַפרייאונג איז געקומען ווי אַ נס פאַר די האַלב טויטע, פאַרשמאַכטע

לאַגערניקעס. דער נס איז אויסגעשמידט געוואָרן אין די אָפענסיווע־קאַמפן פון די אַליאירטע אַרמייען, וועלכע האָבן דורך לופט, ימים און יבשות צעקלאַפּט, צעשמעטערט און באַזיגט די נאַצישע אַרמייען. די נאַצישע תליונים זיינען אין דער גרעסטער שרעק און פּאַניק אַנטלאָפן, וועלנדיק דערמיט אויסמיידן די געריכטלעכע שטראָף אויסמעסטונג, וואָס זיי איז געקומען פאַר מאַסן־מאָרד און מאַסן־רויב, וואָס זיי האָבן אַדורכגעפירט אין דער צייט פון זייער גרויזאַמער הערשאַפטס צייט.

## די אַלגעמיינע באַפרייאונג פון שארית טשענסטאָכאָוו

טשענסטאָכאָווער יידן זיינען געווען אין דער לעצטער סטאַדיע פון דער נאַצי־הערשאַפט, אין אַ גאַנצע רייע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און נעמלעך: אין פיר קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו גופא און אין רעזולטאַט פון צוואַנגס־עוואַקואַציעס אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד. די מענער זיינען געווען אין: אוישוויץ, בוכענוואַלד, „דאָראַ", אין אונטער־זאַקסענהאַוזן, בערגען־בעלזען, דאַכאַו, גראָס־ראָזען, בוכבערג און אַנדערע. די פרויען אין: ראַווענסבּרוק, בורגאַו, טירקהיים און אללאַך. די באַפרייאונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון די אַליאירטע אַרמייען, וואָס האָבן אין העראָאישן קאַמף דעראָבערט די געביטן אויף וועלכע עס זיינען געווען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די באַפרייאונגס־טערמינען זיינען געווען פון יאַנואַר 17 ביז מאַי 5, 1945. צוערשט זיינען באַפרייט געוואָרן די פיר קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו גופא. אין יענע פיר לאַגערן: „האַסאַג פעלצערן", „האַסאַג ראַקוּוו", „וואַרטאַ" און „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ", זיינען געווען עלף טויזנט יידן. פון דער צאָל זיינען די לעצטע דרייסיק שעה עוואַקואירט געוואָרן 5,800 יידן. דאָס הייסט, אַז אין דער דינסטאָקדיקער נאַכט פון 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר, 1945, זיינען באַפרייט געוואָרן 5,200 טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. עס איז אמת, אַז נישט אַלע פון די באַפרייטע זיינען געווען געבוירענע אין טשענסטאָכאָוו, אָבער צוליב דעם, וואָס זיי האָבן אַדורכגעמאַכט זייערע ליידן אין די טשענסטאָכאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווערן זיי פאַררעכנט אַלס טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט.

די באַפרייאונג פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד איז געווען אין די פאָלגנדע טערמינען:

**אַפּריל 15, 1945 — בערגען־בעלזען,**
**אַפּריל 27, 1945 — טירקהיים,**
**מאַי 1, 1945 — בוכבערג,**
מאַי 2, 1945 — אללאַך,
**מאַי 5, 1945 — ראַווענסבּרוק.**

פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד זיינען באַפרייט געוואָרן 3,000 טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און פון די פיר קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טשענסטאָכאָוו 5,200, דאָס הייסט, אַז צוזאַמען זיינען באַפרייט געוואָרן 8,200 לאַנדסלייט.

די לאַנג באַגערטע פרייהייט זיינען געווען מאָמענטן פון גייסטיקער דערהויבונג, אומבאַשרייבלעכער פרייד און גלייכצייטיק טיפן טרויער. די פרייד איז געווען, אַז די טיראַנישע בעסטיאַלישע נאַצי־מאַכט איז מיליטעריש באַזיגט געוואָרן דורך די אַליאירטע אַרמייען. דער טרויער איז געווען, אַז קיין איין גאַנצע יידישע פאַמיליע און יידישע היים איז נישט געבליבן. דער אַמאָל בליענדיקער טשענסטאָכאָווער יידישער ישוב איז פולשטענדיק חרוב געוואָרן. פאַר דער מלחמה זיינען געווען פילצאָליקע פאַמיליעס, וואָס האָבן מיט זיך רעפּרעזענטירט צו גאַנצע פיר דורות און זיי אַלע זיינען אין טרעבלינקע און אין אַנדערע טויט־לאַגערן און גאַז־

קאַמערן אין טויטע קערפּערס פאַרוואַנדלט געוואָרן און נאָכדעם אין גרויליקע פייער־צונגען אין אַש פאַרברענט געוואָרן.

די לעבן געבליבענע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, דאָס זיינען יחידים, וואָס רעפּרעזענטירן מיט זיך דאָס אַמאָליקע יידישע קאָלירפולע לעבן.

## די באַפרייאונג

קאַצעטלער.

נאָך יאָרן שקלאַפעריי האָסטו צוריק דערוואַכט,
צעשטערט די שטעכיקע דראָטן און הויכע טורעמס.
די מינוט וועגן וועלכער דו האָסט לאַנג געטראַכט
איז געקומען דורך פייער, קאַמף און שטורעם.

בונקעריסט.

ביסט אין שטענדיקן טויט שרעק, טויט געפאַר געווען,
באַהאַלטן פאַר יעדן שאָטן, נישט געהאַט קיין ברעקל טרייסט.
אויפן שוועל פון טויט געראַנגל איז דער נס געשען,
דער שונא איז געפאַלן — דו ביסט אַרויס פריי.

פּאַרטיזאַנער.

אין וועלדער, פעלדער און וועגן האָסטו געקעמפט.
צום קאַמף ביסטו שטענדיק געווען גרייט,
פון וואָפן האָסטו זיך קיינמאָל נישט אָפּגעווענדט,
דו ביסט געוואָרן פריי דורך העלפן באַזיגן דעם פיינט.



# דער ווידערשטאַנדס-קאַמף פון טשענסטאָכאָווער יידנטום קעגן דער נאַצי-מאַכט

## אַ ר י י נ פ י ר

זייט דער דעמאָקראַטישער הערשאַפטס סיסטעם איז געקומען צום אויסדרוק זיינען די גרונט־פּרינציפּן פון די קאָנסטיטוציעס באַזירט אויף צו באַשיצן דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די בירגער. אויב אין אַזאַ קאָנסטיטוציאָנעלן הערשאַפטס־סיסטעם אין אַ לאַנד שאַפט זיך אַ גרופּע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע, צוליב רעליגיעזע, סאָציאַלע אָדער פּאָליטישע צילן אַראָפּצוואַרפן די עקזיסטירנדע מאַכט, אַזאַ אָרגאַניזאַציע ווערט אָנגערופן אַן אונטערגרונט־באַוועגונג.

די דעפיניציע פון אונטערגרונט־באַוועגונג פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט האָט נישט קיין שום אָנווענדונג אין דער נאַצי־צייט.

די נאַצי־מאַכט, ווי דער באַריכט פון אינטערנאַציאָנאַלן מיליטערישן טריבונאַל אין נירענבערג, שטעלט פעסט, האָט אונטער פאַבריצירטע טענות באַפאַלן פּוילן, באָמבאַרדירט אָפענע שטעט, אָקופּירט דאָס לאַנד, אויסגערויבט דעם פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן באַזיץ און אָן שום באַגרינדונג געפּייניקט און געמאָרדעט די באַפעלקערונג.

אַ מאַכט, אַ רעגירונג, וואָס באַשיצט נישט דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די בירגער פון לאַנד רעפּרעזענטירט נישט די אינטערעסן פון פאָלק, פון לאַנד און אַזאַ מאַכט איז אַן אומלעגאַלע און לויט אַלע כּללים פון מענטשלעכער עטיק דאַרפט אַזאַ מאַכט באַקעמפט און אַראָפּגעוואָרפן ווערן.

אַ באַוועגונג, וואָס קעמפט קעגן אַזאַ מאַכט פאַרדינט די סימפּאַטיע און הילף פון אַלע פרייהייטס־ליבנדע פעלקער אַראָפּצוואַרפן אַ מאַכט פון גוואַלד־טאַט, טעראָר, רויב און מאָרד.

אַ באַוועגונג, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער נאַצי־מאַכט דאַרפט באַטראַכט ווערן ווי אַ לעגאַלע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין קאַמף קעגן אַן אומלעגאַלער אינוואַדאָרישער מאַכט, וואָס האָט געזייעט פאַרוויסטונג, פאַרניכטונג און טויט.

די נאַצי־מאַכט האָט נישט נאָר מיט מיליטערישער קראַפט צעשטערט די פּאָליטישע רעזשימען אין די לענדער וואָס זי האָט אָקופּירט, נאָר אויך צעשטערט און זיך פאַרמאָסטן צו פאַרניכטן רעליגיעזע, גייסטיקע און קולטורעלע טראַדיציעס.

צום יידישן ווידערשטאַנדס־קאַמף דאַרף דעריבער פאַררעכנט ווערן אויך דאָס אָפּהיטן רעליגיעזע, גייסטיקע, קולטורעלע טראַדיציעס און דאָס סאַבאָטירן די נאַצי־באַפעלן און פאַראָרדנונגען, ווייל אַלע די באַפעלן און פאַראָרדנונגען זיינען געווען אין קעגנזאַץ צו די גרונט פּרינציפּן פון אַ לעגאַלער מאַכט, וואָס איז באַזירט אויף קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון בירגער.

* * *

צום יידישן ווידערשטאַנד דאַרפט באַטראַכט ווערן אַלץ וואָס האָט אַ געמיינזאַמעס מיט סאַבאָטירן די נאַצי פאַראָרדנונגען און באַפעלן.

אויב פאַר יידן איז געווען פאַרבאָטן אָנצוהאַלטן שולן און די לערער האָבן אָרגאַניזירט קינדער קאָמפּלעטן און אין געהיים געלערנט מיט קינדער, איז דאָס אַן אַקט פון גייסטיקן ווידערשטאַנד. אויב פאַר יידן איז געווען פאַרבאָטן צו דאַוונען בציבור און נישט געקוקט אויף דעם האָבן זיי אָנגעהאַלטן מנינים און געדאַוונט בציבור, איז דאָס געווען אַן אַקט פון רעליגיעזן ווידערשטאַנד. אויב יידן זיינען געצוווּנגען געווען אָפּצוגעבן ראַדיאָ אַפּאַראַטן, ווערטפולע מעטאַלן, פעלצן און פאַרשיידענע סחורות און זיי האָבן זיי באַצייטנס פאַרקויפט, די זאַכן, צו אַריער,

אָדער זיי צעבראָכן, באַהאַלטן, אָדער ערגעץ באַגראָבן, איז דאָס געווען ווידערשטאַנד. אויב יידן האָבן אויסגעמיטן צו טראָגן דעם אָרעם־באַנד און די בלעכערנע נומערן איז דאָס ווידערשטאַנד. אויב יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס, אויסצומיידן די גרויזאַמע שחיטות, איז דאָס ווידערשטאַנד. אויב יידן האָבן געשריבן אין געטאָ און אין די לאַגערן, געשאַפן פאָלקלאָר, לידער, סאַטירעס, וועמענס ציל עס איז געווען צו דערהויבן גייסטיק די ליידנדע און געפייניקטע פאָלקס־ברידער און פאָלקס־שוועסטער, איז דאָס געווען נישט בלויז ווידערשטאַנד, נאָר אויך העראָאיזם. אויב יידן האָבן אין געהיים געהערט ראַדיאָ, געלייענט צייטונגען, ביכער, סאַבאָטירט די צוואַנגס־אַרבעט, זיך צונויפגעקומען אין געהיים אויף אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרזאַמ־לונגען, פאַרברענט אָדער פאַרניכטעט אַרכיוון, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין נאַצישע הענט, אויסבאַהאַלטן און פאַרמויערט פאַרטייאישע פענער, פלאַנירט און אויסגעפירט אַקטן פון פאַסיוון, אַקטיוון און באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, איז דאָס נישט בלויז גייס־טיקער, רעליגיעזער און אַקטיווער ווידערשטאַנד, נאָר אויך קידוש השם און קידוש העם.

## די חלוצישע פארם

גלייך נאָך דעם „בלוטיקן מאָנטיק“ איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון „החלוץ“ און ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל צו באַטראַכטן די טרויעריקע לאַגע, וואָס די נאַצי אָקופּאַציע האָט פאַראורזאַכט. איינע פון די פּראָבלעמען איז געווען ווי אַזוי צו דערהאַלטן די „הכשרה“ פאַרם. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון דאַניעל יאַזשאָמבעק אויף וואַרשעווער גאַס נומער 11 און אין איר האָבן זיך באַטייליקט: אינזשיניער לייב האָראָוויטש, דאַניעל יאַזשאָמבעק, סלאָמ־ניצקי נוטע, פרענקעלבערג שושנה, האָלאַנד יחזקאל, געווערצמאַן בערל, שילדהאַוז ישראל, צימערמאַן יהודה, קאַנטאָר יוסף, מאַנדעלבאַום לייב, ראָזענווייַן צבי און האָלענדער יצחק. עס איז באַשלאָסן געוואָרן מיט אַלע מעגלעכע מיטלען אָנצוהאַלטן די פאַרם, וואָס זאָל זיין אויסער אַ ווירטשאַפטלעכער און עקאָנאָמישער פאַקטאָר אויך אַ קולטורעלער, פּאָליטישער צענטער פון אויסשולן קעמפער קעגן דער נאַצי־מאַכט. די אָנפירונג פון דער פאַרם האָבן איבערגענומען: אינזשיניער לייב האָראָוויטש און שמחה לאַסטמאַן.

די חלוצישע הכשרה פאַרם האָט אונטער זיך אַ לאַנגע געשיכטע און איז געווען אַ שטאָלץ פון דער חלוצישער באַוועגונג אין פּוילן. אין יאָר 1902 האָבן די זייער באַליבטע און באַוווסטע כלל טוער אין טשענסטאָכאָוו אָפּגעקויפט אַ שטיק לאַנד פון קנאַפּע צוואַנציק מאָרג. דאָרט איז איינגעאָרדנט געוואָרן די אַגראַר שולע. די פּראָדוקטן פון דער פאַרם שולע האָבן שנעל באַקומען אַ גאָר גרויסן רום, אַזוי אַז די שולן האָט אין יאָר 1907, אויף דער פּוילישער גערטנער אויסשטעלונג, באַקומען דעם צווייטן פּרייז.

די הכשרה פאַרם איז געוואָרן אַ חלוצישער צענטער פון אַגראָנאָמישער אויסבילדונג, וואָס האָט איינגעפלאַנצט אַ ליבע צו ערד־אַרבעט, אַ ליבע צום ציוניסטישן אידעאַל און האָט צוגעגרייט גוטע לאַנדווירטן פאַר ארץ ישראל. די מערהייט פון די תלמידים און תלמידות פון דער הכשרה פאַרם זיינען עולה געווען קיין ישראל און דאָרטן איינגעאָרדנט די שענסטע און מוסטערהאַפטסטע לאַנדווירט־שאַפטן.

די הכשרה פאַרם האָט אונטער דער אָנפירונג פון אינזשיניער לייב האָראָוויטש און שמעון לאַסטמאַן עקזיסטירט ביז צו די דעפּאָרטאַציעס פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. דעם טראַגישן יום־כיפּור 1942 זיינען אַלע פון דער פאַרם געקומען אין

געטאָ. אַ טייל איז אומגעקומען אין דער צייט פון די דעפּאָרטאַציעס און די לעבנגעבליבענע האָבן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע אין דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ.

## דער אַרבעטער־ראַט

ווי נאָר די דייטשן האָבן אָקופּירט טשענסטאָכאָוו האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן אָבלאַוועס אויף יונגע יידן צו כאַפּן אויף צוואַנגס־אַרבעט. די אַרבעט איז געווען אַן אומבאַלוינטע און דערצו זיינען זיי ביי דער אַרבעט מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן פון די איבערוואַכער.

מיטן אַנטשטייען פון יודענראַט, סעפּטעמבער 16, 1939, האָבן די דייטשן אָנשטאָט אַליין צו כאַפּן יידן צו צוואַנגס־אַרבעט, איבערגעגעבן די אויפגאַבע צום יודענראַט צוצושטעלן יעדן טאָג אַ באַשטימטע צאָל צוואַנגס־אַרבעטער און די צאָל געפאָדערטע צוואַנגס־אַרבעטער איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. אויסער דעם האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן אין עלטער פון 12 ביז 60 יאָר זיינען פאַרפליכטעט זיך צו רעגיסטרירן און זיך שטעלן צו צוואַנגס־אַרבעט. די אַלגעמיינע פאַראָרדנונג פון צוואַנגס־אַרבעט אין דער גענעראַל־גאָווערנמענט איז דאַטירט אָקטאָבער 26, 1939 און אין טשענסטאָכאָוו איז די פאַראָרדנונג פאַרעפנטלעכט געוואָרן מערץ 8, 1940.

די פאַרמעגלעכע יידן האָבן ביים יודענראַט, פאַר באַדייטנדע סומעס, זיך אויסגעקויפט פון גיין צו דער צוואַנגס־אַרבעט אַזוי, אַז די גאַנצע לאַסט פון צוואַנגס־אַרבעט איז געפאַלן אויף דער אומפאַרמעגלעכער באַפעלקערונג. דאָס האָט אַרויסגערופן פּראָטעסט ביי די צוואַנגס־אַרבעטער קעגן יודענראַט, ווייל די צוואַנגס־אַרבעטער האָבן מיט זייערע פאַמיליעס געליטן נויט און הונגער. די סיבות האָבן גורם געווען, אַז די צוואַנגס אַרבעטער זאָלן זיך אָרגאַניזירן.

מאַי 12, 1940, זיינען די צוואַנגס אַרבעטער גלייך נאָך דער אַרבעט געקומען אין לאָקאַל פון יודענראַט, באַזעצט דעם לאָקאַל און אָפּגעהאַלטן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט טויזנט צוואַנגס אַרבעטער. די רעדנער אויף דעם היסטאָרישן מיטינג זיינען געווען: ישראל־אביגדור שילדהאַוז, אליעזר שמולעוויטן און צבי ראָזענוויין. דער רעזולטאַט פון דעם מיטינג איז געווען דאָס לייגן דעם פונדאַמענט פון איינע פון די כאַראַקטעריסטישע אָרגאַניזאַציעס אין דער צייט פון דער נאַצי־הערשאַפט אין טשענסטאָכאָוו.

דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַרבעטער־ראַט און אירע אינסטאַנצן זיינען געווען: פּרעזידיום, עקזעקוטיווע און בייראַט. דאָס פּרעזידיום איז באַשטאַנען פון משה לובלינג, פאָרזיצער; משה לעווענהאָף, סעקרעטאַר, צבי ראָזענוויין, קאַסירער. די עקזעקוטיווע איז באַשטאַנען פון: משה לובלינג, צבי ראָזענוויין, ישראל־אביגדור שילדהאַוז, יצחק ראָזענפעלד, מענדל שימאַנאָוויטש און משה לעווענהאָף. דער בייראַט: דוד שלעזינגער, גרשון פּרענדקי, אברהם בראט, אברהם שטשעקאַטש און יאַנקל קאַופמאַן. מיט ראַט און טאַט האָבן מיטגעווירקט די איינפלוסרייכע פערזענלעכקייטן ווי: יעקב ראזינער, אַדוואָקאַט קאַנאַרסקי, אַדוואָקאַט לייב פאָגעל, דער באַקאַנטער שרייבער ה. ל. זשיטניצקי און אַ סך אַנדערע.

די אויפגאַבן פון אַרבעטער־ראַט זיינען געווען: צו פירן אַ פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע און הילפס טעטיקייט, וואָס האָט אויך איינגעשלאָסן דאָס אַרויסגעבן אַ צייטונג, וואָס זאָל אינפאָרמירן וועגן דער סיטואַציע, איבערגעבן וועגן די גרויזאַמע טאַקטיק פון די נאַציס, אויפקלערן די מאַסן, וועקן און מונטערן די מאַסן זיך צו גרייטן צום קאַמף קעגן די גרויזאַמע נאַצי־מערדער.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער אַרבעטער ראַט האָט פאַרוואַלטעט מיט צוויי קיכן: איינער אין זאַל פון „מכבי", אונטער דער אָנפירונג פון יצחק ראָזענפעלד און די צווייטע קיך איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון אברהם לאזשניאזש. דער אַרבעטער־ראַט דראַמאַטישער קְרייז איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון חיים כראפארט און חיים ארבאך און זיי האָבן דורכגעפירט אַן אימפּאָזאַנטע פאָרשטעלונג פון שלום עליכם׳ס „דאָס גרויסע געווינס" אין גרויסן זאַל פון אַלעע 12. דער יוגנט־כאָר איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן דיריגענט ראָטענבערג און האָט אָדורכגעפירט אַ קינסטלערישע אויפפירונג פון געזאַנג און רעציטאַציעס אין זאַל פון „מכבי".

די געשעענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פוילן זיינען פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווידערלעכער און טראַגישער. גאַנצע קהילות זיינען דורך גאַז און פייער חרוב געוואָרן. דער אַרבעטער־ראַט האָט פרובירט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען און וועגן דאָס שרעקלעכע צו באַקעמפן. דער אַרבעטער־ראַט האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער פוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און עס איז אויסגעאַר־בעט געוואָרן פאַלגנדער פּלאַן. די פּוילישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג וועט איינקויפן פאַרן אַרבעטער־ראַט. אין פאַל ווען די נאַציס וועלן אָנהויבן אַן אויסזידלונג פון געטאָ, זאָלן די מיטגלידער פון דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אונטער־צינדן אין אַ גאַנצע רייע פונקטן הייזער און די יוגנט פון געטאָ מיט רעוואָלווערן אין די הענט וועט זיך אָדורכרייסן די נאַצישע וואַך־פּאָסטנס און זיך אָנשליסן אין די פּוילישע קאַמפּס־גרופּן און פירן אַ באַוואָפנטן קאַמף מיטן אַלגעמיינעם נאַ־צישן שונא.

יום־כיפור 1942 איז אָנגעקומען אַ טראַגישע ידיעה, אַז די נאַצישע טויטן־קאָמאַנדאָ איז אָנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און די וואַגאָנען שטייען גרייט אויף דער ראַמפּע אויסצוזידלען דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום צו די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע. עס איז געקומען דער היסטאָרישער עקזאַמען. שליחים פון אַרבעטער־ראַט האָבן זיך גלייך פאַרשטענדיקט מיט דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. דער ענטפער איז געווען אַ גאָר אַנטוישנדער. די פּוילישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג האָט געענטפערט, אַז קיין געווער האָבן זיי נישט געקענט ביז איצט פאַרשאַפן און זיי זיינען נישט גרייט איצט אויפצונעמען קיין קאַמף מיט די נאַציס.

איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט, אַרומגערינגלט דורך מערדערס פון דער טויטן־קאָמאַנדאָ, אַנטוישטע פון דער האַנדלונג פון דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, איז דער אַרבעטער־ראַט זיך צונויפגעקומען צו איר לעצטער און טראַגישער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען מוצא יום־כיפור, סעפּטעמבער 21, 1942.

אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט: משה לובלינג, משה לעווענהאָף, ישראל־אביגדור שילדהאַוז, יצחק ראָזענפעלד, מענדל ווילינגער, מרדכי אָפּענהיים, אליעזר שמולעוויטש, רבקה גלאַנץ, צבי ראָזענווייג און דער דיכטער ה. ל. זשיטניצקי.

די זיצונג האָט געעפנט דער פאָרזיצער משה לובלינג און האָט דערקלערט, אַז אַלע האָפענונגען, אַז דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום וועט אויסמיידן דעם טראַגישן גורל פון אומקום פון פּוילישן יידנטום האָבן אַנטוישט. ער האָט אויך איבערגעגעבן וועגן דעם ענטפער פון דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, וואָס איז ווייטער אַן אַנטוישונג, ווייל זיי האָבן נישט געהאַלטן וואָרט און פשוט אָפּגענאַרט.

דער שטענדיק ברויזנדער קעמפערישער ישראל־אביגדור שילדהויז האָט גערופן נישט צו לאָזן זיך באַהערשן פון פאַרצווייפלונג און יאוש. אויב עס איז נישט מעגלעך צו באַקומען קיין געווער זאָל דאָס גאַנצע געטאָ אונטערגעצונדן ווערן און אַלץ זאָל אַוועק אין פלאַמען, אָנצייכנדיק דערביי אַ קאָנקרעטן פּלאַן ווי אַזוי די אַקציע זאָל אָדורכגעפירט ווערן.

אויף דער לעצטער און טראַגישער זיצונג פון אַרבעטער־ראַט האָבן נאָך גערעדט אַ גאַנצע רייע באַטייליקטע און דערווייל האָט די נאַצי פאַרניכטונגס־מאַשין אָנגעהויבן צו אַרבעטן און די ליקווידאַציע פון געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן. די דאַטע באַצייכנט גלייכצייטיק די אויפלייזונג פון אַרבעטער־ראַט.

די פאַרזייטע גייסטיקע קערנער פון אַרבעטער־ראַט זיינען נישט פאַרלוירן געוואָרן. מיטן אַנטשטיין פון קליינעם געטאָ זיינען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון דער יידישער באַוואָפנטער קאַמפס אָרגאַניזאַציע געווען די מיטגלידער פון אַרבעטער־ראַט.

## די יידישע קאַמפס-אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ

נאָך דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ, ווו די מערהייט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום איז אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין די גאַז אויוונס פון טרעבלינקע, זיינען פאַרבליבן זעקס טויזנט פאַראייניזאַמטע, פאַריתומטע יוגנטלעכע, וואָס זיינען געווען קאַשאַרירט אויף אַ גאַנצע רייע אַרבעטס-פּלאַצוווקעס. אויף די פּלאַצוווקעס האָבן די יוגנטלעכע זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן מיט דעם געדאַנק פון אַן אַלגעמיינער קאַמפס אָרגאַניזאַציע.

נאָכדעם ווי דאָס קליינע געטאָ איז איינגעפירט געוואָרן און די יוגנטלעכע זיינען פון די קאַשאַרירונגס פּלעצער געקומען פון דער אַרבעט אין קליינעם געטאָ, איז שוין דער באָדן געווען אַ צוגעגרייטער. סיי די גרופּע פון מאָטעק זילבערבערג, סיי דער קיבוץ, וואָס האָט זיך געקלאָמערט אַרום רבקה גלאַנץ, סיי די קליינע גרופּע, לעבנגעבליבענע, פון דער „הכשרה" פאַרם, סיי די מיטגלידער פון אַרבעטער־ראַט און אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען און שאַטירונגען, האָבן דערפילט די ערנסטקייט פון דער אידעע פון איין אַלגעמיינער, ווירקזאַמער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא — דעם נאַצישן, מערדערלעכן רעזשים.

אין אָנבליק פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע זיינען אַלע אַמאָליקע פּאַרטייאישע שטאַנדפּונקטן און אידעאָלאָגישע דיפערענצירונגען פאַרשוונדן און אַלע זיינען געוואָרן פאַראייניקט אין איין קאַמפס־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „זשאָב", וואָס באַדייט אין פּויליש „זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציע באָיאָוואַ" און אין יידיש: „יידישע קאַמפס אָרגאַניזאַציע".

בכדי צו פירן אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן אַ באַוואָפנטן פון קאָפּ ביז די פיס שונא, איז דאָס ערשט געווען נויטיק געווער.

## גראַנאַטן-פּראָדוקציע

די יידישע קאַמפס-אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ, האָט דאָס ערשטע געווער זיך פאַרשאַפט דורך קויפן פּיסטאָלעטן און קוילן אויף דער אַרישער זייט. די פּיסטאָלעטן האָבן זיך אָפט מאָל אַרויסגעוויזן פאַר ניט גוטע און די פרייזן זיינען געווען פאַנטאַסטישע. די צוויי גרונט־סיבות האָבן באַוויגן די אָנפירערשאַפט אָנצוהויבן אַן אייגענע פּראָדוקציע, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו באַוואָפענען די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און צוגרייטן אַ גרעסערע צאָל פּיסטאָלעטן, קוילן און גראַנאַטן אין געטאָ צום באַפאָרשטייענדיקן אומפאַרמיידלעכן קאַמף מיט דער נאַצי מאַכט.

צו דעם צוועק האָט דער קאָמענדאַנטור־מיטגליד העניעק וויערניק אָרגאַניזירט אַ טעכנישע גרופּע פון איבערגעגעבענע קאַמפס־חברים, קוואַליפיצירטע פאַכלייט,

גראַדואירטע פון דער האַנדווערקער־שולע און באַשטאַנען פון שלאָסער, עלעקטריקער און כעמיקער. די גרופּע איז באַשטאַנען פון צען פּערזאָן: העניעק וויערניק, זיין פרוי נאטקא, העניעק קאַופמאַן (כעמיקער), בנימין מאַנדעלבוים, לייזער שמולעוויטש, זיסקינד שמולעוויטש, משה רוזשאַנסקי, בנימין ערענפריד, אברהם טשאַרני און מענדל ווילינגער.

צוערשט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּיסטאָלעט אין דער פאָרם פון אַן אייביקער פעדער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אָנווענדונג פון דער „אייביקער פעדער״ האָט איר ווירקונג אין אַ קאַמף אויף אַ קליינער דיסטאַנץ, און איר קאָמפּליצירטקייט האָט געקאָסט זייער פיל אַרבעטס־צייט. צוליב דעם האָט די גרופּע פון דער פּראָדוקציע רעזיגנירט, ווייל זיי האָבן אין צווישנצייט באַקומען פּיסטאָלעטן און ביקסן.

עס האָט זיך דעריבער געשאַפן אַ נויטווענדיקייט פון פּראָדוצירן אַ גרעסערן קוואַנטום פון האַנט־גראַנאַטן.

העניעק וויערניק האָט באַשלאָסן צו פּראָדוצירן אַ „קאָקטייל״, דאָס זיינען געווען ליטער־פלאַשן אָנגעפילטע מיט אויפרייס־כעמיקאַלן. דאָס באַנוצן דעם „קאָק־טייל״ האָט זיך פאָרגעשטעלט אויף פאָלגנדן אופן: אויפמישן דעם אינהאַלט פון דער פלאַש, אַז די פליסיקייט זאָל זיך אויסמישן מיטן אויפרייס־מאַטעריאַל און אַוועקשליידערן אויפן באַשטימטן ציל. די פלאַש ווערט צעבראָכן און עס קומט דער אויפרייס, איינהילנדיק די אומגעבונג אין אַ פייער. דער „קאָקטייל״ האָט געהאַט די בעסטע ווירקונג אין קאַמף קעגן טאַנקן, און איז אויסגענוצט געוואָרן אין אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

דאָס פּראָדוצירן פון האַנט־גראַנאַטן אין קליינעם געטאָ האָט זיך אין אָנהויב אַרויסגעוויזן פאַר זייער שווער און קאָמפּליצירט, ווייל די דייטשן האָבן אַלע מאַשינען צו מעטאַל־אויסאַרבעטונגען צוגענומען נאָך פאַרן שאַפן פון געטאָ. עס איז דעריבער פּרובירט געוואָרן אויסצואַרבעטן טיילן אין פאַרשיידענע פאַבריקן, ווו די מיטגלידער פון דער טעכנישער גרופּע האָבן געאַרבעט. אין דער פאַבריק „ווולקאַן״, וואָס האָט געהערט פאַר דער מלחמה צו די צוויי יידן פּרעגער און לאַנדאַו, האָט געאַרבעט אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער פון דער טעכנישער גרופּע אַלס קוואַליפיצירטע אַרבעטער, דערפאַר זיינען זיי ניט אַזוי קאָנטראָלירט געוואָרן ביי דער אַרבעט, און געהאַט די מעגלעכקייטן זיך צו באַוועגן איבער די פאַרשיידענע אָפּטיילונגען. דאָס האָט באַגרינדעט דעם פּלאַן אָנצוהויבן דאָרט אויסאַרבעטן די ערשטע גראַנאַטן.

אין רעזולטאַט פון אָרגאַניזאַציאָנעלע און פאַכמענישע באַראַטונגען, איז באַ־שלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַלס פּראָבע עטלעכע גראַנאַטן, צוזאַמענגעשווייסטע פון צוויי טיילן. אין דער פּראַקטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פּלאַן איז ניט רעאַל, ווייל דער גאַנצער גראַנאַט מוז זיין פון אַ מאַטעריאַל, וועמענס אויפרייס־דויער איז אומעטום גלייך, און ביים שווייסן איז דאָס אַן אוממעגלעכע זאַך; צווייטנס מוז די פּראָדוקציע געפירט ווערן אין דער גרעסטער קאָנספּיראַציע, אויסהיטנדיק זיך פון די פוילישע אַרבעטער; דריטנס, דאָס טראָגן די פּראָדוקציע פון דער פאַבריק אין קליינעם געטאָ איז פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן, צוליב די אָפטע רעוויזיעס ביים אַרויסגיין פון פאַבריק און ביים אַריינגיין אין קליינעם געטאָ.

צוליב דעם איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוגעפינען אַ סטאָף פון אַ מעטאַל, וועלכן מען קען דערפירן צו אַ פליסיקן צושטאַנד ביי אַ טעמפּעראַטור פון 800 גראַד, ווייל ביי אַזאַ טעמפּעראַטור קען מען פירן די פּראָדוקציע ביי פּרימיטיווע איינריכ־

טונגען אין געטאָ מיט דער הילף פון אַ „טיגל“ — דאָס איז אַזאַ טאָפּ פון אַ מאַסע, וואָס איז ווידערשטאַנדס־פעאיק אויף דער אויבנדערמאָנטער טעמפּעראַטור.

נאָך דעם באַשלוס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע אַרבעט פון שאַפן די רוי־שטאָפן און דאָס מאַכן דעם „קאָקיל“ — דאָס איז אַזאַ פאָרם פון צוויי טיילן צום גיסן די גראַנאַטן.

דאָס שאַפן דעם רוי־מאַטעריאַל איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך, און נאָך שווערער איז געווען דאָס מאַכן דעם „קאָקיל“, ווייל מען האָט זיך געמוזט באַנוצן מיט אַ גאַנצע ריי מאַשינען און אויסהיטן זיך פאַר אַ פרעמד אויג.

דער „קאָקיל“ איז געמאַכט געוואָרן אין דער פאַבריק „ווולקאַן“ און אַריינגע־שמוגלט געוואָרן אין קליינעם געטאָ דורך אַריינלייגן אין אַ פעסל פון עסן, וואָס מען פלעגט ברענגען פונם געטאָ אין פאַבריק אַריין און צוריקטראָגן. אין קליינעם געטאָ איז געווען ביים יודענראַט אַ טעכנישע אָפּטיילונג מיט עטלעכע מאַשינען, וועלכע זיינען נויטיק געווען צו דער פּראָדוקציע. די אויפגאַבע פון דער טעכנישער אָפּטיילונג איז געווען אַדורכצופירן פאַרשיידענע רעפּאַראַטורן אין געטאָ. די לייטערס פון דער טעכנישער אָפּטיילונג זיינען געווען: קאָניעצפּאָלער און זילבערשאַץ. זיי זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די מיטגלידער פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, און האָבן אַוועקגעגעבן די שליסלען פון די ווירטשאַפטן אויף דער נויטיקער צייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנצע סעריע עקספּערימענטן מיט פאַרשיידענע מעטאַלן, ווייל דער קערפּער פון אַ גראַנאַט טאָר ניט זיין צו האַרט און אויך ניט צו ווייך, ווייל ביים באַנוצן אים אין קאַמף, דאַרף ער זיך צערייסן אויף אַ גרעסערער צאָל שטיקלעך.

נאָך עטלעכע פּראָבעס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַ מישונג פון צינק מיט אַלומיניום, וואָס האָבן אַנטשפּראָכן אַלע באַדינגונגען.

דער נויטיקער רוי־מאַטעריאַל איז באַזאָרגט געוואָרן פון די מאַגאַזינען פון דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג“ דורך מיטגלידער פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט.

נאָכן אויסאַרבעטן די ערשטע הונדערט גראַנאַטן זיינען ווידער אַנטשטאַנען שוועריקייטן מיטן שאַפן דעם אויפרייס־מאַטעריאַל. די דאָזיקע אויפגאַבן האָבן דערפילט ווייערניק און קויפמאַן, מאַכנדיק אַ פּראָוויזאָרישע לאַבאָראַטאָריע און צוגעפּאַסט די אַנטשפּרעכנדסטע אויפרייס־שטאָפן.

די כעמיקאַלן אויסצואַרבעטן דעם אויפרייס־שטאָף זיינען באַזאָרגט געוואָרן פון דער אַרישער זייט, און אַ טייל האָט געגעבן דער אַפּטייקער פון געטאָ, פּראַש־קעוויטש. נאָכן אויספּאַרטיקן די ערשטע האַנט־גראַנאַטן זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף עטלעכע ערטער אין דער אַרישער זייט אויסצופּרובירן. פון אַלע ערטער זיינען צוריקגעקומען צופרידנשטעלנדיקע ענטפערס, אַז דאָס איז אַ וויכטיק געווער אין קאַמף קעגן נאַצי־רעזשים.

אין רעזולטאַט פון די געמאַכטע דערפאַרונגען איז די פּראָדוקציע געשטיגן ביז הונדערט גראַנאַטן טעגלעך.

דער מיטגליד פון דער קאָמענדאַנטור פון דער יידישער קאַמפּס אָרגאַניזאַציע, כומעק אַבראַמאָוויטש, האָט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלן אַפּעל און אויפגעפּאָדערט די טעכנישע גרופּע אָנצווענדן אַלע מעגלעכע אָנשטרענגונגען צו פּראָדוצירן אַ גרעסערע צאָל, ווייל די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד נויטיקן זיך אין די גראַנאַטן, און אויך פאַרן געטאָ מוז צוגעגרייט ווערן אַ גרעסערער קוואַנטום.

אויך אין קליינעם געטאָ איז די אַרבעט געפירט געוואָרן אין דער שטרענגסטער קאָנספּיראַציע, ווייל עס האָבן זיך אַרומגעדרייט מענטשן מיט „לאַנגע צינגער“,

פאַר וועלכע מען האָט זיך געמוזט אויסהיטן, ווייל זיי זיינען געווען אין דינסט פון דער „געסטאַפּאָ״, עס־עס און אַנדערע אָנשיקענישן.

עס זיינען אויך געווען פאַלן, אַז אַזעלכע „עלעמענטן״ זיינען געוואָרן שעדלעך, און דורך אַ געריכטס־אורטייל פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען זיי „ליקווידירט״ געוואָרן.

די פּאַרטיקע גראַנאַטן זיינען טיילווייז אַוועקגעשיקט געוואָרן צו די טשענסטאָכאָווער פּאַרטיזאַנער אין די קאָניעצפּאָלער וועלדער, און אַ טייל איז מאַגאַזינירט געוואָרן אין די צוגעגרייטע בונקערס, אויפגעבויט אונטער דער ערד אויף דער נאַדזשעטשנאַ גאַס.

עס איז געקומען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון דער וואַרשעווער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג זש.אָ.ב., וועלכע האָבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער גראַנאַטן־פּראָדוקציע אין טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ.

די קאָמענדאַנטור פון דער טשענסטאָכאָווער זש.אָ.ב. האָט באַשלאָסן, אַז נאָכן אויסאַרבעטן אַ באַשטימטע צאָל גראַנאַטן פאַרן אינערלעכן געברויך פון קליינעם געטאָ, זאָל די גאַנצע טעכנישע גרופּע אַריבערגעפירט ווערן אויף דער אַרישער זייט און אומגעשטערט אַנטוויקלען אַ מאַסן־פּראָדוקציע פון די גראַנאַטן פאַר אַלע אָרגאַניזאַציעס אין קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט.

## די סטראַטעגיע פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע

דער ציל פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ קלאָרער. קאַמף קעגן דער נאַצי מאַכט. דאָס איז אָבער נישט געווען גענוגנד. עס האָבן געמוזט אויסגעאַרבעט ווערן פאָרמען און מעטאָדן פון קאַמף, ווי אַזוי זאָל דער קאַמף סטראַטעגיש געפירט ווערן. צי זאָל דער קאַמף זיין אַ דעפענסיווער, אַ פאַרטיידיקונגס־קאַמף, אָדער אַן אָפענסיווער, אָנגריפס קאַמף.

די נאַציס האָבן אומעטום אין אַלע געטאָס איינגעפירט אַ קאָלעקטיווע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט. פאַר אַן אינדיווידועלער באַוואָפנטער אַרויסטרעטונג איז באַשטראָפט געוואָרן דער גאַנצער כלל. דאָס איז אויך געשען אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ יאַנואַר 4, 1943, ווען צוויי יוגנטלעכע: איזשא פיינער און מענדל פישעלעוויטש, האָבן זיך מיט רעוואָלווערן אין די הענט געוואָרפן אויף די נאַצי־רוצחים ראאן און צאפּארט. דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען, אַז די צוויי העלדישע יוגנטלעכע האָבן באַצאָלט מיטן לעבן און אַנדערע 25 יוגנטלעכע זיינען אַלס שטראָף אויך דערשאָסן געוואָרן.

דער ציל פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען, אַז עס זאָלן פאַלן אומזיסטע קרבנות נאָר פאַרקערט, פאַרטיידיקן דאָס לעבן פון די יידן אין קליינעם געטאָ. די טאַקטיק פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט דעריבער געמוזט אָננעמען רעאַלע פאָרמען. אַלע האָבן געווּסט, אַז די נאַצי־מאַכט וועט פריער אָדער שפּעטער איינגעמען אַ ווייסטע מפּלה, אָבער דערווייל זיינען טאָג־טעגלעך געשיקט געוואָרן צוגן מיט יידן צום אומקום אין די טויט־לאַגערן, דערפאַר איז דער ציל געווען צואיילן די נאַצי מפּלה און אָפּצוראַטעווען וואָס מער יידן פון אומקום. דער ציל האָט נאָר געקענט רעאַליזירט ווערן דורך אַן אָנגריפס־קאַמף און דאָס איז נישט מעגלעך געווען אין געטאָ, דעריבער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פאָלגנדער סטראַטעגישער פּלאַן.

1. אויסשולן געטאָ־קעמפער צו באַשיצן די באַפעלקערונג אין קליינעם געטאָ און צוגרייטן אַלע צום קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט אין אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד ווען די נאַציס וועלן אָנהויבן אַן עוואַקואַציע.

2. אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין די וועלדער צו פירן אַ קאַמף קעגן די נאַציס פון אַן אָנגריפס־כאַראַקטער.

(די געטאָ קעמפער האָבן נאָר געקענט פירן אַ פּאַרטיידיקונגס קאַמף, דאַקעגן די פּאַרטיזאַנער האָבן געקענט פירן אַן אָנגריפס קאַמף.)

די הויפּט אויפגאַבן פון אָנגריפס־קאַמף, דאָס הייסט פון די פּאַרטיזאַנער, זיינען געווען:

1. צעשטערן צוגן, וואָס פירן נאַצישע מיליטער טראַנספּאָרטן צו די פראָנטן;
2. צעשטערן צוגן מיט אַמוניציע און שפּייז;
3. אָנגריפס־קאַמפן אויף דייטשן אויף די וועגן, שאָסייען און וועלדער;
4. צעשטערן בריקן, צעשטערן באַן־קנופּן בכדי צו פּאַראַליזירן די דייטשע קאָמוניקאַציע;
5. צעשטערן מאַשינען, וואָס האָבן געדינט פאַר דער דייטשער מיליטערישער פּראָדוקציע;
6. צונעמען פון די פויערים די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, באַשטימטע פאַר די דייטשע קאָנטינגענטן, און פאַנאַנדערטיילן זיי צווישן די נויטליידנדע באַפעלקערונג;
7. סאַבאָטירן די דייטשע באַפעלן און פאַראָרדענונגען;
6. קאַמף קעגן מוסרים, קאָנפידענטן און פּראָוואָקאַטאָרן.

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אַדורכגעפירט אַ באַדייטנדע צאָל קאַמפּס־אַקציעס נישט בלויז דורך די פּאַרטיזאַנער גרופּן נאָר אויך דורך געטאָ־קעמפער.

די געטאָ קעמפער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַזוי גערופענע קאַמפּס־פינפטלעך און קאַמפּס־דרייערלעך. אַזעלכע קליינע גרופּעס פון פינף אָדער פון דריי פלעגן געשיקט ווערן פון קליינעם געטאָ אָפּצושרויפן רעלסן פון דער באַן, בכדי די אָנקומענדע דייטשע צוגן זאָלן זיך אומדרייען און פאַראורזאַכן גרויסע פאַרלוסטן דעם שונא.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען אין קאָנטאַקט מיט אַ פּוילישער געהיימער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גערופן: „פּוילישע אונטערערדישע באַוואָפנטע קרעפטן". דער הויפּט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי. לאַנגעוויטש, דער אָפיציר פון דער „פּוילישע אונטערערדישע באַוואָפנטע קרעפטן" מיט זיינע אַדיוטאַנטן האָבן זיך פאַרפליכטעט צו פירן איבונגען מיט די יידישע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און צושטעלן געווער. זיי זיינען געווען גוטע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן און דיספּאָנירט מיט אַ גרויסן אַרסענאַל געווער. דער טרעפפּונקט מיט דעם אָפיציר איז געווען אויף קוצעלינגאַ 61, נישט ווייט פון דער אייזן־הוטע „האַסאַג־ראַקווו".

יוני 26, 1943, האָבן אַ גאַנצע רייע נאַצי־פאָרמאַציעס אַרומגערינגלט דאָס קליינע געטאָ און דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן.

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געפירט דעם קאַמף פון די בונקערס פון די הייזער נאַדזשעטשנאַ 86, 88 און 90.

אַ וואָך צייט האָט דער קאַמף געדויערט. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַנוצט מיט מאַשין־ביקסן, האַנט־ביקסן, רעוואָלווערן, האַנט־גראַנאַטן און קאָקטיילס.

די אומגעקומענע אין קאַמף, דאָס זיינען געווען דער שטאָלץ און די בלומען פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען די לעגענדאַרע העלדן: מאָטעק זילבער־בערג, קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, רבקה גלאַנץ, די מאַמע פון קעמפנדן קליינעם געטאָ.

מיט העלדישער גבורה, מיט בלוט, קידוש השם און קידוש העם האָט די טשענסטאָכאָווער יידישע קאַמפּס אָרגאַניזאַציע זיך פאַרשריבן און פאַראייביקט אין דער יידישער געשיכטע.

## געשטאַלטן פון געפאַלענע העלדן פון דער טשענסטאָכאָווער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג

### מאָטעק זילבערבערג

דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע
אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ.

מאָטעק זילבערבערג איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1910 אין קאַליש. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גייסטיקע און איניציאַטאָרישע פעאיקייטן. געוועזן פיזיש גוט אַנטוויקלט און באַזעסן גימנאַזיאַלע בילדונג. פאַר דער צווייטער וועלט מלחמה איז ער געווען טעטיק אין דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג. ענדע 1940 האָט ער פאַרלאָזט קאַליש און איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, זייענדיק טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר". אין דער צייט פון גרויסן געטאָ איז ער געווען אַן אומבאַקאַנטער פליט און געצויגן זיין חיונה פון האַנדל.

אין דער צייט פון די טראַגישע אויסזידלונגען איז ער אויססעלעקטירט און געשיקט געוואָרן אין דער „מעטאַלורגיאַ" און פון דאָרט קאָשאַרירט געוואָרן אין „האַסאַג־פעלצערן".

אין די ערגסטע און שוידערלעכסטע באַדינגונגען אין דער קאָשאַרירונגס־צייט אין „האַסאַג־פעלצערן", ווען אַלע זיינען געווען נידערגעשלאָגן, גייסטיק און פיזיש צעבראָכן פון די אַלע איבערלעבונגען, האָט ער אָנגעהויבן צו פּראָפּאַגירן די אידעע פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. ער האָט אָרגאַניזירט אַ קאַמפּס־גרופּע און אויסגעקליבן נאָר אַזעלכע, וואָס זיינען געווען באַקאַנט פון זייערע אַקטיוויטעטן פון פאַר דער מלחמה אין פאַרשיידענע יוגנט אָרגאַניזאַציעס. מיט התלהבות איז זיין רוף צו ווידערשטאַנד אויפגענומען געוואָרן און פון טאָג צו טאָג האָט זיך זיין גרופּע פאַרגרעסערט.

מיטן אַנטשטיין פון קליינעם געטאָ זיינען די יידן פון „האַסאַג־פעלצערן" דאָרט אַהינגעשיקט געוואָרן צום וווינען.

מאָטעק זילבערבערג, קומענדיק אין קליינעם געטאָ, האָט געטראָפן אַ צוגעגרייטן באָדן. די קיבוצים האָבן זיך שוין געהאַט צוריק אָרגאַניזירט אַלס באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס. עס זיינען געווען דריי קיבוצים: „השומר הצעיר", אונטער דער אָנפירונג פון יהודה גליקשטיין, וועלכער איז שפּעטער געווען טעטיק אין די קאָניעצפּאָלער וועלדער מיט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע און איז אומגעקומען פון דער א. ק., „דרור", אונטער דער אָנפירונג פון רבקה גלאַנץ, און „גורדוניה". מאָטעק זילבערבערג פאַרבינדט אַלע גרופּירונגען דורך רופן קאָנפערענצן, און אין רעזולטאַט דערפון אַנטשטייט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע „זשאָב" (זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ).

מאָטעק זילבערבערג איז געוואָרן דער טאָן־געבער און אָנפירער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, אַרויסגעבנדיק באַפעלן אין אַלע ענינים. די אויפגאַבן זיינען געווען קאָלאָסאַלע, און מיט אַן אייזערנעם ווילן האָט ער אַלץ דורכגעפירט: פאַר־

בינדונגען מיט די עקזיסטירנדע געטאָס און מיטן וואַרשעווער, פאַרבינדונגען מיט דער א. ל., פראָדוקציע פון אַמוניציע, אָרגאַניזירט וואַלד־פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן און קאַמפּס־גרופּעס, די אַזוי גערופענע „פינפטלעך״; באַוואָפנטע אַקציעס פון קלענערן און גרעסערן מאַסשטאַב, געבויט אונטערערדישע טונעלן, געמאַכט איבונגען מיט די מיטגלידער, ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט געווער; דורכגעפירט אַ צוואַנגס־באַשטייערונג פון דער פאַרמעגלעכער באַפעלקערונג אין קליינעם געטאָ, און אויב עס האָט זיך ווער קעגנגעשטעלט דעם שטייער־באַפעל, איז ער אַרעסטירט און איינגעזעצט געוואָרן אין בונקער־אַרעסט פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. אַ חוץ דעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט איז אויך געפירט געוואָרן אַ קאַמף קעגן די יידישע פראָוואָקאַטאָרן און מוסרים.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז מאָטעק זילבערבערג געשטאַנען העלדיש אויף דער וואַך מיט צוויי אויטאָמאַטן אין די הענט, שיסנדיק אָן אויפהער אין די נאַצי־טיראַנען. ער איז העלדיש געפאַלן אויף זיין קאַמפּס־פלאַץ.

ער איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „מאָטעק״.

דער נאָמען מאָטעק זילבערבערג איז אויסגעוואַקסן צו אַ סימבאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט, איינשרייבנדיק זיך אין דער געשיכטע אַלס העלד און מאַרטירער פון דער טשענסטאָכאָווער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

## ר ב ק ה   ג ל אַ נ ץ

רבקה גלאַנץ איז געבוירן געוואָרן אין קאָנין, פּויזנער קרייז אין יאָר 1915. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער יוגנט־באַוועגונג „פרייהייט״. זי איז דערצויגן געוואָרן און האָט דערצויגן אַנדערע אין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן גייסט. זי איז געפאָרן אויף הכשרה און זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ישראל. זי ווערט שנעל באַקאַנט מיט אירע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און איבערגעבנקייט פאַר דער באַוועגונג און דערפאַר ווערט זי אָפּגעהאַלטן פון פאָרן, בכדי אָנצופירן מיט דער קיבוצים־באַוועגונג אין פּוילן. פינף יאָר האָט רבקה גלאַנץ אָנגעפירט מיט „הכשרה״ פּונקטן, זייענדיק אַ לענגערע צייט טעטיק אין לאָדזשער קיבוץ „באָראָכאָוו״, ביז דער מלחמה. זי האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע, מיטאַרבעטנדיק אַקטיוו מיט צביה לובעטקין, פרומקע פּלאָטניצקאַ און אַנדערע. האָבנדיק אַן אַרישן אויסזען, איז איר אנפאַרטרויט געוואָרן די פונקציע פון אַ קוריער. זי איז אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך; געוועקט, געמוטיקט און אָרגאַניזירט די חלוצישע באַוועגונג, מיטפירנדיק מיט זיך אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען אין דער מלחמה־צייט. אויף אַירע רייזעס איבערלעבט זי טראַגישע מאָמענטן, צוליב די כסדרדיקע רעוויזיעס, אָבער אַ דאַנק איר שנעלער אָריענטאַציע געלינגט איר שטענדיק אַרויסדרייען זיך פון די געפערלעכסטע סיטואַציעס.

אין יאָר 1941 האָט דער אַרבעטער־ראַט אָרגאַניזירט קיבוצים אין טשענסטאָכאָוו. דער מרכז „החלוץ״ דעלעגירט פון וואַרשע רבקה גלאַנץ אָנצופירן מיטן קיבוץ „דרור״. אָנקומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו ווערט זי די טאָנגעבערין פון דער טעטיקייט פון קיבוץ, דערזועקנדיק צו זיך די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס מצד אַלע מיטגלידער, צוליב איר חברישער באַנעמונג, פשוטער האַלטונג און באַזונדערס צוליב איר איבערגעגעבענער אַרבעט פאַר די אינטערעסן פון קיבוץ. זי האָט זיך געשטעלט אין אַן ענגער פאַרבינדונג מיטן אַרבעטער־ראַט, אין וועלכן זי האָט געזען דעם גרויסן געזעלשאַפטלעכן אַרבעטער־כוח און איינציקן מיטהעלפער צו

לייזן די טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען פון קיבוץ. אויפן פאָרשלאָג פון דער אָנפירונג פון אַרבעטער־ראַט ווערט זי אַ שטענדיקע מיטאַרבעטערין פון סעקרעטאַריאַט.

מיטן אָנהויב פון די מאַסן־פאַרניכטונגען פון יידן, האָט רבקה גלאַנץ באַקומען אַ באַפעל פון מרכז „החלוץ" צו אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. זי רופט אַ גאַנצע רייע זיצונגען פון די אַקטיווע טוער פון דער „ליגע" אין לאָקאַל פון קיבוץ אויף פּשעמיסלאָווע 2, אויף וועלכע זי לייענט פאָר די באַריכטן פון צביה לובעטקין וועגן די יידן־פאַרניכטונגען און דעם רוף צו ווידערשטאַנד.

די אַלע באַריכטן האָבן אויף אַלעמען געמאַכט אַ דערדריקנדן איינדרוק, אָבער די ברייטע מאַסן האָבן נישט געגלויבט אין די ידיעות וועגן די אויסראָטונגען, און צוליבן פעלן פון געווער זיינען די פּלענער אין די צייטן פון גרויסן געטאָ נישט פאַר־ווירקלעכט געוואָרן. אין דער צייט פון אַקציעס, ווען ס'האָט געהערשט אַ גרויזאַמער הונגער, באַשעפטיקט זיך רבקה גלאַנץ מיט פאַרשאַפן לעבנסמיטל פאַרן קיבוץ. אין דער צייט פון דער אויסזידלונגס־אַקציע אויף פּשעמיסלאָווע גאַס, ווערט אויך רבקה גלאַנץ אַוועקגעפירט צום טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. אַ דאַנק די מסירת־נפשדיקע באַמיאונגען פון בערנאַרד קורלאַנד געלינגט אים זי אַרויסצונעמען פון וואַגאָן.

נאָך דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ, האָט זי זיך געווידמעט, מיט איר גאַנצער ענערגיע דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. זי האָט מיט אַ גרופּע איבערגעגעבענע מיטגלידער, אָרגאַניזירט דעם קיבוץ אין הויז אויף גאַרנצאַרסקאַ 72, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, ווירקנדיק אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג פון קליינעם געטאָ. אין דער שפּיץ פון קיבוץ איז געשטאַנען רבקה גלאַנץ, וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך די גרעסטע ליבשאַפט, באַוווּנדערונג און צוטרוי. ווען זי האָט זיך באַוויזן אויף די שמאָלע געסלעך פון קליינעם געטאָ, האָבן אַלע אָנגעוויזן אויף איר: „אָט דאָס איז רבקה גלאַנץ". זי האָט שטענדיק געטראָגן אַ ווייסע בלוזע, לעדערנע קורטקע, הויכע ברוינע שטיוול, זייענדיק אַ מוסטער פון ריינקייט און באַשיידענער עלעגאַנץ. זי האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן איינפלוס אויף אירע מיטאַרבעטער אין די ערנסטע און פאַר־צווייפלטכטע מאָמענטן, צוליב איר שטענדיקן גלייכגעוויכט און רואיקער האַלטונג. איר ליבער שמייכל האָט אַלעמען באַווירקט, הגם טיף אין האַרצן האָט זי געוויי־טיקט און געבלוטיקט צוליב דער יידישער פאָלקס־טראַגעדיע, ברוינזנדיק נאָך נקמה. דערפאַר האָט זי טאָג און נאַכט געאַרבעט בכדי צוצוגרייטן דעם ענטגילטיקן קאַמף מיטן שונא, מיט דער נאַצי־מאַכט.

זי האָט גלייכצייטיק אויסגעפירט די אינסטרוקציעס פון מרכז פון וואַרשע און אַרומגעפאָרן אַלס „אַריערין", פירנדיק געווער פון טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ צו דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין בענדין.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, איז זי צוזאַמען מיט אַ גאַנצער ריי חברים געפאַלן אין קאַמף.

רבקה גלאַנץ איז איינע פון די העלדישסטע טעכטער, וואָס דאָס יידישע פאָלק און די חלוצישע באַוועגונג האָט פון זיך אַרויסגעגעבן.

רבקה גלאַנץ האָט באַקומען אַ ברייטע אָפּשפּיגלונג אין דער חורבן ליטעראַטור. אין בוך „פרויען אין די געטאָס", אַרויסגעגעבן פון דער פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק, אויף זייט 141, האָט לייב שפּיזמאַן געשריבן, אַז רבקה גלאַנץ איז געווען די נשמה פון דער חלוצישער זעלבסטשוץ אין טשענסטאָכאָווו און זי איז געשטאָרבן מיט וואָפן אין דער האַנט, קעמפנדיק העלדיש קעגן די נאַצישע סאָלדאַטן.

ד"ר יצחק י. שוואַרצבאַרד ע"ה, דער געוועזענער דיען פון פּוילישן יידנטום, האָט אין דער ספּעציעלער אויסגאַבע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס פון יאָר 1953 אונטערן טיטל: „דהע סטאָרי אָוו דהע וואָרסאָ געטאָ אַפּרייזינג" („די געשיכטע פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ"), באַשריבן די גרויסע העלדישקייט פון רבקה גלאַנץ.

עס ווייזט אויס, אַז עס איז אַריינגעפאַלן אַ טעות אין דער בראָשור, אַז רבקה גלאַנץ איז געפאַלן אין קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ אויפשטאַנד. עס דאַרפט זיין, ווי עס איז פאַקטיש געווען, אַז זי איז געפאַלן אין העלדישן קאַמף אין דעם אויפשטאַנד פון קליינעם געטאָ אין טשענסטאָכאָוו.

מלך נוישטאַדט אין זיין בוך „חורבן און אויפשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע", צווייטער טייל אויף זייטן 401־402, האָט געגעבן אַ לענגערע באַשרייבונג וועגן די העלדישע קעמפּערין און אָנפירערין פון קאַמף קעגן נאַציזם און ער האָט פאַר־ענדיקט די באַשרייבונג מיט פאָלגנדע ווערטער: „אַ טאָכטער פון פאָלק, פון זיינע טיפענישן איז זי אַרויסגעקומען, און אין די טעג פון אומגליק איז זי צוזאַמען מיטן פאָלק געפאַלן מיט געווער אין האַנט".

## משה לובלינג

געבוירן אין וואָלבראַם אין יאָר 1904 און נאָכדעם געוווינט אין סאָסנאָוויעץ. פון די פריסטע יוגנט יאָרן איז ער געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער פּאַרטיי פּועלי־ציון.

אין פרילינג 1940 איז ער געקומען קיין טשענסטאָכאָוו צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע; פרוי און צוויי קינדערלעך. ווי אַ פּליט, איז ער געווען מאַטעריעל רואינירט און געלעבט די גאַנצע צייט מיט זיין פאַמיליע אין נויט און הונגער.

משה לובלינג האָט געווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע דאָס אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער־ראַט, וואָס איז פאַקטיש געווען די ערשטע פאָרם פון אַ פאַרייניקטער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פון די צוואַנגס־אַרבעטער אין טשענסטאָכאָוו און גלייכ־צייטיק די פאָרגייערין פון דער יידישער באַוואָפנטער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ.

משה לובלינג איז געווען אַ טאַלאַנטפולער מאַסן־רעדנער און אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר, אַ מענטש מיט אַ קלאָרער אָפּשאַצונג פון געשעענישן און אַנטוויק־לונגען, דערפאַר איז ער טאַקע דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון אַרבעטער־ראַט.

ער האָט פאָרויסגעזען די טראַגעדיע, וואָס רוקט זיך אָן אויפן פּוילישן יידנטום און דעם ביטערן און טרויעריקן שיקזאַל פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. ער האָט טאַקע גערופן, געוועקט און געמונטערט זיך צו גרייטן און זיך אָרגאַניזירן צום באַוואָפנטן קאַמף. צו דעם צוועק האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג וועגן געווער און קאָאָפּעראַציע אין קאַמף קעגן נאַציזם.

משה לובלינג איז געווען דער הויפּט אָרגאַניזאַטאָר פון קאַמף צו פאַרבעסערן די מאַטעריעלע מערכה פון די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער. ער האָט אָרגאַניזירט קיבוצים און אויך אָרגאַניזירט די ראַדיקאַלע יידישע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען אַ מאָראַלישע אונטערשטיצונג ביי דער אַדורכפירונג פון אַלע פאָדערונגען פון די צוואַנגס־אַרבעטער צו דעם יודענראַט.

משה לובלינג איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די צוואַנגס־אַרבעטער און אין דער זעלבער צייט איז ער מורא'דיק פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער געטאָ־פּאָליציי און מערערע מאָל איז ער געוואָרן אַרעסטירט.

מוצאי יום־כיפור איז פאָרגעקומען די לעצטע זיצונג פון אַרבעטער־ראַט. אויף דער זיצונג איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן, אַז משה לובלינג זאָל פאַרלאָזן דאָס געטאָ און זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די פוילישע אַרבעטער־טוער מיט וועלכע ער האָט זיך גוט געקענט, אַז זיי זאָלן געפינען אַ שוץ־אָרט פאַר אים און ער זאָל זיך דערווייל ראַטעווען. משה לובלינג האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון פאַרלאָזן דאָס געטאָ, בכדי צו ראַטעווען זיין לעבן.

צומאָרגנס, סעפּטעמבער 22, 1943, אין דער אויסזידלונג, האָט ער מיט זיין פרוי און איין זון געטיילט דעם טראַגישן גורל פון טשענסטאָכאָווער יידנטום און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע צום אומקום אין די גאַז־אויוונס. זיין זון פנחס איז געבליבן אין קליינעם געטאָ, ווו ער איז שפּעטער אומגעקומען.

אין טרעבלינקע איז משה לובלינג געוואָרן אויסגעקליבן צו אַרבעטן אין סאָרטירונגס־לאַגער. ער איז געווען דער לעבעדיקער עדות פון די ברוטאַלע גרויזאַמקייטן אין טרעבלינקע. זייענדיק טריי זיינע קאַמפּס־טראַדיציעס האָט ער אָרגאַניזירט א ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, וואָס האָט געפירט אַ שטרענג קאָנספּי־ראַטיווע טעטיקייט. ער האָט אויך, אויף אַ שטרענג געהיימען אופן, דורך פוילישע באַן־אַרבעטער, געשיקט עטלעכע בריוו צו דער יידישער קאַמפּס אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ. זיינע בריוו זיינען געווען היסטאָרישע דאָקומענטן, וואָס האָבן געווירקט עלעקטריזירנד אויף די מיטגלידער פון דער קאַמפּס אָרגאַניזאַציע.

ער איז געווען עלף חדשים אין טרעבלינקע און איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון אויפשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן אויגוסט 3, 1943, 5.30 פאַרנאַכט און אין דעם אויפשטאַנד איז ער אומגעקומען ווי אַ העלד און מאַרטירער.

משה לובלינג איז אַ היסטאָרישע, העלדישע און ליכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס דאָס יידישע פאָלק און די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט געהאַט אין אירע רייען.

## אליעזר שמולעוויטש

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1915. דער פאָטער, לוי שמולעוויטש, אַ תבואה־סוחר, איז געווען אַ וויעשאווער חסיד.

אליעזר איז דערצויגן געוואָרן אין שטרענג רעליגיעזן גייסט. צוערשט האָט ער געלערנט אין יחיאל גרילאקס חדר און נאָכדעם אין דער אַלגעמיינער פאָלקס־שולע. פון קינדוויז אָן האָט ער זיך אינטערעסירט מיט געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען און איז טאַקע זייער יונג אַריינגעטרעטען אין „השומר־הצעיר". די אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן ביי אים די צווייטע היים, ווידמענדיק איר זיין גאַנצע פרייע צייט. ער האָט פאַרנומען אַן אָנפירנדיקע ראָלע אין דער באַוועגונג און זיך באַטייליקט אין צוזאַ־מענפאָרן און קאָנפערענצן. אין דער אָרגאַניזאַציע איז ער באַקאַנט געווען אונטערן פּסעוודאָנים „מאַלאי". ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו שפּראַכן און ער האָט טאַקע געלערנט שפּראַכן און אויך דאָס דרוקער פאַך. נאָכן ווערן אַ קוואַליפיצירטער דרוקער האָט ער געאַרבעט אין דער ציוניסטישער וואָכנשריפט „אונדזער וועג" און אויך אָנטיילגענומען אין אַרויסגעבן די צייטונג.

ווערלנדיק עולה זיין קיין ישראל איז אליעזר שמולעוויטש, אין יאָר 1936, אַוועק אין אַ קיבוץ קיין מלאַווע. ער איז דאָרט קראַנק געוואָרן און אַדורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און פאָרטגעזעצט זיין „הכשרה" צייט אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדווירטשאַפטלעכער פאַרם.

יוני 19, 1937, איז אין טשענסטאָכאָוו געווען אַ פּאָגראָם אין פאַרבינדונג מיט פענדראַק־באַראַן געשיכטע. אליעזר שמולעוויטש האָט דעמאָלט גענומען אַן אַקטיוון

אָנטייל אין ווידערשטאַנד קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס זיינען באַפאַלן די לאַנד־זווירטשאַפטלעכע פאַרם.

ווי נאָר די דייטשן האָבן אָקופּירט טשענסטאָכאָוו האָט אליעזר שמולעוויטש אָרגאַניזירט ווידערשטאַנדס־גרופּן, וואָס האָבן אין אָנהויבן געפירט אַן אויפקלערונגס־טעטיקייט דורך פאַרשפּרייטן אַנטי־היטלעריסטישע ליטעראַטור. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ גאַנצע רייע שטעט.

אליעזר שמולעוויטש האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָרגאַניזירן דעם אַרבעטער־ראַט. ער איז געווען איינער פון די הויפּט־רעדנער אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

מיטן אָנהויב פון די דעפּאָרטאַציעס פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, סעפּטעמבער 22, 1942, האָט ער פאַרלוירן זיין צאָלרייכע פאַמיליע, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע. ער און זיין ברודער זיסקינד שמולעוויטש זיינען קאָשאַרירט געוואָרן אין האַסאַג־פּעלצערן״. אין די גרויזאַמע טעג פון די אויסזידלונגען און גרויליקע קאָשאַרירונגס־באַדינגונגען אין „האַסאַג״, האָט ער זיך געווידמעט דער אָרגאַניזירונג פון אַ ווידערשטאַנדס־גרופּע. ער האָט זיך באַקענט מיט מאָטעק זילבערבערג, דער שפּעטערדיקער קאָמענדאַנט פון דער פאַראייניקטער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ, און ביידע האָבן פאַרווירקלעכט דעם פּלאַן.

נאָך דריי חדשים קאָשאַרירונג אין „האַסאַג־פּעלצערן״ זיינען אַלע צוריקגעשיקט געוואָרן צו וווינען אין קליינעם געטאָ. דער פונדאַמענט פאַר דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען. אַלץ איז רעאָרגאַניזירט און פאַראייניקט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון מאָטעק זילבערבערג. אליעזר שמולעוויטש איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע אין דער טעכנישער גרופּע, וואָס האָט פּראָדוצירט אויפרייס־שטאָפן און האַנט־גראַנאַטן. צו דער גרופּע האָט אויך געהערט זיין ברודער זיסקינד שמולעוויטש.

יוני 24, 1943, צוויי טעג פאַר דער ליקווידאַציע און אויפשטאַנד פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ, איז געקומען אַ גרופּע זשאַנדאַרן אונטער דער אָנפירונג פון הויפּט יידן־מערדער דעגענהאַרדט און האָט אַרעסטירט אַלע, וואָס האָבן געהייסן שמולעוויטש. אליעזר שמולעוויטש, נישט ריכטנדיק זיך אויף קיין שום זאַך, איז דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן.

די קאָמענדאַנטור פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט גלייך באַשטימט אַ קאַמפּס־גרופּע צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן אליעזר שמולעוויטש. דאָס קליינע געטאָ איז דעמאָלט אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט פאַרשטאַרקטע וואַכן און עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער ענטגילטיקער קאַמף פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע קעגן די נאַצי טיראַנען, אַזוי אַרום איז דער פּלאַן פון באַפרייען אליעזר שמולעוויטשן געוואָרן אומדורכפירבאַר.

אליעזר שמולעוויטש איז דעמאָלט געפאַלן ווי אַ העלד און קעמפער קעגן די נאַצי־טיראַנען.

## ישראל־אביגדור שילדהאַוז

געבוירן אין פּשעדבאָזש אין יאָר 1914. פון די פריסטע קינדער־יאָרן געוווינט און דערצויגן געוואָרן אין אַ שטרענג רעליגיעזן גייסט אין טשענסטאָכאָוו.

צוליב דער שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע פון זיינע עלטערן האָט ער אָנגעהויבן צו 14 יאָר אַרבעטן צו פאַרדינען אויף ברויט, באַשעפטנדיק זיך מיט שטובן־מאַלעריי.

ישראל־אביגדור שמולעוויטש האָט צוערשט געהערט צו „ביתר" און נאָכדעם איז ער אַריינגעטרעטען אין דער פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע, דינענדיק איר טריי ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. ער איז געווען אַ זייער אַקטיווער מיטגליד און דערפאַר איז ער דערוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג און אים איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דאָס אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער איז געווען אַ פאַר־וואַלטונגס־מיטגליד אין מאַלער פאַריין.

ווען די נאַציס זיינען אַריין אין דער שטאָט איז ער געווען אַקטיוו אין דער חלוצישער באַוועגונג און גענומען אַ וויכטיקן אָנטייל אין דער אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער־ראַט. ער איז געווען אַ רעדנער־טאַלאַנט און האָט זיך באַנוצט מיט אַ פּשוטער פאָלקס־שפּראַך, וואָס האָט געווירקט אויף די מאַסן. ער איז טאַקע געווען איינער פון די דריי רעדנער אויף דער גרינדונגס־מאַסן־פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער־ראַט. ער איז געווען אַן עקזעקוטיוו מיטגליד אין אַרבעטער־ראַט און האָט זיך פאַרנומען מיטן סעקרעטאַריאַט פון די קיבוצים. ער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די צוואַנגס־אַרבעטער און גלייכצייטיק איז ער פאַרפאָלגט געוואָרן דורך דער געטאָ־פּאָליציי און איז פיל מאָל אַרעסטירט געוואָרן.

אין קליינעם געטאָ איז ער געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און אַרויסגעוויזן גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און איז געווען אַ מיטגליד אין דער קאָמענדאַנטור.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע און אויפשטאַנד פון קליינעם געטאָ איז ער אין באַוואָפנטן קאַמף געפאַלן.



די מאָסטאָווע גאַס אין קליינעם געטאָ. די פייל ווייזט אָן אויף דעם קאַלעך־גרוב אין וועלכן דער יידן־מערדער לאשינסקי, אַ פאָלקס־דייטש, האָט אַריינגעוואָרפן די קרבנות פון קליינעם געטאָ.

## יאָסל קאַנטאָר

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1917. זייענדיק נאָך אַ שילער, האָט ער געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע „השומר־הצעיר״, ווו ער איז דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון אַ חלוץ און ספּאָרטסמאַן. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין באַנעמונג, אויסערלעכן אויסזען און קליידונג. זיין גרעסטע שטרעבונג איז געווען צו קומען אין ארץ־ישראל, אָבער צוליב אַ צופאַל איז זיין ציל פאַר דער מלחמה נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

ווען די נאַצי־מלחמה איז אויסגעבראָכן, פּרוווט ער, אין ווינטער 1939, אַוועק־צופאָרן אין די סאָוויעטישע געביטן. עס געלינגט אים אָבער נישט. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט מיט הונדערטער אַנדערע, אַריינגעשליידערט אין וואַגאָנען, זאָגנדיק, אַז זיי ווערן אַוועקגעשיקט אויף די סאָוויעטישע געביטן. אין דער ווירקלעכקייט זיינען אַלע צעשלאָגן און אַוועקגעפירט געוואָרן קיין קראָקע. פון דאָרט איז ער צוריק־געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, שטאַרק צעשלאָגן און פאַרביטערט. ער האָט פאָראויס־געזאָגט דעם אָנקומענדן חורבן און אונטערגאַנג. ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ברויזנדיקן אומרו. ער האָט זיך און אַנדערע צוגעגרייט צום טראַגישן און העראָאישן מאָרגן.

אין דער צייט פון גרויסן געטאָ האָט ער זיך געשטעלט אין דינסט פון דער חלוצישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און געפירט אַ סקאָוטיש־דערציערישע טעטיקייט צווישן דער יוגנט.

מיטן אַנטשטיין פון קליינעם געטאָ איז ער געווען איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. זיינע פריינט, וואָס האָבן אים געקענט פון פאַר דער מלחמה און פון גרויסן געטאָ, דערקענען אים נישט. ער איז דערגאַנגען צו דער העכסטער שטופע פון קאַמפס־לוסטיקייט און גרייטקייט מקריב צו זיין דאָס לעבן פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע און אויפשטאַנד פון קליינעם געטאָ איז ער אין העלדישן ווידערשטאַנדס־קאַמף געפאַלן.

## נאַטע סלאָמניצקי

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1914. פון די פריסטע יאָרן האָט ער געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״, זייענדיק דער ראש הקן. שפּעטער איז ער לאַנגע יאָרן געווען דער לעבנס־נערוו און דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון און יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״. ער איז אויך געווען שטענדיקער מיטאַרבעטער און קאָרעספּאָנדענט פון „ייוואָ״ (יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטי-טוט) אין ווילנע.

אין די צייטן פון גרויסן געטאָ איז ער געווען אַקטיוו אין דער געהיימער חלוצישער באַוועגונג, זייענדיק פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „החלוץ״. ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד אין אַרבעטער־ראַט, ווידמענדיק פיל צייט אויף צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן דער שעדלעכער טעטיקייט פון יודענראַט.

נאָך דער ליקווידאַציע פון גרויסן געטאָ, איז ער צוזאַמען מיט זיין יונגן ברודער, יצחק מאיר סלאָמניצקי, וואָס איז אויך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע „פרייהייט", אַריינגעטרעטן אין דעם דורך רבקה גלאַנץ ניי־געשאַפענעם קיבוץ, און איז דערוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג.ביידע ברידער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל ביים אָרגאַניזירן און שאַפן די באַוואָפנטע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע און אויפשטאַנד פון קליינעם געטאָ זיינען ביידע ברידער געפאַלן אין קאַמף.

## יחזקאל קאַנטאָר

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1917. זון פון אינדוסטריעלער לייבל קאַנטאָר, אייגנטימער פון דער סטראַדאָמער מיל און קאָלאָניאַל געשעפט.

נאָכן ענדיקן די אַלגעמיינע שולע האָט ער געלערנט אין דער שלאָסעריי אָפּטיילונג פון דער האַנדווערקער־שולע אויף גאַרנצאַרסקאַ 10־8.

ווען ער איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק האָט ער געעפנט אַ דרוקעריי אויף דער ערשטער אַלעע און נאָכדעם זי איבערגעטראָגן אויף דער וואַרשעווער גאַס.

ער איז געווען טעטיק אין ספּאָרט־קלוב „אסכלה", אויסצייכנדיק זיך אין פוטבאָל און פינג־פּאָנג. ער איז אויך באַקאַנט געווען אַלס גוטער שאַך־שפּילער און געהערט צום שאַכיסטן־קלוב.

יחזקאל קאַנטאָר האָט געהערט, פון די פריסטע יוגנט־יאָרן, צו דער רעוויזיאָ־ניסטישער יוגנט אָרגאַניזאַציע „ביתר" און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אַנט־וויקלטן פּאָליטישן חוש, שטאַרקן אומבויגזאַמען ווילן און כאַראַקטער.

אַלס 12־יאָריק יינגל, ווען עס זיינען פאָרגעקומען אין יאָר 1929 בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל און יידן האָבן אין טשענסטאָכאָוו געזאָגט תהילים, האָט יחזקאל קאַנטאָר דערקלערט, אַז די לייזונג פון די אומרועןקען קומען נאָר דורך אַן אָרגאַניזירטער באַוואָפנטער יוגנט.

אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס הומאָריסט, פאַר־נעמענדיק דאָס ערשטע אָרט פון צוזאַמענשטעלן אַקטועלע פּאָליטישע וויצן.

אין דער צייט פון די דעפּאָרטאַציעס, סעלעקציעס און אויסזידלונגען פון סעפּטעמבער 22, 1942, ביז אָקטאָבער 4, 1942, ווען די מערהייט פון טשענסטאָ־כאָווער יידנטום איז אומגעבראַכט געוואָרן, האָט ער פאַרלוירן זיין גאַנצע משפּחה.

יחזקאל קאַנטאָר האָט געבראַכט צום קאַמף און אין קליינעם געטאָ האָט ער אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנדס־גרופּע. ער האָט געזוכט פאַרבינדונגען מיט דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. ער האָט באַזאָרגט געווער פאַר זיך און פאַר זיין גרופּע. ער האָט געשאַפן דעם קאָנטאַקט מיטן אָפיציר לאַנגעוויטש, פון דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. יחזקאל קאַנטאָר האָט קאָנפערירט מיט אים עטלעכע מאָל, אויף קוצעלינגאַ 61, וועגן אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן, מילי־טערישע אויסבילדונג, באַוואָפענונג און קאַמפּס־מעטאָדן.

נאָכן אַנטשטיין פון דער פאַרייניקטער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע „זשאָב", צו וועלכער עס האָט געהערט די גאַנצע יוגנט, אָן אונטערשייד פון פּאָליטיש־אידעאָלאָגישער איינשטעלונג, האָט ער זיך מיט זיין גרופּע אָנגעשלאָסן אין אירע רייען און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע אירע אַקטיוויטעטן און אַקציעס.

אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע און אויפשטאַנד פון קליינעם געטאָ איז ער געפאַלן אין העלדישן קאַמף.

## אריה מאַנדעלבוים

געבוירן אין יאָר 1916 אין טשענסטאָכאָווו. ער איז זייער יונג געוואָרן אַ יתום און זיך געראַנגלט אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען און דאָך געלינגט אים צו ענדיקן די גימנאַזיע. ער האָט געהערט צו דער חלוצישער אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״, זייענדיק, אַ דאַנק זיין איינגעבוירענער אינטעליגענץ, איינער פון די אַקטיווסטע און אָנגעזעענסטע מיטגלידער. אין יאָר 1935 איז ער אַוועקגעפאָרן אויף „הכשרה״ קיין זדונסקאַ־וואָלאַ און איז דאָרט געווען דער סעקרעטאַר פון קיבוץ.

אין דער צייט פון גרויסן געטאָ איז ער געווען אַן אַקטיווער טוער פון „החלוץ״ און אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיטן „אַרבעטער־ראַט״.

אין קליינעם געטאָ איז ער געווען אַקטיוו אין דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. צוליב אַ צופאַל איז ער געכאַפּט געוואָרן מיט נאָך אַ גרופּע יידן און אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בליזשין, נעבן ראַדאָם. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט צופּאַסן צו דעם מערדערישן רעזשים אין יענעם לאַגער און האָט געשטרעבט צוריקצוקומען צו דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ.

אריה מאַנדעלבוים צוזאַמען מיט אַלטער שילדהויז און בערל רודניצקי זיינען אַנטלאָפן פון בליזשינער לאַגער. די נאַצי־טיראַנען האָבן געמאַכט אַ געיעג פון אַלע זייטן און עס איז זיי געלונגען צו כאַפּן אריה מאַנדעלבוימען און דורך שווערע פּייניקונגען איז ער אומגעבראַכט געוואָרן.

אריה מאַנדעלבוים איז געווען איינער פון די אידעאַלסטע געשטאַלטן, וואָס די חלוצישע יוגנט און די קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין טשענסטאָכאָוו האָט פון זיך אַרויסגעגעבן.

## יאַנעק קראַוזע

געבוירן אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1919. זון פון מאַנופאַקטור־סוחר זיסמאַן קראַוזע. געענדיקט פאָלקס־שולע און נאָכדעם געלערנט אין דער שלאָסעריי־אָפּטיילונג פון דער האַנדווערקער־שולע אויף גאַרנצאַרסקאַ 10־8.

נאָך זייענדיק אַ שילער איז ער אַריינגעטרעטן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני״ און אין ספּאָרט־קלוב „מכבי״, אויסצייכנדיק זיך אין פוטבאָל און באָקסן. די אָרגאַניזאַציע האָט אַנטוויקלט זיין געזעלשאַפטלעכן וויסן און אָריענטאַציע און דער ספּאָרט־קלוב — קאַמפס־גרייטקייט.

יאַנעק קראַוזע איז געווען פון די ערשטע מיטגלידער פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין קליינעם געטאָ. זיין קאַמפס-נאַטור האָט אים נישט געלאָזט וואַרטן אויסצופירן געוויסע אַקציעס. ער רייסט זיך אַרויס פון קליינעם געטאָ און שטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער אויספירנדיק גאָר דרייסטע אַקציעס. זיין ערשטע אַקציע איז געווען אין קאַמיק, ווו ער און נאָך אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער האָבן אַנטוואָפנט אַ דייטשן זשאַנדאַרם־פּאָסטן, צוגענומען דאָס געווער, דריי מונדירן און פאַרניכטעט אַלע דאָקומענטן.

זיין צווייטע אַקציע איז געווען מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, אָנגעטוענע אין דייטשע אוניפאָרמען, וואָס זיי האָבן צוגענומען פון העניגערס כעמישער וועשעריי אין טשענסטאָכאָוו, אַלעע 35. די אַקציע איז געווען אויף דער רעגירונגס־באַנק און האָט דעמאָלט געמאַכט אַ גוואַלטיקן רושם אין גאַנץ פּוילן צוליב איר געוואַגט־קייט, דרייסטקייט און דיסציפּלינירטקייט.

נאָך יעדער דערפאָלגרייכער אַקציע איז יאַנעק קראַוזע געוואָרן קאַמפּס־לוסטיקער, ענערגישער און דרייסטער. ער האָט אַנטוואָפנט אַ װערקשוץ, וואָס האָט געפירט יידישע אַרבעטער צו צוואַנגס־אַרבעט און זיך אויסגעצייכנט אין אַ גאַנצע רייע אַנדערע.

מערץ 18, 1943, האָט ער זיך געגרייט מיט אַ גרופּע פון זיבן קעמפער אַדורכצופירן אַן אַקציע פון אַראָפּלאָזן פון די רעלסן אַ צוג מיט דייטש מיליטער און אַמוניציע. צוליב אַ צופאַל זיינען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַן אָפּטיילונג עס.עס. פאַרן פאַרלאָזן זייער אויסגאַנגס־באַזע. איינעם איז געלונגען צו אַנטלויפן און די איבעריקע זעקס זיינען שרעקלעך געפייניקט געוואָרן און צומאַרגנס, מערץ 19, 1943, דערשאָסן געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם.

נאָך דער באַפרייאונג, דאָס הייסט, נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט, האָט דער יידישער קאָמיטעט אין טשענסטאָכאָוו אויסגעזוכט דאָס אָרט פון די דערשאָסענע זעקס פּאַרטיזאַנער און געשטעלט אַ מצבה.

די אויפשריפטן אויף דער מצבה זיינען אויף יידיש און פּויליש. דער אינ־האַלט איז פאָלגנדער:

דאָ רוען זעקס יונגע קעמפער, געפאַלענע אין קאַמף פאַר פרייהייט אין טאָג פון מערץ 19, 1943.



פלאַמענבאַום מאָניעק, 21 יאָר אַלט
הערשבערג אַלעק, 26 יאָר אַלט
קראַוזע יאַנעק, 23 יאָר אַלט
ריכטער העניעק, 19 יאָר אַלט
ראָזענטאַל יעזשיק, 18 יאָר אַלט
שיין שלאַמעק, 23 יאָר אַלט.

כבוד זייער אָנדענק.

דאָס זיינען עטלעכע געשטאַלטן פון דער יידישער באַוואָפנטער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן זיך מיט זייער בלוט רומפול איינגעשריבן אין דער געשיכטע פון יידישן קאַמף קעגן נאַציזם.

## די ראָלע פון טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין אויפשטאַנד אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע

טרעבלינקע געפינט זיך זיבן קילאָמעטער, אומגעפער פינף מייל, פון מאַלקין. אין 1941 איז טרעבלינקע אַנטשטאַנען אַלס אַן אַרבעטס־לאַגער. עס זיינען אויסגע־האַקט געוואָרן די ביימער פון אַ וואַלד און אויף דעם אָרט האָט זיך אָנגעהויבן: דאָס אויפשטעלן באַראַקן, ווירטשאַפטלעכע איינריכטונגען און דאָס מאָנטירן מאַשינען. קיינעם פון די אַרבעטער איז נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן ציל פון די מאַשינען, קיינער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז די דייטשע טעכניקער האָבן אויסגע־טראַכט אַזאַ טייוולאָנישן פּלאַן פון פאַרגאַזן און פאַרברענען מענטשן.

די ערשטע פּרוּוון צו פאַרגאַזן מענטשן האָבן די נאַציס אַדורכגעפירט אין יאַנואַר־פעברואַר 1942 און עס האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן די מאַסן־אויסזידלונגען פון לובלין, וואַרשע און פון דער גאַנצער אומגעגנט.

די קליידער, שיך און אַלע אַנדערע זאַכן פון די ערשטע פאַרגאַזטע טראַנספּאָרטן זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. די נאַצי מאַכט־האָבער האָבן די צוגן מיט זאַכן צוריקגעשיקט, ווייל זיי זיינען נישט געווען אויסזאָרטירט. דאָס האָט

געצוואונגען די טרעבלינקער מערדער צו פאַרטראַכטן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו באַקומען אַרבעטס־הענט, אַז קיינער זאָל נישט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין טויט־לאַגער. ווי אַזוי זאָלן זיי זיך פאַרשאַפן אַרבעטער, וואָס זאָלן נישט טאָרן פאַרלאָזן קיין לעבעדיקע דעם טויט־לאַגער. זיי האָבן, דעריבער, באַשלאָסן, אַז פון יעדן טראַנספּאָרט וועלן זיי אַ געוויסע צאָל אויסקלויבן צו אַרבעט.

פון די טשענסטאָכאָווער טראַנספּאָרטן זיינען אויך אויסגעקליבן געוואָרן אַ געוויסע צאָל און צווישן זיי זיינען געווען: אהרן געלבאַרד, מענדל פישעלעוויטש, גרשון פּרענטקי, משה לובלינג, אברהם־לייב באמבא, יעקב אייזנער, חיים שטייער, העניעק שפּערלינג, משה ראַפּאָפּאָרט, לאַנגנער, קודליך און אַנדערע.

די צאָל באַשעפטיקטע יידן אין טויט־לאַגער טרעבלינקע האָט דערגרייכט די צאָל פון 1,250 יידן. די אַרבעט איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקע. יעדע גרופּע אַרבעטער האָט געהאַט אַ באַשטימטע פונקציע אויסצופירן און געטראָגן אַ ספּעציעלע אָפּצייכענונג.

די מערהייט פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען געווען גאָלדשמידן, זעלשאַפטלעכע טוער און קענענדיק איינער דעם אַנדערן האָבן זיי זיך גלייך, אויף אַ שטרענג געהיימען אופן, פאַרשטענדיקט וואָס צו טאָן אין די גרויזאַמע באַדינגונגען. דאָס ערשטע האָבן זיי געשאַפן אַ געהיימע גרופּע, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַנאַנדערגעוואַקסן אין אַן אויפשטאַנדס־באַוועגונג.

צו דער ערשטער געהיימער גרופּע האָבן די ערשטע געהערט טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און צווישן זיי אַזעלכע באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוער ווי: גרשון פּרענטקי, משה לובלינג, אהרן געלבאַרד, איין וויעלונער ייד און איין לאָדזשער.

די אויפגאַבן פון דעם קאָמערל, געהיימע גרופּע, זיינען געווען: 1) אויספאָרשן דעם לאַגער פון געאָגראַפישן שטאַנדפּונקט; 2) געפינען וועגן ווי אַזוי צו אַנטלויפן און 3) זוכן פאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט.

דער שטח פון לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן, אָנגעלאָדענע מיט עלעקטרישן שטראָם, אַזוי אַז יעדער אָנריר מיט אַזאַ דראָט איז טויט. די איינציקע מעגלעכקייט פון אַנטלויפן איז געווען אַריינצולייגן זיך אין אַ וואַגאָן און צוגעדעקט ווערן מיט זאַכן און נאָכדעם, ווען דער צוג איז שוין ווייט אַוועק פון לאַגער עפענען די טיר און אַרויסשפּרינגען.

דאָס קאָמערל, געהיימע גרופּע, האָט באַשלאָסן, אַז אהרן געלבאַרד זאָל דער ערשטער אַנטלויפן פון טויט־לאַגער און איבערגעבן דאָס, וואָס עס קומט פאָר. דער פּלאַן איז געלונגען. אהרן געלבאַרד איז אַנטלאָפן, נאָכן אָפּזיין 19 טעג אין טויט־לאַגער, ווו זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין שניידן שטריקלעך צוזאַמענצובינדן די שיך פון די אומגעבראַכטע. ער איז אַנטלאָפן אָקטאָבער 21, 1942, דורכמאַכנדיק אַ וועג פון כסדר׳דיקע געפאַרן. ער איז פיל מאָל טעראָריזירט געוואָרן דורך פּאָלאַקן און דאָך איז ער בשלום, נאָוועמבער 9, 1942, אָנגעקומען אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ.

אהרן געלבאַרד האָט זיך גלייך גענומען צו אַקטיווער טעטיקייט אין דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און דאָס ערשטע איבערגעגעבן די שוידערלעכקייטן פון טרעבלינקע. געלבאַרד איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט טרעבלינקע דורך שיקן בריוו דורך פּוילישע באַן־אַרבעטער. אכט בריוו זיינען דורך געלבאַרדן געשיקט געוואָרן צו משה לובלינג און נאָר דריי ענטפערס זיינען אָנגעקומען צוליב די אומגעהויערע קאָמפּליקאַציעס פון די פאַרבינדונגען.

**די טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען באַקאַנט געוואָרן אַלס אַנטלויפערס פון פאַרשידענע לאַגערן און אויך פון דעם קאָמפּליצירטן טויט־קאָמבאַט טרעבלינקע זיינען אויך אַ גאַנצע רייע אַנטלאָפן.**

**אַ דאַנק דער אומגעהויערער אָרגאַניזאַטאָרישער קראַפט פון די טשענסטאָ־כאָווער לאַנדסלייט: משה לובלינג און גרשון פרענדקי, ווי אויך פון אַ סך אַנדערע איז דער געדאַנק רייף געוואָרן צו אַן אָרגאַניזירטן אויפשטאַנד.**

**גרשון פרענדקי האָט נישט דערלעבט צום אויפשטאַנד. פון דער שווערער אַרבעט איז ער אין טויטן־לאַגער געשטאָרבן.**

**משה לובלינג, חיים שטייער און אַ גאַנצע רייע אַנדערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד. משה לובלינג, דער אומדער־מידלעכער קעמפער און אַרבעטער טוער, איז אין אויפשטאַנד אומגעקומען. חיים שטייער׳ן איז געלונגען אַנצוקומען אין מאַלקינער וואַלד און איז געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן.**

**טעשסטאָכאָווער לאַנדסלייט האָבן אָרגאַניזאַציאָנעל אַ סך בייגעטראָגן צו דער רעאַליזירונג פון אויפשטאַנד אין טויט־לאַגער טרעבלינקע.**

## מאַטעריאַל קוועלן


אָרענשטיין ד״ר בנימין. חורבן טשענסטאָכאָוו. מינכן־באַמבערג 1948.

אָרענשטיין ד״ר בנימין. ליקווידאַציע פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. „אונדזער יאָרצייט״, באַמבערג 1948.

אָרענשטיין ד״ר בנימין. גראַנאַטן פּראָדוקציע אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ. „ווידערשטאַנד״. חודש זשורנאַל, מינכן, נר. 5, מאַי 1948.

אָרענשטיין ד״ר בנימין. דער אומקום און ווידערשטאַנד פון אַ יידישער שטאָט. מאָנטרעאל 1949.

אָרענשטיין ד״ר בנימין. טשענסטאָכאָווער יידן אין דער נאַצי־עפּאָכע. „טשענס־טאָכאָוו, ניו־יאָרק, 1948.

מאַהלער ד״ר רפאל. (רעדאַקטאָר) טשענסטאָכאָווער יידן. ניו־יאָרק 1947.

נוישטאַט מלך. חורבן און אויפשטאַנד פון די יידן אין וואַרשע, צווייטער באַנד, תל־אביב 1948.

ראָזענוויין צבי. די לעצטע זיצונג פון אַרבעטער־ראַט. „אונדזער יאָרצייט״, באַמבערג 1948.

ראָזענצווייג צבי, וועגן אַרבעטער־ראַט אין טשענסטאָכאָוו. „טשענסטאָכאָוו,, 1958.

שוואַרצבאַרד ד״ר י. י. „דהע סטאָרי אָוו דהע וואָרסאָ געטאָ אַפּרייזינג״. ניו־יאָרק 1953.

שפּיזמאַן ל. (רעדאַקטאָר) „פּרויען אין די געטאָס״. ניו־יאָרק 1946.

# ימים נוראים 1943-1944 אין קאָנצענטראַציע-לאַגער „האסאג פעלצערן״ און די לעבנס-געשיכטע פון צוויי טשענסטאָכאָווער יונגע חזנים

ימים נוראים 1943 און 1944 דאָס איז אַ טראַגישע היסטאָרישע דאַטע פון אייראָפּעאישן יידנטום בכלל און פאַר די פאַרשקלאַפטע זעקס טויזנט יידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האסאג פעלצערן״ אין טשענסטאָכאָוו בפרט. אין יענער צייט איז שוין די מערהייט פון אייראָפּעאישן יידנטום חרוב ונחרב געוואָרן פון די נאַצישע בעסטיעס, טויטן קאָמאַנדאָס און פאַרשידנאַרטיקע משחיתים. די אַזוי גערופענע גרויסע געטאָס און אויך די קליינע געטאָס זיינען שוין פון לאַנג געווען ליקווידירט. די דעמאָלט נאָך לעבנדע יידן זיינען געווען פאַרשפּאַרט און פאַרשקלאַפּט ביי שקלאַפישער אַרבעט אין קאָצענטראַציע לאַגערן, אַרומגעצוימטע מיט דראָטן און באַוואַכטע דורך נאַצי טיראַנען. די יידן אין די קאָנצענטראַציע-לאַגערן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט פאַראיינזאַמטע און צעבראָכענע צווייגן פון צעשטערטן יידישן פאָלקס־בוים. דאָס איז געווען אַ צייט ווען אַלע נאַציאָנאַלע טרוימען, האָפענונגען און באַגערן פון אייראָפּעאישן יידנטום זיינען צעשטערט און פאַרניכטעט געוואָרן. דער וואַרשעווער העראָאישער אויפשטאַנד, דער ווילנער, דער ביאַליסטאָקער, טשענסטאָכאָווער און אין אַלע אַנדערע געטאָס זיינען מיט דער גרויזאַמסטער ברוטאַליטעט פון דער נאַצי־מאַכט אין בלוט און פייער דערשטיקט געוואָרן. אַלע ליכטיקע שטראַלן אין יידישן לעבן זיינען פאַרלאָשן געוואָרן.

דאָס לעבן פון די יידן אין אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן בכלל איז געווען באַגלייט מיט שרעקלעכע רדיפות, פאַרפאָלגונגען, בייזוויליקע רעפּרעסיעס און ווילדן טעראָר. יעדע קלייניקייט איז באַטראַכט געוואָרן פאַר סאַבאָטאַזש און באַשטראָפט געוואָרן מיט דערשיסן. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן צוויי יונגע חזנים: ישראל־יוסף קוטנער און אפרים־נחמיה טראָמבקאָווסקי אָרגאַניזירט צוויי בתי תפילות, אַז יידן זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו דאַוונען. די בתי־תפילות זיינען געווען: 1) אין באַראַק נר. 7 אויפן לאַגער געביט און 2) אין דער האַלע, ווו עס איז געשיילט געוואָרן קאַרטאָפל אויפן געביט פון דער „האסאג״ פאַבריק. אין באַראַק נר. 7 איז חזן געווען ישראל־יוסף קוטנער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ מחיהדיקער עברי זאָגן און אפרים־נחמיה טראָמבקאָווסקי מיט אַ גאָט־געבענטשטער לירישער טענאָר שטימע. די תפילות האָבן דורך זייערע מיילער אַ לעבעדיקן תיקון באַקומען. דער „בראש השנה יכתבון וביום צום כיפור יחתמון״ איז דורך די מתפּללים אויפגענומען געוואָרן מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. די מתפּללים האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אויסגעדאַרטע, איינגעצערטע גופים, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעשטאַרצט אויגן ווי לעצטע פונקען פון אויסלעשנדע זיך ליכט. דאָס דאַווענען איז געווען אַן אַקט פון מסירת נפש און רעליגיעזן העראָאיזם. סיי די חזנים און סיי די מתפּללים האָבן פאַרלאָזט זייערע אַרבעטס־פּלעצער און אַוועק אָן דעם וויסן פון די נאַצישע דייטשע מייסטערס. דאָס האָבן די נאַציס געקענט אויסנוצן אַז יידן מאַכן סאַבאָטאַזש, דערביי פאַראורזאַכן פילצאָליקע קרבנות. דער צופאַל איז געווען אַ מערקווירדיקער, אַז אין די טעג פון די ימים נוראים 1943 און 1944 זיינען קיין קרבנות נישט געווען. ביים דאַווענען איז געווען אַ שרעקלעכע ענגשאַפט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די נשמות פון די אומגעקומענע פילן אויס דעם חלל און די תפילות רייסן זיך צו די הויכקייטן און שטורעמען דעם הימל, דערגרייכנדיק דעם כסא הכבוד. אַלע מתפּללים האָבן געזאָגט קדיש, ווייל אַלע זיינען געווען פאַריתומט און עס איז נישט געווען

קיין איינער, וואָס זאָל נישט האָבן פאַרלוירן אין די נאַצישע שחיטות זיינע נאָענטסטע און טייערסטע.

ווער זיינען דאָס געווען די צוויי מערקווירדיקע און אייגנאַרטיקע חזנים, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַזויפיל מוט, ענערגיע, מסירת נפש און באמת רעליגיעזן העראָאיזם, איינצואָרדענען צוויי בתי תפילות אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַסאַג פעלצערן"?

## 1. ישראל יוסף קוטנער

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פערזענלעכקייטן און רעפּרעזענטאַנטן פון רעליגיעזן יידנטום אין טשענסטאָכאָוו אונטער דער ברוטאַלער נאַצישער מאַכט, איז אָן שום צווייפל ישראל יוסף קוטנער. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1916. אין דער מינוט פון זיין קומען אויף דער וועלט איז ער געוואָרן אַ יתום. זיין מוטער איז געשטאָרבן ביים געבורט.

פון דער ערשטער מינוט פון זיין געבוירן איז ער געווען די פאַרקערפּערונג פון ליידן, אומעט, טרויער און גלייכצייטיק, צו אַלעמענס באַוואונדערונג, אַ שאַרפזיניקער געדאַנק, וואָס האָט דערגרייכט צו די קולמינאַציע־פּונקטן פון מענטשלעכער גאונות. צו פיר יאָר האָט ער פליסיק געלייענט עברי און אָנגעהויבן לערנען חומש. ווען קינדער אין זיין עלטער האָבן זיך געשפּילט, געצערטלט געוואָרן פון זייערע מאַמעס, האָט ער פאַרווענדט די גאַנצע צייט צום לערנען. צו ניין יאָר האָט ער געלערנט אין דער באַרימטער ראַדאָשיצער ישיבה אין לאָדזש. דער ראַדאָשיצער רב האָט באַוואונדערט דעם געניאַלן תלמיד און צוליב דעם האָט ער אים גענומען צו זיך קיין ראַדאָשיץ און האָט מיט אים געלערנט ביחידות. צו צוועלף יאָר האָט ער באַקומען היתר הוראה, דערביי געלערנט יומם ולילה סימבאָליזירנדיק מיט זיך די געשטאַלט פון חיים נחמן ביאַליק'ס „המתמיד", וועלכער האָט געשלאָסן אַן אייביקן בונד מיטן בית־המדרש און גמרא. צו זיבעצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון קאַמינקער שוחט און ער האָט זיך ביים שווער אויסגעלערנט שחיטה. אין דער צייט פון די מאַסן־שחיטות און דעפּאָרטאַציעס, איז זיין פרוי און דריי געראָטענע קינדערלעך אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע. זיין האַרץ האָט געווייטיקט און געבלוטיקט אויף דעם אַלגעמיינעם אומגליק פון יידישן פאָלק און אויך אויף זיין פערזענלעכער טראַגעדיע. דאָס האָט מען געקענט אָפּלייענען פון זיין בליקן, פאַרטראַכטן געזיכט. אין דער צייט פון קליינעם געטאָ אַרבעט ער אין די געטאָ־וואַרשטאַטן און אויף אַזאַ אופן מיידט ער אויס צו אַרבעטן אין שבת. ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט אַ גרופּע רעליגיעזע יידן אויף דער נאַדזשעטשנע גאַס און דאָרט האָט ער אָרגאַניזירט אַ מנין. יעדן טאָג האָט דער מנין געדאַוונט בציבור און געלערנט אַ דף יומי.

דעם ערשטן מאַי, 1943, איז דאָס קליינע געטאָ שטאַרקער באַוואַכט געוואָרן ווי אַלעמאָל און קיינער איז נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן צו דער אַרבעט. יעדער איינער האָט געפילט, אַז עס איז געקומען די ענדע. יעדע מינוט קענען אָנקומען די מחבלישע עס־עס און אַלעמען דעפּאָרטירן צו די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געווען אין אַלאַרם־צושטאַנד, גרייט אויפצונעמען דעם ענדגילטיקן קאַמף. יעדער איינער, וואָס האָט נאָר געקענט האָט געגראָבן באַהעלטעניש, געבויט בונקערס און געזוכט וועגן און מיטלען ווי אַזוי זיך צו באַשיצן. הרב ישראל יוסף קוטנער איז אין דער אומרואיקער צייט געזעסן ביי אַן אָפענער גמרא און געלערנט. ווען מען האָט אים געפרעגט: צי זעסטו נישט, וואָס עס קומט פאָר? וואָס טראַכטסטו צו טון? זיין ענטפער איז געווען א געלאַסענער און רואיקער: „אויב אַזוי איז דער ווילן פון בורא עולם, וועל איך מיך נישט אַנטקעגנשטעלן, איך

בין נישט בעסער און נישט ערגער פון מיינע פאָלקס־ברידער, פאָלקס־שוועסטער און מיין משפחה. אויב דער גורל איז אַזוי, אַז איך זאָל אַוועקגעבן מיין לעבן, בין איך גרייט״.

הרב ישראל יוסף קוטנער׳ס מוטיק פאַרהאַלטן זיך, איז נישט געווען בלויז רעליגיעזער העראָאיזם, נאָר אויך קידוש השם. עס דאַרפט גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז דער צושטאַנד האָט נישט אָנגעהאַלטן קיין מינוטן אָדער עטלעכע שעה, נאָר עס האָט געדויערט גאַנצע דריי מעת־לעת. אין די דריי מעת־לעת איז יעדע מינוט געווען ווי אַ יאָר. וואָס איז אייגנטלעך דעמאָלט געשען אין די דריי טעג? דעם ערשטן, צווייטן און דריטן מאַי 1943. די עס־עס האָט געוואָלט אומברענגען די זעקס טויזנט יידן פון קליינעם געטאָ און דערקלערן טשענסטאָכאָוו „יודען־ריין״. די דירעקציע פון דעם אַמוניציע־קאָנצערן „האַסאַג״, וואָס האָט געהאַט זיינע אָפּטיילונגען אין אַלע דורך די נאַציס אָקופּירטע לענדער, האָט זיך געניטיקט אין אַרבעטס־הענט און דעריבער האָבן זיי נישט געוואָלט דערלאָזן אומצוברענגען די יידן פון וועלכע זיי האָבן געקענט האָבן אומזיסטע אַרבעטס־קראַפט. דער שטרייט איז אַריבער די גרענעצן פון דער שטאָט טשענסטאָכאָוו און איז אַריבער צו די באַפעלס־שטעלע אין ראַדאָם און מעגלעך אויך צו די העכערע אינסטאַנצן. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די דירעקציע פון „האַסאַג״ האָט דערווייל געוווּנען און דעם פערטן מאַי זיינען די יידן ווידער געשיקט געוואָרן צו דער אַרבעט. דאָס איז געווען אַ גאָר זעלטענע דערשיינונג, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די דעמאָלטדיקע באַדינגונגען, וואָס זיינען אויף אַ ריכטיקן אופן אָפּגעשאַצט געוואָרן דורך גרשון פאָגעל, אַז די נאַציס איז געגאַנגען אין אַן אַלגעמיינער ביאָלאָגישער פאַרניכטונג פון מין ייד. אַפילו די גרויסע פּראָדוקטיוויטעט פון בחינם׳דיקער יידישער שקלאַפן־אַרבעט אין די געטאָס און אין די לאַגערן, וועלכע האָבן באַרייכערט דייטשע אונטערנעמונגען, איז נאָר געווען אַ נעבן־זאַך. (זע: „געטאָ ליצמאַנשטאַט״, „קענעדער אדלער״, סעפּטעמבער 7, 1962). פאַר די יידן פון קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ האָט דערווייל אויפגעשיינט אַ שטראַל פון האָפענונג פון צייטווייליקן לעבן אויפן חשבון פון שווערער פּראַצע און האָרעוואַניע. לאַנג האָט שוין סיי ווי סיי דאָס קליינע געטאָ נישט עקזיסטירט און ענדע יוני 1943 איז דאָס קליינע געטאָ ליקווידירט געוואָרן, דערביי איז פאָרגעקומען אַ העראָאישער ווידערשטאַנדס־קאַמף פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז הרב ישראל יוסף קוטנער געווען ווי אַלע קאָשאַרירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַסאַג פּעלצערן״. דאָרטן איז ער געווען דער פילאר פון רעליגיעזן לעבן. אין באַראַק נר. 7 האָט ער איינגעאָרדנט אַ מנין, ווו מען האָט געדאַוונט בציבור אינדערפרי און אין אָוונט און אויך געלערנט אַ דף יומי. עס קלינגט ווי אַ פאַנטאַזיע, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז אונטער די שפּיזיקע אויגן פון די נאַציישע באַוואַכער, איז הרב ישראל יוסף קוטנער געלונגען אַריינצושמוגלען אין לאַגער אַלע נויטווענדיקע תשמישי קודש ווי: טליתים, תפילין, אַ ספר־תורה, אַ מגילה, א שופר, סידורים, מחזורים און אַפילו גמרות. דעם פאַקט קענען באַשטעטיקן די טויזנטער יידן, וואָס זיינען געווען אין לאַגער און אין די ערשטער רייע די וואָס זיינען געווען נאָענט אין זיין קרייז און נעמלעך: הרב אלעווסקי, וואָס געפינט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן, הרב בנימין באָזשיקאָווסקי, ראש־ישיבה „מאור הגולה״ אין מאָנטרעאל, קאַנאַדע, ר׳ נח עדעליסט אין ישראל און אַ גאַנצע רייע אַנדערע. ווען יעקב פאַט איז, נאָך דער צווייטער וועלט־שחיטה, נאָכן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט, געווען אין טשענסטאָכאָוו, האָט ער באַקומען אַלס

מתנה דעם שופר, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די נאַצישע פאַרברעכע־רישע הענט.

יאַנואַר 15, 1945, איז הרב ישראל יוסף קוטנער עוואַקואירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגער „האַסאַג פּעלצערן" קיין דייטשלאַנד, אַדורכ־מאַכנדיק דעם ליידנס־וועג ווי אַלע אַנדערע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן: בוכענ־וואַלד, „דאָרא" און בערגען בעלזען. אַפּריל 15, 1945 האָבן די ענגלענדער באַפרייט דעם לאַגער און צו אַלעמענס פאַרוואונדערונג האָט ער אויפן דריטן טאָג שוין געהאַט אַ פּאָר תפילין. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, איז דאָס באמת נישט געווען צו פאַרשטיין. פון לאַגער האָט מען נאָך קיינעמען נישט אַרויסגעלאָזט. טאָ ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? דערצו האָט ער נאָך פאַרזיכערט, אַז זיי זיינען אַ פּאָר כשרע תפילין. דאָס פּראָבלעם איז פולשטענדיק אויפגעקלערט געוואָרן דרייצן יאָר שפּעטער. אין יאָר 1958 איז דערשינען אַ בוך פון ראַביי לעסלי ה. האַרדמאַן אונטערן טיטל: „דהי סורווייוואָרס" (לאָנדאָן 1958). ראַביי לעסלי ה. הארדמאַן איז געווען דער ערשטער יידישער טשאַפּליין, וואָס איז אָנגעקומען מיט דער ענגלישער אַרמיי קיין בערגען־בעלזען. אין זיין בוך אין קאַפּיטל 10 אונטערן טיטל: „דער סימבאָל און דער צייכן", אויף זייטן 79—83, באַשרייבט ראַביי הארדמאַן אויספירלעך די געשיכטע, אַז ער האָט איבערגעגעבן אַ פּאָר תפילין צו איינעם אַ גאָר רעליגיעזן יונגנמאַן, וועלכער האָט אין דער זעלבער מינוט זיי אָנגעטאָן און געזאָגט די ברכות בקול רם מיט אַ טיפער רעליגיעזער עקזאַלטאַציע און געדאַוונט דאָס גאַנצע דאַווענען פון אויסנווייניק. גראָד דאָס קאַפּיטל און דער עפּיזאָד איז זייער רירנד באַשריבן, ווייל די געשיכטע איז נישט געווען אַזוי איינפאַך. ראַביי לעסלי ה. הארדמאַן איז פּשוט איבערראַשט געוואָרן פון אַזאַ התלהבות׳דיק דאַווענען, האָט ער שוין נישט געקענט אָנטזאָגן הרב קוטנערס בקשה צו דאַווענען יעדן טאָג אין די תפילין און לסוף אַנטקעגנגעקומען זיין בקשה און אים געגעבן די תפילין אַלס אַ מתנה.

ווי נאָר עס איז געווען מעגלעך אַרויסצוגיין פון לאַגער האָט הרב קוטנער צוזאַמען מיט זיין חבר און פריינד הרב אלעווסקי אָרגאַניזירט דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן אין צעללע נעבן האַנאָווער. זיי האָבן איבערגענומען די אַמאָליקע סינאַגאָגע און געגרינדעט אַ יידישע קהילה. הרב אלעווסקי איז געוואָרן הויפּט רב אין דער ענגלישער זאָנע אין דייטשלאַנד און הרב קוטנער חזן און שוחט. הרב קוטנער האָט נישט גערוט. ער האָט אָרגאַניזירט די כשרע שחיטה אין דער גאַנצער ענגלישער זאָנע. ער איז אַרומגעפאָרן איבער אַלע ניי־אַנטשטאַנענע יידישע ישובים ווי: האַנאָווער, בערגען־בעלזען, לינעבורג, קאַיניץ, האַמבורג און אומעטום ווו עס האָבן געוווינט יידן, בכדי אַלעמען צו באַזאָרגן מיט כשר פלייש.

14 טעג אין חודש תש״ו (1946) האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע בראַניא אַבראַמאָוויטש און 10 טעג שפּעטער, פאָרנדיק מיט זיין אויטאָ קיין האַמבורג צו דערפילן זיין אויפגאַבע אַלס שוחט, איז געשען אַ קאַטאַסטראָפע. דער אויטאָ איז אַרויף אויף אַ בוים און הרב קוטנער איז אין דער קאַטאַסטראָפע אומגעקומען. ער איז צוריקגעבראַכט געוואָרן קיין צעללע און אין דער זעלבער סינאַגאָגע, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט און געווען חזן, איז ער מספּיד געוואָרן דורך זיין חבר און פריינד הרב אלעווסקי. צו 30 יאָר איז הרב קוטנער אַוועק פון דער וועלט און איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויף דעם יידישן בית־עולם פון דער אַמאָליקער „קולטוס געמיינדע" אין צעללע. יהי נפשו וזכרונו נצח.

## 2. אפרים-נחמיה טראַמבקאָווסקי

צו די מאָדערנע געשטאַלטן און רעפּרעזענטאַנטן פון טשענסטאָכאָווער רעליגיעזן

יידנטום, געהערט אפרים־נחמיה טראַמבקאַווסקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יולי 4, 1921 און שטאַמט פון אַ חשובער פאַמיליע. זיין זיידע איז געווען דער קלאָבוצקער מורה־הוראה און שוחט.

ווען די נאַציס זיינען באַפאַלן פּוילן און דערמיט איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־שחיטה, איז אפרים־נחמיה טראַמבקאַווסקי אַלט געווען 18 יאָר. ער איז נאָך דעמאָלט געווען צו יונג בכדי צו זיין ביי אַלעמען באַקאַנט. ער איז דערשינען אויפן האָריזאָנט אַלס חזן אין דעם טרויעריק באַקאַנטן קאָנצענטראַציע לאַגער „האַסאַג פעלצערן״. ווען אַלע זיינען געווען פאַרביטערט, פיזיש צעבראָכן, זיך געראַנגלט אין פּיין און יסורים, איז דערשינען אפרים־נחמיה טראַמבקאַווסקי און האָט געזונגען פאַר זיינע פאָלקס־ברידער און שוועסטער:

„עס וועט קומען נאָך אַמאָל,
פריי וועט זיין ישראל״.

אין דער אַלגעמיינער אַפּאַטיע און דערשלאָגנקייט ביי די זעקס טויזנט יידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָט ער אַריינגעבראַכט אַ שטראַל פון האָפענונג און בטחון דורך זינגען די לידער: „דאָס גלות ליד״, „דאָס פישעלע״, „יידישע מאַמע״, „דודעלע״ און „טשענסטאָכאָווער מאַמעלע״. ער האָט זיך פאַרשאַפט אַ טלית, אַ קאַפּעלע און מחזור און איז געוואָרן דער פאַקטישער חזן. ווי אַזוי ער האָט זיך די זאַכן פאַרשאַפט, איז באמת נישט צו פאַרשטיין. עס איז נאָר דאָ איין וואַרשיינ־לעכקייט, אַז הרב ישראל־יוסף קוטנער ז״ל האָט אים די זאַכן געגעבן ווען ער האָט אַלע תשמישי קודש אַריינגעשמוגלט אין לאַגער. עס איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, אַז אין „האַסאַג פעלצערן״ איז פאָרגעקומען אַן איינציקע חתונה און אפרים־נחמיה טראַמבקאַווסקי איז געווען דער מסדר קידושין. דאָס איז געווען אַ מערק־ווירדיקע געשעעניש אין לאַגער, וואָס האָט אויך געמוזט זיין אין געהיים.

דער גליקלעכער צופאַל איז געווען, אַז אפרים נחמיה טראַמבקאַווסקי איז נישט עוואַקואירט געוואָרן און איז באַפרייט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו יאַנואַר 17, 1945. ער האָט זיך נישט געקענט אויפהאַלטן אין זיין היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו, ווו זיין גאַנצע משפחה, קרובים, פריינט, פאָלקס־ברידער און פאָלקס־שוועסטער זיינען דורך די נאַצישע רוצחים אומגעבראַכט געוואָרן. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש, ווו דער ראַבינאַט האָט אים באַשטימט אַלס דער אָפיציעלער חזן און שוחט. אָנהויב 1946 איז ער אַוועק פון לאָדזש און איז אָנגעקומען קיין שוואַנדאָרף, אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, זייענדיק דאָרטן חזן. היות ווי שוואַנדאָרף איז געווען אַ גאָר קליינע צאָל יידן, איז ער גלייך אַנגאַזשירט געוואָרן קיין באַמבערג אַלס שטאָט חזן, ווו עס איז שוין געווען אַן אָנגעזאַמעלטער קיבוץ יידן פון דער שארית הפליטה. ער האָט זייער פיל מיטגעווירקט אויפן רעליגיעזן געביט. די סינאַגאָגע איז געוואָרן דער טרעף־פונקט פון אַלע יידן, בשעת די תפילות איז זי געווען איבערגעפאַקט. עס זיינען געווען אַ סך סיבות, וואָס האָבן דאָס גורם געווען. ערשטנס, האָבן אַלע געזאָגט קדיש. צווייטנס, האָט זיך דער רעליגיעזער געדאַנק זייער שטאַרק אַנטוויקלט, ווייל נאָך יאָרן פון רעליגיעזער פאַרפאָלגונג האָבן די יידן פשוט געפילט אַן אינער־לעכן תענוג פון דאַווענען אָן שרעק און אָן פחד אין דער שיינער סינאַגאָגע, מיט אַן עמוד, אַ בימה, ארון קודש און ספר־תורות. דריטנס, דאָס דאַווענען פון חזן אפרים־נחמיה טראַמבקאַווסקי איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן. דער טשאַפּליין פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי האָט אים געהערט איינמאָל דאַווענען, איז ער זייט דעמאָלט

געקומען מיט זיינע יידישע זעלנער יעדן שבת און אין זיינע דרשות האָט ער ביי יעדעס מאָל אונטערשטראָכן, אַז סיי ער און סיי זיינע זעלנער האָבן דעם גרעסטן תענוג פון הערן אַזאַ גאָט־געבענטשטן חזן, וואָס פאַראייניקט אין זיך טיפע רעליגיע־זיטעט, טראַדיציע און נגינה. דער טשאַפּלעין, הרב שפּיראָ, האָט טאַקע געמאַכט אַלע באַמיאונגען אַליך צו באַזאָרגן, וואָס עס איז נויטיק געווען פאַר דער סינאַגאָגע.

יאַנואַר 30, 1946, האָט חזן נחמיה־אפרים טראַמבקאַווסקי חתונה געהאַט מיט דער ראַדאָמסקערין מיס פעלאַ בלאַגער און געפירט אַ רואיק און געמיטלעך לעבן.

אָן אינערלעכע טרייב־קראַפט האָט אים, דעם חזן טראַמבקאַווסקי, געטריבן צו פאַרפולקאָמען זיך אין שטימע בילדונג. ער האָט פלייסיק שטודירט שטימע בילדונג און געמאַכט כסדר'דיקע פאָרשריטן. די אַלע, וואָס האָבן אים געקענט האָבן פאַר אים פאָראויסגעזען אַ גרויסע און רומפולע צוקונפט אין דער וועלט פון חזנות און נגינה. אַלע יידישע שמחות האָט ער באַשיינט. ער איז געווען דער מסדר קידושין פון אַלע פאָרלעך, וואָס האָבן חתונה געהאַט אין באַמבערג. זיין אויסערלעכער אויסזען איז געווען אַ רעפּרעזענטאַטיווער און האָט צו זיך אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ.

ער איז אויך שטאַרק באַקאַנט געוואָרן מיט זיינע „מלא'ס" אויף די פּילצאַליקע הזכרה־אַקאַדעמיעס אויף וועלכע ער איז אויפגעטרעטן. אָקטאָבער 20, 1946, איז ער אויפגעטרעטן אויף דער צענטראַלער אַקאַדעמיע פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדס־לייט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, אין לאַנדסבערג. ער איז דעמאָלט דערשינען מיט זיין גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ, מיט זיין רעפּרעזענטאַטיוון אויסזען און וווּנדערבאַרער לירישער טענאָר־שטימע, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן באַוווּנדערונג און טרערן.

אין ענדע פון חודש יולי, 1947, האָט ער אויף אייביק פאַרמאַכט זיינע אויגן אין בליענדן עלטער פון 26 יאָר. צוויי חדשים נאָך זיין טויט, אָקטאָבער 24, 1947, האָט זיין פרוי געבוירן אַ זון, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון יונג פאַרשטאָרבענעם פאָטער אפרים־נחמיה טראַמבקאַווסקי.

דאָס איז די לעבנס־געשיכטע פון צוויי יונגע חזנים, וואָס האָבן מיט מסירת נפש, רעליגיעזן העראאיזם און קידוש השם, אָרגאַניזירט בתי תפילות אין די ימים נוראים 1943 און 1944 אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „האסאג פּעלצערן" אין טשענ־סטאָכאָוו.

דאָס איז די לעבנס געשיכטע פון צוויי קאָלירפולע פּערזענלעכקייטן, צוויי יונגע חזנים און רעליגיעזע מאַרטירער, וואָס זיינען אַזוי פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט. יהי שמם וזכרונם נצח.

# אַ קאַפּיטל פון מיינע איבערלעבונגען אין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַצי-צייט

„האַסאַג פּעלצערן״ איז געווען טרויעריק באַרימט אַלס דאָס ערגסטע קאָנ־צענטראַציע־לאַגער אין טשענסטאָכאָוו. ווער עס האָט נאָר געקענט זיך אַרויסדרייען פון געשיקט צו ווערן אין „האַסאַג־פּעלצערן״, האָט אָגעווענדעט אַלע מיטלען נישט אַריינצופאַלן אין דעם גיהנום. מיין גורל איז געווען, אַז איך האָב נאָך געדאַרפט זוכן פּראָטעקציע געשיקט צו ווערן אין דעם אינדזל פון פּיין, רדיפות און נגישות, דערביי דעם ערשטן טאָג האָבן אַן איבערלעבעניש, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון.

פאַרוואָס האָב איך געדאַרפט זוכן פּראָטעקציע געשיקט צו ווערן אין „האַסאַג־פּעלצערן״? די געשיכטע איז פאָלגנדע: איך בין געווען אַ „שטענדיקער״ אַרבעטער אין „האַסאַג־ראַקווו״ אין דער אייזן־הוטע, וואָס האָט אין די „גוטע צייטן״ נאָך פון פאַר דער מלחמה געהערט צו אַן אַקציען־געזעלשאַפט, צו וועלכער עס האָט געהערט דער נאָוואָ־ראַדאָמסקער רבי ז״ל. נישט געקוקט אויף דעם גרויסן רבנישן יחוס פון דער הוטע, דאָך זענען די יידישע צוואַנגס־אַרבעטער אין דער נאַצי־צייט גאָרנישט יחוסדיק באַהאַנדלט געוואָרן. דאָס מאַרשירן אַזאַ וועג פון קליינעם געטאָ ביז צו דער הוטע אין ראַקווו, באַוואַכט אונטער באַגנעטן פון דעגענערירטע ווערקשוצן, וואָס זיינען באַשטאַנען פון אָפּקלייב פון דער נאַצי־מאַכט, דאָס הייסט פון אַזוי גערופענע „פאָלקס דייטשן״, פאַרברעכערישע עלעמענטן פון לעטן, ווייס־רוסן, אוקראַינער און אַנדערע, וואָס האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט צו שלאָגן און אַפילו שיסן די שוצלאָזע יידן, האָט גאָרנישט געהערט צו די אָנגענעמע איבער־לעבונגען. בלויז דער וועג צו דער הוטע און צוריק האָט פּשוט דערשעפּט פיזיש די צוואַנגס־אַרבעטער. איצט די אַרבעט אין דער הוטע? מיין אַרבעט אין דער הוטע איז באַשטאַנען אין איינלאָדן און אויסלאָדן וואַגאָנען. נישט קענענדיק דאָס פיזיש איבערטראָגן האָב איך באַשלאָסן, אַז מער וועל איך נישט גיין אין „האַסאַג־ראַקווו״.

וואָס טוט מען, אַז דאָס בלייבן אין געטאָ איז אויך אַ גרויס געפאַר? האָב איך מיר אויסגעזוכט אַ „פּלאַץ״ ביי גאַלסטער׳ן, אַ פּלימעניק פון מאָריס גאַלסטער. דער „פּלאַץ״ איז באַשטאַנען פון אַ קעלערל אויף דער נאַדזשעטשנאַ גאַס. דאָס קעלערל איז אייגנטלעך קיין קעלערל אויך נישט געווען. עס האָט אויסגעזען ווי אַ „קברל״. אַמאָל פאַר דער מלחמה האָט עס פאַר דער באַלעבאָסטע פון דעם הויז געדינט פאַר אַ פּלאַץ צו האַלטן אַ ביסל האָלץ מיט קוילן און גרינצייג. צו דער באַשטימטער צייט, אַ מאָנטיק אינדערפרי, בין איך געקומען צו דעם „פּלאַץ״, דעם מישטיינס געזאָגטן און אזוי גערופענעם „בונקער״. איך בין קוים אַריין אין דעם פינצטערן „קברל״ און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט. גאַלסטער האָט דאָס „קברל״ פאַרשטעלט מיט דער הילצערנער קלאַפּע און פאַרשטעלט די קלאַפּע מיטן בעט און דערצו נאָך צוגעשטעלט אַ קיך שענקל. נישט געקוקט דערויף איז דאָס זיין אין „בונקערל״ געווען פאַרבונדן מיט אויסערלעכע און אינערלעכע געפאַרן בין איך דאָרט געווען אַ וואָך צייט, וואָס יעדע מינוט האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר די אויסערלעכע געפאַר איז באַשטאַנען איז דעם, אַז קוים ווערט דאָס „קברל״ אַנטדעקט בין איך אַ פאַרטיקער. פאַר דעם האָט געדראָט טויט. די אינערלעכע געפאַר איז געווען די אוממעגלעכקייט אויסצוהאַלטן אין אַזאַ „בונקערל״, אין אַ שטענדיקער פינצטערניש, אָן אַ ביסל לופט, אָן אַ ליכט שיין.

אין דער צייט איז געשען אַן אומגליק. די צוויי הויפּט יידן־מערדער, דעגענהאַרדט און צאפּארט, זיינען אַריין אין קליינעם געטאָ און געכאַפּט אַ יונגן בחור, וואָס האָט ווייזט אויס, אויך געוואָלט זיין אַזוי ווי איך, אויכמיידן די צוואַנגס־אַרבעט, אים אַרויסגעפירט אויפן „רינעטשעק" און גלייך דערשאָסן. דער טראַגישער פאָרפאַל האָט מיך באַווירקט, אַז איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס קבר'ל און צוריקגיין צו דער אַרבעט. אין אָוונט בין איך אַוועק צום פאָראַרבעטער פון „האַסאַג־ראַקווו" און אים דערקלערט, אַז איך וויל צוריקגיין צו דער אַרבעט. דער ענטפער פון פאָראַרבעטער איז געווען אַ נעגאַטיווער. נישט מעגלעך, אויסגעשלאָסן, די ליסטע איז אָפּגעשלאָסן און מען קען גאָרנישט מאַכן. איך הויב אָן מיט אים צו ריידן אפשר איז דאָך מעגלעך, אפשר איז דאָ עפּעס אַן עצה?

דער פאָראַרבעטער פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע און דערקלערט: וויטאַמינען קענען העלפן, אָבער נישט איינפאַכע, נאָר וויטאַמינע „פ". (וויטאַמינען אין געטאָ לשון האָט געהייסן שוחד, איבערקויפן מיט געלט, אָדער אַנדערע ווערטפולע זאַכן. וויטאַמינען „פ" איז געווען אַ העכערע פאָרם פון זוכן פּראָטעקציע צו דעם, וואָס מען האָט באַדאַרפט איבערקויפן און אַזעלכע פאַלן האָבן שוין געמוזט זיין דיימאָנדס אָדער קעגנשטאַנדן פון גאָלד). נאָכדעם ווי איך האָב דעם פאָראַרבעטער דערקלערט, אַז איך באַזיץ גאָרנישט, איז מיין גאַנץ ריידן געווען אומזיסט, אָן שום באַדייטונג און אָן דערפאָלג.

איך בין שנעל אַוועק פון דעם פאָראַרבעטער און באמת באַדויערט, וואָס איך בין געגאַנגען צו אים. איין שטראַל פון האָפענונג איז מיר פאַרבליבן און דאָס איז געווען צו ריידן מיט בערנאַרד קורלאַנד און איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַז ער וועט דעם ענין גלייך דערליידיקן. פונוואַנען האָב איך דאָס געהאַט די זיכערקייט? איך האָב קיינמאָל פאַר דער מלחמה בערנאַרד קורלאַנדן נישט געקענט. ער איז נישט געווען מיין פאַמיליע אָנגעהעריקער, נישט געווען מיין באַקאַנטער און נישט קיין חבר. ער האָט מיך כמעט ווי נישט געקענט. דער „כמעט" ווי נישט געקענט, האָט זיך אויסגעדריקט אין פאָלגנדן עפּיזאָד: יעדער איינער פון קליינעם געטאָ איז גייענדיק צו דער אַרבעט האָט ער באַקומען אַ צעטל אויף מיטאָג, דאָס הייסט אויף אַ זופּ. איך בין דאָך געווען אין „בונקערל" און נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָב איך דאָך נישט געקענט באַקומען אַ קוויטל אויף אַ זופּ, אָבער הונגעריק בין איך דווקא יאָ געווען, טאָ וואָס האָב איך געטאָן? איך בין אַוועק צום אַרבעטס־איינזאַץ, צו בערנאַרד קורלאַנד, פּרובירן מזל אפשר וועט מיר געלונגען צו באַקומען אַ קוויטל אויף אַ זופּ. צו מיין איבערראַשונג, ווי איך בין נאָר אַריינגעקומען אין אַרבעטס־איינזאַץ און איידער איך האָב נאָך פּרובירט אַרויסריידן אַ וואָרט, האָט מיר בערנאַרד קורלאַנד אַ פרעג געטאָן: „אַ קוויטל אויף מיטאָג?" און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט ער מיר גלייך דערלאַנגט אַ קוויטל. אַזוי איז דאָס געווען יעדן טאָג. דורך דער צייט, וואָס איך פלעג קומען נאָך די קוויטלעך, האָב איך מיך איבערצייגט, אַז איך בין נישט קיין יחיד, אַז בערנאַרד קורלאַנד גיט אַרויס הונדערטער קוויטלעך אַ טאָג צו מענטשן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס און גייען נישט צו דער צוואַנגס־אַרבעט. וואָס דאָס האָט באַדייט צו יענער צייט, איז דאָס זייער שווער צו דערקלערן אין ווערטער. דאָס האָט באַדייט, אַז בערנאַרד קורלאַנד האָט הונדערטער מענטשן געראַטעוועט פון הונגער־טויט און פון דער צווייטער זייט ריזיקירט מיט זיין אייגן לעבן, ווייל ווען די נאַציס וואָלטן זיך וועגן דעם דערוווסט, וואָלט ער גלייך דערשאָסן געוואָרן.

דער פאַקט, אַז בערנאַרד קורלאַנד האָט באמת געדינט מיט מסירת נפש זיינע פאָלקס־ברידער אין ליידן, האָט מיר געגעבן גלויבן און האָפענונג, אַז ער וועט

מיין ווונטש גלייך דערפילן. איך בין אַוועק צו בערנאַרד קורלאַנד און מיין פאָרגעפיל האָט מיך נישט אַנטוישט. ווי נאָר איך האָב דערקלערט, אַז איך וויל גיין צו דער אַרבעט אין „האַסאַג־פעלצערן", איז זיין ענטפער געווען קורץ און שאַרף: מאָרגן אינדערפרי, גלייך נאָכן טרומפייטן, זאָל איך זיין ביים אויסגאַנג פון קליינעם געטאָ. אַזוי איז דאָס געווען. בערנאַרד קורלאַנד האָט מיר אָנגעוויזן איינעם אַ פאָראַרבעטער פון „האַסאַג־פעלצערן" און יענער האָט מיר אָנגעוויזן ווו איך זאָל זיך שטעלן און נאָכדעם, אונטער אַ באַוואַכונג פון די משחיתישע ווערקשוצן, מאַרשירט צו „האַסאַג־פעלצערן".

דער וועג איז געווען אַ געננוג לאַנגער, אָבער אַ ביסל קירצער ווי אין „האַסאַג־ראַקווו". אָנגעקומען אין „האַסאַג־פעלצערן", אויף דער אַזוי גערופענער קאָלאָניע, איז פאָרגעקומען אַן אַפעל. אַלע זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין גרופן לויט די אָפטיילונגען פון דער פאַבריק. איך בין געווען אין דער גרופע פון דעם פאָראַרבעטער, וואָס בערנאַרד קורלאַנד האָט מיר אָנגעוויזן. צוזאַמען מיט דער גרופע בין איך אַריין אין דער אָפטיילונג פון אַזוי־גערופענעם „ווערקצויג־באו". אַלע זיינען זיך אַוועק צו זייערע אַרבעטס־פלעצער ביי פאַרשיידענע מאַשינען, שניצערייַ מאַשינען און פאַרשיידענע אַנדערע און איך, איך ווייס נישט ווו צו גיין און דער פאָראַרבעטער זאָגט מיר גאָרנישט און איז זיך אַוועקגעגאַנגען צו אַ טיש באַקוקן געמאַכטע טיילן. וואָס טוט מען? איך בין צוגעגאַנגען צו אַ מאַשין און אָנגעהויבן צו „מייסטרעווען", נישט וויסנדיק אַליין, וואָס איך טו. דער פאָראַרבעטער, דער־זעענדיק, אַז איך האָב מיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ מאַשין, האָט אַוועקגעלייגט זיינע מכשירים און מיך אַוועקגערופן אין אַ זייט און מיר דערקלערט, אַז אַזוי גייט עס נישט. מען מוז צוערשט ריידן מיטן מייסטער, „וויטאַמינען", „וויטאַמינען פ". די אַלטע באַקאַנטע געשיכטע, ווי מיט יענעם פאָראַרבעטער פון „האַסאַג־ראַקווו".

נאָכדעם ווי איך האָב דערקלערט דעם פאָראַרבעטער, אַז איך באַזיץ גאָרנישט, האָט ער מיר געגעבן אַ קאַלטבלוטיקן ענטפער, אַז איך מוז גלייך פאַרלאָזן די אָפטיילונג. וואָס טוט מען ווייטער? יעדער טריט איז לעבנס־געפאַר. איך הויב אָן צו גיין פון איין אָפטיילונג צו דער אַנדערער, אָבער מיט וועמען זאָל איך ריידן? איך בין אַריין אין אַ שאָפע, ווו אַ גאַנצע רייע יידן האָבן געאַרבעט ביי קעסטלעך: אַהינגעשטעלט, אַהערגעשטעלט, סאָרטירט, אַריינגעלייגט און אַרויסגענומען הילזן. דאָ האָב איך געטראַכט איז דערווייל דער פלאַץ צו זיין ביז אָוונט. יעדע 15־20 מינוט איז ווי אַ ווילדער אַדורכגעלאָפן אַ יונגערמאַן, וואָס איז געווען טויט הייזעריק פון שרייען און געשריען האָט ער אויף פויליש: „ראָביטש, ראָביטש" (אַרבעטן, אַרבעטן).

ווען ער איז אַדורכגעלאָפן דאָס אָרט ווו איך האָב מיך אויסבאַהאַלטן צווישן די קעסטלעך, האָב איך מיך געפרעגט ביי די יידישע אַרבעטער: ווער איז דאָס דער שרייער? זיי האָבן מיר געענטפערט, אַז ער איז דער פאָראַרבעטער און מען רופט אים „משוגענער". ווער עס האָט זיך באַשאָנקען מיט דעם נאָמען האָב איך נישט געוווסט און ווייס נישט ביז דעם היינטיקן טאָג, אָבער, אַז דער צונאָמען איז אַ הונדערט פראָצענט ריכטיקער, אונטערליגט נישט קיין שום צווייפל. צוליבן לויפן און שרייען האָט מיך דער פאָראַרבעטער נישט באַמערקט. שפּעטער, קורץ פאַרן צוריקגיין אין קליינעם געטאָ, האָט ער מיך יאָ באַמערקט, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען ווי ער וואָלט געווען אין אַן אַטאַק פון משוגעת. די לאַגע איז געוואָרן געפערלעך, ווייל ווען עס וואָלט פונקט אַדורכגעגאַנגען אַ נאַצי־מייסטער אָדער אַ ווערקשוץ, וואָלטן געווען גאָר ביטערע קאָנסעקווענצן. דערנעבן איז געשטאַנען אַן אויסגעדאַרטער יונגערמאַן, אַן אָפגעריסענער, אַ פאַרהונגערטער, וואָס האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם „משוגענעם פאָראַרבעטער" און ער האָט זיך

אָפּגערופן מיט אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי מיר שטוינונג. ערשטנס זיין פּערפעקטער פּויליש און צווייטנס זיין זאָג: „קסערקעס האָט געהאַט אַ ביטערן סוף, דו וועסט נאָך האָבן אַן ערגערן סוף".

דער „משוגענער פאָראַרבעטער" האָט נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט און זיין צעבראָכענער פּויליש האָט באַשטעטיקט, אַז ער איז אַ פּרא אדם. ער האָט פּלוצלונג פאַרלוירן דאָס לשון, געוואָרן אויס „קאַפּעלוש־מאַכער". דאָס האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט אויסצונוצן די געלעגנהייט און צו אַנטלויפן פון דער שאַפע, פון די קעסטלעך און פון משוגענעם פאָראַרבעטער. מיך האָט אָבער שטאַרק אינטערעסירט צו וויסן, ווער איז דאָס דער יונגערמאַן. אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען איך האָב מיך מיט אים געטראָפן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז געווען ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פּראָפעסאָר פאַר געשיכטע אין דער טשענסטאָכאָווער גימנאַזיע.

נאָכן אַנטלויפן פון דער שאַפע האָב איך מיך נאָך געמוזט אַ ביסל אויסבאַהאַלטן, ביז עס איז געקומען די צייט צוריקצוגיין אין קליינעם געטאָ. צוערשט איז פאָרגע־קומען אַן אַפּעל און יעדער האָט זיך אויסגעשטעלט לויט זיין אַרבעטס־גרופּע. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס מען טוט. צוליב דעם, וואָס איך בין געקומען מיט דער גרופּע „ווערקצויג־באַו", האָב איך מיך אַוועקגעשטעלט צו דער זעלבער גרופּע. דערווייל האָט מען די גרופּע אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט. איידער איך האָב מיך אָריענטירט, וואָס דאָ קומט פאָר, איז צו מיר צוגעקומען דער פאָראַרבעטער און מיר געזאָגט, אַז איך זאָל מאָמענטאַל אַוועק צו אַן אַנדער גרופּע, ווייל דאָ איז עפּעס אַן אומגליק און אַזוי ווי איך בין דאָ אַ נייער און דער מייסטער קען מיך נישט, קען איך זיין אַ פאַרפאַלענער. איך האָב מיך צוגעשטעלט צון אַן אַנדער גרופּע און מיט איר מאַרשירט צוריק אין קליינעם געטאָ.

מיט דער „ווערקצויג־באַו" איז געשען פאָלגנדעס: פון יענער אָפּטיילונג איז יענעם טאָג פאַרלוירן געוואָרן אַ מכשיר און אַזוי ווי די נאַציס האָבן אָנגעווענדעט אַ קאָלעקטיווע שטראָף, איז די גאַנצע גרופּע פאַרהאַלטן געוואָרן צו פאַרשיידענע פּייניקונגען. דאָס האָט געדויערט דריי טעג, ביז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ נאַצי-מייסטער פון אַן אַנדער אָפּטיילונג האָט אויסגעבאָרגט דעם מכשיר און אין דריי טעג אַרום האָט ער אים צוריקגעברענגט. דעמאָלט ערשט איז די גרופּע „ווערקצויג־באַו" דערלויבט געוואָרן צו גיין אין קליינעם געטאָ.

ווען איך בין יענעם אָוונט צוריקגעקומען אין קליינעם געטאָ, האָב איך מיך גלייך געזען מיט בערנאַרד קורלאַנד און אים דערציילט וועגן מיינע איבערלעבונגען פון דעם טאָג און אַז ווייטער קען דאָס נישט אַזוי גיין. בערנאַרד קורלאַנד האָט מיר דערקלערט, אַז ער קעמפט קעגן אַזעלכע פאָראַרבעטער און, אַז צומאָרגנס אינדערפרי וועט ער מיך שיקן מיט אַן אַנדערן פאָראַרבעטער. אַזוי איז עס טאַקע געווען. צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך מיט אַן אַנדער גרופּע מאַרשירט צו „האַסאַג־פּעלצערן", וואָס האָט זיך גערופן „רעקאַליברירונג". פון דעם פאָראַרבעטער האָב איך שוין נישט געהערט וועגן „וויטאַמינען", נישט וועגן איינפּאַכע און נישט וועגן „וויטאַמינען פּ".

אין יענער אָפּטיילונג האָב איך געאַרבעט פון מערץ 1943 ביז יאַנואַר 15, 1945, ביז צו דער עוואַקואַציע פונעם לאַגער קיין דייטשלאַנד. עס אונטערליגט נישט קיין שום צווייפל, אַז בערנאַרד קורלאַנד האָט דעם ענין דערליידיקט, אַז פאָראַרבעטער זאָלן אויפהערן ריידן וועגן „וויטאַמינען". זייט דעמאָלט האָב איך מיך באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ צו בערנאַרד קורלאַנד, הגם ער איז געווען אַ מיטגליד אין יודענראַט און הגם ער איז געווען הויפּט־אָנפירער פון דעם אַזוי „געפערלעכן"

אַמט פון אַרבעטס־איינזאַץ. נישט געקוקט דערויף, האָט ער דאָך דערהאַלטן בכבודיק מיט ערע און ווירדע, זיין פּערזענלעכקייט און זיין טעטיקייט איז געווען לטובת די פאַרשקלאַפטע פאָלקס־ברידער און פאָלקס־שוועסטער.

אין אַ געוויסן טאָג, מערץ 20, 1943, ערב פּורים, ווען איך בין צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, איז דאָס קליינע געטאָ געווען איינגעהילט אין אַ שוואַרצן טרויער און צער. אַן אומגליק איז געשען. די גאַנצע אינטעליגענץ פון קליינעם געטאָ איז אין טראָקס אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם און דערשאָסן געוואָרן און בערנאַרד קורלאַנד בתוכם. פאַר מיר איז דער צער געווען נאָך גרעסער ווי פאַר יעדן איינעם אין קליינעם געטאָ. איך האָב מיך אַליין געפרעגט: צי איז דאָס מעגלעך, אַז בערנאַרד קורלאַנד, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל לעבנס־חכמה און פאַר־שטענדעניש פאַר יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, זאָל זיך לאָזן דערשיסן אָן שום ווידערשטאַנד? איך האָב געטראַכט, אַז דאָס איז נישט מעגלעך. איך האָב געטראַכט, אַז דער עפּיזאָד וועט נאָך אויפגעקלערט ווערן, ווייל בערנאַרד קורלאַנד וועט נישט אומקומען אָן ווידערשטאַנד. אין אַ פּאָר טעג איז דער עפּיזאָד טאַקע אויפגעקלערט געוואָרן און טאַקע צום לויב און שבח פאַר בערנאַרד קורלאַנד.

די געשיכטע איז געווען פאָלגנדע: ווען בערנאַרד קורלאַנד איז געווען אין טראָק און האָט באַמערקט, אַז דער גאַנצער טראַנספּאָרט פאָרט אין דער ריכטונג פון בית־עולם, האָט ער זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס וועגן די צילן פון דער נאַצי־מאַכט אומצוברענגען די יידן, דעריבער איז ער אַרויסגעשפרונגען פון לויפנדן טראָק און אַנדערע האָבן נאָכגעטאָן זיין ביישפּיל. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער, וועלכער איז שפּעטער אַנטדעקט געוואָרן דורך די נאַציס און מען האָט אים, בערנאַרד קורלאַנדן, געפירט צו דער זשאַנדאַרמעריע צום דערשיסן. דאָ האָט אים דאָס מזל אַביסל צוגעשפּילט. צו יענער צייט האָבן די נאַציס פאַרשפּרייט פאַרשיידענע ווערסיעס אין קליינעם געטאָ, בכדי אָפּצושוואַכן דעם איינפלוס פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. איינע פון די ווערסיעס איז געווען, אַז פון דייטשלאַנד איז אָנגעקומען אַ באַפעל, דירעקט פון בערלין, אַז מער טאָרן די נאַציס זיך נישט באַגיין גרויזאַם צו די יידן און, אַז יידן טאָרן נישט מער געשאָסן ווערן. בכדי צו באַגרינדן די דאָזיקע ווערסיע, איז בערנאַרד קורלאַנד דעמאָלט באַפרייט געוואָרן און איז צוריקגעברענגט געוואָרן אין קליינעם געטאָ. אַן אויסגעמאַטערטער און בלייכער פון די פּאָר טעג טויט־שרעק איבערלעבונגען, האָט ער צוריק איבערגענומען זיין אַמט. ער האָט ווייטער פאָרטגעזעצט זיין אַרבעט צו העלפן זיינע פאָלקס־ברידער.

זיין רעקאָרד איז געווען אַ גאָר געהויבענער. אין די צייטן פון די אויסזידלונגען אין גרויסן געטאָ האָט ער אונטערן אויסרייד, אַז די אָנגעוויזענע דורך אים זיינען גוטע פאַכלייט, אַרויסגעראַטעוועט פון די אויסזידלונגען, פון אומקום אין די טרעבלינקע גאַז קאַמערן. צווישן אַנדערע האָט ער אַרויסגעראַטעוועט די אָרגאַניזאַציע אָנפירערין פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג רבקה גלאַנץ, וועלכע איז שוין געווען אין וואַגאָן, אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע. (ביאָגראַפישע שטריכן וועגן די העלדן רבקה גלאַנץ זען: מלך נוישטאַט: „די יידן אין וואַרשע", ל. שפּיזמאַן: „די פרויען אין די געטאָס", בנימין אָרענשטיין: „חורבן טשענסטאָכאָוו").

ווען דאָס קליינע געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, האָט זיך בערנאַרד קורלאַנד באַמיט, אַז וואָס מער יידן זאָלן געשיקט ווערן אין „האַסאַג פעלצערן", בכדי אויסצונוצן דעם לעצטן שאַנס פון דערוייל זיך ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט. נאָך דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז בערנאַרד קורלאַנד געווען אין „האַסאַג־פעלצערן". דאָרטן האָט ער איינגעפירט אַ קאַנטין, ווו עס איז פאַרקויפט געוואָרן אומבאַגרענעצט ברויט. די באַדייטונג פון דעם, פאַר יענער צייט, איז אומבאַ־

שרייבלעך און גלייכצייטיק פאַר יענע באַדינגונגען פשוט אַ פאַנטאַזיע, אַז בערנאַרד קורלאַנד האָט דאָס געקענט אַדורכפירן. עס איז אָבער אַ ריכטיקער, אמתער פאַקט.

יולי 20, 1943, איז געווען אַ טראַגישער טאָג אין „האַסאַג פעלצערן״. אין יענעם פינצטערן טאָג איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע, וואָס האָט פאַרניכטעט פיר הונדערט יידישע לעבנס: דריי הונדערט פון „האַסאַג־פעלצערן״ און 100 פון גאַריבאלדיעגאָ. איין טאָג שפּעטער, יולי 21, 1943 (18 טעג אין תמוז), איז בערנאַרד קורלאַנד אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאַגער אויף דער אַזוי גערופענער קאָלאָניע און פון דאָרטן אַוועקגעשיקט צו ווערן מיט די סעלעקטירטע צום אומקום. בערנאַרד קורלאַנד האָט געהאַלטן אַ קאַמפס־רעדע אין וועלכער ער האָט פאָראויסגעזאָגט די מפּלה פון די נאַציס.

אַפּריל 4, 1948, אויף דער זעקסטער פּלענאַרער זיצונג פון דער צענטראַל פאַרוואַלטונג פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, פאָרגעקומען אין מינכן, אין דער ווינונג פון פאָרזיצער ד״ר צבי קאַנטאָר, האָט זיסקינד שמולעוויטש, אַ געוועזענער מיטגליד פון דער טעכנישער גרופּע פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין קליינעם געטאָ, וואָס האָט פּראָדוצירט האַנט־גראַנאַטן צום קאַמף קעגן נאַציזם, אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג צו פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון בערנאַרד קורלאַנד ע״ה, וואָס איז אומגעקומען ווי אַ העלד און מאַרטירער. די צענטראַל־פאַרוואַלטונג האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם באַשלוס און איך בין, אַלס פאָרזיצער פון קולטור־קאָמיטעט פון דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג, באַאויפטראַגט געוואָרן צו פאַראייביקן זיין הייליקן אָנדענק. אין דערפילונג די אויפגאַבן האָב איך אין דעם קאַפּיטל זכרונות וועגן מיין ערשטן טאָג אין „האַסאַג פעלצערן״, וואָס בינדט זיך צונויף מיט בערנאַרד קורלאַנד ע״ה נאָר געבערענגט צום אויסדרוק עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס וואַרפן אַ העלן שיין וועגן זיין ליכטיקער פערזענלעכקייט.



אַ באַראַק אין לאַגער „האַסטאַג־פעלצערן״

הערי קליין

# דער אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום אין דער נאַצי-צייט

(אויסצוגן פון אַ רעדע אויף אַ יזכור- אַקאַדעמיע)

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־שרפה, אין די יאָרן 1945—1939, איז דורך דער גרויזאַמער נאַצי־שווערד אומגעקומען די מערהייט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.

די שארית החורבן רופט אויס פאַר דער וועלט דעם ביטערן וויי־געשריי וועגן דעם אומגליק. אין די געדאַנקען און מוחות דערשיינען די בילדער פון דער גרויזאַמער פאַרניכטונג פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, וואָס איז אין טייכן בלוט, גאַז־קאַמערן און שייטערהויפנס חרוב ונחרב געוואָרן.

טשענסטאָכאָוו איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון אייראָפּעאישן יידנטום און דערפאַר איז דער טרויער איבער דער אומגעקומענער קהילה הקדושה טשענסטאָכאָוו, אויך דער טרויער איבערן גאַנצן אייראָפּעאישן יידנטום, איבער דעם יידישן פאָלקס־חורבן, וואָס איז דורך אַ סיסטעמאַטיש אויסגערעכנטער מאָרד-מאַשין געטריבן דורך דעם דייטשן פאָלק, געלונגען אומצוברענגען אַ דריטל פון יידישן פאָלק — זעקס מיליאָן יידישע קדושים. עס איז נישטאָ קיין איינער פון היינטיקן דור, די לעבעדיקע עדות פון חורבן און אומקום, וואָס זאָל נישט האָבן פאַרלוירן אַ טייל פון זיין משפחה. טויזנטער פעדעם פאַרבינדן דעם היינטיקן דור מיט די קדושים, וועלכע האָבן זייערע הייליקע נשמות אויסגעהויכט אין די דייטשע מאָרד־פאַבריקן, אין די טויט־לאַגערן, אומקומענדיק על קידוש השם ועל קידוש העם.

## זכור מה שעשה לך עמלק

צוואַנציק יאָר איז אַריבער פון די גרויליקע געשעענישן. איבער דער צייט איז שוין אַנטשטאַנען אַ נייער דור, אַ דור, וואָס האָט נישט געזען דעם חורבן און קען עס נישט באַגרייפן, אַז אַזעלכעס האָט געקענט געשען. די שארית החורבן זיינען די, וואָס דאַרפן נישט דערלאָזן, אַז די געשעענישן זאָלן פאַרגעסן ווערן און **זיי זיינען שולדיק די קדושים אַ חוב און דער חוב איז זכור מה שעשה לך עמלק!**

## דער אָנהויב פון די נאַצי-פאַרברעכנס

פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1939, איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־שרפה און מאָנטיק דעם דריטן סעפּטעמבער זיינען די נאַצישע אַרמייען געווען אין טשענסטאָכאָוו און גלייך אָנגעהויבן מיט פּייניקונגען, שיסערייען און מערדערייען. איינס אַ זייגער בייטאָג האָבן די דייטשן געעפנט אַ שיסעריי אויף דער ציווילער אומבאַוואָפנטער באַפעלקערונג. פון אַלע גאַסן און וואוינונגען האָבן זיי געטריבן די באַפעלקערונג, מיט אויפגעהויבענע הענט, צו די פּלעצער: קאַטעדראַלנע גאַס צו דער קאַטעדרע, נייעם מאַרק צו דער קירכע, צום מאַגיסטראַט פּלאַץ און צו דעם סטראַזשאַצקי פּלאַץ. דייטשע זעלנער, באַוואָפנטע מיט מאַשין געווער, האָבן באַוואַכט די אַלע אויסגערעכנטע פּלעצער און אַלע האָבן געמוזט ליגן מיט די פּנימער צו דער ערד, דערצו זיינען זיי באַשאָסן געוואָרן דורך מאַשין געווער. קוילן זיינען געפלויגן איבער די קעפּ פון די וואָס זיינען געלעגן אויף דער ערד. שפּעטער, נאָך לאַנגע שעה'ן ליגן אויף דער ערד אונטער אַ האָגל פון קוילן, האָבן די דייטשן געגעבן אַ באַפעל אויפצושטיין און צו לויפן, וואָס איז ווידער באַגלייט געוואָרן מיט אַ שיסעריי. די וועלכע זיינען געווען אויף דער קאַטעדראַלנע גאַס זיינען אַריינגעטריבן

געוואָרן אין דער קאַטעדרע, די פון נייעם מאַרק — אין דער קירכע, די פון דער סטראַזשאַצקע גאַס — אין בראַססנ׳ס פאַבריק און די פון נעבן מאַגיסטראַט — אין דער דערנעבנדיקער קירכע. אין דער דאָזיקער ווילדער שיסעריי זיינען געהרגעט געוואָרן עטלעכע הונדערט מענטשן. דער טאָג איז באַצייכנט אין דער געשיכטע פון חורבן טשענסטאָכאָוו אַלס „דער בלוטיקער מאָנטיק״. צומאָרגנס, דינסטיק, זיינען באַפרייט געוואָרן די אין עלטער פון פופציק יאָר אָן. די יינגערע זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער תפיסה אויף זאַוואָדע און אויך אין די מיליטערישע קאַשאַרן. מיטוואָך זיינען די אַנדערע באַפרייט געוואָרן און עס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן עטלעכע צענדליק ערובניקעס, וועלכע האָבן באַדאַרפט זיין פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייער לעבן פאַר פיינטלעכע אַרויסטרעטונגען און אָנפאַלן פון דער ציוויל־באַפעל־קערונג קעגן די דייטשן. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון די דייטשע פאַרפאָלגונגען, רעפּרעסיעס, שיקאַנעס, פייניקונגען און שיסערייען קעגן יידן אין טשענסטאָכאָוו.



הערי קליין רעדט. פראַגמענט פון פּרעזידיום.
פון לינקס צו רעכטס: ל. יאַקובאָוויטש, מ. פרידלענדער.

## דאָס יידישע לעבן אונטער דער נאַצי־הערשאַפט

דער ערשטער ראש השנה אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע איז אויך נישט אַדורך רואיק. דאָס דייטשע מיליטער איז געקומען אין יידישן געגנט און געכאַפּט יידן צו צוואַנגס אַרבעט. אין יאַנואַר 1940 האָבן יידישע פרויען איבערגעלעבט גרויס שרעק אין טשענסטאָכאָוו. עס איז געווען אַ פרייטיק צו נאַכטס. עטלעכע גאַסן זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן מיט זשאַנדאַרן, וועלכע זיינען אַריין אין יידישע הייזער און טויזנטער מענער און פרויען, מערסטנטייל יונגע מיידלעך, זיינען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די בעטן האַלב נאַקעטע, צונויפגעטריבן אויף דעם נייעם מאַרק. זיי זיינען דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן לאַנגע שעה׳ן אויף דער קעלט און האַלב פאַר־פרוירענע זיינען זיי אָפּגעלאָזט געוואָרן. דאָס יידישע לעבן און פאַרמעגן איז געוואָרן הפקר. פון אַ גאַנצער רייע גאַסן זיינען יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע וווינונגען און די גאַסן זיינען דערקלערט געוואָרן אַלס אַרישע געגנט, וווּ יידן טאָרן נישט וווינען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן אין וועלכע עס האָט

זיך אויף אַ ברוטאַלן אופן באַצויגן דער פוילישער פּאָליציי־קאָמענדאַנט שאַבעלסקי, וואָס האָט אָנגעטאָן גרויסע צרות די יידן אין טשענסטאָכאָוו. גלייך נאָך יום־כּיפּור האָבן די דייטשן אינסצעניזירט אַ פּאָגראָם. הונדערטער פּוילישע אויסוורפן, באַוואָפנטע מיט שטעקנס און שטיינער, זיינען אַריין אין דער יידישער געגנט, אויסגעהאַקט שויבן אין די יידישע הייזער און געשעפטן, צעשלאָגן יעדן איינעם, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע מערדערישע הענט, אונטערגעצונדן די יידישע פּאַפּיראָסן־בודקע אויף דעם נייעם מאַרק און פון דאָרטן האָט זיך דער ווילדער המון אַ לאָז געטאָן צו דער ווילסאָנא גאַס און אונטערגעצונדן די פּראַכטפולע דייטשע שול, וואָס איז אין איין שעה צייט געשטאַנען אין העלישע פלאַמען און איז פול־שטענדיק חרוב געוואָרן. אין יאָר 1941 האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן גרייטן זיך איינצופירן אַ געטאָ אין טשענסטאָכאָוו און פאַר יידן וועט זיין דערלויבט צו וווינען נאָר אויף דעם אָנגעצייכנטן, באַשרענקטן שטח. לאַנג האָט נישט געדויערט און אַפּריל 23, 1941, איז דאָס געטאָ איינגעפירט געוואָרן. די גרענעצן פון געטאָ זיינען באַצייכנט געוואָרן מיט גרויסע סלופּעס אויף וועלכע עס זיינען געהאָנגען געלע טאָוולען מיט אויפשריפטן, אַז פאַרן אַרויסגיין פון די געטאָ־גרענעצן אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, דראָט טויט־שטראָף. יוני 1942, אין אַ שבת אינדערפרי, האָט די יידישע געטאָ פּאָליציי מודיע געווען, אַז אַלע מענער אין עלטער פון פופצן ביז פופציק יאָר מוזן זיך שטעלן צו אַן אַפּעל צו קאָנטראָלירן די אַרבעטס־קאַרטן אויפן אַלטן מאַרק, נייעם מאַרק און ערשטער אַלעע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גאָר גרויסע פּאַניק, ווייל נישט אַלע האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטן. אין די באַגריפן פון געטאָ האָט אַן אַרבעטס־קאַרטע באַדייט ווי אַ לעבנס-שיין. עס האָבן זיך טאַקע נישט געשטעלט אַלע, נאָר די, וואָס האָבן געהאַט די אַרבעטס־קאַרטן. די אַלע פאַרזאַמלטע יידן זיינען פלוצלונג אַרומגערינגלט געוואָרן מיט זשאַנדאַרן, שוץ־פּאָליציי און פּוילישע פּאָליציי. די שפּאַנונג איז געוואָקסן פון מינוט צו מינוט. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס דאָס זאָל באַדייטן. נאָך עטלעכע שעה זיינען אַלע אָפּגעלאָזט געוואָרן און פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער. ווי עס איז שפּעטער פאַרשטאַנען געוואָרן, איז דאָס געווען אַ פּראָבע פון נאַצי רוצח דעגענהאַרדט ווי עס וועט אויסזען די סעלעקציעס צו דער דעפּאָרטאַציע קיין טרעבלינקע. פון טאָג צו טאָג איז געוואקסן דער אומרו אין געטאָ און קיינער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס אומגליק פון די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס צו די טויט־לאַגערן איז אַזוי נאָענט און ווערט געענוי פּלאַנירט דורך די דייטשע מערדער.

## דער אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום

ערב יום־כּיפּור 1932, איז די שטימונג געווען אַ געדריקטע. פאַרוואָס און פאַרוועןהאָט נאָך קיינער ניישט געוווסט. דער אָוונט איז צוגעפאַלן און דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו האָט זיך געגרייט צו גיין צו כל נדרי. די יום־כּיפּור ליכט זיינען שוין געווען אָנגעצונדן אין אַלע יידישע הייזער און יידן האָבן זיך געגרייט צום יום־הדין דורך תפילות צום בורא עולם זיך אויסצובעטן אַ גוט יאָר. צום באַדויערן איז דער גורל שוין געווען אַ געחתמעטער. די דייטשע סאַדיסטן האָבן שוין געהאַט

צוגעגרייט זייערע פּלענער. יום־כיפור, סעפּטעמבער 21, 1942, איז שוין פאַר אַלעמען באַקאַנט געוואָרן, אַז דאָס שרעקלעכסטע פאַר וועלכן אַלע האָבן זיך געשראָקן איז געקומען. צומאָרגנס, איין טאָג נאָך יום־כיפור, סעפּטעמבער 22, 1942, איז דאָס געטאָ שוין מער נישט געווען צום דערקענען. אַלע גרענעצן פון געטאָ זיינען באַוואַכט געוואָרן דורך דער אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ. עס האָבן זיך געהערט אומאויפהערלעכע שיסערייען און יידן זיינען געטריבן געוואָרן צו דער סעלעקציע. עס האָבן זיך געהערט יאָמערדיקע קולות פון פרויען און קינדער. אויף קאָוויע גאַס האָט מען געגראָבן אַ ריזן מאַסן־קבר צו באַערדיקן די דערשאָסענע. דער הויפּט־מערדער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום דעגענהאַרדט האָט אַדורכגעפירט די סעלעקציע. מחנות'ווייז זיינען יידן: זקנים, פרויען און קינדער, אַוועקגעפירט געוואָרן צו די וואַגאָנען אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע צום טויט, צום פאַרגאַזן און פאַרברענען. אַזעלכע סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע מיט איבעררייסן פון עטלעכע טעג, וואָס האָט אַרומגענומען די צייט פון איין טאָג נאָך יום־כיפור ביז איין טאָג נאָך שמחת תורה. דאָס גרויסע געטאָ, וואָס האָט געברויזט מיט אַזויפיל לעבן, ענערגיע און שאַפן, איז פולשטענדיק ליידיק געוואָרן און אַ טויטע שטילקייט האָט באַהערשט דאָס גאַנצע געביט, ווו יידן האָבן געוווינט און זיך געראַנגלט פאַרן קיום.

## דאָס קליינע געטאָ און איר ליקווידאַציע

נאָך די מאַסן שחיטות אין וועלכע ס'איז אומגעקומען די מערהייט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, זיינען פאַרבליבן זעקס טויזנט פאַראיינזאַמטע און פאַריתומטע יידן. זיי זיינען געווען עטלעכע וואָכן קאַשאַרירט אויף די פאַרשיידענע אַרבעטס־פּלעצער, ווו זיי האָבן געאַרבעט ביז עס איז אַנטשטאַנען אויף פיר קליינע, שמוציקע געסלעך, דאָס אַזוי גערופענע קליינע געטאָ. דאָס לעבן אין קליינעם געטאָ איז געווען אַ כסדר'דיקער געראַנגל צווישן לעבן און טויט. פאַרשיקונגען, דערשיסונגען און אַזוי גערופענע סעלעקציעס, איז געווען אַ טאָג-טעגלעכע דערשיינונג. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן די אַקציע אויף זקנים און קינדער, די אַוועקשיקונגען קיין ראַדאָמסק און בליזשין, די אַקציע פון דער יידישער אינטעליגענץ און אַ גאַנצע רייע אַנדערע. אין די טעג פון 25־טן, 26־טן און 27־טן יוני איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, וואָס איז געווען גלייכצייטיק פאַרבונדן מיט דעם ווידערשטאַנד פון דער טשענסטאָכאָווער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. אין דעם דאָזיקן אומגלייכן און העראָאישן קאַמף זיינען אומגעקומען צוויי טויזנט יידן. דאָס שליסט נאָך נישט אָפּ דאָס קאַפּיטל פון אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. מיט אָט דער טאָטאַלער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ איז טשענסטאָכאָוו דערקלערט געוואָרן דורך די נאַציס ימח שמם אַלס „יודענריין". אַלע יידן זיינען געווען קאַשאַרירט אין די פיר „האַסאַג" קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אויף „גאַריבאַלדיעגאַ". אויך דאָרט איז ניט געווען קיין רואיקע מינוט. דעם 20־טן יולי, 1943, איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע אין „האַסאַג פּעלצערן", וואָס האָט ווידער צוגערויבט דאָס לעבן פון 300 יידן. צו דער גלייכער צייט איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע אויף גאַריבאַלדיעגאָ און דאָרטן זיינען אויססעלעקטירט געוואָרן 100 יידן. די אַלע 400 יידן זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן יידישן בית־עלמין אין טשענסטאָכאָוו. דורך דער גאַנצער צייט זיינען פאָרגעקומען אינדיווידועלע דערשיסונגען פון יידן, וואָס זיינען געווען אויף דער אַרישער זייט און פון קעמפערס פון דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג אין קאַמפן קעגן די נאַצי מערדער. גלייכצייטיק זיינען געווען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אַ שטערבלעכקייט פון פיזישער דערשעפּונג און פון טיפוס קראַנקהייטן. אין די לעצטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין טשענסטאָכאָוו דעם 15־טן און 16־טן יאַנואַר 1945, איז זיי

נאָך געלונגען צו דעפּאָרטירן 5,800 יידן אין די דייטשע לאַגערן פון וועלכע מער ווי אַ העלפט זיינען אומגעקומען.

## נישט פאַרגעסן און נישט פאַרגעבן

דורך שילדערן אָדער באַשרייבן דעם חורבן קען די שארית החורבן נישט בלייבן גלייכגילטיק. עס קאָכן אויף די בלוטן און עס ביילן זיך די פויסטן קעגן די מערדער פון יידישן פאָלק, וועלכע לעבן היינט אין ווילטאָג. עס דערשיינען אויפסניי די חורבן געשעענישן אין טשענסטאָכאָוו מיט אירע מאַסן סעלעקציעס, דעפּאָרטאַציעס, אויסגעקאַלכטע וואַגאָנען און די מאַסן דערשיסונגען. עס ברויזט אויף דער צאָרן און עס קלינגט אָפּ אין די אויערן דאָס יאָמערלעכע געוויין פון די קליינע קינדערלעך, וואָס די רוצחים און מאַסן־מערדער האָבן צעשפּאָלטן די קעפּעלעך אין די מויערן. דער גורל פון די יאַנקעלעך, משה׳לעך, שרה׳לעך און רבקה׳לעך, וועלכע זיינען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן געשליידערט געוואָרן דורך די פענצטער. די גרויזאַמקייטן און מאַסן־טויטונגען אין טרעבלינקע, אוישוויץ און אין אַלע אַנדערע מאָרד־פאַבריקן, ווו די קרעמאַטאָריעס האָבן געברענט און אין זייערע פייער־צונגען זיינען די קערפּערס פון טאַטעס־מאַמעס, שוועסטער, ברידער און קינדער, די טייערסטע און נאָענטסטע, פאַרברענט געוואָרן. עס וויקלען זיך פאַנאַנדער די שרעקלעכע געשעענישן, פון וועלכע די שארית החורבן זיינען די לעבעדיקע עדות. זאָלן אַרונטערגענומען ווערן די באַנדאַזשן פון די טיפע ווונדן, וועלכע די צייט וויל פאַרהיילן, עס טוט ווי. דאָס זיינען גרויסע און שרעקלעכע שמערצן און דערפאַר שרייט דער ווייטאָג. די ווונדן זיינען טיפע און מען דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזן צו שרייבן וועגן זיי. עס בלוטיקן די הערצער און עס בלוטיקן די נשמות פון די לעבעדיקע עדות פון חורבן און אומקום, וואָס טאָרן נישט דערלאָזן אַז די וועלט זאָל פאַרגעסן וואָס עמלק האָט געטאָן צום יידישן פאָלק.

## די אויפגאַבן פון די הזכרות

די הזכרות מוזן ברענגען צום אויסדרוק די שוידערלעכקייטן ווי אַזוי אַ דריטל פון יידישן פאָלק איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן און קיין שום צייט פון פאַרגאַנגענע יאָרן קען נישט מאַכן פאַרגעסן אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. גאַנץ אייראָפּע איז נאָך פייכט פון בלוט פון די זעקס מיליאָן יידישע קדושים. אוישוויץ, טרעבלינקע, מיידאַנעק, בוכענוואַלד, בערגען־בעלזען און אַלע אַנדערע טויט און קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זיך איינגעקריצט אין די מוחות, געדאַנקען און הערצער פון דער שארית החורבן. אין דער גאַנצער וועלט אומעטום ווו עס געפינען זיך נאָר יידן, זיינען אַלע פאַרייניקט אין דעם גרויסן טרויער, וואָס די וועלט האָט געוואָלט פאַרגעסן. אויף דעם אייכמאַן פּראָצעס אין ירושלימער געריכטס־הויז האָבן אויפסניי דורכמאַרשירט די מיליאָנען פאַרגאַזטע און פאַרברענטע אין די גאַז־אויוונס און קרעמאַטאָריעס. אין זאַל האָבן אָפּגעעכאָט די קאַמפן פון די יידישע העלדן, וואָס האָבן געקעמפט אין די וועלדער און געטאָס. דער דאָזיקער היסטאָרישער פּראָצעס האָט אויך אויפגעטרייסלט און געעפנט די אויגן פון דער גאַנצער נישט יידישער וועלט, וועלכע האָבן כמעט ווי נישט געוווסט וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די יידן אין דער צייט פון נאַצי רעזשים.

## די ליטעראַטור וועגן חורבן־טשענסטאָכאָוו

עס איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן און עס וועט נאָך אַ סך געשריבן ווערן וועגן דער חרוב געוואָרענער קהילה הקדושה טשענסטאָכאָוו. יעדער מחבר האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע, אויף זיין שטייגער, צו שילדערן דאָס פולסירנדיקע יידישע לעבן פון פאַר דער מלחמה, ווי אויך דעם קאַמף און אומקום פון די העלדן און קדושים אין דער היטלער צייט.

עס איז אַ חוב פון יעדן איינעם, וועמען זיין היימשטאָט איז טייער, צו האָבן ביי זיך אין הויז אַלע ביכער און פובליקאַציעס וועגן טשענסטאָכאָוו, ווייל יעדעס בוך איז געשריבן געוואָרן מיט בלוט און טרערן ווי היסטאָרישע דאָקומענטן פאַרן איצטיקן דור און פאַר די צוקונפטיקע דורות. אַ ווירקלעכקייט איז פאַרשוווונדן געוואָרן צוזאַמען מיט די בויער, די קרוין טרעגער פון דעם שטאָלצן טשענסטאָכאָוו מיט אירע מוסטערהאַפטע אינסטיטוטציעס אויף אַלע געביטן: פון עקאָנאָמישן, סאָציאַלן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן. יעדע פּאַרטיי, יעדע גרופּע, האָט שטאָל־צירט מיט אירע אינסטיטוציעס. אידעאַליזם און קרבנות גרייטקייט זיינען געווען די אימפּעראַטיוון פון יעדער פּאַרטיי באַזונדער און דאָס אַלץ איז פאַרשוווונדן.

די שארית החורבן, די לעבעדיקע עדות פון ים׳ען טרערן און בלוט זיינען די, וואָס דאַרפן ממשיך זיין די טראַדיציעס פון דער חרוב געוואָרענער קהילה הקדושה טשענסטאָכאָוו.

## י ז כ ו ר

איינגעהילטע אין טיפן טרויער און מיט געבויגענע קעפּ זאָל געזאָגט ווערן יזכור נאָך די, וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם און קידוש העם. יזכור נאָך די, וועלכע זיינען געפאַלן אין קאַמף מיטן גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט. יזכור נאָך די העראָאישע געטאָ און פאַרטיזאַנער קעמפער פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, וועלכע האָבן מיט זייער ווידערשטאַנד און קאַמף דערהויבן די נאַציאָנאַלע חשיבות פון יידישן פאָלק און געהאָלפן טראָגן די פאָן פון אייביקן יידישן קיום פון נצח ישראל לא ישקר.

אין דעם אַלגעמיינעם חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום האָט דאָס טשענסטאָ־כאָווער יידנטום בייגעטראָגן אויפן מזבח פון יידישער קדושה פופציק טויזנט קרבנות. כבוד זייער אָנדענק.



משה אַלטמאַן

## דער טראַגישער יום־כיפור 1942

עטלעכע טעג פאַר יום־כיפור 1942, איז געקומען צו מיר אלתר אַלטמאַן ז״ל, אַן עלעקטראָטעכניקער, וועלכער איז געווען דער בריגאַדיר אין דער פירמע „ענרא״. איך בין געווען פאַרשריבן אַלס צוואַנגס־אַרבעטער און געהאַט אַן אַרבעטס־קאַרטע פון דער דערמאָנטער פאַבריק. פאַרשטענדלעך, האָב איך שטענדיק זיך אַרויסגעדרייט, דענע תירוצים, פון גיין צו דער צוואַנגס־אַרבעט. דער בריגאַדיר האָט מיר אויפ־מערקזאַם געמאַכט, אַז עס איז געוואָרן אַ סך שטרענגער אין דער פאַבריק און די וועלכע וועלן ניש קומען צו דער אַרבעט וועלן פון זיי צוגענומען ווערן די אַרבעטס־קאַרטן. דערווייל ווערט די „ענרא״ פאַררעכנט פאַר דער זיכערסטער אַרבעטס־פּלאַצוווקע און אַן אַרבעטס־קאַרטע פון דאָרט קען פאַרהיטן פון אַן אומגליק. דערהערנדיק די געשיכטע, האָב איך שוין אָנגעהויבן צו גיין רעגולער צו דער אַרבעט.

איך האָב דעמאָלט געוווינט מיט מיין פאַמיליע, אין אַזוי גערופענעם גרויסן געטאָ, אויף וואַרשאַווסקע גאַס 23, ביי מיין ליבער מוטער עליה השלום. אין יענעם הויז האָט אויך געוווינט דער פּילצער רבי ז״ל. איך האָב שטענדיק געדאַוונט אין רבינ׳ס בית־המדרש, אָבער צום באַדויערן האָב איך יענעם טראַגישן יום־כיפור געמוזט גיין צו דער אַרבעט און עובר זיין אויף מיין טראַדיציע און רעליגיעזער דערציאונג, וואָס איך האָב באַקומען אין די רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטן און אין דער היים.

זייענדיק ביי דער אַרבעט, אַרום 11 אַזייגער אינדערפרי, איז צו מיר געקומען אלתר אַלטמאַן און האָט מיר פאַרטרויליך דערציילט, אַז ער איז נאָר וואָס געווען אין דער ביוראָ פון דער פאַבריק און דאָרטן האָט ער זיך דערוווסט, אַז די רוצחישע אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ איז אָנגעקומען אין דער שטאָט און הונדערט וואַגאָנען שטייען גרייט אויף דער באַן־ראַמפּע צו דעפּאָרטירן דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום. דער־הערנדיק די טראַגישע ידיעה, האָב איך גלייך צונויפגערופן עטלעכע פון מיינע נאָענטע חברים, וואָס האָבן געאַרבעט מיט מיר אין „ענרא״. זייערע נעמען זיינען: יחזקאל אפּמאַן, פרידמאַן און זבאראַווסקי. מיר אַלע האָבן איינשטימיק באַשלאָסן, אַז ביי אַלע אומשטענדן מוזן מיר גלייך זיך באַמיען צוריקצוגיין אין געטאָ און איבערגעבן די טראַגישע ידיעה און יעדער איינער, וואָס האָט נאָר די מינדסטע מעגלעכקייט זאָל זיך ראַטעווען פון דער רוצחישע אויסראָטונגס־קאָמאַנדע. איך בין אָנגעקומען אין געטאָ אין אַ זייער געדריקטער שטימונג און בין גלייך אַריין אין בית־המדרש. די טראַגישע ידיעה האָב איך איבערגעגעבן מיינע נאָענטע און צווישן זיי זיינען געווען מיינע צוויי ברידער: גאַדל און טוביה און אויך דוד קאזאק. אין די ערשטע מינוטן האָבן זיי געטראַכט, אַז די טראַגישע ידיעה איז איבער־געטריבן, אָבער גלייך זיינען אָנגעקומען אַנדערע שליחים פון פאַרשיידענע אַרבעטס־פּלעצער און אויך פון נעבן דער באַן־סטאַנציע, וואָס האָבן אַליין געזען די וואַגאָנען.

דער עולם האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערצײַגיין פאַרטרויערט, פאַרביטערט און דערשלאָגן. איינער האָט זיך געפרעגט ביים צווייטן וואָס טוט מען? ווער האָט דעמאָלט געקענט געבן אַן עצה? ווער עס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ באַהעלטענישל, אַ בונקער, אַן אומזעבאַר ווינקל אין אַ טונקעלן קעלער, אָדער אַ פאַרמאַסקירט אָרט אויף אַ בוידעם, האָט אָנגעהויבן אַריינצוטראָגן וואַסער, ברויט, קאָלדרעס אויף איבערצווויליגן אַ פּאָר טעג. די יידן אין געטאָ האָבן געמיינט, אַז דאָס וועט דויערן אַ צוויי־דריי טעג און נאָכדעם וועלן די משחיתים פון דער אויסראָטונגס־קאָמאַנדע אַוועק און עס וועט צוריק רואיק ווערן. די אויסרעכענונג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט קיין ריכטיקע. די נאַצי משחיתים האָבן פּשוט געמאַכט אַ געיעג אויף די אויסבאַהאַלטענע יידן און גלייך דערשאָסן. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז אין דעם פאַל האָט די יידישע געטאָ־פּאָליציי אויסגעפירט אַ גאָר שענדלעכע ראָלע. זיי זיינען אַרומגעלאָפן און אויסגעזוכט די באַהעלטענישן און אויף אַזאַ אופן איבערגעגעבן אַפילו אייגענע פאַמיליע־מיטגלידער און נאָענטע פריינד אין די הענט פון די רוצחים.

צו יענער צייט איז אָנגעגאַנגען די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד און דערפאַר האָט פאַרפליכטעט די פאַרטונקלונג פאַראָרדנונג. די פענצטער פון די וווינונגען האָבן געמוזט זיין פאַרהאָנגען מיט שוואַרץ פּאַפּיר  מען זאָל נישט אַרויסזען קיין ליכט־שטראַל. דאָס זעלבע האָט פאַרפליכטעט אויף די גאַסן. קיין שום גאַסן-באַלויכטונג האָט נישט געטאָרט זיין. מוצאי יום־כיפור איז געווען אַן אויסנאַם. אַלע עלעקטרישע באַלויכטונגען האָבן יענע טראַגישע נאַכט געברענט. קיין שום פאַרדונקלונגס־פאָרשריפטן האָבן נישט פאַרפליכטעט. פאַר היטלערן מיט זיין רעזשים און אויסראָטונגס־קאָמאַנדאָ איז וויכטיקער געווען דאָס אומברענגען די יידן ווי די גאַנצע מלחמה. די עלעקטרישע באַלויכטונג האָט זיך ספּעציעל געברענט בכדי צו באַשווערן און אוממעגלעך מאַכן דאָס אַנטלויפן פון די יידן פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט. די יידישע געטאָ־פּאָליציי איז אַרומגעלאָפן איבער די יידישע הייזער און אָנגעזאָגט, אַז יעדער מוז זיך צושטעלן צום אַפּעל אויפן נייעם מאַרק. דאָרט איז טאַקע פאָרגעקומען די סעלעקציע צו דער דעפּאָרטאַציע צום טויט, צו די גאַז־אויוונס קיין טרעבלינקע. איך בין צום אַפּעל נישט געגאַנגען. צוערשט האָב איך אויסבאַהאַלטן מיין פאַמיליע אין אַ בונקער. מיין מוטער ע״ה און מיין שוועסטער האָב איך, אונטער אַ האָגל פון קוילן, אַוועקגעפירט אין בראַלאַנדס פאַבריק אויף דער קרוטנע גאַס. דאָרט איז געווען אַ בונקער אין וועלכן עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן זעכציק יידישע נפשות. עס איז געווען אַ מאָמענט ווען דער הויפּט נאַצי־מערדער דעגענהאַרדט, ימח שמו, האָט געפאָדערט פון די ברידער לאַנדאַו, אַז זיי זאָלן אויסגעבן דעם בונקער און אויב נישט וועלן זיי אַלע דערשאָסן ווערן. זיי, די ברידער לאַנדאַו, זיינען געווען ערלעכע, חשובע און ווירדיקע יידן, האָבן זיי בעסער אויסגעקליבן דעם טויט איידער איבערצוגעבן אין די רוצחישע הענט זעכציק יידישע נפשות צום אומקום. די ברידער לאַנדאַו האָבן קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אויף דעם געביט פון זייער פאַבריק געפינט זיך נישט קיין שום בונקער. נישט געקוקט דערויף, וואָס די נאַציס האָבן געזוכט, איז דער בונקער נישט געפונען געוואָרן און די איידעלע ברידער לאַנדאַו זיינען נישט דערשאָסן געוואָרן. איך האָב געהאַט אַן אַרבעטס־קאַרטע פון „ענרא״, בין איך פון לאַנדאַוס פאַבריק אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט פון דער גאַס צו דער „מעטאַלורגיע״, וואו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ גרעסערע צאָל יידן. עס איז אָנגעקומען אין דער „מעטאַלורגיע״ הער קאַלאַנטיי, דער קאָמיסאַר פון דער פאַבריק „ענרא״ און מיטגענומען אַלע, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט און

געהאַט אַרבעטס־קאַרטן פון „ענרא״. ביים אַרויסמאַרשירן פון דער „מעטאַלורגיע״ האָט דער זשאַנדאַר שאָטט י״ש געגעבן אַ ווונק צום מערדער דעגענהאַרדט י״ש, וועלכער האָט געפרעגט אַ ייִנגל פון די „ענרא׳ ׳אַרבעטער וויפיל יאָר ער איז אַלט. דאָס ייִנגל האָט פאַר שרעק פּשוט נישט געקענט ריידן, האָט זיין פאָטער שמואל זעלינגער, דעם קאַמיקער רב׳ס איידעם, געענטפערט 17 יאָר. דעגענהארדט האָט אַ ווונק געגעבן צום זשאַנדאַר שאָטט, וועלכער האָט דאָס ייִנגל אויפן אָרט דערשאָסן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס זיך האָב געזען דערשיסן אַ מענטשן. צום ערשטן מאָל האָב איך געזען די ראַנגלענישן פון אַ דערשאָסענעם מענטשן, די קאַלוזשע בלוט פון אַ בגוואַלט איבערגעריסן לעבן. דאָס בילד שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן און וועל עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן ביז דער ענדע פון מיין לעבן. איך וועל נישט פאַרגעסן קיינמאָל אין מיין לעבן דעם טראַגישן יום־כיפור 1942, וואָס איז געווען דער אָנהויב פון די דעפּאָרטאַציעס און די מאַסן־שחיטות פון די טייערע און האַרציקע ייִדן פון מיין היים־שטאָט טשענסטאָכאָוו. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיינע האַרציקע גאָטספאָרכטיקע עלטערן; מיין פאָטער חיים און מוטער דבורה עליהם השלום; מיינע ברידער גאָדל און טוביה עליהם השלום; מיינע האַרציקע שוועסטערן שרה און מרים עליהם השלום; אַלע מיינע נאָענטע פריינט, באַקאַנטע, דאָס טשענסטאָכאָווער ייִדנטום, די קעמפער פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און בכלל דאָס אייראָפּעאישע ייִדנטום, וואָס איז אומגעקומען אויפן מזבח פון ייִדישער קדושה על קידוש השם ועל קידוש העם.



אַ גרופּע אַנטלאָפענע פון טויטן־לאַגער טרעבלינקע, צווישן זיי דריי טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט. אין דער ערשטער רייע, וואָס זיצט אין דער רעכטער זייט, איז יעקב אייזנער. די ערשטע צוויי, וואָס שטייען אין דער לינקער זייט זיינען: אברהם-לייב באַמבאַ און משה ראַפּאַפּאָרט.

הערשל ראָזענבלום

# פון ראָטלעבעראָדע ביז גארדעלעגען

— אין אָנדענק פון מיינע אומגעקומענע חברים און פריינט —



## אַריינפיר

הערשל ראָזענבלום איז אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן. ער איז נאָך דער ליקווידאַציע פון גרויסן און קליינעם געטאָ, געווען קאַשאַרירט אין „האסאג־פעלצערן". יאַנואַר 15, 1945 איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד, נאָכדעם קיין „דארא" און פון דאָרט קיין ראָטלעבעראָדע.

אין דעם אַרטיקל באַשרייבט הערשל ראָזענבלום דעם לעצטן עטאַפּ פון ליידנס־וועג, דעם טויטן-טראַנספּאָרט און טויטן־מאַרש פון קאָנצענטראַציע־לאַגער ראָטלע־בעראָדע ביז גארדעלעגען.

דער רעדאַקטאָר

אין די דייטשע הארצגעביטן, אין ראָטלעבעראָדע, איז געווען אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער מיט איבער טויזנט שקלאַפן־אַרבעטער פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. דאָרטן זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן די פאַו־1 און פאַו־2, ראַקעטן און לופט-פליער.

מיטוואָך, דעם 4 אַפּריל, 1945 איז דער לאַגער עוואַקואירט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טויטן־מאַרש. פונדערווייטנס האָט מען געזען, אַז נאָרטהאוזען איז אין שרפה־פלאַמען פון די באָמבעס פון די אַליאירטע עראָפּלאַנען.

אין שרעקלעכע, אוממענטשלעכע באַדינגונגען און אונטער אַ האָגל פון קלעפּ, זיינען אַלע געטריבן געוואָרן אַ גאַנצע נאַכט צו דער באַן־סטאַציע. צו דער זעלבער צייט זיינען אַלע אַנדערע לאַגערן פון דער אַרומיקער געגנט אויך עוואַקואירט געוואָרן און די צאָל פון די לאַגערניקעס האָט דערגרייכט ביז אַכט טויזנט. אַלע זיינען געווען אונטער אַ שטרענגער וואַך פון די ס.ס.־לייט, וואָס האָבן אַריינגעפּאַקט צו 100 און 120 לאַגערניקעס אין אָפענע וואַגאָנען.

דער טראַנספּאָרט האָט זיך געשלעפּט זיבן טעג און זיבן נעכט און קיינער האָט נישט באַקומען קיין שום דערנערונג, אפילו נישט קיין וואַסער. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַ מאַסן־שטערבלעכקייט פון הונגער און קעלט. יעדן אָוונט, נאָך דער זון־אונטערגאַנג, זיינען די מתים אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון די וואַגאָנען אויף די פעלדער. אויפן זיבעטן טאָג איז דער צוג אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווייל די באַן־באַוועגונג איז פולשטענדיק איבערגעריסן געוואָרן דורך די אָנגרייפנדיקע אַליאירטע אַרמייען.

די ס.ס.־רוצחים האָבן אַלעמען אַרויסגעטריבן פון די וואַגאָנען און ביים אַפּעל איז די צאָל פון די לאַגערניקעס געווען אַרום צוויי טויזנט. איבער זעקס טויזנט האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות אין דעם טרויעריקן טויטן-טראַנספּאָרט.

אונטער דער שטרענגער באַוואַכונג פון די ס.ס.־רוצחים, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַרש איבער אַ שמאָלן וועג, דורך אַ וואַלד. אַלע האָבן אויסגעזען ווי שקעלעטן, לעבעדיקע מתים, און ווער עס האָט שוין נישט געקענט מאַרשירן און האָט זיך אַני־דערגעזעצט, האָט גלייך אַ רוצחישע ס.ס.־קויל אַדורכגעלעכערט זיין קאָפּ, און ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, האָט זיך פאַרענדיקט אַ לעבן פון גרויליקער פּיין.

נישט געקוקט אויף דער שטרענגער באַוואַכונג און כסדר'דיקע שיסערייען, זיינען אַ גרויסע צאָל פון די מאַרשירנדע אַנטלאָפן אין די וועלדער.

ווען דער גאַנצער טראַנספּאָרט האָט דערגרייכט די אָרטשאַפט, וואָס טראָגט, פאַר די לעבן־געבליבענע, דעם אַזוי טרויעריק באַרימטן נאָמען: גארדעלעגען, האָט די צאָל שוין נישט איבערגעשטיגן די ציפער פון 150 אויסגעדאַרטע און אויסגע־מאַטערטע סקעלעטן.

עס איז שוין דעמאָלט געווען צו באַמערקן, אַז די באַוואַכער ווייסן נישט וואָס צו טאָן מיט די נאָך געבליבענע 150 לעבעדיקע מתים.

אין גארדעלעגען האָט מען זיך איבערצייגט, וואָס דאָרטן איז געשען אַ האַלבע שעה פאַרן אָנקומען פון די 150 סקעלעטן. די ס.ס.־רוצחים האָבן געמאַכט אַ געיעג נאָך די אַנטלאָפענע און זיי געכאַפּט און געברענגט קיין גארדעלעגען. זיי האָבן אין אַ סטאָדאָלע באַגאָסן דאָס שטרוי מיט בענזין און אַלע דאָרטן אַריינגעטריבן און לעבעדיקערהייט פאַרברענט.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן זיינען אויף דעם שרעקלעכן אופן, אַפּריל 12, 1945, דריי טעג פאַר דער באַפרייאונג דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אומגע־קומען 1,015 (טויזנט און פופצן) מאַרטירער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

נאָכן אַריינמאַרש פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי האָבן זיי פאַראָרדנט דעם דייטשן בירגערמייסטער צו מאַכן אַ ספּעציעלן בית-עולם פאַר די פאַרברענטע קרבנות.

אין דער שטאָט גארדעלעגען, וואָס געפינט זיך היינט אין מזרח־טייל פון דייטש־לאַנד, געפינט זיך אַ בית־עולם מיט טויזנט פופצן קברים, וואָס סימבאָליזירן דעם דייטשן און נאַצישן באַרבאַריזם.

אַלס איינער פון די 68 לעבן־געבליבענע פון דעם טראַנספּאָרט, וויל איך באַ-גלייטן די קורצע באַשרייבונג מיט די ווערטער:

כבוד זייער אָנדענק!

רבקה אבראמסאָן

## קלאבוצק אַ שטעטל נעבן טשענסטאָכאָוו

דאָס שטעטל קלאבוצק איז אַכצן קילאָמעטער פון טשענסטאָכאָוו. די דאָזיקע נאָנטקייט האָט צונויפגעבונדן ביידע ישובים סיי געאָגראַפיש, עקאָנאָמיש און קולטורעל.

פאַר דער מלחמה ווען די קלאַבוצקער יוגנט פלעגן שבת נאָכמיטאָג גיין אויף אַ שפּאַציר, איז מען אַזוי לאַנג געגאַנגען ביז מען איז דערגאַנגען צו דער לאָקנדיקער גרויסער שטאָט טשענסטאָכאָוו.

מיין פאָטער ר׳ זלמן ווייכמאַן ע״ה האָט ליב געהאַט צו דערציילן פאַר די קינדער פאַרשידענע געשעענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. צווישן אַנדערע האָט ער דערציילט וועגן דעם גרויסן הונגער און נויט, וואָס עס האָט געהערשט אין אַלגעמיין און וועגן טשענסטאָכאָוו בפרט. גראַדע איז דאָס שטעטל קלאבוצק געווען אָנגעפילט מיט אַגראַר פּראָדוקטן און די טשענסטאָכאָווער פלעגן קומען איינקויפן לעבנסמיטל און קלאבוצק איז געווען דערמיט אַ גרויסע הילף פאַר טשענסטאָכאָוו.

מיין גאָט זעליקער פאָטערס בעסטער פריינד איז געווען דער שוחט־מוהל ר׳ב משה סאַנדלער און דערצו אויך אַ גוטער חזן. גראָד האָט זיך טשענסטאָכאָוו גענויטיקט אין אַ גוטן שוחט, מוהל און חזן, און היות ווי דאָס שטעטל קלאבוצק האָט געהאַט פאַרשטענדניש פאַר די רעליגיעזע באַדערפנישן פון דער גרויסער שטאָט, האָט זי איינגעשטימט, אַז ר׳ב משה סאַנדלער זאָל זיך באַזעצן אין טשענסטאָכאָוו.

קלאבוצק האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן דאָקטאָר, אַ פּאָלאַק, גראַדע אַ זייער פיינער מענטש און יידן־פריינד. די קראַנקן־קאַסע אין טשענסטאָכאָוו האָט דורכאויס געוואָלט האָבן דעם דאָקטאָר בילכאַווסקי און אויך דאָס מאָל האָט דאָס שטעטל קלאבוצק זיך נישט אַנטזאָגט פון אַנטקעגנקומען דעם באַגער פון טשענסטאָכאָוו, וועלכער איז דאָרטן זייער שטאַרק באַליבט געוואָרן און דאָס באַוויזט, אַז ער איז אַ קורצע צייט שפּעטער דערוויילט געוואָרן אין פּוילישן פּאַרלאַמענט. (סיים). דער דערמאָנטער דאָקטאָר בילכאַווסקי איז געבליבן טריי זיינע אנשויאונגען פון מענטשלעכקייט און זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך זייער פריינטלעך באַצויגן צו יידן.

איך געדענק פון מיינע קינדער־יאָרן אַז אויך אויפן קולטורעל־פּאָליטישן געביט האָט קלאבוצק מיטגעאַרבעט מיט טשענסטאָכאָוו. די קלאבוצקער ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציע מיט איר מנהיג שמואל גליקסמאַן ע״ה האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן די יוגנט אין טשענסטאָכאָוו. זיי האָבן אַ סך מיטגעווירקט צו דער אַנטשטייאונג פון „התחיה" און „גורדוניה" אָרגאַניזאַציעס אין טשענסטאָכאָוו.

איז טאָקע קיין ווונדער, אַז איך און מיין מוטער, מאַכע וויינמאַן, וואָס געפינט זיך יעצט אין שוועדן ווי אויך אַלע קלאבוצקער באַטראַכטן זיך מיט די טשענסטאָכאָווער ווי אַן אייגענע משפּחה.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט שרפה, ווען די נאַצי־בעסטיעס האָבן צעשטערט און פארניכטעט דאָס יידישע לעבן אין טשענסטאָכאָוו, האָט דער זעלבער טראַגישער גורל געטראָפן דאָס קלאבוצקער יידנטום.

צבי ראָזענווײַן

## טשענסטאָכאָווער אַלעען

— רעפלעקסן —

מיט אַ הייליקן אינערלעכן ציטער דערמאָנט יעדער ייד, וואָס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, זיינע אַלעען. עס ערוועקן זיך זכרונות פון פאַרגאַנגענעם לעבן, פון לעבן פון די עלטערן, קרובים, פריינט, חברים און פון דער גאַנצער סביבה. עס דערוועקט זיך צוריק די אייביק נאָגענדע, אונשטילענדע בענקשאַפט נאָך דעם רייכן, רומפולן יידיש פולסירנדיקן לעבן, וואָס איז פאַרבונדן מיטן אָנדענק פון די טשענסטאָכאָווער אַלעען. גלייכצייטיק ווערט מען אויפגעשוידערט ביים געדאַנק, אַז דאָס אַלץ איז אויף אייביק, אויף אייביק פאַרשוווּנדן.

* * *

אין די טשענסטאָכאָווער אַלעען זיינען איינגעשלאָסן צוויי ריזיקע קירכעס: איינע אין נייעם מאַרק — אינעם האַרץ פון אַמאָליקן יידישן קוואַרטאַל — און די אַנדערע איז די וועלט־באַרימטע „יאַסנא גורא". די ערשטע איז ביים אָנהויב און די צווייטע ביים סוף פון די אַלעען. אין וועלכער זייט מען האָט זיך נישט געפונען, האָבן זיך אַרויסגעזען די הויכע קירכע טורעמס מיט זייערע גלאַנציקע און מיט פחד אָנוואַרפנדיקע צלמים.

האָבן חסידישע יידן געווענדעט זייערע בליקן צו דער ערד, אויסצומיידן און נישט זען די טומאה פאַר זיך.

זיינען פרומע חסידישע יינגלעך פון די אָרימע פאַר׳חושכדיקע געסלעך, וועלכע האָבן אַמאָל געוואָלט זען די שיינע אַלעען מיט די בליענדע ביימער, זיינען זיי אַריבער אויף דער אַנדערער זייט טראָטואַר פון דעם געסל, וואָס פאַרבינדט דעם אַלטן מיט דעם נייעם מאַרק ווו די קירכע געפינט זיך, בכדי נישט חלילה נכשל צו ווערן מיט כאַפּן אַ בליק אויף דער טומאה.

האָבן זיך יידן האָרעפּאַשניקעס, נאָך אַ פולער וואָך שווערע אַרבעט און נישט וויייניק הונגער און קעלט, זיך אַרויסגעלאָזט שבת נאָכמיטאָג פון זייערע קעלער וווינונגען און בוידעם שטיבלעך, פון די נידעריקע איינגעהויקערטע הייזקעס פון די קאַזשע געסלעך צו די אַלעען.

אַנדערע יידן זיינען סתם געגאַנגען איינאָטעמען אַ ביסל פרישע לופט און באַוווּנדערן די שיינע מאַיעסטעטישע אַלעען. מען איז געגאַנגען ווער צו זיין פאַריין אָדער פאַרטיי כדי זיך צוזאַמענטרעפן מיט נאָך אַנדערע האָרעפּאַשניקעס און צוזאַמען זיך טיילן מיט די שווערע מחשבותן און אויך הערן פון צייט צו צייט ווערטער פון טרייסט און אויפמונטערונג וועגן אַ שענערער און בעסערער וועלט וואָס וועט קומען.

זיינען זיך יידישע יוגנטלעכע געגאַנגען צו זייערע יוגנט אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַלעען צו טרוימען דאָרטן זייערע יוגנט חלומות. האָבן אַנדערע יוגנטלעכע, אויסגעפוצטע אין זייערע שענסטע קליידער זיך געלאָזן אין די אַלעען כדי זייערע יוגנטלעכע שטיפערייען ברענגען צום אויסדרוק.

האָט זיך דאָס רעוואָלוציאָנערע געזאַנג וועגן מענטשלעכן פּראָגרעס אויסגעמישט מיט דעם גמרא ניגון, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די חסידים שטיבלעך און זיי אַלע האָט פאַרהילכט דאָס געלעכטער און געזאַנג פון די קינדער און יוגנטלעכע, וואָס האָט צוזאַמען געשאַפן אַ הערלעכע אומפאַרגעסלעכע הימלישע סימפאָניע.

* * *

האָבן בייזע שרעקלעכע ווינטן אָנגעהויבן בלאָזן, וואָס האָט נישט אָנגעזאָגט

קיין גוטס. איז דער יידן־האַס און טעראָר גרעסער געוואָרן, האָט מען זיך אָנגעהויבן באַגרענעצן אין ענגער קאָנצענטרירן. איז מען נישט ווייטער געגאַנגען ווי ביז פאַזדערסקיס זייגער, ביז צו דער ענדע פון דער צווייטער אַלעע. איז די ענגשאַפט גרעסער געוואָרן. האָט מען אין אַ שבת פאַרנאַכט אָדער אין אַ סתם זומער פאַרנאַכט ממש דאָרטן נישט געקענט אַדורכגיין.

האָט זיך אַ יונג פאַרחלומט פאָרל פאַרגלוסט אַרויסצורייסן זיך פון דער ענגשאַפט און פרובירט שפּאַצירן ווייטער אין דער דריטער אַלעע נענטער צום הייליקן קלויסטער, אָדער זיי האָבן זיך געוואָלט אַוועקזעצן אין אַ רויקן ווינקל אין פּאַרק, ביי דער ענדע פון די אַלעען, האָבן זיי גלייך דערפילט דעם טעם פון פּוילישע כוליגאַנישע שטעקנס, וועלכן האָבן זיי דערמאָנט, אַז יידן טאָרן נישט געניסן פון פּאַרק.

שפּעטער, אין די צייטן פון „אווּשעם" האָבן פּוילישע כוליגאַנעס פאַרהילכט די אַלעען מיט אויסגעשרייען צו באָיקאָטירן יידן, אַויסרופנדיק דערביי די נידעריקסטע באַליידיקונגען אויפן יידישן חשבון. האָבן יידן מיט ווייטיק און האַרצקלעמעניש דאָס צוגעזען און געמוזט שווייגן. פאַרמאַכן זיך איינציקווייז יידישע געשעפטן אין די אַלעען. דאָרטן זיינען געווען כמעט בלויז יידישע געשעפטן. עס הויבן זיך אָן צו עפענען פּוילישע געשעפטן, וואָס ענדערן דאָס אויסזען פון די אַלעען, זעט מען, דעריבער, אָפענע געשעפטן אין שבת און דאָס שאַפט אַ דיסהאַרמאָניע צו דעם, וואָס עס איז געווען. עס איז, אָבער, נאָך אַלץ געווען דער יידישער דופק, וואָס האָט אויסגעשמידט דעם כאַראַקטער און אויסזען פון די אַלעען.

* * *

מיטן אַריינמאַרש פון די נאַצי אַרמיי, דעם דריטן טאָג פון אויסברוך פון דער מלחמה, ענדערט זיך אינגאַנצן דער אויסזען פון די אַלעען.

די באַפעלקערונג איז געווען אין טויט־צאַפּל פאַר דער גוואַלטיק טייוולאָנישער קראַפט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן.

שטייט אַ פּוילישע פרוי, אַן אויפגעטרייסלטע פון דער קאַטאַסטראָפע, אין מיטן דער אַלעע מיט אויסגעשפּרייטע הענט, ווי יעזוס אויפן קרייץ, און ביים אָנבליק פון די דורכמאַרשירנדע בעסטיעס, ווענדעט זי אירע אויגן צו דער „יאַסנאַ גורא" און בעט אויפן קול צו דער הייליקער מוטער זי זאָל ראַטעווען די הייליקע שטאָט.

האָט מען אויף צומאָרגנס, מאָנטיק, סעפּטעמבער 4, 1939, שוין געזען דעם אָנהויב פון אונדזער פאַרניכטונג. אונטער דעם בילבול, אַז יידן האָבן געשאָסן צו די דייטשן, האָבן די נאַצישע באַנדיטן באַפאַלן די יידישע באַפעלקערונג. האָבן שוין דעמאָלט קאַלוזשעס יידיש בלוט פון הונדערטער מענער, פרויען און קינדער געגאָסן אין די אַלעען, און ביי יעדן הויז זיינען געלעגן טויטע קערפּערס פון די קרבנות. אויף אַ סך ערטער האָט מען געקענט זען אַ מוטער מיט אַ קליין קינד באַנאַנדער דערמאָרדעטע.

זיינען נאָכן ערשטן שטורעם געקומען די ווייטערדיקע גזירות. דאָס שליסן יידישע געשעפטן און דער צוואַנגס באַפעל צו טראָגן אָרעם־בענדער.

האָבן די אַלעען אַן אַנדערן, אַ חושכדיקן, אויסזען באַקומען. זיינען די יידישע פּאַרטיי־לאָקאַלן, די יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און באַנקן געשלאָסן געוואָרן און אין זייערע לאָקאַלן האָבן זיך גאָר אַנדערע אַריינגעצויגן צו דינען דער „געסטאַפּאָ" צו פאַרניכטן די יידן. זיינען די לאָקאַלן, וואָס זיינען פריער געווען דער קוואַל שפּרודלדיקן יידישן לעבן, געוואָרן דער קוואַל און טאָל פון טרערן. האָט מען יעצט אין די דאָזיקן לאָקאַלן געזען יידישע צוואַנגס־אַרבעטער אָנגעטוענע אין האַלץ שיך און צעריסענע פּאַפּירענע קליידער־שמאַטעס מאַרשירן צו שקלאַפן־אַרבעט.

האָט מען אויך פון די דאָזיקע לאָקאַלן געשלעפּט יידישע יוגנטלעכע צו די קאָנצענטראַציע און אויסראָטונגס־לאַגערן.

* * *

שווער, טראַגיש שווער, ווערט אויפן האַרצן ווען דורך דער מחשבה ערשיינען די לעצטע בילדער פון די אַלעען, די בילדער פון חורבן און אומקום.

צו פינף אין אַ רייע מאַרשירן זיי, די יידן פון די גאַרנצאַרסקע, טאָרגאָווע און נאַדזשעטנע געסלעך, אָנגעטאָן אין די שענסטע יום־טוב קליידער, מיט און אָן פּעקלעך אויף די פּלייצעס, מיט קינדער אויף די הענט און ביי די הענט און אַלץ איז באַהערשט מיט אַ הייליקע פאָרכטיקע שטילקייט. זיי מאַרשירן ביז דער ענדע פון נייעם מאַרק, ביים אָנהויב פון דער ערשטער אַלעע. דאָרט מוזן זיי זיך אין דריי איינצעלנע רייען מאַרשירן פאַרביי דעם סעלעקציע־פּונקט, ווו עס שטייען דער נאַצי־משחית דעגענהאַרדט מיט זיינע געהילפן און זיי באַשטימען ווער אויף לינקס און ווער אויף רעכטס. אויף לינקס ווערן געשיקט אַלטע, שוואַכע און קינדער, און אויף רעכטס ווערן געשיקט אַ קליינער פּראָצענט יונגע אַרבעטספעייקע, וואָס ווערן איבערגעלאָזט צו שקלאַפן אַרבעט. די פון לינקס ווערן געפירט צום מאַרק און פון דאָרט טראַנספּאָרטירט צו די אויף זיי וואַרטנדע וואַגאָנען וועלכע פירן זיי צום אומקום און פאַרניכטונג, צו די גאַז קאַמערן. די פון רעכטס ווערן געפירט אין דער ריכטונג פון דער אַלעע דורך די ווילסאָנא צום פּלאַץ פון לאַנדאוס פאַבריק אויף דער קרוטקע גאַס.

עס איז שווער צו זאָגן, וואָס האָבן די פון „לינקס", וועלכע האָבן געוווסט, אַז זיי זיינען פאַראורטיילט צום טויט, וואָס האָבן זיי אין זייער פאַרצווייפלטער הילפסלאָזיקייט געטראַכט וואָס איז זיי געקומען אויף די געדאַנקען ביים זען אין זייער לעצטן מאָמענט די וועלט. פון זען די דעמאָלט אַזוי פּראַכטפול שיינענדע זון, פון זען דעם דעמאָלט פּראַכטפולן האַרבסט, פון זען דאָס לעצטע מאָל זייער געבוירן שטאָט, זייערע אַלעען און אויך זייערע איינצעלנע נאָנטע: זייערע זין און טעכטער, וועמען דער גורל האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן גיין אויף רעכטס צום ווייטערדיקן לעבנס געראַנגל. וואָס האָבן די צום טויט פאַראורטיילטע דעמאָלט געטראַכט? וואָסערע בייזע קללות האָבן זיי אין זייער טויט אַנגסט געצאַפּל געווענדעט צום הימל, וועלט און מענטש פאַר זייער פּריצייטיק איבעררייסן דאָס לעבן.

ביי די פון רעכטס וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער ערשטער אַלעע אויסגעשטעלט און וועלכע זיינען נאָך נישט געקומען צום באַוווסטזיין פון דעם, וואָס איז נאָר וואָס פאָרגעקומען אַז זיי זיינען שוין אויף אייביק צעשיידט פון זייערע פרויען און קינדער, פון זייערע עלטערן און געשוויסטער. עס זיינען אויך געווען אויסברוכן פון גליק געוויינען, פון גליק צו זען אַ שוועסטער, אָדער אַ ברודער צווישן די גליקלעכע, צייטווייליק אָפּגעראַטעוועטע.

קען עמעצער היינט פאַרשטיין די דאָזיקע העכסטע מאָס פון גליק, וואָס האָט דעמאָלט דעם מענטשן באַהערשט, ווען מען האָט געזען נעבן זיך נאָך אַ מיטגליד פון דער אייגענער פאַמיליע? מען האָט „פאַרגעסן" וועגן דעם, אַז מען האָט ערשט נאָר וואָס, גרויזאַם און טראַגיש פאַרלוירן טאַטע־מאַמע, געשוויסטער און פאַמיליע. מען האָט נאָר געטראַכט וועגן דעם גליק צו האָבן כאָטש איין נאָענטן פון דער פאַמיליע. קען עמיצער איבערגעבן די געפילן און געדאַנקען פון די זעקס הונדערט יידישע מענער און פרויען, וואָס זיינען דעם זעלבן אָוונט אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן פון לאַנדאוס פּלאַץ צום קינאָ „גאלגאטא", וואָס האָט זיך געפונען נעבן דער יאַסנאַ גורא? צו פינף אין אַ רייע האָבן זיי מאַרשירט אונטער דער באַוואַכונג פון די באַנדיטישע פאָלקס דייטשישער זאָנדער דינסט, באַגלייט מיט קלעפּ פון קאָלבעס און

זידלערייען און ביי אַ שפּאָטישן געלעכטער פון די הונדערטער שפּאַצירנדע פּאָלאַקן. עס בלוטיקט דאָס האַרץ ביים דערמאָנען דעם דאָזיקן מאַרש. אָט דאָרט אין דער ערשטער אַלעע איז בלוט אין חורבן און דאָ אין די אַנדערע טיילן פון די אַלעען זיינען באַלויכטענע פענצטער און עס טראָגן זיך די קלאַנגען פון טאַנץ־מוזיק פון די פאַר־ווײַלונגס לאָקאַלן, און שפּאָטישע בליקן צו די פון טויט אַנטרונענע און צו שקלאַפן פיין פאַר׳משפּט׳ע.

איז דאָס מעגליך איבערצוגעבן די ערשטע נאַכט אין די „גאלגאטא“, די טראַ־גישע ספּאַזמען אויסברוכן פון די פאַר׳יתומטע? דאָס פאַרשעלטן זיך דעם טאָג פון געבוירן? דאָס קלאַפּן זיך די קעפּ אין צעמענטענעם פּוס־באָדן דורך די פאַרצווייפלטע? די שפּעטערדיקע האלוצינאַציעס פון זען די הילפס רופנדע אויסגעשטרעקטע הענט פון די נאָנטע, וואָס זיינען שוין דעמאָלט אָנגעקומען קיין טרעבלינקע און גע־גאַנגען דעם טויט אַנטקעגן אין די גאַז קאַמערן?

* * *

עס מאַרשירן אויך שפּעטער יידן איבער דער אַלעע. דורך דעם טויער פון קליי־נעם געטאָ, פירט מען זיי איבער דער קרוטקא, ווילסאנא און אַלעען צו די באַשטימ־טע אַרבעטס־פּלעצער. אומעטום זעט מען די בילדער פון חורבן. אָט זעט מען ביי דער טומאה פון נייעם מאַרק אַ הויכן שטויס פון געשיר אַרויסגענומען פון יידישע וווינונגען. עס וואַלגערן זיך זיידענע קאַפּאָטעס. אויף אַן אַנדער אָרט זעט מען ספרים אויסגעמישט מיט וועש. אומעטום זעט מען גרויסע קאַלוזשעס בלוט אויסגעמישט מיט פאַרשידענע הויז־געגענשטאַנדן. אַלע הייזער זיינען פוסט, אויסגעליידיקט, אַ שרעקלעכער יאמער בלאָזט פון אומעטום. ווו זיינען די טויזנטער, טויזנטער יידן, וואָס האָבן דאָ געלעבט? וועלכער שוואַרצער גייסט האָט דאָס געקענט באַוויזן פון דעם שפּרודלנדיקן יידישן לעבן צו שאַפן אַ בית עולם?

שווער זיינען די געדאַנקען פון די מאַרשירנדע יידן, וועמענס אייגן לעבן און דאָס לעבן פון די נאָנטסטע איז אויף אייביק צעשטערט געוואָרן.

איינצעלנע פון די מאַרשירנדע רייסן זיך אַרויס פון די שקלאַפן אַטמאָספערע. עס גייען אַזעלכע, וואָס זוכן דעם וועג צום וואַלד און עס גייען אַזעלכע, וואָס זוכן צו שוואַרצן אַ גרענעץ.

די וואָס באַשליסן אַרויסצורייסן זיך פון די רייען, גייען זיי אויך דעם לעצטן וועג פון זייער היימשטאָט, ווו פון אַלע זייטן לויערן טויזנטער טויט־געפאַרן, אַדורך די אַלעען. זיי וואַרפן זייערע לעצטע בליקן אויף דעם טייל שטאָט, ווו עס זייבען פאַרבונדן זייערע שענסטע און טרויעריקסטע זכרונות. די דאָזיקע לעצטע בליקן פון די אַלעען זאַפּן זיי אין זיך איין און מיט זיי זיך אַרומצוטראָגן אין זייער ווייטערדיקן אונרוייקן נע ונד לעבן.



משה אַלטמאַן

## דער אָנהויב פון טשענסטאָכאָווער חורבן

מיט 23 יאָר צוריק האָבן די נאַצי משחיתים און טייוולאָנים זיך געוואָרפן מיט דער גרעסטער רציחה און באַרבאַריזם אומצוברענגען די יידישע באַפעלקערונג.

מיט 23 יאָר צוריק האָבן די נאַציס, ווי גיפטיקע שלאַנגען, זיך געוואָרפן אויפן טשענסטאָכאָווער יידנטום: פאַריתומט, פאַראומערט, חרוב געמאַכט און פאַרשניטן דאָס יידישע לעבן.

אין דעם טאָג פון יום־כיפור זיינען שוואַרצע און פינצטערע בשורות דערגאַנגען צו דער יידישער באַפעלקערונג. די גרויליקע ידיעות האָבן זיך ווי שוואַרצע וואָלקנס אַראָפּגעלאָזט אויף די פאַרחושכדיקטע שווערע געמיטער פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. געווען איז דאָס יום־כיפור 1942. מיט צעווייטיקטע הערצער, פול מיט פּיין און טרויער זיינען די יידן געווען פאַרזאַמלט אין די בתי־תפילות. יעדע ידיעה האָט ווי מעסערס געשניטן די צעווייטיקטע, פאַראומערטע הערצער און פון די צערפולע אויגן האָבן געפלאָסן טייכן טרערן.

אייגנטליך האָט נאָך קיינער נישט געוווסט, וואָס פאַר אַן אומגליק און חורבן עס גרייט זיך. קיינער האָט שוין נישט געגלויבט די נאַצי־מאַכט. קיינער האָט מער נישט געגלויבט זייערע פאַרזיכערונגען, אַז אין טשענסטאָכאָוו וועט גאָרנישט געשען, ווייל די שטאָט איז אַ וויכטיקער אינדוסטריעלער צענטער. קיינער האָט זיך נישט מער געשפּייזט מיט האָפנונגען, ווייל אין די אַרומיקע שטעט זיינען די מערהייט יידן חרוב ונחרב געוואָרן, פאַרשלעפּט געוואָרן אין וואַגאָנען צו טויט־לאַגערן, גאַז קאַמערן, געפּייניקט און געמאַטערט געוואָרן ביז יציאת נשמה.

אַכט אַזייגער אָוונט איז אַוועק אַ דעלעגאַציע פון יודענראַט, צום נאַציש‌ן שטאָט־הויפּטמאַן, אינטערווענירן וועגן דער באַאומרויקנדיקער לאַגע אין געטאָ. דער שטאָט־הויפּטמאַן האָט אויפגענומען די דעלעגאַציע און אָנגענומען אַ „מתנה" פון הונדערט טויזנט זלאָטעס און האָט פאַרזיכערט, אַז קיין שום אַקציע וועט אין טשענסטאָכאָוו נישט פאָרקומען. די ידיעות, וואָס זיינען אָנגעקומען אין געטאָ זיינען געווען פונקט פאַרקערטע. אין דעם טאָג זיינען אַלע יידישע צוואַנגס־אַרבעטער צוריקגעשיקט געוואָרן אין געטאָ און די פון דער „אָסטבאַן" האָבן איבערגעגעבן, אַז די „שוואַרצע" אויסראָטונגס קאָמאַנדע איז אָנגעקומען און האָט זיך איינקוואַרטירט אין דער פּילסודסקי שולע און, אַז הונדערט וואַגאָנען שטייען גרייט אויף דער באַנסטאַציע צום אויסזידלען די יידן.

די ידיעות האָבן אַלע יידן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ אויפגעטרייסלט, ווייל דאָס אַלץ איז געווען צו גלויבן, ווייל פון דעם ערשטן טאָג פון דער אָקופּאַציע פון די נאַציס אין דער שטאָט, איז נישט געווען קיין איין רוייקער טאָג. אַרעסטן, שלאָגן, שיסן, כאַפּן צו צוואַנגס אַרבעט, פאַרשיקונגען אין קאָצענטראַציע לאַגערן, טראָגן צייכנס און נומערן, צאָלן קאָנטריבוציעס, קאָנפיסקאַציעס פון באַוועגליכן און אומבאַוועגליכן פאַרמעגן, זיינען געווען טאָג־טעגלעכע דערשיינונגען. די ביטערע דערפאַרונג האָט שוין נישט געגעבן קיין גרונד צו גלויבן די נאַציס אין זייערע פאַרזיכערונגען און ערן־ווערטער.

אין אָנבליק פון די ידיעות האָבן יידן פּרובירט די לעצטע מיטלען, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. די וועלכע האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטן האָבן געגלויבט, אַז מיט זיי וועט גאָרנישט געשען, אָבער די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעטס־קאַרטן האָבן פּרובירט זיך אַרויסרייסן פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט דורך דעכער און פענצטער. אַנדערע האָבן אָנגעהויבן אין געאייל צוגרייטן בונקערס און באַהעל־

טענישן פאַר אַלטע לייט, קראַנקע און קינדער, אויסצומיידן די נאַצישע פאַרניכטונגס־שווערד. עס איז אויך געווען אַ פּיבערהאַפטע צוגרייטונג פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, וואָס האָט זיך גערופן „אַרבעטער ראַט״. דער פּלאַן איז געווען פאָלגנדער: די פּוילישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג האָט געזאָלט אונטערצינדן הייזער אין אַלע טיילן פון דער שטאָט און פאַראורזאַכן שרפות, די יידישע קעמפער האָבן זיך געדאַרפט מיט וואפן אַרויסרייסן פון געטאָ און צוזאַמען מיט דער פּוילישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אָנהויבן באַוואָפנטע גאַסן־קאַמפן קעגן די נאַציס. אין דער לעצטער מינוט האָט די פּוילישע ווידערשטאַנדס־באַוועגונג זיך אַרויסגעדרייט פון אַלע פאַרפליכטונגען און צוזאָגן, מיטן אויסרייד, אַז זי איז נאָך נישט גרייט אויפצונעמען אַזאַ קאַמף.

איזאָלירט פון דער אויסערליכער וועלט, פון אַלץ, פון אַלע און פון אַלעמען איז דאָס אומגליק געקומען. מוצאי יום־כיפור 12 ביינאַכט איז דאָס געטאָ שטאַרקער באַוואַכט געוואָרן מיט גאַנצע קאָרדאָנען שוואַרצע מחבלים פון דער אויסראָטונגס־קאָמאַנדע. עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ שיסעריי אויף די אַנטלויפנדע דורך די דעכער. דאָס איז געווען דער ערשטער סימן, אַז דאָס אומגליק קומט אָן. מיט יעדער מינוט איז געוואָרן אומרויקער און די שטימונג נערוועזער. די גאַסן זיינען געווען אין פולער באַלייכטונג וואָס דאָס איז קיינמאָל נישט געשען פאַר דעם, ווייל צו יענער צייט איז נאַצי־דייטשלאַנד געווען אין מלחמה מיטן ראַטן־פאַרבאַנד און עס האָט פאַרפליכטעט אַ פולשטענדיקע פאַרדונקלקייט פון די ליכט. דאָס איז ווידער געווען אַ סימן אויף דעם אומגליק, וואָס דערנענטערט זיך. דאָס איז געווען אַ נאַכט פול מיט פחד און שרעק. אַ נאַכט אַרומגערינגלט פון שוואַרצע מחבלים פון דער אויסראָטונגס־קאָמאַנדע, אַ נאַכט פון שלאָפלאָזע, אַ נאַכט אין וועלכע די יידישע מאַמעס האָבן אַלע טרערן אויסגעוויינט. יעדע מינוט איז געווען אַ טראַגישע אייביקייט, מינוטן פון אָנשטרענגונגען, מינוטן פון אָנגעשטרענגטע נערוון, מינוטן פון צעשטערטע האָפנונגען און באַגערן, מינוטן פון טיפן צער און פאַרצווייפלונג.

די זעלבע נאַכט איז אַרויס אַ שטרענגער באַפעל, פון די נאַציס, אַז אַלע יידן פון געטאָ, מוזן זיך שטעלן צו אַן אַפּעל, פּינקטליך 6 אינדערפרי, „צו קאָנטראָלירן די אַרבעטס־קאַרטן״. דער הויפּטמאַן דעגענהאַרדט, מיט זיין עקלהאַפט מאַלפּיש פנים, איז דאָרט געשטאַנען, מיט זיינע געהילפן די ס.ס. לייט, מיט אַ שטעקעלע אין דער האַנד און אָנגעוויזן ווער צו דעפּאָרטירן און וועמען צייטווייליק איבערלאָזן צו שקלאַפישע אַרבעט. דאָס איז געשען דינסטיק, סעפּטעמבער 22, 1942, איין טאָג נאָך יום כיפור. דאָס איז געווען די ערשטע מאַסן־שחיטה פון זיבן טויזנט טשענסטאָכאָווער יידן, וואָס זיינען אין דעם טאָג דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו זיי זיינען דורך גאַז און פייער אומגעבראַכט געוואָרן. פון סעפּטעמבער 22 ביז אָקטאָבער 4, 1942 זיינען פאָרגעקומען פינף אַזעלכע אַקציעס און סעלעקציעס, וואָס האָבן פאַרשניטן די יידישע קהילה אין טשענסטאָכאָוו, אומגעבראַכט און צעשטערט דעם רומפולן יידישן ישוב אין טשענסטאָכאָוו.

יזכור קדשי טשענסטאָכאָוו! יזכור די הייליקע טאַטעס און מאַמעס! יזכור די ברידער און שוועסטער! יזכור די פרויען און קינדער! יזכור די געטאָ-העלדן און פאַרטיזאַנער קעמפער!

שלמה וואַגאַ

## דער אומקום פון טשענסטאָכאָווער יידנטום

יעדעס יאָר, פון יום כיפור ביז אין די אָקטאָבער טעג, פילן מיר אַ טיפן טרויער, אַ טרויער, וואָס פירט אונדזערע געדאַנקען אַהין דאָרט פון וואַנעט מיר שטאַמען. דאָרט אַהין, ווו מיר זיינען געבוירן און דערצויגן געוואָרן. דאָרט אַהין ווו אונדזערע דורות האָבן זיך געצויגן הונדערטער יאָרן און דאָרט אַהין ווו מיר האָבן צוגעזען ווי אונדזערע נאָנסטע און פאַמיליעס מיט זייער גאַנצן שאַפן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן.

אַ שטאָט האָט עגזיסטירט אין וועלכער אַ דריטל פון דער אַלגעמיינער באַפעל־קערונג זיינען געווען יידן. דער נאָמען פון דער שטאָט איז געווען — טשענסטאָכאָוו.

יידישע ענערגיע, יידישער גייסט, יידישע אונטערנעמונגס קראַפט האָבן עגזיס־טירט אין אַלע ווינקלען פון שטאָט. זיי האָבן געבויט די אינדוסטרי, אַנטוויקלט דעם האַנדל, געאַרבעט שווער און דערמיט געהאָלפן בויען דאָס לאַנד, ווו מיר זיינען געווען איינגעזעסענע.

מיר האָבן שטענדיק געפילט אַרום זיך פיינדליכע אויגן, וואָס קוקן קרום אויף אונדז. הגם פון צייט צו צייט זיינען מיר דאָרט איבעראַשט געוואָרן פון דער פוילי־שער באַפעלקערונג מיט זייער אויפברויזן קעגן אונדז, וואָס האָט געקאָסט יידיש בלוט, דאָך איז עס געווען אונדזער היים. דאָרט האָבן אונדזערע אבות און מיר גע־בויט אַנשטאַלטן מיט וועלכע די יידישע באַפעלקערונג איז געווען פאַרבונדן. עס האָבן עגזיסטירט צוויי יידישע גימנאַזיעס, וועלכע האָבן יעדעס יאָר אַרויסגעגעבן סטודענטן פאַר אוניווערסיטעטן. אַ האַנדווערקער שולע, וועלכע האָט יעדעס יאָר פון אירע קלאַסן אַרויסגעגעבן צענדליקער בעלי־מלאכות: שלאָסער, טישלער און עלעק־טריקער און אַ טייל פון זיי האָבן ווייטער שטודירט און געוואָרן אינזשעניערן. מיר האָבן געהאַט אַ גערטנער שולע, וועלכע האָט צוגעשטעלט פאַר דער וועלט יידישע גערטנער און לאַנד אַרבעטער. אַ גרויסער טייל האָט זיך באַזעצט אין ישראל און דאָרט געווען פון די ערשטע פיאָנערן. מיר האָבן געהאַט קינדער־היימען און פאָלקס־שולן אין וועלכע קינדער האָבן באַקומען זייער מאָדערנע יידישע דערציאונג. עס זיינען געווען מנינים, שולן, בתי מדרשים, חדרים און ישיבות אין וועלכע יידישע קינדער האָבן באַקומען זייער רעליגיעזע דערציאונג.

עס זיינען געווען אַ גאַנצע נעץ פון יידישע כאַריטאַטיווע אינסטיטוציעס ווי: יידישער שפּיטאָל, בקור־חולים, הכנסת כלה, הכנסת אורחים, מלביש ערומים, מושב זקנים און אַ סך אַנדערע.

מיר האָבן געהאַט פאַריינען פון אַלע ריכטונגען: ציוניסטישע, בירגערלעכע און סאָציאַליסטישע. ספּאָרט פאַריינען, אַן אַרטיסטישן קרייז, זינגער מיט דער באַקאַנ־טער געזעלשאַפט „לירא״.

עס זיינען געווען יידישע צייטונגען אין יידיש און אין דער שפּראַך פון לאַנד — פּויליש.

אין אונדזער שטאָט זיינען געווען וויכטיקע מענטשן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן אָנגעפירט ערנהאַפט און מיט דערפאָלג מיט די אַלע געזעלשאַפטן, אינסטיטוציעס און פאַריינען. געווען כלל־טוערס און פילאַנ־טראָפּן. געהאַט דאָס, וואָס מענטשן דאַרפן האָבן צו קענען זיך אויסלעבן גייסטיק און קולטורעל. דאָס אַלץ האָבן געבויט דורות פאַר אונדז, אונדזערע עלטערן און מיר אַליין.

## דאָס איז מער נישטאָ. נישטאָ די מענטשן, נישטאָ זייער שאַפן

מיר האָבן אַלץ פאַרלוירן. אונדזערע פאַמיליעס זיינען פון זייערע לאַנג איינגעזעסענע היימען מיט די שרעקלעכסטע גוואַלט־טאַטן און אויף דעם העסליכסטן אופן פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן צו דער פאַרניכטונג.

מיר, די לעבן געבליבענע זיינען פון דער נאַטור באַשטראָפט געוואָרן צו זיין די עדות און די מיטליידנדע פון גאַנצן פאַרשקלאַפונגס און פאַרניכטונגס פראָצעס און אַזוי לאַנג ווי אונדזערע אייגן וועלן זיין אָפן, וועלן מיר די טרויעריקע געשעענישן דערמאָנען פאַר דער וועלט.

נאָך דריי יאָר דראַקאָנישע געזעצן פון דער ברוטאַלער נאַצי־הערשאַפט, זיינען מיר דערפירט געוואָרן צו פולשטענדיקער דערנידערונג און פאַראָרימונג.

מוצאי יום כיפור בייננאַכט 1942 האָבן די מאָדערנע הונען אָנגעהויבן זייער שחיטה־מאַרש אונדז אנטגילטיק אומצוברענגען מיט אַ פריער גענוי אויסגעאַרבעטן פלאַן. דער בלוטדורשטיקער הויפטמאַן דעגענהאַרדט, אַלס שר פון לעבן און טויט פון די יידן אין טשענסטאָכאָווו, מיט זיין אויסראָטונגס קאָמאַנדע, האָבן זיך געוואָרפן אויף אונדז ווי ווילדע חיות. אַרויסגעטריבן פון די הייזער, דערביי געשלאָגן און געשאָסן אויף אונדז.

דערשראָקענע און דערשלאָגענע, אומעטיקע און טרויעריקע האָבן זיך געצויגן רייען מיט יידן: ווער מיט אַ טלומאַק אויף די פלייצעס זין מיט אַ קינד ביי דער האַנט, ווער מיט אַלטע עלטערן, אָדער קראַנקע שוועסטער און ווער מיט אַן אַלטן זיידן. ווער עס האָט זיך פריער פאַרשאַפט אַן אַרבעטס־קאַרטע, האָט זי שטאַרק געדריקט אין די הענט, כדי חלילה נישט פאַרלירן דעם דאָקומענט, וועלכער פאַרזיכערט נישט אויסגעזידלט צו ווערן. משפחות: פרוי און מאַן, טאַטע און זון, מאַמע און טאָכטער האָבן זיך צוזאַמענגעהאַלטן, כדי אין די לעצטע מינוטן צוזאַמען זיין און בעת דער צרה בייהילפיק צו זיין איינער דעם אַנדערן.

פאַמיליעס, וואָס האָבן דורות לאַנג געוווינט אונטער דעם זעלבן דאַך, איבערגענומען בירושה די יידישע שטוב און ממשיך געווען טראַדיציעס פון דורות, האָבן געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף זייערע היימען און מיט שטיקנדע טרערן זיך געזעגנט אויף אייביק מיט די ווענט, וואָס האָבן געהאַט אַ סך צו דערציילן. די האָפנונג פון זיין צוזאַמען איז זייער שנעל אויסגערונען געוואָרן. פאַר דער מעטאַלורגיע האָבן געוואַרט אויסגעשולטע מערדער אויף זייערע קרבנות און דער גיהנום־טאַנץ אויף דער ערד האָט זיך אָנגעהויבן. דאָ זיינען נישט גילטיק קיין אַרבעטס־קאַרטן האָבן געשריגן די ווילדע ס.ס. לייט צו די יידן מיט אויפגעהויבענע הענט, אין וועלכע זיי האָבן געהאַלטן זייערע „פאַרזיכערונגס פאַפירן", וועלכע האָבן בולט געוויזן אַז זיי זיינען וויכטיק פאַר דער דייטשישערווירטשאַפט. דאָ איז דער ייד געווען אין קלעם, אין טייוולס מאַכט אין געשטאַלט פון ס.ס. מאַן. משפחות ווערן צעטיילט, קליינע קינדער ווערן אָפגעריסן פון זייערע מאַמעס און פאָטערלעכע הענט, מאַן פון פרוי, שוועסטער פון ברודער, קרוב פון דער פאַמיליע. אַ געמיש פון קולות, געשרייען מיט קרעכצן פון דערשראָסענע און שטאַרבנדיקע, רציחה, ווילדקייט, סאַדיסטישע הנאה פון מאָרדן און חיה׳שער דורשט נאָך בלוט. דאָרט האָט נישט געהאָלפן קיין אויסטייטשונגען: ווער, וואָס און ווען. ווער עס האָט געוואגט עפּעס צו ריידן איז אומברחמנות׳דיק דערשאָסן געוואָרן.

יידן, וואָס האָבן זיך נאָך נעכטן באַהאָפטן מיט דער הייליקייט פון יום כיפור, זיינען אַרויס מיט טענות צו גאָט, אַפּיקורסים האָבן אויסגערופן שמע ישראל. מען הערט שיסן אין געטאָ. דאָס שיסן די ס.ס. לייט, די וואָס זיינען געווען אין באַהעלטענישן. אין די הונדערטער זיינען זיי געווען די באַהאַלטענע און כמעט אַלע האָבן גע־

טיילט דעם זעלבן גורל. מיט איבערייסן פון עטלעכע טעג זיינען פאָרגעקומען פינף אַזעלכע אַקציעס און יעדעס מאָל האָבן זיך איבערגעחזרט די זעלבע סצענעס. דעגען־האַרדט מיט זיינע מיטהעלפערס האָבן אָנגעוויזן די פאַרביימאַרשירענדע רייען יידן ווער אויף רעכטס — לחיים, און ווער אויף לינקס — למות. יעדעס מאָל זיינען גע־פאַלן קרבנות פון די באַהעלטענישן און פון דייטשישער ווילדקייט. יעדעס מאָל זיי־נען טויזנטער אַריינגעשטויסן געוואָרן אין די בהמות־וואַגאָנען צו פאַרניכטונג אין די גאַז קאַמערן אין טרעבלינקע.

אונדזערע געפילן זיינען פול מיט צער צו די טראַגיש אומגעקומענע און פאַרפיי־ניקטע נאָנטע און פריינט.

מיר ווענדן אונדזערע געדאַנקען צו די באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע קברים, צו די בערג אַש, וואָס זיינען נאָך זיי געבליבן צעשפרייט אויף די פעלדער פון טרעב־לינקע, מיידאַנעק, אָשוויענטשים און אַנדערע טויט־לאַגערן.

מיר ערן דעם אָנדענק פון די העלדן פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און פון די פאַרטיזאַנער אָפטיילונגען צו די, וועלכע האָבן פאַרשאַפט כבוד און שטאָלץ אונדזער שטאָט און אונדזער פאָלק.

מיר ערן דעם אָנדענק פון די קראַנקע אין די שפּיטעלער, וועלכע זיינען מיט גיפט־איינשפריצונגען אומגעבראַכט געוואָרן און דעם מלאך המות אויסגעליפערט געוואָרן.



די ערשטע קרבנות פון נאַצי־רעזשים זיינען געווען אונדזערע טאַטעס און תלמידי־חכמים. ר׳ לייבל קאַנטאָר ז״ל, אַן אינדוסטריעלער און תלמיד חכם. אומגעקומען אין טרעבלינקע. פון זיין גאַנצער צאַלרייכער משפחה האָט זיך געראַטעוועט איין זון, ד״ר צבי קאַנטאָר, וועלכער וווינט אין מדינת ישראל.

הערי קליין

## דער בלוטיקער פורים אין טשענסטאָכאָווער קליינעם געטאָ

נאָך די גרויליקע און בלוטיקע געשעענישן, אין די טעג פון סעפטעמבער 22 ביז אָקטאָבער 4, 1942, ווען די ווייט גרעסטע מערהייט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום איז אומגעקומען אין די גאַז קאַמערן פון טרעבלינקע, איז דאָס גרויסע געטאָ ליקווידירט געוואָרן. אַלע הייזער און וווינונגען זיינען געשטאַנען ליידיק און אַן אימה׳דיקע פוסטקייט האָט געווייעט מיט אַ מורא׳דיקע, פאַר׳יתומדיקע איינזאַמקייט און שרעק. די קנאַפּע זעקס טויזנט יידן, וואָס זיינען פאַרבליבן צו שקלאַפישע אַרבעט, זיינען איבער דער צייט געווען קאַשארירט אויף די אַרבעטס פלעצער אין די ערגסטע און אונמענטשלעכע באַדינגונגען.

פאַר די דעמאָלט לעבנגעבליבענע יידן, די עדות פון גרויל, חורבן און אומקום, איז געשאַפן געוואָרן דאָס אַזוי גערופענע „קליינע געטאָ".

דאָס קליינע געטאָ איז באַשטאַנען פון די פאַרחושכדיקסטע און שמאָלסטע געסלעך: נאַדזשעטשנאַ, גאַרנצארסקאַ, קאַזשיאַ, אַ האַלבע סענאַטאָרסקע און אַ האַלבע מאסטאווע, און איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און געהאַט איין אַרויסגאַנג און אַריינגאַנג טויערביים וואַרשעווער מאַרק. ביי דעם טויער און אַרום די אַרומצוימונגען זיינען געווען באַוואָפנטע וואַכן.

אין דעם קליינעם געטאָ איז געווען אַ ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, וואָס האָט זיך גערופן „יידישע קאַמפס אָרגאַניזאַציע" און וועגן דעם האָבן די נאַציס געוווּסט. דעריבער האָבן זיי געזוכט פון צייט צו צייט מיט ראַפינירטע מיטלען ווי אַזוי אויסצומאָרדן אַ ביסל יידן און אויסמײַדן אַ באַוואָפנטן קאַמף מיט דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

צוויי וואָכן פאַר פורים איז דער פאָרזיצער פון יודענראַט אַרויסגערופן געוואָרן אין דער „געסטאַפּאָ" און דאָרטן האָט מען אים דערקלערט, אַז אויפן סמך פון אַן אָפּמאַך מיט דער ענגלישער מאַכט, דאַרפט פאָרקומען אַן אויסטויש פון יידן אויף דייטשישע קריגס געפאַנגענע און די יידן וועלן געשיקט ווערן קיין פּאַלעסטינע. באַרעכטיקט צום אויסטויש זיינען די יידן, וואָס האָבן נאָנטע משפּחה אין פּאַלעסטינע. די אָנפירונג פון יודענראַט און אויך אַ באַדייטנדיקער טייל פון די יידן אין קליינעם געטאָ, נאָך אַזויפיל ביטערע דערפאַרונגען פון די נאַצישע טריקס פון בייזוויליקע ליגנס און אָפּנאַררייען, האָט גאָרנישט גענומען אין אַכט, אַז אפשר איז דאָס מאָל אויך אַ ראַפינירט נאַציש שפּיצל, נאָר האָט דאָס אָנגענומען פאַר וואַרשיינלעך אמת, ווייל דעמאָלט האָבן שוין די נאַציס געליטן מפּלות אויף די פראָנטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע אין די ביוראָען פון יודענראַט און עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזוכט פּראָטעקציע, ווייל ווער האָט זיך נישט געוואָלט אַרויסרייסן פון די נעגל פון טויט און אומקום? די איינציקע, וואָס האָבן זיך נעגאַטיוו באַצויגן צו דעם גאַנצן פּלאַן, איז געווען די יידישע קאַמפס אָרגאַניזאַציע, ווייל אין זייער מיינונג, איז אַזאַ זאַך גאָרנישט מעגליך, ווייל די נאַציס וועלן נישט דערלויבן אַז לעבעדיקע עדות פון נאַצישע מערדערייען זאָלן אַרויס אויף דער פרייער וועלט און דערציילן דעם אמת. נישט געקוקט דערויף האָט די פּסיכאָזע פון רעגיסטרירן זיך צום פאָרן קיין פּאַלעסטינע דערגאַנגען צו אַ פּראָסט פּשוטן שגעון, ביז די גאַנצע רעגיסטראַציע־משוגעת האָט זיך אָפּגעשטעלט און כמעט פאַרגעסן געוואָרן. אַ טאָג פאַר פּורים איז דער הויפּט נאַצי־תליון, הויפּטמאַן דעגענהאַרדט געקומען אין קליינעם געטאָ און ווי קיינמאָל גאָרנישט, אַרומגעגאַנגען איבער די אינסטיטוציעס און

נאָכדעם אַריין אין יודענראַט, געפירט שמועסן און צום סוף האָט ער זיך „דערמאָנט", אַז דער אויסטויש פון יידן אויף דייטשישע קריגס־געפאַנגענע קען אַדורכגעפירט ווערן. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז צוערשט זאָלן זיין אויף דער ליסטע די מיטגלידער פון יודענראַט מיט זייערע משפחות און די אינטעליגענץ.

צומאָרגנס, פורים, ווען די גאַנצע געטאָ באַפעלקערונג איז שוין געווען ביי דער שקלאַפישער צוואַנגס אַרבעט, איז פאָרגעקומען דער „כלומרשטער אויסטויש". „נאָרמאַל" גענומען איז ביי יעדער אַקציע דאָס קליינע געטאָ שטאַרקער אַרומגערינגלט געוואָרן מיט באַוואָפנטע משחיתים, אָבער דאָס מאָל איז נישט געווען קיין שום סימנים פון אַן אַקציע. נישט חושד זייענדיק קיין שום שלעכטס, זיינען די ערשטע אַרויס פון קליינעם געטאָ צום וואַרשעווער מאַרק די מיטגלידער פון יודענראַט מיט זייערע משפחות און נאָכדעם די פראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ: דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן מיט זייערע משפחות. ווען אַלע זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט, האָט דעגענהאַרדט פאַראָרדנט, אַז זיי זאָלן גיין אין דער ריכטונג פון דער וואַרשעווער גאַס צום נייעם מאַרק. ווידעראַמאָל איז נישט געווען קיין שום באַוואַכונג און צוליב דעם האָט דאָס נישט געקענט אַרויסרופן קיין שום פאַרדאַכט. ווי נאָר די יידן זיינען אָנגעקומען אויף דער וואַרשאַווסקע גאַס, האָט זיך די גאַנצע סיטואַציע אינגאַנצן געענדערט. פון לעווקאָוויטשעס הויז, וואַרשאַווסקע 9, זיינען אַרויס זשאַנדאַרמען און געצוווּנגען די יידן אַריינצוגיין אין די געדעקטע פּאָליצייאישע טראַקס און גלייך אַוועקגעפאָרן נישט אין דער ריכטונג פון דער באַן־סטאַציע, נאָר אין דער ריכטונג פון זאַוואָדזשע, אין דער ריכטונג פון יידישן בית־עולם. פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז זיי זיינען ביטער אָפּגענאַרט געוואָרן, אַז נאַצישע זיסע רייד זיינען נאָר אַ קייט פון ליגנס, פאַרברעכן און מאָרד. די יידן, די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ, האָט זיך דערפילט אין קלעם און אָן שום אויסוועג, געפילט, אַז זיי פאַלן קרבנות און נישט געווען אפילו פאָרבערייט צו אַ ווידערשטאַנד. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרצווייפלטע געראַנגלענישן: מאַנכע זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון די לויפנדע טראַקס אַנדערע זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אַראָפּשלינגען ציאַנקאַלי טאַבלעטן און אַליין געמאַכט אַן ענדע צו דעם פּיינפולן לעבן. די מערהייט איז דערשאָסן געוואָרן אויפן בית עולם. דער טאָג האָט געקאָסט 157 לעבנס, 157 לעבנס פון דער יידישער אינטעליגענץ פון דעם קליינעם געטאָ, וואָס האָט ווידער אַמאָל פאַרגרעסערט די צאָל פון די קרבנות פון די אין בלוט אויסגייענדע באַפעלקערונג פון קליינעם געטאָ; דער טאָג פון פורים, מערץ 20, 1943, איז אַריין אין דער געשיכטע פון חורבן טשענסטאָכאָוו, אַלס דער בלוטיקער פורים.

# י ז כ ו ר

## ח ו ר ב ן

## טשענסטאָכאָוו

## 50.000 קדושים

טאַדעק זילבערשאַץ (זילבערט)

## עפּיזאָדן פון נאַצישן עמק הבכא

אַ לעגענדע דערציילט, אַז ווען דאַנטע, דער מחבר פון דער „געטלעכער קאָמעדיע”, פלעגט זיך באַווייזן אויף דער גאַס, זיינען די דורכגייער אַנידערגעפאַלן אויף די קני און די פרויען פלעגן אויפהויבן זייערע קינדער, זאָגנדיק צו זיי: „דאָ גייט דער מענטש, וואָס איז געווען אין גיהנום”.

אָט אַזוי דאַרפט אָנגעוויזן ווערן אויף די שאַרית הפליטה, די וואָס האָבן זיך געראַנגלט צווישן לעבן און טויט אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון נאַצישן עמק הבכא.

* * *

ווען מען האָט דעם גרויסן היסטאָריקער, קדוש און מערטירער, פּראָפעסאָר שמעון דובנאָוו געפירט צום אומקום וועג, האָט ער אויסגערופן צו די אַרומיקע יידן: „שרייבט און פאַרשרייבט”. דאָס איז די צוואה פון גרויסן היסטאָריקער, וואָס פאַרפליכטעט יעדן ייד, וואָס האָט אַדורכגעלעבט דעם נאַצישן עמק הבכא. אין דערפילונג פון דער צוואה וויל איך דאָ איבערגעבן עטלעכע עפּיזאָדן און פאַקטן פון וועלכע איך בין אַ לעבעדיקער עדות.

* * *

מעטאַלורגיע, אָקטאָבער, 1942.

נאָך די מאַסן סעלעקציעס, דערשיסונגען און דעפּאָרטאַציעס, איז דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום חרוב ונחרב געוואָרן. דאָס געטאָ איז אויסגעליידיקט געוואָרן אָן אַ סימן פון לעבן. די הייזער זיינען געשטאַנען פאַרוואַרלאָזט, וויסט און פּוסט, אָפן און פריי פאַר די נאַצישע רויבערישע הענט. די קליינע צאָל, אויססעלעקטירטע יידן זיינען געווען קאַשאַרירט אין די אַרבעטס פאַבריקן ביי שקלאַפּיקע אַרבעט און געווען אָנגעוויזן אויף די קאַפּריזן פון די רוצחים. זיי זיינען געשלאָפן אויף די בעטאָנענע פאָדלאָגעס פון די פאַבריק־האַלעס אין די ערגסטע אונפאָרשטעלבאַרסטע אַנטי סאַניטאַרע באַדינגונגען, דערביי געליטן פון הונגער, דחקות און נויט.

אייך בין דעמאָלט געווען אין דער פאַבריק מעטאַלורגיע אויף דער קרוטקע גאַס. דער פאָרזיצער לעאָן קאַפּינסקי האָט מיך גערופן און ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער איז געווען ביים שטאַטס־האופּטמאַן און דאָרטן זיינען אויך געווען אַנדערע דייטשן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ קליינעם געטאָ. זיי האָבן צוגעגרייט אַ פּלאַן פון עטלעכע שמאָלע געסלעך און דאָרטן זאָל דאָס קליינע געטאָ איינגעאָרדנט ווערן. דער צוגעטיילטער שטח איז אָבער געווען צו קליין. נאָך לאַנגע דינגענישן, תחנונים און געבעטן, איז אים געלונגען צו פּועלן, אַז אויך דאָס געסעלע קאַזשיאַ זאָל איינגעשלאָסן ווערן אין דעם פּלאַן. דער פּרעזעס לעאָן קאַפּינסקי האָט מיך באַאויפטראַגט, אַז איך זאָל מיט מיין פאַכלייט־גרופּע איינאָרדנען דאָס קליינע געטאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלטע, האַלב־איינגעפאַלענע, צעבראָכענע הייזלעך, דאָס ערשטע האָט מען גערדאַרפט די הייזלעך פאַריכטן, אַז עס זאָל נישט אַריינרעגענען פון די צעבראָכענע דעכער, אויפבויען אַ קיך, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין צו קאָכן פאַר עטלעכע טויזנט מענטשן, איינאָרדנען די נויטווענדיקסטע אינסטיטוציעס: אַ שטיקל שפּיטאָל, אַמבולאַטאָריע און ביוראָען. קיין בוי־מאַטעריאַלן זיינען נישט געווען, געלט צו קויפן מאַטעריאַלן איז אויך נישט געווען און פאַכלייט אין מיין אַרבעטס־גרופּע זיינען געווען עטלעכע געציילטע. איך קען נישט געדענקען אַלעמענס נעמען, דעריבער וועל איך נאָר אויסרעכענען די, וואָס זייערע נעמען האָבן זיך איינ־

געקריצט אין מיין זכרון: הערשל פריימאַן, מאָריץ גאנשאַראָוויטש, באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „טאַזשאַן", די צוויי זיינען געווען קוואַליפיצירטע פאַכלייט; מילשטיין, אַ טאָקער; פרייס, אַ זער גוטער שלאָסער; הערשמאַן, אַ טישלער; הערי קליין, וואָס איז געווען פון פאַך אַ דרוקער, איז געוואָרן אַ גלעזער; יאַקוב האָפּמאַן, וואָס איז פאַר דער מלחמה געווען אַ סוחר פון פאַרבן, איז געוואָרן אַ שטיבנמאָלער; בעניעק זילבערשטיין, וולאַדעק מאַרקאָוויטש, יאַקוב ריכטער, נאטעק עפּשטיין, ליטוואק און אַנדערע. דער איינציקער זדון, וואָס די גרופּע האָט געהאַט, איז געווען אַ פיינער חסידישער יונגערמאַן פון קראָקע מיטן נאָמען קאָהען. די סעקרעטאַרין פון דער גרופּע איז געווען די אַדוואָקאַטין אסתר עפּשטיין, היינט מרס. פּראַט און וווינט אין לאָס־אַנדזשעלעס.

אונטער דער באַוואַכונג פון פּוילישע פּאָליציאַנטן באַוואָפנטע מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, בין איך מיט דער פאַכלייט־גרופּע אַוועק צום געביט פון דעם געפּלאַנטן קליינעם געטאָ. די פּוילישע פּאָליציאַנטן האָבן אונדז געפירט איז מיטן פון דער גאַס, ווייל די טראָטואַרן זיינען פאַר יידן געווען פאַרבאָטן. עס איז געווען אַ שרעקלעך געפיל דאָס גיין אינמיטן פון די גאַסן, וואָס יעדן שטיין האָב איך געקענט. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקער בית־עולם, קיין לעבעדיקן מענטש האָט מען נישט געזען, מען האָט נאָר געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די אייגענע טריט און די סקריפּן פון די צעבראָכענע פענצטער און טירן. טויטע האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אין די פאַרוואַרלאָזטע הייזער. טייל, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטע אין דער צייט פון די סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס און זיינען געשטאָרבן פון הונגער און דורשט, ווייל סיי דער וואסער צופלוס און סיי דער עלעקטרישער שטראָם זיינען געווען אָפּגעשטעלט. אַנדערע מתים זיינען געווען דערשאָסענע פון די נאַצישע רוצחים, וואָס זיינען געקומען אויסרויבן די הייזער און יעדן אָנגעטראָפענעם ייד האָבן זיי דערשאָסן.

## אויפן געביט פון קליינעם געטאָ.

ווען די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן ביים צוגרייטן דאָס קליינע געטאָ האָט לעאָן קאָפּינסקי און ירמיהו גיטלער מיר פאַרטרויליך דערקלערט, אַז איך זאָל פאַרגרעסערן די אַרבעטס־גרופּע מיט אַ גאַנצע רייע חלוצים, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קיבוץ. זייער ציל און אויפגאַבע איז צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנדס־באַוועגונג, אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע צום קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט. עס איז דעריבער וויכטיק, אַז זיי זאָלן זיין צוזאַמען צו פּלאַנירן און צוגרייטן זייערע אַקטיוויטעטן. איך קען נישט געדענקען אַלעמענס נעמען, אָבער אַ טייל פון זיי, וואָס האָבן מיט זייער געוואַגטקייט, מסירת־נפש און העלדישקייט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון און זיי זיינען: רבקה גלאַנץ, איזשא פיינער, פישעלעוויטש, קאַנטאָר, לעווקאָוויטש, פּאַטעשעוויטש, ראַזינער, וולאַדעק קאָפּינסקי, דרעסלער, ווערניק, אבראַם טשאַרני, די ברידער לייזער און זיסקינד שמולעוויטש, שטשעקאטש, גליקסמאַן, רייס, פאלק, ר. פייגענבלאַט, זילבערבערג, זילבערמאַן, שילדהאוז, קאופמאַן, מאַנדעלבאום, ערענפריד, ווילינגער, באַלעק געווירץ און אַ גאַנצע רייע אַנדערע.

די איניציאַטאָרן פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע זיינען געווען די מיטגלידער פון די אַמאָליקע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אָבער זיי האָבן פאַרשפּרייט זייער טעטיקייט, אַז צו איר זיינען צוגעשטאַנען אַלע ריכטונגען פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס און אויך אומפּאַרטייאישע. די אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַן אַלגעמיינע און האָט זיך גערופן: „יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע" און אין פּויליש: „זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ" אָדער אין פאַרקירצונג „זשאב".

די ערשטע פאַרבערייטונגס־אַרבעטן פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זיינען געווען:

1. בויען אַן אונטערערדישן קאַנאַל, וואָס זאָל פאַרבינדן דאָס קליינע געטאָ מיט דער אַרישער זייט.
2. זאַמלען געלט איינצוקויפן געווער.
3. פראָדוצירן געווער אין דעם קליינעם געטאָ גופא.
4. מאַכן איבונגען מיט די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און אויך קאַמפּס־גרופן, די אַזוי גערופענע „דרייערלעך" און „פינפטלעך", ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט געווער פון אַ קליינעם דיסטאַנס. אָרגאַניזירן פאַרטיזאַנער קעמפער, וואָס זאָלן אָפּערירן אין די וועלדער.

## אַ געשיכטע מיט אַ וואָגן ציגל

ווי נאָר עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו בויען אַן אונטערערדישן קאַנאַל, האָט זיך די אַרבעט גלייך אָנגעהויבן. דער אָנגעצייכנטער פּלאַן איז געווען פון דער נאַדזשעטשנאַ גאַס אונטער די דראָטן צו דער יאַסקראַווסקאַ גאַס, וואָס איז שוין געווען אויף דער אַנדערער זייט פון געטאָ. מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט מיין ברודער גוסטאַוו זילבערשאַץ און זיין געהילף איז געווען שולעק שלעזינגער. צו דעם צוועק איז נויטיק געווען אַ גרעסערע צאָל ציגל אויף צו מאַכן באַפעסטיקונגען. מען האָט לאַנג נישט געטראַכט, איינגעשפּאַנט די פערד אין אַ גרויסן וואָגן און צוגעפאָרן צו די חרובע הייזער אין דעם געוועזענעם גרויסן געטאָ און אָנגעלאָדנט אַ ריזיקן וואָגן מיט ציגל. מיטן פולן אָנגעלאָדענעם וואָגן איז מען געפאָרן אין קליינעם געטאָ און דאָ פּלוצלונג איז ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן דער נאַצי־רוצח, דער אָפיציר פון דער שוץ־פּאָליציי צאַפּאַרט. ער איז גלייך אַרויס מיט דער פראַגע. צו וואָס דאַרפט איר די ציגל אין קליינעם געטאָ? איך האָב מיך נישט פאַרלוירן און גלייך געענטפערט, אַז די ציגל זיינען נויטיק צו פאַריכטן די צעבראָכענע הייזער. דער נאַצי־רוצח, ווייזט אויס, איז געווען צופרידן פון דעם ענטפער און ער האָט אַלעמען געהייסן אַריינגיין אין דער פּאָליציי־וואַך און דאָרטן האָט מען יעדן געגעבן אַ פּאָרציע ברויט, וואָס דער זעלבער רוצח האָט אין דער פרי קאָנפיסקירט פון אַנדערע יידן.

אַלע זיינען דערמוטיקט געוואָרן פון דער געשעעניש, וואָס האָט זיך געקענט גאָר טראַגיש ענדיקן, און האָבן מיט מער פלייס, ענערגיע און ענטוזיאַזם זיך גענומען צו דערר אַרבעט פון פאַרענדיקן דעם קאַנאַל, דעם אַזוי גערופענעם, אונטערערדישן בונקער.

## יאַנואַר 4, 1943.

זעקס אַזייגער אינדערפרי, ווי יעדן טאָג, זיינען די אַרבעטס־גרופן פון די „האסאג" פאַבריקן אַרויסמאַרשירט אונטער דער באַוואַכונג פון ווערקשוץ־לייט צו דער אַרבעט. אומדערוואַרט און אומגעריכט איז פּלוצלונג דאָס קליינע געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט שטאַרקע קאָרדאָנען פון דייטשע און אוקראַינישע וואַכן. גלייך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק־פּלאַץ, וואַרשאַווסקי־ רינעטשעק, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן קליינעם געטאָ. ווער עס וועט פאַרבלייבן אין קליינעם געטאָ וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. אַלע זיינען געווען אין קלעם. געשען איז דאָס בליץ שנעל, אַז עס איז נישט געווען קיין געלעגנהייט זיך צו באַראַטן וואָס צו טאָן. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט לויט די אַרבעטס גרופּן. מיין חבר׳ס פרוי בראָנעטשקא מאַרקאָוויטש האָט זיך געוואָלט מיט איר מוטער פרוי נעמיראָווסקאַ אויסבאַהאַלטן, זיינען זיי גלייך דערשאָסן

געוואָרן. די אַלע סימנים האָבן אָנגעוויזן, אַז עס גרייט זיך צו אַ סעלעקציע אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע. דערווייל זיינען אַלע געווען אויסגעשטעלט לויט זייערע אַרבעטס־פּלעצער. דער צופאַל איז געווען, אַז מיין גרופּע צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון קיבוץ זיינען געווען די ערשטע און איך בין געווען דער ערשטער אין פראָנט פון דער גרופּע. דער נאַצי־רוצח, לויטענאַנט ראָאָן, איז צוגעגאַנגען צו מיר און געפרעגט, וואָס פאַר אַ גרופּע איז דאָס. איך האָב אים געענטפערט, אַז האַנדווערקער. אויב אַזוי, האָט דער בלוטדורשטיקער רוצח געזאָגט: געב זשע מיר אַרויס די „פּוילענצער". אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן, דערהערנדיק די ווערטער. איך האָב געפילט ווי אַ דונער וואָלט מיך געטראָפן און הגם איך באַטראַכט זיך נישט ווי קיין העלד, דאָך האָב איך מיך באַהערשט מיט אַן איבערמענטשלעכן מוט און דערקלערט: הער לויטענאַנט: אין מיין אַרבעטס־גרופּע איז נישטאָ קיין שום פּוילענצער, אַלע זיינען ערשטקלאַסיקע האַנדווערקער פאַכלייט. דער רוצח איז געוואָרן דערשטוינט פון מיין געוואַגטן ענטפער און ער האָט מיר דערקלערט, אַז אויב אַזוי ווערסטו גיין. נישט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב געזען, אַז איך פאַל אַ קרבן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט: „יאַוואָהל הער לויטענאַנט". דער רוצח איז געוואָרן איבעראַשט פון מיין ענטפער און עס איז עפּעס ווי אַ נס פון דער השגחה געשען, אַז דער נאַצי־מערדער האָט זיך אָפּגעטשעפּעט פון מיר און פון מיין גרופּע און איז צוגעגאַנגען צו דער צווייטער גרופּע און אָנגעהויבן אַרויסצושלעפּן יידן פון די רייען. אַזוי האָט ער געטאָן ביי יעדער גרופּע. דערווייל האָבן אַנדערע יידן געזען, אַז מיין גרופּע איז אַדורך בשלום און קיינער איז נישט אַרויסגענומען געוואָרן, האָבן אַ גאַנצע רייע יידן פון אַנדערע גרופּן אַריבערגעלאָפן צו מיין גרופּע און אויף אַזאַ אופן זיך דערווייל ראַטעווען דאָס לעבן. צווישן די וואָס זיינען אַריבערגעלאָפן צו מיין גרופּע, איז געווען הרב בנימין באָזשיקאָווסקי, וועלכער געפינט זיך היינט אין מאָנטרעאַל און איז דער ראש פון דער ישיבה „מאור הגולה". דערווייל איז פאָרגעקומען אַן אַנדערע געשעעניש. צוויי יוגנטלעכע פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע: איזשא פיינער און פישעלעוויטש האָבן זיך געוואָרפן מיט רעוואָלווערן אויפן נאַצי־רוצח ראָאָן. עס איז אויסגעבראָכן אַ שיסעריי און די צוויי העלדישע בחורים זיינען דערשאָסן געוואָרן. עס זיינען גלייך אָנגעקומען גרויסע אָפּטיילונגען פון דער „געסטאַפּאָ" מיט מאַשין געווער און גראַנאַטן וואַרפערס. זיי האָבן גלייך פאַראָרדנט, אַז אַלע פאַרזאַמלטע יידן זאָלן האַלטן די הענט אין דער הויך. געווען איז דעמאָלט אַ גרויסע פראָסט און דאָס שטיין אין אַזאַ אומבאַוועגלעכע פּאָזיציע מיט די הענט אויפגעהויבן עטלעכע שעה צייט, האָט אַלעמען אויסגעפרוירן און פאַרפייניקט. די רוצחים האָבן וועגן דער שיסעריי גלייך געמאָלדן דעם גובערנאַטאָר, אַז דאָס איז געווען אַן אויפשטאַנד און געוואַרט אויף אַ באַפעל. די פאַראָרדנונג פון גובערנאַטאָר איז געווען: 25 יידן אויפן אָרט, אַלס שטראָף, צו דערשיסן. די רוצחים האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די פאַרזאַמלטע יידן און בליץ שנעל אַרויסגעכאַפּט פון די רייען 25 יידן, זיי צוגעפירט צו אַ וואַנט ביים רינעטשעק און קאזשע גאַס און פאַר אונדזערע אויגן אַלעמען דערשאָסן. איך וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן און אין מיינע אויערן וועלן שטענדיק אָפּהילכן דאָס געשריי פון די קרבנות, ווען די נאַצי רוצחים האָבן מיט אַ סאַלווע קוילן געצילט אין די יידישע קעפּ, שמע ישראל אדוני אלוהינו אדוני אחד.

נאָך דער באַפרייאונג איז פאָרגעקומען אַ מאַסן דעמאָנסטראַציע צו דער וואַנט, ווו די 25 קדושים זיינען געפאַלן און זיי זיינען געבערענגט געוואָרן צו קבר ישראל כדת וכדין.

די פּוילישע רעגירונג האָט דעם פּלאַץ אַ נאָמען געגעבן, „פּלאַץ באהאטערווו גה.עטטא", דער פּלאַץ פון די העלדן פון געטאָ.

## קאָנפערענצן מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

נאָך דער געשעעניש פון יאַנואַר 4, 1943, האָט די קאָמענדאַנטור פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אָפּגעהאַלטן מיט מיר עטלעכע קאָנפערענצן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן צואיילן די פּראָדוקציע פון געווער. דאָס האָט נאָר געקענט געמאַכט ווערן אין די וואַרשטאַטן פון קליינעם געטאָ מיט וועלכע איך האָב אָנגעפירט. דאָס ערשטע האָט זיך געהאַנדלט, אַז מען זאָל אויסבאַהאַלטן די צוויי גרויסע מעטאַל טאָקאַרניעס פון די וואַרשטאַטן, אַז די דייטשן זאָלן זיי נישט באַמערקן, ווייל זיי וואָלטן זיי גלייך קאָנפיסקירט און צוגענומען. דאָס צווייטע, אויסקלויבן די בעסטע פאַכלייט זיי זאָלן גלייך אָנהויבן די אַרבעט פון פּראָדוצירן האַנט־גראַנאַטן, און דריטנס, שאַפן די נויטיקע מאַטעריאַלן.

בכדי צו רעאַליזירן די דריי אויפגאַבן, איז דאָס ערשטע אין די וואַרשטאַטן פאַרשטעלט געוואָרן די טאָקאַרניעס, אַז קיינער זאָל זיי נישט קענען באַמערקן. דאָס צווייטע איז אויסגעקליבן געוואָרן פּרייס, וועלכער איז געווען דער בעסטער שלאָסער און גאַנשאַראָוויטש (טאַזשאַן) וועלכער איז געווען דער בעסטער שווייסער. אויסער דעם זיינען געווען אַנדערע ספּעציאַליסטן ווי כעמיקער און עלעקטריקער,וואָס האָבן מיט זייער וויסן, פאַך־קענטנישן פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער גראַנאַטן פּראָדוקציע אין קליינעם געטאָ. דאָס דריטע, די רוי־מאַטעריאַלן זיינען אַריינגעשמוגלט געוואָרן אין קליינעם געטאָ דורך די פאַכלייט, וואָס האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן „ענרא״, „ווולקאַן״ און אַנדערע. דאָס איז פאָרגעקומען אויף דעם אופן: פון קליינעם געטאָ זיינען געשיקט געוואָרן קעסלען מיט זופּ פאַר די יידישע אַרבעטער. ווען די זופּ איז געוואָרן אויסגעטיילט, האָבן די פאַכלייט, מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן דאָרטן געאַרבעט, צוגעגרייט די נויטיקע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין די ליידיקע קעסלען, און אויף אַזאַ אופן זיינען אַריינגעשמוגלט געוואָרן די נויטיקע רוי־שטאָפן. פאַרשטענדלעך, האָט דאָס געמוזט געטאָן ווערן מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט און קאָנספּיראַציע. מיט דער אַרבעט זיינען געווען פאַרבונדן אַ באַדייטנדע צאָל מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. יעדער פון זיי פאַרדינט מיט גרויס כבוד אויסגערעכנט צו ווערן און אפילו מיט אַ ביאָגראַפיע, אָבער צום באַדויערן געדענק איך נישט זייערע נעמען.

עטלעכע וואָכן פאַר דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אויף אַ בוידעם אויף דער גאַרנצאַרסקאַ גאַס אויסגעבויט אַ נעסט פאַר אַ שווער מאַשין געווער, וואָס האָט געזאָלט קאָנטראָלירן דעם „רינעטשעק״, דעם אַלטן מאַרק, אין פאַל פון אַ סעלעקציע אָדער ליקווידאַציע.

## נאָך דער פּורים שחיטה.

די שטימונג אין קליינעם געטאָ איז געווען אַ געדריקטע. די גאַנצע אָנפירונג פון דער אינערליכער אַדמיניסטראַציע פון קליינעם געטאָ איז אומגעבראַכט געוואָרן. אויפן אָרט פון לעאָן קאַפּינסקי ע״ה איז באַשטימט געוואָרן גוסטאַוו לאַנדאו, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען דער הויפּט־בוכהאַלטער פון דער איגנאַשינסקי מאַנופאַקטור געזעלשאַפט און אַן אַקטיווער טוער פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויפן אָרט פון בערנאַרד קורלאַנד, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אַרבעטס־איינזאַץ, בין איך באַשטימט געוואָרן. מיין אַמט אַלס פאַרוואַלטער פון די געטאָ־וואַרשטאַטן האָבן איבערגענומען דוד קאָניעצפּאָלער און מיין ברודער גוסטאַוו זילבערשאַץ.

## די ראָלע פון אַרבעטס־איינזאַץ אין קליינעם געטאָ.

דער אַרבעטס־איינזאַץ איז אונטערליגן די אָנפירונג פון יודנראַט און זיינע אויפגאַבן זיינען געווען:

1) אָפּצייל‏ן יעדן אין דער פרי די צאָל פון די אַרויסגייענדיקע אַרבעטער צו יעדן אַרבעטס־פּלאַץ און פאַרשרייבן.

2) אַרויסגעבן צוטיילונגס קוויטלעך אויף מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ זופּ, צו די פאָראַרבעטער, פאַר יעדער גרופּע לויט דער אָפּגעציילטער צאָל.

אויסער די אָפיציעלע אויפגאַבן פון דעם אַרבעטס־איינזאַץ זיינען געטאָן געוואָרן אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן געשטעלט אין טויט־געפאַר דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון מיר, מאזשעי קראוזע און טאַדעק פיש. דאָס איז געווען די ענגע צוזאַמענאַרבעט מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

ערשטנס, נאָך דער פּורים שחיטה האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פאַרשטאַרקט איר טעטיקייט דורך אַרויסשיקן וואָס מער קעמפער צו די פּאַרטיזאַנער אין די קאַניעצפּאָלער וועלדער צו פירן אַן אָנגריפס־קאַמף קעגן דער נאַצישער־מאַכט, און „דרייערלעך” אָדער „פינפטלעך” אַדורכצופירן דיווערסיע אַקטן דורך צעשרויפן באַן־ליניעס, וואָס זאָל צעשטערן באַנען, וואָס פירן נאַציש מיליטער און אַמוניציע צום מזרח פראָנט. אויסער דעם זיינען אויך געשיקט געוואָרן עמיסאַרן, שליחים, צו אַנדערע געטאָס. צו דעם צוועק איז יעדן צווייטן טאָג צו מיר געקומען די אויסערגעוועהנליך העלדישע קעמפערין רבקה גלאַנץ און פלעגט מיר איבערגעבן די צאָל, וואָס דאַרפט אַרויסגיין יעדן טאָג פון געטאָ און מיט וועלכע אַרבעטס־גרופּן דאַרפן זיי געשיקט ווערן, בכדי זיי זאָלן האָבן וואָס נענטער צו זייער ציל. די אַרויסגייענדע קעמפער זיינען נישט געציילט געוואָרן, בכדי די צאָל פון די אַרבעטער זאָל שטימען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ.

צווייטנס, די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן געאַרבעט ביים טונעל און ביי דער פּראָדוקציע פון אַמוניציע און אַנדערע, וואָס זיינען איבערהויפּט צו קיין אַרבעט נישט געגאַנגען, האָבן באַקומען לעבנסמיטל קוויטלעך וויפיל זיי האָבן געדאַרפט.

דריטנס. מיט די קעסלען זופּ צו די פאַבריקן פון וועלכע עס זיינען „גענומען” געוואָרן פאַרשידענע רוי־שטאָפן און אויך גאַנצע טיילן זיינען געשיקט געוואָרן נאָר אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען מיט דער גרעסטער שנעלקייט און קאָנספּיראַציע אַדורכפירן זייערע אויפגאַבן.

פערטנס. ספּעציעלע אויפגאַבן.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן איינע פון די ספּעציפישע אויפגאַבן. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט האָבן אַ פולשטענדיקע איינריכטונג אַרויסצוגעבן אויפרופן. האָט מען לאַנג נישט געטראַכט און מען האָט גענומען פון אַרבעטס־איינזאַץ אַ שרייב־מאַשין, אַ פול־פּערטיקער מאַשין (פּאַוויעלאַטש), קלישעס, פּאַפּיר, פאַרב און אַלץ צענומען אויף שטיקלעך און אַ גרופּע מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט דאָס אַריינגעלייגט אין די קעשענעס און אונטער די קליידער. זיי זיינען מיטגעשיקט געוואָרן מיט דער אַרבעטס־גרופּע „קאמיאנקא” און פון דאָרטן זיינען

זיי אַיועק אין די קאָניעצפּאָלער וועלדער און בשלום אַדורכגעפירט די, פאַר יענער צייט, גאָר וויכטיקע און אויסערגעוויינליכע אויפגאַבע און דאָס האָט געגעבן אַ מעג־לעכקייט צוצוגרייטן אויפרופן, ביולעטינען, וואָס זאָלן וועקן, מונטערן צום קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט.

## די ליקווידאַציע און אויפשטאַנד אין קליינעם געטאָ

וועגן דער ליקווידאַציע און אויפשטאַנד אין קליינעם געטאָ איז שוין דאָ אַ באַ־שרייבונג אין דעם בוך, דעריבער וויל איך נאָר צוגעבן, אַז אויב דער אויפשטאַנד האָט געקענט אָנהאַלטן אַ וואָך צייט, האָט אין דעם געהאַט אַ גרויסן שיכות דער אַרבעטס־איינזאַץ, ווייל עס איז נויטיק געווען אַ באַדייטנדע צאָל לעבנסמיטל, וואָס איז אין דער ריכטיקער צייט צוגעגרייט געוואָרן. דער אויפשטאַנד וואָלט אפשר לענ־גער אָנגעהאַלטן ווען די נאַצי־רוצחים וואָלטן נישט מיט דינאַמיט אויפגעריסן די הייזער, וואָס זיינען געפלויגן אין די לופטן צוזאַמען מיט די צעריסענע גופים פון די העלדישע קעמפער.

## „האסאג״.

נאָכן אויפשטאַנד און ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ זיינען די דעמאָלט לע־בן־געבליבענע יידן געווען פאַרשפּאַרט אין די „האסאג״ פאַבריקן. דער אַרבעטס־איינזאַץ און איך זיינען געווען אין „האכאג״ פעלצערן. דאָס איז אומגעפער קנאַפּע 19 חדשים: פון ענדע יוני 1943 ביז יאַנואַר 17, 1945. איבער דער צייט זיינען פאָר־געקומען אַ גאַנצע רייע געשעעניש, וואָס יעדע פון זיי איז געווען אַ געראַנגל צווישן לעבן און טויט. עס האָט זיך געפאָדערט זער אָפּט בליץ שנעלע אָריענטאַציע, מסי־רת-נפש, ווידערשטאַנדס־האַפטיקייט, אמונה, גלויבן און העראָאיזם. צום ביישפּיל: עס איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס עפּידעמיע אין לאַגער. די קאָנסעקווענצן דערפון האָבן געקענט זיין גאָר טרויעריקע, אַלע, סיי די קראַנקע און סיי די געזונטע וואָלטן דורך די נאַציס אומגעבראַכט געוואָרן. וואָס איז געטאָן געוואָרן וועגן דעם? אָן דעם וויסן פון די דייטשן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שפּיטאָל אין לאַגער. דאָקטוירים זיינען געווען, אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ווייניק. מען האָט געדאַרפט האָבן מעדי־קאַמענטן. פאַר די יידן פון לאַגער איז געווען אונטער טויט־שטראָף פאַרבאָטן אַרויס־צוגיין פון לאַגער זיך אויסצובאַמיען די נויטיקע אַנטי־טיפוס איינשפּריצונגען. נאָך אינטענסיווע באַמיאונגען איז געלונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש, אונטער נאַ־צישער באַוואַכונג, אַז מיין פרוי דאַרקע זילבערשאַץ און ד״ר פּזשיראָווסקי זיינען אַרויס פון לאַגער און ממש על פּי נס באַקומען פון טשענסטאָכאָווער פוילישן דאָק־טאָר וויטאָלד שיטשאַזש עטלעכע טויזנט איינשפּריצונגען פולשטענדיק בחינם, וואָס

האָט פשוט געראַטעוועט דעם לאַגער פון אַן אומגליק. די קראַנקע האָבן נישט געקענט עסן דאָס ליימיקע ברויט און די בריקעווע זופּ, ווייל פון אַזאַ עסן וואָלטן זיי פשוט אויסגעשטאָרבן. עס איז דעריבער, איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פעלד־קיך פאַר די קראַנקע פון וועלכע עס האָבן שוין אויך גענאָסן די קליינע צאָל קינדער. דאָס זעלבע דאַרפט געזאָגט ווערן וועגן צואיילן דאָס אויפשטעלן די באַראַקן, אַז די אַרבעטער זאָלן נישט דאַרפן ליגן אויף די בעטאָנענע פּאָדלאָגעס און צוליב די אונסאַניטאַרע באַדינגונגען צו זיין אין געפאַר פון עפּידעמיעס. אַן אַנדער ענין איז געווען דאָס מאַנעווורירן ביי די רענטגען אויפנאַמען, אַז די קראַנקע אויף טובערקולאָזע זאָלן, חס ושלום, נישט אַריינפאַלן אין די גרויזאַמע הענט פון די נאַצי תליונים און אפילו אַזעלכע פּראָזאַאישע ענינים ווי דערליידיקן קאָנפליקטן פון אַרבעטער מיט פאָראַרבעטער.

פון אַ גאָר באַזונדערן כאַראַקטער איז געווען דער סאַבאָטאַזש אַקט פון אונטערצינדן די פּראַכאָווניע. וואָס איז געשטאַנען אין פלאַמען און מחנות פון דער „געסטאַפּאָ" אין מעטאַלענע העלמען און פולער באַוואָפנונג, זיינען געשטאַנען גרייט אַלעמען צו דערשיסן. דעמאָלט איז פשוט געווען אַ נס מן השמים, אַז קיין קרבנות זיינען נישט געווען.

די אַלע אין קורצן אויסגערעכנטע און נישט אויסגערעכנטע פּראָבלעמען, גובר צו זיין און נישט צוזאַמענברעכן האָט נאָר געקענט געשען אין רעזולטאַט פון אַ טיפן גלויבן און אמונה, אַז די מאַכט פון רשעות, מאָרד און גזילה וועט סוף כל סוף פאַלן און דער יידישער בטחון וועט זיגן.

אין דער נאַכט פון 16־טן אויפן 17-טן יאַנואַר 1945 איז די נאַצי מאַכט אין טשענסטאָכאָוו געפאַלן און די בלוטיקע הערשער פון די „האסאג" פאַבריקן און לאַגערן זיינען אַנטלאָפן און אויף אַזאַ אופן האָבן די רעשטלעך לעבן געבליבענע יידן אין די טשענסטאָכאָווער לאַגערן זיך געראַטעוועט פון נאַצישן עמק הבכא.

## נאָך דער באַפרייאונג

נישט געקוקט דערויף, וואָס די נאַציס האָבן געליטן אַ צעשמעטערנדיקע מפלה און די פאַרשקלאַפטע יידן זיינען אַרויס אויף דער פריי, דאָך איז קיין גרויסע פרייד נישט געווען. פון איין זייט איז דאָס פאַקטיש געווען אַ גרויסע היסטאָרישע געשעניש, אַז די מערדער זיינען באַזיגט געוואָרן, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט אַ ווייטיק און צער יעדן באַהערשט פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס איז פאָרגעקומען. יעדער איינער האָט געמאַכט אַ חשבון הנפש מיט זיך אַליין וועגן דעם חורבן פון אומקום.

## מיינע עלטערן

מיין פאָטער ר׳ ישראל שלום זילבערשאַץ איז געווען אַ באַקאַנטער אינדוסטריעלער. ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד חכם סיי אין רעליגיעזע און סיי אין וועלטלעכע פּראָבלעמען. אַ דאַנק זיין אַלגעמיינעם וויסן און אינטעליגענץ האָט ער זיך דערוואָרבן אַ סך פרעסטיזש סיי צווישן די יידישע און סיי אין די פּוילישע קרייזן. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויסצוגלייכן די פאַרוויקלטע ענינים. די טשענסטאָכאָווער אַדוואָקאַטן פלעגן צו איב שיקן אַזעלכע ענינים, וואָס זיי האָבן נישט געקענט דערליידיקן דורך די געריכטן. ער פלעגט אַוועקגעבן אַ סך צייט צו די דין־תורות בכדי אויסצוגלייכן ענינים, אַז איין ייד זאָל נישט האָבן קיין קאָנפליקט מיטן צווייטן.

אין יאָר 1935 איז מיין פאָטער ר׳ ישראל שלום זילבערשאַץ צוזאַמען מיט מיין מוטער מרת ברײנדל זילבערשאַץ עולה געווען קיין ישראל. דאָרטן איז מיין מוטער

געשטאָרבן. מיין פאָטער איז אין יאָר 1938 געקומען קיין פוילן אין געשעפטלעכע ענינים און האָט שוין, צום באַדויערן, נישט באַוויזן צוריקצופאָרן, ווייל די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

אין דער צייט פון די סעלעקציעס און דעפּאָרטאַציעס איז ער צוזאַמען מיטן טשענסטאָכאָווער יידנטום אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

מיט זיין אומקום איז אַוועק אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן פוילישן יידנטום און איז שוין היינט מער נישט בנמצא.

## מיין ברודער

מיין ברודער גוטעק זילבערשאַץ האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער טעכנישער אַרבעט פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. ער האָט שטענדיק יעדן איינעם דערמוטיקט און געטרייסט. ער איז געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג. ער האָט איבערגעלאָזט זיין פרוי אנקא און אַ טאָכטער סטעפא, היינט אַ דאָקטאָר אין חיפה אין ישראל און איר מאַן פרעד זאַוויסטאַווסקי איז פּראָפעסאָר אין חיפה׳ער אוניווערזיטעט.

## וולאַדעק קאַפּינסקי

וולאַדעק קאַפּינסקי, דער זון פון פאָרזיצער לעאָן קאַפּינסקי, איז געווען אַ העלדישע פּערזענלעכקייט. אין דער פּורים „אַקציע" פון דער אינטעליגענץ איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון טראַק און אויסגעמיטן דעמאָלט אַ זיכערן טויט. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער, צוזאַמען מיט עטלעכע פּאַרטיזאַנער, געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַצי־רוצחים און אַ געשמידטער אין קייטן איז ער געפירט געוואָרן צו דער עקזעקוציע אויפן בית־עולם. מיט די געשמידטע קייטן אויף די הענט האָט ער זיך געוואָרפן אויף די רוצחים, האָפנדיק, אַז צוליב דעם טומל וואָס וועט אויסברעכן וועט אים און זיינע חברים געלינגען זיך צו ראַטעווען. ער איז דערשאָסן געוואָרן האַלב הענגנדיק אויף דעם פּאַרקן פון בית-עולם.

**דעם עפּיזאָד האָט מיר איבערגעגעבן אַ פּוילישער אַרבעטער, וואָס האָט געאַרבעט אויפן בית־עולם ביים צונעמען די מאַרמאָרענע מצבות, וואָס די דייטשן האָבן צוגערויבט און אַוועקגעפירט קיין דייטשלאַנד.**

## די פאַמיליע קאַפּינסקי

פון דער פאַמיליע לעאָן קאַפּינסקי ע״ה איז ביים לעבן געבליבן בלויז דער זון יעזשי, וועלכער איז אַן אינזשעניער און געפינט זיך אין פּוילן.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן יאַקוב (יאַנקל) (אַ ברודער פון לעאָן קאַפּינסקי), וועלכער האָט אַלע זיינע יאָרן געוווינט אין ניו־יאָרק און געווען אַן אַקטיווער טוער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, ווידמענדיק איר אַ סך צייט, מי און פינאַנסיעלע מיטלען. צום באַדויערן איז ער אין יאָר 1960 געשטאָרבן. ער האָט איבערגעלאָזט איין זון ד״ר אירווינג קאַפּין, וועלכער איז אַ פּראָמינענטער געלערנטער און פאַרנעמט זיך מיט מעדיצין פאָרשונג. ער וווינט אין וואַשינגטאָן.



לייבל בערגמאַן, פּאַריז

## טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט אין קאָנצענטראַציע-לאגער טשעשאַנאָוו

ווי נאָר די נאַצי ארמיי האָט אָקופּירט טשענסטאָכאָוו, האָט זיך אָנגעהויבן א גיהנום פאר דער יידישער באפעלקערונג. איינע פון די שטענדיקע פּלאָגן איז געווען דאָס כאפּן יידן צו צוואנגס־אַרבעט. אין אויגוסט 1940 בין איך געכאפּט געוואָרן אויף דער גאַס און איידער איך האָב מיך אָריענטירט, וואָס עס קומט פאָר, בין איך אונטער אַ באַוואַכונג אַריינגעפירט געוואָרן אין דער פאַבריק פון קאָנקאנגרעצקי אויף דער אַלעע וואלנאשטשי. די פאַבריק איז געווען אַרומגערינגלט מיט וואכן פון נאַציש מיליטער, אָנגעטוענע אין העלמען אויף די קעפּ און מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין פולן קאַמפס־גרייטקייט. אין דער פאַבריק זיינען געווען עטלעכע הונדערט אַנדערע געכאַפּטע, וואָס האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל. נאָך אַ גאַנצן טאָג אָפּזיין אין דער פאַבריק, זיינען אַלע אונטער אַ שטרענגע באַוואַכונג אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַציע און אריינגעפּאַקט געוואָרן צו 80 פּערזאָן אין אַ משא וואַגאָן, וואָס איז גלייך הערמעטיש פאַרמאַכט געוואָרן. דער צוג האָט אָנגעהויבן צו רירן שפּעט אינדערנאַכט און נאָך אַ גאַנצע נאַכט פאָרן איז דער צוג אָנגעקומען אויף אַן אומבאַקאַנטן פּלאַץ אויף אַ פרייען פעלד. עס האָבן זיך דערהערט פון דרויסן קולות און ברומען ווי פון חיות. די טירן פון די וואַגאָנען האָבן זיך געעפנט און אַ זוניקער ליכט־שטראַל האָט פאַרבלענדט די אויגן. עס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט שפּאַלערס מיט אוקראַינער אין דינסט פון דער ס. ס. מיט גראָבע שטעקנס און יעדן איינעם „מכבד" געווען מיט מורה׳דיקע קלעפּ. דאָס איז געווען דער קבלת פּנים. פון דעם פרייען פעלד זיינען אַלע, אונטער אַ שווערע באַוואַכונג, אַוועקגעפירט געוואָרן קיין בעלזשעץ. דאָרטן האָט אַ מחנה ס.ס. אַרומגערינגלט דעם גאַנצן טראַנספּאָרט און אַוועקגעפירט אַלעמען אויף אַ פרייען פעלד, וווּ עס זיינען געווען ציגיינער. פון מידקייט און צעבראָכנקייט האָט זיך יעדער אַוועקגעלייגט אויף זיין פּעקל צרות אויף דער פייכטער ערד. עס האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רעגענען. אַלע זיינען שטאַרק דורכגעווייקט געוואָרן. איינער האָט זיך געטוליעט צום אַנדערן זיך צו באַשיצן פון דעם רעגן. עס האָבן זיך געשאַפן אַזעלכע גרופּקעלעך זיי זאָלן זיך קענען צודעקן מיט די זאַכן, וואָס זיי האָבן מיט זיך געהאַט זיך צו באַשיצן פון דעם רעגן. איך בין געווען אין אַ גרופּע פון פינף: יידל זילבערבערג, אַ ברודער פון שמחה זילבערבערג, וואלהענדלער, קליין, יאכימאָוויטש און איך. אַלע האָבן מיר זיך צוגעטוליעט אַזוי ווי איין פּאַק און זיך צוגעדעקט מיט אַלץ, וואָס יעדער האָט מיט זיך געהאַט. נישט געקוקט דערויף זיינען אַלע געווען אַדורכגעווייקט און ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן זיינען אַלע געלעגן אין אַ טייך פון וואַסער. פון אַלעמען האָט געשלאָגן אַ פּאַרע אַזוי ווי פון די ליימיקע ערד. עס איז אָנגעקומען אַ וואָגן מיט שפּאַדלעס, העק און קילאָפּס. דער באַפעל איז געווען, אז יעדער זאָל נעמען צוויי שפּאַדלעס מיט אַ קילאָף און זיך אויסשטעלן צו אַן אַפּעל. אַ האַלבע שעה האָט געדויערט דאָס שטיין אין די אויסגעווייקטע זאַכן, מיט די שפּאדלעס און קילאָפּן ביז עס איז אָנגעקומען אַ באַנדע אוקראַינער און געגעבן אַ באַפעל צו מאַרשירן. עס איז געווען אַ טרויעריקער מאַרש אויף אומבאַקאַנטע וועגן און שטעגן. עס איז געווען אַ טרויעריקער מאַרש פון, דורכן רעגן, אויסגעווייקטע און אויסגעהונגערטע מענטשן. די אוקראַינער האָבן כסדר געטריבן צו לויפן באַרג אַרויף, און גיין

לאַנגזאַם באַרג אַראָפּ, וואָס האָט אַלעמען שרעקלעך אויסגעמאַטערט. עס איז נישט געווען ווי זיך צו באַהאַלטן אָדער אַנטלויפן, ווייל עס איז געווען אַן אָפענער פעלד. יעדע פאָר מינוט האָבן זיך דערהערט שיסערייען פון אוקראַיִנישע משחיתים, וואָס האָבן דערשאָסן די, וואָס האָבן נישט געקענט אָנהאַלטן דעם טראַגישן מאַרש. דער וועג איז געוואָרן באַדעקט מיט דערשאָסענע און מיט שטראָמען בלוט פון די קרבנות. אין אָוונט איז דער טראַנספּאָרט אָנגעקומען אין דעם דאָרף רוסקיע פּיאַסקי. דאָרט זיינען געלעגן צענדליקער דערשאָסענע און צעשלאָגענע יידן. טייל האָבן זיך נאָך באַוועגט, אָבער שוין נישט געקענט ריידן און מען האָט זיך פון זיי גאָרנישט געקענט דערוויסן. בלויז די קאָלאָסעס בלוט האָבן פאַר זיך אַליין גערעדט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. פון דעם דאָרף האָט דער מאַרש ווייטער אָנגעהאַלטן ביז טשעשאַנאָוו. דאָרטן זיינען אַלע אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ שול־הויף, וואָס איז דורך די נאַציס דעמאָלירט געוואָרן. דאָרט איז אויך געווען אַ מקוה. דריי טעג זיינען אַלע געהאַלטן געוואָרן אָן עסן און אָן טרינקען און נאָכדעם זיינען אַלע געשיקט געוואָרן צו שווערע אַרבעטן. דאָס איז געווען נאָנט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ און עס זיינען געבויט געוואָרן פאַרפעסטונגען.

דער קאָמענדאַנט פון טשעשאַנאָווער לאַגער איז געווען דער בלוטיקער מערדער און מאָנסטער מאַיאָר דאַלף, וועלכער איז שטענדיק געווען אין באַגלייטונג פון זיין הונט, וואָס איז געווען גרעסער פון אים. דער הונט פלעגט מאַכן די אַפּעלן מיט די לאַגערניקעס. דער בלוטיקער מערדער מאַיאָר דאַלף פלעגט יעדן טאָג קומען צורייטן אויף אַ פערד און פונדערווייטנס קוקן. אויב עמעצער האָט פּרובירט אויסגלייכן דעם רוקן אויף אַ מינוט, איז גלייך דאַלף צו אים צוגעריטן מיטן גרעסטן גאַלאָפּ און מיט אַ שפּיצרוט אָדער מיט אַ שפּאַדעל שלאָגן איבערן קאָפּ און איבערן האַלדז. די וואָס זיינען געשלאָגן געוואָרן דורך דאַלפן איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין, ווייל זייערע שעהן פון לעבן זיינען שוין געווען געציילטע.

איינמאָל ביינאַכט איז געשען פאַלגנדער פאַרפאַל. אַ געוויסער קאַהן פון טשענסטאָכאָוו האָט זיך ביינאַכט געווענדעט צום עס.עס.־מאַן ער זאָל אים דערלויבן צו גיין אין טואַלעט. ער האָט אים דערלויבט, און ווי נאָר דאָס יינגל איז אַריבער די שוועל פון באַראַק האָט ער צו אים געשאָסן. דאָס יינגל איז צוריק אַריין אין באַראַק און זיך באַהאַלטן. עס איז גלייך געקומען אַ גרופּע עס.עס.־לייט און אויסגעזוכט דאָס יינגל און גענומען אַ גרופּע אַנדערע יידן, אַרויסגעפירט אויפן פעלד און אַלעמען דערשאָסן. גלייך נאָכדעם איז אַן אַנדערע גרופּע גענומען געוואָרן צו באַערדיקן די דערשאָסענע. צומאָרגנס ווען אַלע זיינען צוריקגעגאַנגען פון דער אַרבעט, האָבן די וואַכמענער נישט געפירט מיט דעם נאָרמאַלן וועג, נאָר דורכן אָפענעם פעלד. דאָרט איז געווען אַ טיף וואַסער. האָבן זיי געהייסן אַלעמען אַריבערשפּרינגען. אויף דער אַנדערער זייט זיינען געשטאַנען די וואַכמענער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אויף וועלכע עס זיינען געווען אַריינגעזעצט די שווערדן, אַזוי אַז יעדער, וואָס איז אַריבערגעשפּרונגען האָט זיך געגעבן אַ שטאָך פון באַגנעט. די וואָס האָבן נישט געקענט אַריבערשפּרינגען זיינען אַריינגעפאַלן אין וואַסער. צענדליקער זיינען דעמאָלט מער נישט צוריקגעקומען אין באַראַק און געפאַלן אַלס קרבנות פון די רוצחים. עס איז אויך געווען אַ פאַל, אַז אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

איינמאָל האָט אַ רוצח פון דער היטלער יוגנט געהייסן באַגראָבן לעבעדיקערהייט אַ טשענסטאָכאָווער יינגל. דער צופאַל איז געווען, וואָס בערנאַרד קורלאַנד איז דעמאָלט אָנגעקומען פון טשענסטאָכאָוו און האָט איבערגעקויפט דעם נאַצי־מאָנסטער מאַיאָר דאַלף און צוגענומען אַלע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט און אויף אַזאַ אופן האָט זיך אויך דאָס יינגל אָפּגעראַטעוועט.

הערי קליין

## מיין היים פון אמאָל

טשענסטאָכאָוו מיין היים, שטאָט און טרוים.
נאָך דיר בענק איך און טראכט.
ביסט געווען אַמאָל מיין הייב,
געצויבערט מיט גלאַנץ און פּראַכט.

עס האָבן טויזנטער פעדעם
מיך אויף אייביק מיט דיר פארבונדן.
עס האָט א בענקשאפט פון מיין קינדהייט
אין מיין האַרץ זיך אנגעצונדן.

דיינע אייגנשאפטן און מידות
האָסטו איינגעפלאנצט אין מיר
און איך האלט עס פאר א כבוד
צו זיין דיינס א בן־עיר.

ווי א תורה פעסטונג איז געווען
דאָס יידישע טשענסטאָכאָוו פון אמאָל.
אויסגעשמידט האָט זיך דאָרט מיין יוגנט
אין די עיר ואם בישראל.

בישטאָ קיין זכר פון מיין שטאָט,
דאָך ווילט זיך אַלץ פון איר נאָך הערן.
ווען אין בענקשאפט איך פארטיף זיך
רינען פון מיינע אויגן טרערן.

ווי אן אוצר האלט איך טייער
דאָס בוך וועגן דיר געשריבן.
א דערמאָנונג פון מיין אַלטער היים,
וואָס איז אין שריפט געבליבן.

שטאָלץ בין איך מיט דיר מיין היים־שטאָט,
וואָס האָט מיין יוגנט דאָרט געשיצט.
איז די ליבשאפט מיר פארבליבן
טיף אין האַרצן איינגעקריצט.

הערי קליין

# פון קליינעם געטאָ קיין בליזשין ביז אוישוויץ

אין דעם אַרומגעצוימטן מיט שטעכיקן דראָט קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ זיינען די זעקס טויזנט פאַרשפּאַרטע יידן נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג, די נאַכט פון פעברואַר 22, 1943, פאַרמאַטערטע געשלאָפן, געטראַכט און געחלומט וועגן אַ שנעלער באַפרייאונג, אַז די נאַצי מחבלים וועלן ליידן אַן אומדערוואַרטעטע מפּלה און די יידן וועלן ענדלעך באַפרייט ווערן פון די ביטערע צרות און פיין. די נאַכט שטילקייט צוזאַמען מיט די באַגערטע חלומות זיינען דורך דער געטאָ־פּאָליציי איבערגעריסן געוואָרן. זיי זיינען אַרומגעלאָפן איבער די קליינע הייזלעך פון די פאַרחושכטע געסלעך מיט ליסטעס אין די הענט און געזוכט 18 מענטשן צו אַרעסטירן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען די 18 געזוכטע מענטשן אַלע געווען טישלער פאַכלייט און זיי אַלע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין בליזשין דאָרטן צו בויען אַ נייעם לאַגער.

אינדערפרי זיינען אַלע אַוועק צו די אַרבעטס־פּלעצער ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, ווייל אַזאַ פאַרשיקונג פון פאַכלייט האָט געהערט צו די „נאָרמאַלע" געשעענישן אין קליינעם געטאָ. אַלע האָבן געטראַכט, אַז מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. ביינאַכט ווען מען איז צוריקגעקומען האָט מען איצט זיך דערוווסט דעם חורבן, וואָס עס איז פאָרגעקומען. אַלע עלטערע מענטשן און קינדער, וואָס האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אין קליינעם געטאָ, זיינען געכאַפּט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט. קלאַנגען זיינען אויך געווען, אַז דעם 15־טן אדער דעם 17־טן מערץ וועלן ווידער פאָרקומען אַנדערע געשעענישן פון דעם כאַראַקטער. ווידער שפּאַנונג אין קליינעם געטאָ, שלאָפלאָזע נעכט ביז דער טאָג פון 15־טן מערץ איז געקומען און צוליב דעם, וואָס קיין שום אויסערגעוויינטלעכע געשעעניש איז נישט פאָרגעקומען האָבן שוין טייל אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז אַלע די זאַכן זיינען אויסגעטראַכטע.

מערץ 17 אין אָוונט איז געקומען צו מיר אַ פריינד, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער וואַרטע און האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די געטאָ־פּאָליציי האָט שוין ווידער אַ ליסטע און ביינאַכט וועט זיך אָנהויבן דאָס „כאַפּן" די, וואָס זיינען אויף דער ליסטע. צומאָרגנס אינדערפרי איז צו מיר געקומען מיין שוועסטער מאַדזשיאַ ראָזענבערג, וואָס האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל און מיך געבעטן, אַז איך זאָל נישט גיין דעם טאָג צו דער אַרבעט און זיך אויסבאַהאַלטן, ווייל פון יעדע אַרויסמאַרשירנדע אַרבעטס־גרופּע ווערן אַרויסגענומען צו עטליכע מענטשן און ווערן אַריינגעשטופּט אין דער „יאַטקע" נעבן דער וואַכע. איך האָב אָבער מורא געהאַט צו בלייבן אין קליינעם געטאָ און בין צו דער אַרבעט יאָ געגאַנגען.

ווען די גרופּע איז אַרויס פון קליינעם געטאָ זיינען טאַקע עטלעכע מענטשן אַרויסגענומען געוואָרן און צווישן זיי צוויי גוטע טישלער פאַכלייט. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו דער אַרבעט און שאָט האָט באַמערקט, אַז די צוויי טישלער פאַכלייט זיינען נישטאָ האָט ער מיך מיט גאָטיינער אַרויסגערופן און אַוועקגעפירט צו דער יאַטקע און אויסגעטוישט פאַר די צוויי טישלער פאַכלייט. 12 אַזייגער ביי־טאָג האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן פון דער יאַטקע אויפן אַלטן מאַרק צו אַן אַפּעל און דער נאַצי־מערדער דעגענהאַרדט האָט אָנגעהויבן צו ריידן, אַז מיר זאָלן נישט מורא האָבן, אַז ער שיקט אונדז נישט קיין טרעבלינקע, נאָר ער שיקט אונדז אַלס פאַכלייט

צו אַרבעטן אין אַ שיך פּאַבריק קיין בליזשין. גלייך האָבן אונדז אַרומגערינגלט זשאַנדאַרן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן, אויף וועלכע די שווערדן זיינען געווען אַריינגעזעצט, געווענדעט גלייך צו אונדז. מען האָט אונדז געפירט דורך דעם אַמאָליקן גרויסן געטאָ. דאָ האָט מען דערזען גרויל בילדער. דער אַמאָל איבערבאַפעלקערטער געביט איז פּוסט און ליידיק. אַלע הייזער אויסגערויבט, די הייזער פּוסט און וויסט, די שויבן אויסגעהאַקט, די וויטרינעס אַרויסגעריסן און זעען אויס ווי איינגעפאַלענע אויגן־לעכער ביי מתים, די אַמאָליקע געשעפטן אויסגערויבטע און זיינען בעצייכנט מיט קרייד X. פאַר יעדן הויז זיינען געווען אויסגעלייגט טישן, בעטן און מאַטראַצן. גייענדיק אַזוי פאַרטראַכט האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן שטויס. דאָס האָט מיר אַן אוקראַינער אַ שטויס געגעבן מיט דער קאָלבע און געשריגן „ביסטראָ", „ביסטראָ". פלוצלונג דערהערט זיך אַ באַפעל: „שטיין בלייבן!" און עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע ביקסן שאָסן אין דער לופט.

עטלעכע יונגעלייט זיינען אַנטלאָפן פון די רייען און אַריינגעלאָפן אין די אויסגעליידיקטע הייזער פון געוועזענעם גרויסן געטאָ. איך טראַכט נישט לאַנג און אַנטלויף אויך. צוויי אוקראַינער זיינען גלייך מיר נאָכגעלאָפן און געשריגן „קודאַ", „קודאַ"! איך און אַלע אַנדערע זיינען געכאַפּט געוואָרן און מען האָט אַלעמען צוריק אַריינגעשטעלט אין די רייען. צום גליק איז קיינער דעמאָלט נישט באַשטראָפט געוואָרן, ווייל אַלע, וואָס זיינען אַנטלאָפן האָבן דעמאָלט געקענט דער־שאָסן ווערן. מען האָט אונדז געפירט צו דער באַן-סטאַציע, ווו עס זיינען שוין געווען גרייט אויסגעקאַלכטע משא וואַגאָנען. מען האָט אונדז אַלעמען געהייסן אַריין אין די וואַגאָנען און זיי זיינען פאַרמאַכט געוואָרן. נאָך צוויי שעה צייט האָט מען אונדז געהייסן צוריק אַרויסגיין און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־באַצירק אויף פּילסודסקיעגאָ גאַס. דאָרטן האָט מען איבערגענעכטיקט און צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען אונדז ווידער אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע און אָנגעלאָדנט צו 120 מענטשן אין איין וואַגאָן. דער צוג איז אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון בליזשין. אין וואַגאָן אין וועלכן איך בין געווען איז געווען שרעקלעך ענג. דער שווייס האָט זיך פון אַלעמען געגאָסן, הגם אין דרויסן איז געווען קאַלט. צוויי בייטאָג איז דער צוג שטיין געבליבן און דער באַפעל איז געווען: „אַרויס פון די וואַגאָנען". אַ רייע מיט אוקראַינישע דעגענעראַטן זיינען געשטאַנען מיט שטעקנס אין די הענט און יעדן איינעם „מכבד" געווען מיט קלעפּ.

פון דער באַן סטאַנציע האָט מען אונדז געפירט צום לאַגער דורך דעם שטעטל בליזשין, וואָס געפינט זיך אין קעלצער ראַיאָן. אונטער דער שטאָט האָט מען שוין דייטלעך דערקענט דעם לאַגער מיט זיינע דראָט פאַרצוימונגען, טורעם וואַכן, די טימבאָלן פון נאַצי־רעזשים. ביים טויער פון לאַגער זיינען געשטאַנען פּוילישע לאַגער־פּאָליציי. דאָס האָט געהייסן ביי דעגענהאַרדטן י״ש אַ שיך־פּאַבריק. נאָכן אַדורכגיין דעם טויער זיינען געקומען די באַפעלן: „שטיין בלייבן", „אַכטונג" און „מיצן אָפּ". אַ נאַצי אין אַן אוניפאָרם אין דער ראַנגע פון אונטערשטורם־פירער איז אַרויסגעקומען און עס איז צו אים באַריכטעט געוואָרן, אַז אַ טראַנספּאָרט פון 300 יידן איז אָנגעקומען. דערנאָך האָט מען אונדז צווויסן געגעבן, אַז גלייך דאַרפן זיך אַלע רעגיסטרירן און אָפּגעבן אַלע ווערט זאַכן און געלט. אויב עס וועט ביי עמעצן געפונען ווערן מער ווי 5 מאַרק וועט ער גלייך דערשאָסן ווערן. נאָך דער רעגיסטראַציע האָט מען אונדז אַדורכגעפירט דורך אַ צווייטער דראָט פאַרצוימונג, וואָס האָט אָפּגע־טיילט דעם ערשטן פּלאַץ מיט אַ וואַסער־פּלוס. אַלע אָנגעקומענע זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין איין באַראַק. אַלע פולשטענדיק אויסגעמאַטערטע, מידע, אויסגעהונגערטע

זיינען פשוט אַוועקגעפאַלן אויף די פּריטשעס. מיין געדאַנק האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט דער פּאַקטישער לאַגע און איך האָב געטראַכט זיך צו באַקענען מיטן לאַגער און געוועבט פּלענער ווי אַזוי צו אַנטלויפן. איך בין אַרויס פון באַראַק זיך צו באַקענען מיטן לאַגער געביט. איך האָב באַגעגנט צוויי רוסישע געפאַנגענע און אָנגעהויבן מיט זיי צו ריידן. פון זיי האָב איך מיך דערוווּסט, אַז עס זיינען געווען אין לאַגער עטלעכע טויזנט רוסישע געפאַנגענע. די מערהייט פון זיי זיינען פון הונגער און שווערער אַרבעט אויסגעשטאָרבן און זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אויפן דערנעבנדיקן וועלדל, אַז דאָרטן זיינען זיי באַגראָבן געוואָרן, אַנדערע זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאַרשידענע לאַגערן און זיי צוויי זיינען נאָר דאָ פאַרבליבן, ווייל זיי זיינען עלעקטריקער און פירן אויס די עלעקטרישע אַרבעטן אין דעם לאַגער, די עלעקטרישע פאַרצוימונגען און די עלעקטרישע ליכט. איך בין אַוועק צוריק צום באַראַק, ווייל איך האָב געזען אַ קעסל פאַר דער טיר האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען טיילט אויס זופּ. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין קעסל איז געווען אַ שוואַרצע ביטערע וואַסער און דאָס האָט געהייסן קאַווע. איך בין אַריין אין באַראַק און זיך אַנידערגעלייגט אויף די האַרטע ברעטער. איך האָב דאָרטן געטראָפן מיינע חברים שמואל קאהן, יצחק קראַקאָווסקי און הערשל קאַנסענס. אַ מידער און הונגעריקער בין איך איינגעשלאָפן. מיין שלאָף איז איבערגעריסן געוואָרן דורך קולות פון דער לאַגער פּאָליציי: „אויפשטיין, „אַפּעל". עס איז געווען 5 פאַרטאָג און געפילט האָב איך מיך שטאַרק צעבראָכן, מיד און פאַרצווייפלט. איך האָב מיך אַלץ נישט געקענט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז איך מוז שוין דאָ אין דעם טרויעריקן און ביטערן לאַגער פאַרבלייבן. דערווייל זיינען אַלע געלאָפן צום קעסל נאָך קאַווע און צו באַקומען אַ שטיקל ברויט. ביים פאַרטיילן די קאַווע מיטן ברויט איז נישט געווען קיין אָרדנונג, די לאַגער פּאָליציי האָט געשלאָגן איבער די קעפּ און געיאָגט צום אַפּעל. איך האָב שוין די פּאָרציע ברויט נישט באַקומען און אַלע זיינען געיאָגט געוואָרן צום אַפּעל.

אַ מידער, אַ הונגעריקער בין איך געשטאַנען אויפן אַפּעל פּלאַץ. מען ציילט, מען ציילט און עפּעס שטימט נישט. אַלע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין רייען צו זעקס און מיטן ציילן קען מען גאָרנישט דערגיין קיין טאָלק און קיינער ווייסט נישט, וואָס עס איז געשען. עס איז אָנגעקומען דער לאַגער־פירער נעל און דער ציילער גיט אים איבער דעם ראַפּאָרט. עס הויבט זיך אָן אַ סדרה פון אויסרופן יעדן איינעם באַזונדער ביים נאָמען. ביי איין נאָמען האָט זיך קיינער נישט אָנגערופן. נאָך לאַנגע חקירות, וואָס עס האָט געדויערט ביז צוויי אַזייגער בייטאָג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער האָט זיך צוויי מאָל רעגיסטרירט. אַלע האָבן אַ ביסל לייכטער אָפּגעאָטעמט און עס איז אַדורך בלויז מיט שרעק. דעם זעלבן טאָג זיינען אַלע צוגעטיילט געוואָרן צו אַרבעטס־פּלעצער. די מערהייט איז באַשטימט געוואָרן צו אַרבעטן ביי „שטיינברוך", וואָס איז געווען די שווערסטע אַרבעט. די איבעריקע — צו פאַרשידענע אַרבעטן אין לאַגער. איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער גרופּע עלעקטריקער אַ דאַנק מיין באַקאַנטשאַפט און פאַרמיטלונג פון מיין פריינד הערשל קאַנסענס, וועלכער איז, צום באַדויערן, קורץ פאַר דער באַפרייאונג, אומגעקומען. אין דער זעלבער גרופּע האָבן געאַרבעט מיינע פריינד: יצחק קראַקאָווסקי, געפינט זיך אין ישראל, און זאב בראָקמאַן, אומגעקומען אין אוישוויץ.

אין בילזשינער לאַגער זיינען אויסער טשענסטאָכאָווער געווען יידן פון אַ גאַנצע ריי שטעט און נעמלעך: טאָמאַשאָווער, סקאַרזשיסקער, פּיאָטרקאָווער, פּינסקער,

פּלאַשאָווער לאַגער, ראַדאָמער און פון אַנדערע שטעט און לאַגערן, וואָס זיינען מיט טראַנספּאָרטן אַהערגעשיקט געוואָרן.

די טשענסטאָכאָווער האָבן זיך אַלע געהאַלטן צוזאַמען און זיי זיינען געווען די אַנטלויפערס פון לאַגער. די לאַגער פּאָליציי האָט דאָס געוווסט און דעריבער איז דער באַראַק אין וועלכן די טשענסטאָכאָווער זיינען געווען שטרענגער באַוואַכט געוואָרן און אויף ביינאַכט איז ער אָפּגעשלאָסן געוואָרן.

אין אַ געוויסן טאָג, געווען איז דאָס אַרום 12, זע איך אַ לויפעריי פון דער לאַגער פּאָליציי צו אַ גרופּע פון טשענסטאָכאָווער, וואָס האָבן געאַרבעט נעבן דעם לאַגער אַרומצוימונג. די אוקראַאינישע וואַכלייט זיינען אַרומגעלאָפן ווילד. איידער איך האָב באַוויזן מיך צו אָריענטירן, וואָס עס קומט פאָר, איז פאָרגעקומען אַן אַלאַרם אַפּעל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זעקס טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער. דער לאַגער פירער נעל איז ביים אַפּעל. דייטשע זשאַנדאַרן און אוקראַאינישע וואַכלייט קומען צו לויפן און רעפּאָרטירן, אַז פון די אַנטלאָפענע איז קיינער נישט געכאַפּט געוואָרן. נעל סטראַשעט, אַז דערפאַר וועלן אַלע דערשאָסן ווערן. דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער לאַגער־פּאָליציי שלאָמעק מינצבערג האַלט די ליסטע אין דער האַנט און רופט אויס די נעמען בכדי פעסטצושטעלן די נעמען פון די אַנטלאָפענע. אויף די זעקס נעמען האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן: אַלטער שילדהויז, האַראָנטשיק, דיאמאנט, אריה מאַנדעלבוים, לעמעל (זיין פאַמיליע נאָמען געדענק איך נישט) און בערל רודניצקי. די נעמען זיינען עטלעכע מאָל אויסגערופן געוואָרן און קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. נאָך צוויי שעה שטיין אויף דעם אַפּעל־פּלאַץ איז אָנגעקומען אַן ס. ס. מאַן פון אַ גאָר הויכער ראַנגע (וואַרשיינלעך איז דאָס געווען בעטשער, וועלכער איז נאָך דער מלחמה פאַר׳משפּט געוואָרן דורכן פּוילישן געריכט אין ראַדאָם צום טויט און איז דאָרטן, אין ראַדאָם, אויפגעהאָנגען געוואָרן). ער האָט אַרויסגעגעבן דעם אורטייל, אַז פאַר די זעקס אַנטלאָפענע ווערן זעקס אַנדערע דערשאָסן. דער קאָמענדאַנט פון דער לאַגער־פּאָליציי שלאָמעק מינצבערג האָט דערווייל אונטערהאַנדלט מיט דער ס. ס., אַז קראַנקע זאָלן גענומען ווערן. מינצבערג האָט געהאַלטן אַ ליסטע און אויסגערופן די נעמען פון פיר קראַנקע און צוויי, וואָס זיינען פון די צרות און פיין אַראָפּ פון זינען. צווישן די אַרויסגערופענע זיינען געווען די צוויי ברידער האָפמאַן. זיי זיינען אָבער נישט אַרויס פון דער רייע, ווייל זיי זיינען אויסגערופן געוואָרן אָפּמאַן. מינצבערג האָט דעריבער אַרויסגערופן צוויי אַנדערע, אויך ברידער, זייערע נעמען געדענק איך נישט, אָבער אין לאַגער האָט מען זיי גערופן: „די ציגיינער״.

די זעקס קרבנות זיינען גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַוואָפנטע אוקראַאינער. דער אָנפירער פון דער אוקראַאינישער באַנדע אין דינסט פון דער ס. ס., מאסקאלענקא, האָט אויסגעקליבן זעקס אַנדערע יידן, אַז זיי זאָלן מיטגיין אויסצוגראָבן פאַר די זעקס קרבנות אַ קבר אין וועלדל נעבן דעם לאַגער.

איינער פון די וואָס זיינען גענומען געוואָרן צו גראָבן דעם קבר האָט מיר איבערגעגעבן די איינצלהייטן פון דער עקזעקוציע. די אוקראַאינער האָבן די זעקס גרעבער אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט און געהייסן די פאַראורטיילטע אַליין צו גראָבן די גריבער. זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט, איבערהויפּט זיינען אַקטיוו געווען די צוויי „ציגיינער״ ברידער, וואָס האָבן געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. די אוקראַאינער האָבן מיט די באַגנעטן זיי צעשטאָכן און צעשניטן אויף זיי די מלבושים און ווען זיי זיינען שוין געווען האַלב טויט האָבן זיי נאָך אַלץ געשטעלט דעם

ווידערשטאַנד און מיט די לעצטע כוחות האָבן זיי געשריגן: „ברידער נעמט נקמה׳׳. אַ סאַליווע קוילן האָט פאַרענדיקט זייער לעבן.

די געשעעניש פון דערשיסן די אומשולדיקע זעקס לאַגערניקעס האָט פאַר אַ לאַנגער צייט אַלעמען איינגעהילט אין אַ טיפן טרויער.

נאָך דער געשעעניש איז דער טשענסטאָכאָווער באַראַק שטאַרקער באַוואַכט געוואָרן. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אוקראַאינישע וואַך אויף ביינאַכט. עס איז איינגעפירט געוואָרן נאָך אַ שטרענגערע דיסציפּלין. יעדער איינער איז פאַראַנטוואָרטלעך געוואָרן פאַר זיינע מיטשלעפערס פון רעכטס און פון לינקס. דאָס הייסט, אַז אויב איינער וועט אַנטלויפן, וועלן די וואָס שלאָפן פון זיין רעכטער און לינקער זייט דערשאָסן ווערן. פאַר יעדן איינעם, וואָס וועט אַנטלויפן וועלן צוויי דערשאָסן ווערן.

אַ צוויי טעג שפּעטער, ווען איך בין מיט נאָך עטלעכע עלעקטריקער געווען ביי דער אַרבעט צו פאַרריכטן די עלעקטרישע באַלייכטונג אין דער „וואַך־שטובע׳׳, האָב איך עפּעס באַמערקט, אַז עפּעס איז דאָ פאָרגעקומען און גלייך האָב איך דערהערט שרעקלעכע און יאָמערלעכע קולות. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען אַ שרעקלעך בילד. אויף דער ערד זיינען געלעגן האַלב־נאַקעטע צוויי מענטשן און די אוקראַאינער שלאָגן זיי אָן אויפהער מיט די קאָלבעס. עס איז אָנגעקומען דער לאַגער פירער נעל און ער האָט געגעבן אַ באַפעל אויפצוהערן זיי צו פּייניקן. עס איז אויך אָנגעקומען דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער לאַגער־פּאָליציי שלאַמעק מינצבערג. דער לאַגער־פירער נעל האָט געגעבן אַ באַפעל מינצבערגן, אַז ער זאָל נעמען די צוויי און אַוועקפירן צו דער קיך מען זאָל זיי געבן זופּ צום עסן און ער זאָל זיי אויספרעגן. איך האָב זיי גלייך דערקענט. דאָס זיינען געווען: אריה מאַנדעלבוים און לעמעל.

אויסגעהונגערטע פון עטלעכע טעג נישט עסן, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו דער זופּ. שלאַמעק מינצבערג האָט זיי געבעטן דערציילן וואָס עס איז געשען מיט זיי און ווו עס זיינען די איבעריקע פיר. זיי האָבן דערציילט, אַז ווי נאָר זיי זיינען אַנטלאָפן זיינען זיי אַריין אין וואַלד און האָבן זיך פאַרלוירן. נאָר זיי ביידע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. נאָך אַ גאַנצער נאַכט גיין אין וואַלד זיינען זיי פאַרטאָג אַרויס אויפן שאָסיי. פּאָלאַקן זיינען זיי באַפאַלן, אַריינגעשלעפּט אין וואַלד, אַלץ פון זיי צוגענומען און אויך די קליידער פון זיי צוגערויבט. נישט האָבנדיק קיין שום אויסוועג האָבן זיי באַשלאָסן אַריינצוגיין אין ערשטן הויז נעבן וואַלד און זיי דערציילן וואָס עס איז געשען און בעטן הילף. די פּויערטע איז אַרויסגעגאַנגען און אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז זי געקומען מיט פּוילישער פּאָליציי, וועלכע האָבן זיי פאַרהאַלטן און געברענגט אין לאַגער.

דער לאַגער פירער נעל איז אַריין אין דער קיך און אַ פרעג געטאָן מינצבערגן צי זיי האָבן שוין איבערגעגעבן ווו די איבעריקע פיר אַנטלאָפענע געפינען זיך? זיי זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין דער „וואַך־שטובע׳׳ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קרייץ־פאַרהער באַגלייט מיט שווערע קלעפּ. נאָך שעה׳ן פּייניקונגען איז נישט געלונגען פון זיי אַרויסצובאַקומען קיין שום ידיעות וועגן די איבעריקע פיר אַנטלאָפענע.

נאָך דעם קרייץ פאַרהער און פּייניקונגען זיינען ביידע דורך אוקראַאינער אָוועקגעפירט געוואָרן אין וועלדל. מיט זיי זיינען מיטגעגאַנגען צוויי לאַגערניקעס אויסצו־

גראָבן אַ קבר. די צוויי לאַגערניקעס האָבן נאָכדעם איבערגעגעבן וועגן דער בעסטיאַלישקייט פון די אוקראַינער און וועגן ווידערשטאַנד פון די צוויי קרבנות.

אַזוי האָבן פאַרענדיקט זייער יונג לעבן די צוויי קרבנות. די קדושים אריה מאַנדעלבוים און לעמעל. כבוד זייער אָנדענק.

* * *

דער רעזשים איז פון טאָג צו טאָג שטרענגער און ערגער געוואָרן. עס האָבן זיך שוין פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער לאַגער וועט אינגאַנצן ליקווידירט ווערן. פּאָלאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט אין לאַגער האָבן אַפילו אָנגעגעבן איינצלהייטן, אַז ביי דער ליקווידאַציע וועט פאָרקומען אַ סעלעקציע און די מערהייט וועט דערשאָסן ווערן.

אין מערץ 1944 זיינען אַלע אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די באַראַקן צום אַפּעל־פּלאַץ און עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון לאַגער. יעדער איינער האָט געמוזט אָפּגעבן זיינע קליידער און באַקומען געשטרייפטע „העפטלינגס" הויזן און אַ מאַרינאַרקע. יעדער איינער האָט באַקומען אַ שיסל מיט אַ לעפל און 2 פונט ברויט אויף 5 טעג צייט, וואָס די רייזע האָט געדאַרפט דויערן. אַלע זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַנציע, ווו עס זיינען שוין געשטאַנען גרייט משא וואַגאָנען און אַלע זיינען פאַרלאָדן געוואָרן צו דער רייזע קיין אוישוויץ. אַ שעה צייט האָט געדויערט דאָס וואַרטן און דער לאָקאָמאָטיוו האָט גערירט אין דעם וייטן אומבאַקאַנטן וועג. נאָך דריי טעג און צוויי נעכט פאָרן איז דער צוג אָנגעקומען אין טויטן־לאַגער אוישוויץ, וואָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פון מיינע איבערלעבונגען אין דער צייט פון דער נאַצי־טיראַניע.




זכור מה שעשה לך עמלק

שלמה וואגאַ

## אַ חלום, וואָס איז נישט פאַרווירקליכט געוואָרן

אין אַ שווערן חלום בלאָנקען פאַר מײַנע אויגן רעוואָלווערן און ביקסן. איך הער דעם טראָמפּייט פון אַרבעטסלאַגער פאַרטאָג. ענדליך איז געקומען די צייט פון אָפּרעכענונג. איך שטיי מיט אַלע צוזאַמען און באַפעל, אַז דער טראָמפּייט זאָל געבן זײַן סיגנאַל אָן אויפהער: לאַנג! לאַנג! ביז אַלע צום לעצטן מענטשן וועלן אַרויס פון זייערע אָרעמע נעסטן, אויך די אַלטע לייט פון די קעלערס און די קינדער פון די שטעלער. איך רוף צום מאַרש נאָך טרעבלינקע! עלטערן צו קינדער, קינדער צו עלטערן, ברידער צו שוועסטער, שוועסטער צו ברידער. מיר אַלע ווילן דאָרט אַהין זיך דערוויסן דעם שרעקליכן אמת. אַליין זען אויף אונדזערע אויגן זייערע טויטע קערפּערס. מיר ווילן זען, אויב עס איז טאַקע מעגליך אַזעלכע גרויזאַמע טאַטן אויף דער וועלט. מיר גייען אויפן קבר פון די זעקס מיליאָן.

דאָס געטאָ טויער ווערט אויפגעבראָכן! סלופּעס ווערן אַוועקגעשליידערט און שטעכל דראָטן ווערן צעריסן! מיר זײַנען נישט מער קיין שקלאַפן! מיר מאַרשירן דורך לאַנגע וועגן, דורך פעלדער, וועלדער, בערג, טאָלן און טײַכן ביז מיר שטייען נעבן אַרומצוימונגען און הויכע מויערן. די טויערן ווערן אויפגעבראָכן, די מאַסע שטירצט די שטערונגען און מיר געפינען זיך אויף די גרויסע פּלעצער פון דער טרעבלינקער אויסראָטונגס־פאַבריק. דאָ איז אָבער קיינער נישטאָ. קיין שום מענטש, קיין דײַטש, קיין אוקראַינער און אויך נישט קיין יידן. די מאַגאַזינען זײַנען ליידיק און פּוסט. מיר אַלע, פינף טויזנט מענטשן שטייען איבער די גרויסע פעלדער און גראָבן אויף די קברים. איך הויב אָן גראָבן. אין אָנהויב נעם איך דאָס זאַמד לײַכט אַוועקשאַרן. ווען איך פאַרטיף זיך אין גרוב און די ערד ווערט האַרט, באַנוץ איך דעם קילאָף. איך טו דאָס מיט אַ מעכאַנישע קראַפט און בין טויב און בלינד צו דעם אַרום און בין פאַרטיפט אין דער, אַרבעט. איך קוק אַרײַן אין דער ערד מיט טיפע אויספאָרשונגס בליקן און ווען דער רידל לאָזט זיך אַראָפּ טיפער אין דער ווייכער ערד פון אונטער מײַנע פיס, קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז די גאַנצע לעגענדע איז אַ געמיינער ליגנט, אויסגעטראַכט פון שלעכטע מענטשן. אָבער מיטאַמאָל, נישט צום גלויבן, קומט מיר פאָר, אַז איך וועל דאָ באַלד קענען זען מײַנע עלטערן, מײַן ברודער, מײַנע נאָענטע און דאָס יידישע פאָלק פון אייראָפּע. איך גראָב ווייטער און פלוצלינג געט די שאַרף פון רידעל אַרויס אַ הויל געשריי פון וואָס מײַן האַרץ גיט אַ ציטער, ווי עפּעס אינעווייניק וואָלט אויפגעפּלאַצט. דאָס ליים פון אונטערן זאַמד ווערט ווי אַ שטרייף שוואַרצער און פעטער שטויב. איך הויב אָן אַרויסנעמען די ערד פאַמעלעך און פאָרזיכטיק. איך פיר דעם רידל אין דער לענג און דערפיל ביינער. איך דערקען פינגער, פיס און אַ גאַנצן קערפּער. איך שאַר אַוועק די ערד ווייטער און מער פאָרזיכטיק, און דערזע הענט, וועלכע זײַנען בײַ דער לענג פון יעדן קערפּער. שטייענדיק אַזוי אײַנגעבויגן צווישן די ערד ווענט איבער די טויטע קערפּערס, שאַר איך אַרויס די ערד מיט די הענט אויף רעכטס און לינקס און די לעצטע פאָרהאַנג פאַלט אַרונטער. מײַנע הענט דערפילן אין דער ערד צעהאַקטע מוחות, אָפּענע מײַלער פון ספּאַזמען. הונדערטער מאָל גלעט איך זייערע גלידער און זייערע פּנימער מיט טויזנטער געפּילפּולע ווערטער, אויסגעמישט מיט טרערן דרינג איך אַדורך יעדעס צעשלאָגענע גליד און יעדעס צעקאַלעטשעט אָרט.

איך דרינג אַרײַן אין מײַנע עלטערנס ווייטאָג פון פאַרן טויט. מיט די סובטעלסטע ווערטער, מיט געפּילפּולע קלאַנגען פון מײַן שטימע, רייד איך צו זיי אפילו ווען זיי זײַנען נישט צום דערקענען. זיי אַלע זײַנען מיר עלטערן! זיי אַלע זײַנען מיר

ברידער! איך שטעל זיך אויף און זע מיינע טויזנטער לעבעדיקע מענטשן זיינען טיף אין די גריבער. זיי שטייען פאַר דער אויפגעדעקטער ערד, פאַר די מיליאָנען נאַקעטע קערפּערס. אַלע ברעכן אויס אין אַ יאָמערלעך געוויין, וואָס דויערט אָן אויפהער. איינער זעט נישט דעם אַנדערן נעבן זיך. יעדער איז פאַרנומען מיט דעם, וואָס ער זעט פאַר זיך.

מיין חלום גייט אָן ווייטער.

פלוצלונג הערן מיר הויכע און לאַנגע, ווילדע טראָמפּייטן־טענער און גלייך רופן זיך אָפּ אַנדערע טראָמפּייטן־טענער און ווידער רופן זיך אָפּ אַנדערע טראָמפּייטן פון אַלע זייטן. איך זע גרויסע מאַסן מענטשן קומען אַהער פון מזרח און פון מערב, פון צפון און פון דרום. שופרות בלאָזן, וואָס אַמאָל שטאַרקער און אונדזערע אויגן זיינען געווענדעט דאָרט אַהין אין אַלע ריכטונגען. זיי קומען אָן. וואָס אַמאָל נענטער, ביז זיי אלע שטייען דאָ אויף די גרויסע פעלדער פון טרעבלינקע. די ערשטע זיינען יידן פון אַלע לענדער אין דער וועלט, אָבער באַלד מאַרשירן אַריין אַנדערע פעלקער: ענגלענדער און פראַנצויזן, סערבן און רוסן, האָלענדער און נאָרוועגיער, אַמעריקאַנער און טערקן און ווייטער קומען אָן פעלקער פון גאָר, גאָר ווייט: יאַפּאַנעזער און כינעזער, אינדיאַנער און אַראַבער, אַביסיניער און אַפריקאַנער, פעלקער פון די ווייטסטע מדבריות: ווייסע, שוואַרצע, געל־פאַרביקע. אַלע זיינער דאָ פאַרזאַמלט ביי די גוואַלטיק גרויסע אָפענע קברים פון די מיליאָנען יידן, וועלכע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אומשולדיק אויפן שרעקלעכסטן אופן.

איך חלום ווייטער.

איך גיי אַרויף אויפן הויכן באַרג און לייען פאָר די צוואה, וואָס די פאַרפייניקטע האָבן איבערגעלאָזט דעם יידישן פאָלק און דער גאַנצער מענטשהייט. די צוואה, וועלכע מיר האָבן אויפגענומען דורך דעם טאַקט, וועלכער איז געוואָרן אויסגעקלאַפּט דורך די שטאָלענע רעדער און באַן־רעלסן מיט וועלכע זיי זיינען דאָ אַהערגעבראַכט געוואָרן.

איר זאָלט איבערגעבן אייערע פעלקער דאָס, וואָס איר האָט דאָ געזען אין טרעבלינקע. נעמט אָן אַ באַשלוס דאָ אויף דער ערד, שווערט ביי די אָפענע קברים, נעמט אַלס עדות די נאַטור אַליין, אַז איר, די מענטשהייט פון דער גאַנצער וועלט, וועט מערפאַך פאַרדאָפּלען די נקמה איבער יענעם פאָלק, וועלכעס איז פעייק געווען אַזאַ גרויס פאַרברעכן אויסצופירן, אַז איר וועט זיי נישט שפּאָרן קיין עוולות, אַזוי ווי זיי האָבן אונדז נישט געשפּאָרט. איר זאָלט זיי רייסן מיט ציין און נעגל און טאָן אַלץ פאַר זייער פאַרניכטונג, אַזוי ווי זיי האָבן אונדז געטאָן. נאָכן באַשטראָפן די שולדיקע, די ערגערע פון די ווילדע, זאָל זיך אָנהויבן אַ ניי פרידליך לעבן.

דער היינטיקער טאָג זאָל זיין אַ טרויער געדענק־טאָג און יעדעס יאָר זאָל דער טאָג דערמאָנען דעם מאַרש נאָך טרעבלינקע. די דאָזיקע יאָרצייט זאָל פאַרטיפן אונדזערע געדאַנקען אין די ליידן פון פעלקער. ווען מיר בויגן אונדזערע קעפּ פאַר די מיליאָנען קדושים, באַשטראַלן זיי אַלע די ביז יעצטיקע קרבנות. די מיליאָנען ערנפולע קדושים וועלכע שטאַמען פון אונדז יידן, דאַרפן געבן דער אַלגעמיינער מענטשהייט די אָפּשליסונג פון אַלע פּאָגראָמען און מאָרדן, וועלכע ווערן אויסגעפירט דורך די שטאַרקערע איבער די שוואַכערע .

* * *

איך האָב דערפילט אַ האַנט, אַ שווערע האַנט, וואָס האָט מיך געוועקט מיטן אויסגעשריי: שטיי אויף, עס איז שוין שפּעט צום אַפּעל. אַ באַגאָסענער מיט שווייס האָב איך מיך אויפגעכאַפּט, געעפנט די האַלב פאַרשלאָפענע אויגן און דערזען די טראַגישע געטאָ ווירקלעכקייט.

צבי ראָזענוויין

## שאָטנס ביינאַכט

ווי פון אַ נעפל שווימען אויף אין מיין מח און געדאַנק די בילדער פון גרויל און אומקום.

אָט זע איך אַ בילד פון אָפּגעמאַרטע האָפנונגען.

עס איז דאָנערשטיק, סעפטעמבער 25, 1942, דער דריטער טאָג פון דער אויסזידלונג. אין דעם טאָג האָט מען געפירט צום טויט די יידן פון אַלטן מאַרק, די ערשטע טיילן פון גאַרנצאַרסקע, נאַדזשעטנא און פון די דערנעבן ליגנדע געסלעך.

מיטאָג צייט האָבן זיך דערטראָגן צו אַלעמענס אויערן אויסגעשרייען: „יידן מזל טוב”, „יידן עס איז געשען אַ נס”. עס לויפן אַרויס די יידן פון די גאַסן, וועלכע זיינען נאָך נישט געוואָרן אויסגעזידלט. זיי קומען אַרויס פון די הייזער און בונקערס, ווו זיי האָבן זיך אין טויט־אַנגסט אויפגעהאַלטן. מיט טויט בלייכע געזיכטער פון שרעק און הונגער. מיט רויטע, פון טרערן און שלאָפלאָזע נעכט, געשוואָלענע אויגן, ווילד צעשויבערטע האָר און זאַמלען זיך אין די ענגע געסלעך. פון אַלע הערט מען דאָס ווינטשן זיך „מזל טוב”, מען פאַלט זיך אויף די העלדזער און מען קושט זיך פון פרייד. אָט זעט מען דעם נס, וואָס דער אויבערשטער האָט באַוויזן אין דער לעצטער מינוט.

אָט הערט מען ווי איינער דערציילט גענוי דעם „נס” פאַר אַ גרעסערער גרופּע אַרומשטייענדע יידן. „די אַקציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן”, עס גייען יידן צוריק פון די וואַגאָנען אין וועלכע זיי האָבן געזאָלט אַוועקגעשיקט ווערן. עס זעט אויס, קאָמענטירן אנדערע יידן, אַז עס איז געקומען אַ באַפעל אָפּצושטעלן די אַקציע און נאָך אַנדערע קאָמענטירן, אַז נישט אַנדערש נאָר די וועלט האָט זיך אַריינגעמישט און געצוווּנגען די נאַצי רוצחים אָפּצושטעלן די פאַרניכטונג!

אין דער ווירקלעכקייט זעט מען באַלד אָנקומען פרויען, מענער און קינדער מיט פּעק אויף די פּלייצעס. ווידער בילדער פון גרויזאַמער דערשיטערונג פון פאַלן זיך אויף די העלדזער און וויינען פון פרייד. זיי דערציילן, אַז פאַרן אַריינגיין אין די וואַגאָנען איז אָנגעקומען דער באַפעל, אַז זיי זאָלן צוריקגיין אין געטאָ.

אין מיטן פון דעם ווילדן, פון דער טיפסטער פאַרצווייפלונג, אויסברוך פון פרייד, שטייט אין אַן איינזאַמען צימער אַ זון און בעט זיך ביי זיין פאָטער: „טאַטע, קום אויך אַראָפּ אויף דער גאַס, זאָל מען זיך אויך פרייען צוזאַמען מיט אַלע יידן”.

דער אַלטער, פרומער פאָטער שטייט אומבאַוועגלעך און בליקט אַרויס דורכן פענסטער, ווו מען זעט די בילדער פון שגעון, פון ליידן און פיין ווילד געוואָרענע מענטשן, סקעלעטן, וועלכע יובלען אויף דער גאַס, און טרערן גיסן זיך אים פון די אויגן.

עס דויערט לאַנג דאָס בעטן פון זון ביז דער פאָטער קען זיך נישט באַהערשן און ענטפערט: „קינד מיינס! זעסטו נישט דאָס גרויזאַמע בילד פון מאַסן שגעון, זעסטו נישט וואָס דאָ קומט פאָר? ווי קענען מיר זיך פרייען ווען מיליאָנען יידן זיינען שוין פאַרניכטעט געוואָרן. ווען כמעט אַלע שטעט זיינען שוין אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן? ווי קענען מיר זיך פרייען מיט דעם, וואָס מען וועט אונדז לאָזן לעבן? עס איז דאָך פאַלש די גאַנצע פרייד, אַז מען וועט אונדז לאָזן לעבן, מיר מוזן טיילן דעם זעלבן גורל פון אַלע יידן”.

פון די אויף דער וואַך שטייענדיקע אוקראַינער האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון ביקסן און גלייך נאָכדעם די לעצטע גסיסה געשרייען פון די קוילן געטראָפענע. אין שרעק און בהלה זיינען די יידן צוריק אין זייערע באַהעלטענישן און בונקערס.

עס איז פאַרשווונדן די לעצטע אויפגעשטראַלטע האָפנונג פון אַ מעגלעכער רעטונג. עס איז דערנאָך פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז דאָס צוריקשיקן די יידן פון די וואַגאָנען איז געווען דערפאַר, ווייל דער „קאָנטינגענט” אין דעם טאָג איז געווען איבערפולט.

* * *

פון דער געדיכטער פינסטערניש ערשיינט פאַר מיר אַן אַנדער בילד.

אין איינעם פון די כלאָראָפאָרמירטע מיט יידן אָנגעשטאָפּטע וואַגאָנען, וועמענס וועג איז צו די גאַז קאַמערן אין טרעבלינקע, שטייט דער אַלטער פאָטער. ער האַלט זיך קוים, ער איז צונויפגעדריקט פון דער מענטשן מאַסע, ער שטייט בארוועס, ווייל די שטיוול האָבן די דייטשן אים געצווונגען אויסטאָן און איבערלאָזן פאַרן אַריינגיין אין וואַגאָן. עס שטיקט אים אין האַלדז פון ענגשאַפט, היץ און כלאָרין. ער נעמט צונויף זיינע לעצטע כחות און זיינע לעפצן שעפּטשען אַ תפילה צום רבונו של עולם, אַז ער זאָל כאָטש שענקען דאָס לעבן פון זיין פאַמיליע, דאָס לעבן פון זיינע קינדער פון וועלכע מען האָט אים, נאָר וואָס, אַזוי מערדערלעך און ברוטאַל צעשיידט.

אָט זע איך ווייטער דעם טראַגיש נאַקעטן טויט־מאַרש פון מענער, פרויען און קינדער פאַרן אריינגיין אין די גאַז קאַמערן און ווערן געטריבן דורך די נאַצי מערדערישע באַגייקעס.

אָט זע איך צווישן די נאַקעטע מאַרשירנדע מענטשן — סקעלעטן אויך דעם אַלטן פאָטער. בלוט רינט פון זיין קערפּער און ער ווערט געצווונגען דורך די מערדער צו באַוועגן מיט די פיס צום טאַקט פון די דערביי שפּילנדע מוזיק. אין די לעצטע מינוטן פון שיידן זיך מיט דער וועלט, שעפּטשען זיינע ליפּן אַ געבעט צו גאָט, אַאַ געבעט פאַרן לעבן פון זיינע קינדער.

* * *

איך שטרענג מיך אָן אַוועקצוטרייבן פון זיך די גרויל און געשפּענסט בילדער, אָבער פון דער נאַכט געדיכטער פינסטערניש ערשיינען פאַר מיר נייע שאָטנס.

אָט זע איך אַ בילד פון פאַר אַן אויסזידלונג. עס שטייען קינדער און באַמיען זיך צו איבערצייגן זייער אַלטע און קראַנקע מוטער, אַז זי זאָל גיין אין ״בונקער״, ווו זיי האָבן פאַר איר אויסגעפּועלט אַ פרייען פּלאַץ און אָט זע איך ווי די קינדער באַגלייטן די מוטער צום פינסטערן, נאַסן קעלער אונטער דער ערד, ווו עס געפינט זיך דער בונקער. איך זע דאָס געזעגענען זיך מיט איר, ווי זי שטרעקט אויס אירע אויסגעדאַרטע קראַנקע הענט און קושט יעדעס קינד באַזונדער, דערביי פליסן פון אירע אויגן טרערן. איך זע אירע ברייט צעעפנטע פון שרעק אַרויסשטאַרצנדע אויגן ווי זיי וואָלטן געפרעגט: „קינדער ווי לאָזט איר מיך איבער”.

איך זע איר אין, זיך דערשטיקטע — אין קיין מענטשלעכע שפּראַך אויסדריקבאַרע —פאַרצווייפלונג. איך זע איר אויך אין די ווייטערדיקע גרוילן פונם בונקער. דער מאַנגל אין עסן, דער מאַנגל אין וואַסער און אויך דער מאַנגל אין לופט. איך זע די לאַנגע גסיסה ראַנגלעניש פון די קראַנקע מוטער, אירע אַרויסגעזעצטע, מאָנענדע אויגן. אירע אויסגעשטרעקטע נאָך הילף רופנדע הענט. איר לעצטער דערשטיקטער פון קיינעם נישט דערהערטער מוטער געשריי פון וועלן זען פאַרן טויט, כאָטש איינמאָל, אירע קינדער.

אין דער געדיכטער פינסטערניש וואַקסן די מוטער אויגן אויס אין אַן אומגעהויער פאַרגרעסערטער פאָרם און עס ציען זיך צו מיר אירע קראַנקע אויסגעדאַרטע הענט.

* * *

א קאַלטער שווייס באַגיסט מיין קערפּער. עס בריט מיך ממש ווי עס וואָלטן

גליענדע קוילן געלעגן אונטער מיין געלעגער. איך לויף אַראָפּ פון מיין געלעגער, צינד אָן די ליכט און עפן אויף דאָס פענסטער, בכדי איינצואָטעמען אַ ביסל פרישע לופט. אָבער וואָס קומט דאָ פאָר? חלום איך? איז דאָס אַ פאָרטזעצונג פון די נאָר וואָס געזעענע געשפענסט בילדער? איך וויש אויס מיינע אויגן, אָבער, ניין! איך בין וואַך. דאָס, וואָס איך הער איצט איז נישט קיין אָפּקלאַנג פון יענע טעג פון חורבן, נאָר דאָס געזאַנג, וואָס דערטראָגט זיך צו מיין צימער פון די מינכענער גאַסן זיינען די טרויעריק באַקאַנטע טענער פון „האָרסט וועסל ליד„ „ווען דאַס יודן בלוט פון מעסער שפריצט". אָט הער איך עס היינט ווידער אויף די מינכענער גאַסן פון מאַרשירנדע קינדער מערדער. טויזנטער מאַרשירן זיי אויף די מינכענער גאַסן. עס קומט גלייך אויפן געדאַנק, אַז עס זיינען היינט ביי זיי די „פאַשינגס" טעג. און אָט איז דער פאַשינגס צוג אין וועלכן עס נעמט אָנטייל די גאַנצע באַפעלקערונג. פון מיטן דעם יום טוב צוג האָט מען אָנגעהויבן צו זינגען דאָס האָרסט וועסל ליד און באַלד איז געקומען דער אַפּלאָוז פון די טויזנטער אַרומשטייענדע און אָט הערט מען שוין ווי די גאַנצע מאַסע זינגט מיט באַגייסטערונג דאָס ליד פון „נאַכט פון לאַנגען מעסער".

איך פאַרמאַך צוריק דאָס פענסטער, אָבער נאָך לאַנג הער איך נאָך די גרילצנדיקע טענער: „ווען דאַס יודן בלוט פון מעסער שפריצט".



דער נאַצי רוצח קעסלער שטייט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ פאַרן געריכט אין טשענסטאָכאָוו. נעבן אים, רעכטס, שטייט דער עדות אהרון אוויעטשקא, וועלכער דערקלערט, אַז דער נאַצי רוצח קעסלער האָט ביי דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ, פאַרברענט יידן לעבעדיקערהייט. צווישן אַנדערע איז זיין פרוי יאַדזשיאַ אוויעטשקא, 32 יאָר אַלט, און טעכטערל, האַלושאַ, 5 יאָר אַלט, דורך דעם נאַצי רוצח פאַרברענט געוואָרן.
דאָס געריכט האָט דעם נאַצי-מערדער קעסלער פאַראורטיילט צום טויט דורך הענגען.
דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו.



רבקה קאָפּע

# די ערשטע אַקציע

אין נאָקטיורנע ספּאַזמעס דער טאָג איז צעריסן,
די הערצער פאַרקלעמט ווי מיט ציין איינגעביסן.
אַ טאָג נאָך יום-כּיפּור — פאַרשריבן זאָל ווערן,
אַ שטאָט איז געזונקען — אַוועק איז מיט טרערן.

טאַטע־מאַמע ערשט ביי כּל־נדרי־ליכטער
געוויינט איבער קעפּלעך און קינדערס געזיכטער;
זיי זאָלן דערלעבן זיי דערציען פאַר מענטשן,
זיי זאָלן דערלעבן צו דער חופּה זיי בענטשן.

די קלומיקלעך גרייט — מיט די קינדער, די זקנים,
דער אָפענער בראָך האָט נישט אָפּגעשוינט קיינעם. —
פייגל שוין גרייטע צו דער האַרבסטיקער שירה,
מיט אָפענע שנעבלעך געבליבן אָן זמירה...

אַ, ליכט פון יום־כּיפּור — אַ נס, נישט פאַרלאָשן, —
געברענט און געטרערט פאַר אָן עדה קדושים,
וואָס זיינען אַוועק מיט דער אַקציע דער ערשטער.
אונטער קאָמאַנדע פון דעגענהאַרדט הערשער.

די ליאַלקעס דערשראָקן אין ווינקלען זיך טוליען,
נישטאָ מער קיין מאַמעס זיי צו פאַרלולען.
זיי זיינען אַריין אין די קינדערס חלומות,
פון חלום אַרויס , מיטן רויך פון די קוימענס...

אַ שטאָט האָט געאַרבעט, געקאָכט און געזידט,
מיט בעלי־בתּים אין גדלות געבליט,
געבליבן צום שרעקן זיינען ליידיקע שטיבער,
מיט פינצטערע שויבן ווי גריבער, ווי גריבער.

די נאַכט איז געפאַלן פאַרחידושט מיט ציטער,
ס'האָט פּחד זיך אונטערגעגנען דאָס געוויטער. —
יענע שטילקייט פון גאַסן פון צער אויפגעפּוישט
איבערשרייען וועט טויזנטער לעבענס-געראויש.

הערי קליין

# שיך

געאַרבעט אין טויט־לאַגער אוישוויץ ביי שיך,
געטריבן דורך עס־עס רוצחים צו סאָרטירן שיך.
אימה׳דיקע הויכע בערג מיט שיך,
א:מצאָליקע, טויזנטער און טויזנטער פּאָר שיך.

טאָג־טעגלעך פרישע טויזנטער, טויזנטער פּאָר שיך,
טאָג־טעגלעך הויכע בערג מיט שיך, בערג מיט שיך.
פון וועמען זיינען זיי די טויזנטער פּאָר שיך?
די׳ הויכע און בלוט אַנגסט מיך שרעקנדע בערג שיך?

די שיך זיינען פון יידן — מיינע פאָלקס־ברידער,
נאָך נעכטן געטראָגן דורך קינדער, שוועסטער, ברידער,
דורך מאַמעס און טאַטעס, דורך באָבעס און זיידעס
און איך קען אַלץ גענוי פעסטשטעלן אַלס עדות.

איך דערקען די שיך פון וועמען זיי זיינען,
זיי ריידן צו מיר אין וואַך, חלום און געוויין.
יעדער באַרג שיך איז פון יידן אַ קהילה,
זאָג איך קדיש און אַ שטילע תפילה.

קליינע שיכלעך זיינען פון דורך פענצטער געוואָרפענע
קינדער — קעפּלעך אין מויערן דערמאָרדעטע
דורך האַרצלאָזע מערדערישע נאַצי הענט.
די באַווייזן — זיינען די בלוט פלעקן אויף די ווענט.

דאָ ליגן שיך פון געיאָגטע און פאַרפּלאָגטע,
פון די אין טויט קאַלך־וואַגאָנען געיאָגטע.
אין אימה׳דיקע גאַז־קאַמערן פאַרגאַזטע
און אין פייער קרעמאַטאָריעס פאַרברענטע.

דאָ ליגן בערג מיט שיך באַגאָסענע מיט בלוט.
יידישע העראָאישע קעמפער מיט מוט
האָבן אין אַ פאַרביטערטן קאַמף פאַרלוירן דאָס לעבן
צו באַזיגן נאַציזם איז געווען זייער שטרעבן.

דאָ ליגן בערג מיט שיך פון מאַמעס און באָבעס,
— דאָרטן ליגן בערג מיט שיך פון טאַטעס און זיידעס.
דורות זיינען פאַרשניטן — נישטאָ קיין זכר,
נישט געבליבן איז קיין סימן און קיין קבר.

געאַרבעט אין טויט לאַגער אוישוויץ ביי שיך,
געטריבן דורך עס־עס רוצחים צו סאָרטירן שיך.
אימה׳דיקע הויכע בערג מיט שיך,
אומצאָליקע, טויזנטער און טויזנטער פּאָר שיך.

ד״ר בנימין אָרענשטיין

## באַשערט

דער דיכטערין, רבקה קאפע, אין פאַרערונג.
דער מחבר.

**באַשערט איז טייל מענטשן אין לעבן**
**זען באַגין, די זון אויפגאַנג,**
**זאַמלען פרוכטן פון זייער שטרעבן,**
**ס׳זאָל שמייכלען ס׳גליק מיט געזאַנג.**

**אַנדערע מוזן בלינדע אויגן,**
**הויך הויבן צום הימל געווענדט**
**און מיט שוואַרצן צער פאַרצויגן**
**מאַכטלאָז לאָזן פאַלן שווער די הענט.**

**באַשערט איז טייל מענטשן נאָר פרייד,**
**שטראַליקן דערפאָלג אויף יעדן שריט,**
**פון אַקער — קיינמאָל געזייט —**
**האָבן אַ גאָר רייך געבענטשטן שניט.**

**אַנדערע איז גאָר באַשערט,**
**אַנשטאָט פרוכטן וואַקסן זאָל ווילד גראָז,**
**שטענדיק זאָל אַלץ זיין פאַרקערט, —**
**גיי פרעג זיך פאַר — ווען ?, פאַרוואָס ?**

---

## אין דעם קליינעם געטאָ

דעם געטאָ קעמפער, צבי ראָזענוויין, געווידמעט
— דער מחבר.

**אין דעם קליינעם געטאָ אַ לעבן פול מיט פיין,**
**אין דעם קליינעם געטאָ אַ לעבן אָן ליכט שיין.**
**נישט פאַרצווייפלט, פאַראומערט, שטענדיק וואַך צום קאַמף,**
**דערהויבן און דערמוטיקט מיט וואָפן אין דער האַנט.**

**אין גערעַנגל פון טרויער,ליידן, הונגער און נויט,**
**אין גערעַנגל פון טרויער, קאַמף פאַר אַ שטיקל ברויט.**
**שטאָלץ דערהויבן, דערמוטיקט, קאַמף קעגן נאַצי־הינט,**
**צו באַזיגן און באַהערשן — מאַכט פון רויב און זינד.**

**אין די געטאָ בונקערס — אַ לעבן פול מיט בלוט ,**
**אין די געטאָ בונקערס — אַ לעבן פול מיט מוט.**
**שטענדיק גרייט, וואַכזאַם — אין קאַמף קעגן נאַצי־מאַכט,**
**צעשטערן און פאַרניכטן — מיט וואָפן און מיט קראַפט.**

**אין דעם קליינעם געטאָ אַ לעבן פול מיט פיין,**
**אין דעם קליינעם געטאָ אַ לעבן אָן זון־שיין.**
**נישט פאַרצווייפלט פאַראומערט, שטענדיק וואַך צום קאַמף,**
**דערהויבן און דערמוטיקט מיט וואפן אין דער האַנט.**

מעלאָדיע : ,,בערבות הנגב״.

# ב ר ו י ט

פאַרטאָג, אײדער ס׳באַווײַזן זיך די העלע שטראַלן אויפן הימל,
איז אין לאַגער „האַסאַג־פּעלצערן״ אַ שטורמישער טומל.
דער טראָמפּייט רייסט איבער דעם שלאָף און רופט צום באַפּעל,
די פאַרהונגערטע, פאַרפּייניקטע יידן צום אַפּעל.
אין רייען, אין גרופּן, און אין קאָמאַנדאָס איינגעשטעלט,
ווערן דורך עס־עס־טיראַנען און וואַכמענער געציילט.

אַ גאַנצן טאָג פאַרשקלאַפּט און ביי דער מאַשין צוגעבונדן,
און אין האַרצן מאַטערן עגבערנדיקע פּיין, לייד און ווונדן.
דאָס וועלט־געוויסן, די מענטשהייט איז בלינד, טויב, שטום אָן לשון,
זי זעט נישט, הערט נישט ווי מיליאָנען לעבנס ווערן פאַרלאָשן.
אויף שייטערהויפנס, און אין קרעמאַטאָריעס ווערן פאַרברענט,
ווערן דערשאָסן, פאַרפּייניקט און געהאָנגען אויף די הענט.

מיט ביטערן שווייס געאַרבעט פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט,
צוריקגעקומען אין באַראַק צעבראָכן און פאַרטראַכט.
געלעגן אויפן האַרטן, האָלץ־וואָלע, פּאַפּירענעם שטרוי־זאַק,
געדרייט זיך פון איין אָרט אויף דעם צווייטן און געלעגן וואַך,
געטראַכט וועגן נקמה, פרייהייט, האָפענונג און ברויט,
צעשטערן שקלאַפעריי, אונטערדריקונג, הונגער און נויט.
איך בין נישט איינגעשלאָפן, נאָר די אויגן געהאַלטן פאַרמאַכט,
מיין פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט, געטרוימט און געטראַכט.
אויפן אָרט פון די געפאַלענע העלדן און קדושים,
וועלן אויפוואַכן די געפּייניקטע לאַגעריסטן־יורשים,
צום קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר רעכט, אָן מורא און אָן שרעק,
פאַר זוניקע שטראַלנדע טעג און פאַר רואיקע נעכט.

עס ליגן פאַרחלשטע קערפּערס פון הונגער און נויט,
ווי שאַפט מען פאַר זיי עפּעס צו עסן, זופּ אָדער ברויט.
צו שטאַרקן די שוואַכע גלידער, דערמוטיקן זייער גייסט,
ברענגען אַ שטראַל פון האָפענונג, מוט, גלויבן און אַ טרייסט.
זאַמלען אַלע אונטער דער פאָן צום קאַמף פאַר פרייהייט,
פאַר אַ וועלט פון רעכט, דערפילטע באַגערן און גלייכהייט.

עס איז אַ וווּנדער געשען, איך האָב דערזען קוישן ברויט,
גרויסע, טיפע און ברייטע קוישן מיט פריש געבאַקן ברויט,
ווייסע, לאַנגע, קיילעכדיקע געשמאַקע מאָן ברויט.
כ׳האָב אויפגעוועקט מיינע שכנים און געוויזן דאָס ברויט.
מיטן דערפילן דעם ברויט־געשמאַק האָבן אַלע אויפגעוואַכט.

זיי האָבן געקייט, געגעסן און געגעסן געשמאַק דאָס ברויט.
איך האָב מיר געטראַכט, זאָלן זיי עסן צו דער זעט דאָס ברויט,
צו שטילן דעם פּיינפולן הונגער, ליידן און ביטערע נויט.

איך עפן אויף מיינע מידע, האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן,
אַלץ פאַרשווונדן, ווי אַ טרוים, אַ חלום אַוועקגעפלויגן.
איז דאָס אַ פאַנטאַזיע, אַ זיסער טרוים נאָר געווען,
יאָ! דאָס מוז אויך אין דערווירקלעכקייט טאַקע געשען.
איך רוף אויס! ניין, דאָס איז קיין חלום, קיין טרוים געווען,
דאָס איז מיין וויזיע, און אַזוי וועט באַשטימט געשען.

העי! איר „האַסאַג״־ברידער מיינע, טראַגישע געשטאַלטן,
דער קריג איז צו ענדע, פרידן וועט מיט דער וועלט פאַרוואַלטן.
הונגער, נויט וועט פאַרשווינדן און קיין ברויט וועט אייך נישט פעלן,
אויך אין שפּייז און אויך אין קליידונג וועט איר אייך נישט קוועלן.
דער מערב־מעטעאָר וועט אין קורצן אונטערגיין,
און אין נאָענטן מזרח וועט די זון און פאָן אויפגיין.

---

די פּאָעמע „ברויט״ איז אָנגעשריבן געוואָרן אין דעצעמבער 1943, אין לאַגער „האַסאַג־פּעלצערן״ אין טשענסטאָכאָוו. מערב מעטעאָר באַדייט היטלעריזם, נאָנטער מזרח — ישראל. די פּאָעמע איז געבויט אויף 13 קלאַנגען. די פּאָעמע איז צום ערשטן מאָל פאָרגעלייענט געוואָרן, דורך דעם מחבר, אין באַראַק נר. 7 אין לאַגער „האַסאַג־פּעלצערן״ דעצעמבער 31, 1943, און צום צווייטן מאָל אויף דער ערשטער צענטראַלער הזכרה פון די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, פאַרגעקומען אין לאַנדסבערג, אָקטאָבער 20, 1946.



## „האַסאַג״

מאָטיוו און מעלאָדיע פון
ש. קאַטשערגינסקי׳ס
„די גאַסן און בולוואַרן״.

דער זעלבער לאַגער און „האַסאַגן״
איז פאַר מיר און דיר.
די זעלבע פריטשעס און באַראַקן,
וואָס וועט זיין דער סוף פון מיר.

דער זעלבער קעסל זופּ טאָג-טעגלעך,
פאַר דער טאָג־נאַכט שיכט,
דאָס לעבן איז דאָך אומדערטרעגלעך,
פול מיט צער און אָן ליכט.

רעפריין
עס דאַרפט נישט אַזוי זיין,
עס מוז נישט אַזוי זיין,
אַז פאַר אַנדערע פרייהייט באַשערט,
און פאַר יידן איז אַלץ פאַרווערט.
די נאַצי רשעות רעגירט,
זיי האָבן אַזוי איינגעפירט.
עס ברויזט און ס׳קאָכט דאָס האַרץ מיינס.
ס׳מוז נישט אַזוי זיין,
עס דאַרפט נישט אַזוי זיין.

פאַר זיי די אַלעען און בולוואַרן,
פאַר אונדז אַן ענג קוואַרטאַל.
פאַר זיי רחבות און פּאַלאַצן,
פאַר אונדז אַ שרעק און טרערן קוואַל.

פאַרוואָס פאַר אונדז שטעכיקע דראָטן,
נישט לאָזן אונדז ווייטער גיין.
פאַרוואָס פאַר מיר מיין היים פאַרבאָטן,
פאַר מיר אַ געלעגער האַרט ווי שטיין.
רעפריין

# דער בריוו-טרעגער

(ספּעציעל אָנגעשריבן פֿאַר גיטעלע איצקאָוויטש)

דער בריוו־טרעגער פון אונדזער גאַס איז אַ נידעריקער, אַ דיקלעכער און דערצו האָט ער אַ רויטער נאָז. שוין יאָרן און יאָרן ווי ער טראָגט בריוו צו די איינוווינער פון אונדזער גאַס, דעריבער אינטערעסירן זיי זיך מיט דעם בריוו־טרעגער און איבערהויפּט מיט זיין רויטער נאָז.

פאַרוואָס האָט ער טאַקע אַ רויטע נאָז? דאָס וואָלט איך אַליין אויך געוואָלט וויסן, דעריבער לאָמיר הערן, וואָס מענטשן זאָגן. מענטשן זאָגן, אַז זומער ווערט זיין נאָז אָפּגעברענט פון דער הייסער און גליענדער זון, און וואָס איז ווינטער? ווינטער זאָגן זיי, ווערט זי רויט פון די קעלט און פרעסט. אַנדערע איינוווינער פון אונדזער גאַס לייקענען דאָס אָפּ. זיי זאָגן, אַז ער האָט ליב צו מאַכן אַ כוסה וויסקי, בראַנדי און דערפאַר איז ביי אים די נאָז שטענדיק רויט.

די איינוווינער פון אונדזער גאַס זיינען געווען זער נייגעריק צו וויסן צי איז דאָס אמת. זיינען זיי אים נאָכגעגאַנגען באַלד אינדערפרי און זיך איבערצייגט ווי ער מאַכט די ריכטיקע כוסות וויסקי און נאָכדעם נעמט ער די טאָרבע מיט גרויסע פּעק בריוו און הענגט זיי אָן אויף די אָרעמס און גייט און גייט, וואָס זאָג איך, ער גייט, די איינוווינער פון אונדזער גאַס זאָגן, אַז זיין גיין איז ענלעך צו אַ טשיריבאַקס טאַנץ. דער בריוו טרעגער פון אונדזער גאַס האָט צו טראָגן די ריכטיקע פּעק: טויזנטער און טויזנטער בריוו פון דער גאַנצער וועלט, צייטונגען, זשורנאַלן, ביכער און פאַרשידנאַרטיקע בילס.

ווי נאָר מיין טאַטע קומט אַהיים פון שאָפּ און באַווייזט אפילו נישט אָפּצועסן, נעמט ער זיך צום ליינען די בריוו. צוערשט סאָרטירט ער די בריוו: איינלאַדונגען באַזונדער, פאַמיליע בריוו באַזונדער, בילס באַזונדער און בריוו פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט, ווי ער איז וויים־פּרעזידענט, באַזונדער. דאָס איז נישט אַלץ; ווי זיינען די בריוו מיט טיקעט ביכעלעך צום פאַרקויפן? ווי זיינען די בריוו מיט קאַרטלעך פאַר פאַרשידענע קאַמפּיינס? ווי זיינען די בריוו מיט אויפרופן, פּראָקלאַמאַציעס, מאַניפעסטן? ווען איך זאָל וועלן אויסרעכענען אַלע סאָרטן בריוו, וואָס דער קליינער דיקלעכער בריוו־טרעגער מיט דער רויטער נאָז פון אונדזער גאַס ברענגט אַלץ, וואָלט איך גאָרנישט פאַרטיק געוואָרן.

איינמאָל אַ זונטיק בין איך געגאַנגען מיט מיין טאַטן און מיר האָבן געטראָפן דעם פּאָסט־טרעגער. זונטיק טראָגט ער נישט קיין בריוו. אָבער פון געוווינהייט מוז ער אַדורכגיין די גאַס יעדן טאָג. ווי נאָר ער האָט דערזען מיין טאַטן, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „באָן זשור מעסיע לע וויצע פּרעסידאַן" דערהאַלטן נעכטן אַ פּאַק מיט בריוו? אוי! רוף איך אויס, פונוואַנעט ווייסט ער דאָס, אַז דו ביסט אַ וויצע־פּרעזידענט. ער ווייסט, זאָגט דער טאַטע, פון די בריוו. יעצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס דער בריוו־טרעגער האָט אַ רויטע נאָז, נישט בלויז פון דער הייסער גליענדער זון, נישט בלויז פון די קעלט און פרעסט, נישט בלויז פון וויסקי, נאָר אויך פון דעם, וואָס ער שמעקט אַרויס אַלע צרות פון די בריוו.

די בריוו צו דער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס מיין טאַטע, דער וויצע־פּרעזידענט, דערהאַלט, זיינען אַזעלכע טרויעריקע און טראַגישע, אַז זער אָפט וויינט מיין טאַטע ביים ליינען די בריוו. איך האָב, דעריבער דעם איינדרוק, אַז אויף דער וועלט איז דאָ מער צרות, לייד און פּיין ווי צופרידנהייט, פרייד און גליק. עפּעס אַ קלייניקייט, אין יעדן בריוו איז אַ לעבנס טראַגעדיע. אָט איז אַ בריוו מיט צוויי פּיקטשערס ווי אַזוי איינער האָט אויסגעזען מיט אַ קורצע צייט צוריק, געזונט און שטאַרק און יעצט מיט אַן אַראָפּגענומענעם פוס, אויסגעדאַרט, אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט. אַן אַנדער בריוו אויך מיט פּיקטשערס ווי איינער ליגט אין שפּיטאָל און ביים בעט שטייען גאַנצע מאַשינען און אַפּאַראַטן מיט אַ רערל אין דער נאָז, קען שוין גאָרנישט עסן, מען מוז דורך אַ רערל דורך דער נאָז אים דערנערן. פון די אַלע צרות מוז מיין טאַטע וויסן, אָבער וואָס קען מען טאָן, מען דאַרפט דאָך עפּעס העלפן מענטשן אין צרות און אין נויט. איך זאָג צו מיין טאַטן, טעלעפאָניר צו עטלעכע גבירים פון דיינע לאַנדסלייט, וואָס זיינען רייך, האָבן הייזער, פּעקטאָריס און גרויסע געשעפטן, זאָלן זיי געבן געלט וועסטו גלייך אַוועקשיקן, נאָך איידער דער מיטינג פון דיין עגזעקוטיווע וועט פאָרקומען. מיין טאַטע שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט ניין. ער זאָגט מיר, דו ווייסט נישט מיין קינד, אַז די גבירים ווילן נישט געבן קיין סענט, אַז זיי זיינען טויב און שטום צו די ליידן פון אַנדערע מענטשן? אויב אַזוי, פרעג איך דעם טאַטן, טאָ פונוואַנעט נעמט דיין לאַנדסמאַנשאַפט אַזויפיל געלט צו שיקן צו די אָט ליידנדע לאַנדסלייט? מיין טאַטע זאָגט מיר, אָט דאָס איז טאַקע אַ גוטע און ריכטיקע פראַגע. מיר קומען זיך צונויף צו אַ מיטינג און נאָכן דורכליינען אַזאַ בריוו געט יעדער עטלעכע דאָלאַר. די געבערס זיינען אַליין אַרבעטער אין שעפּער, מאַטערן זיך אַליין צו מאַכן אַ לעבן און דערפאַר האָבן זיי אַ פאַרשטענדניש פאַר די, וואָס גייט נאָך ערגער, פאַר די וואָס דער גורל האָט באַשטראָפט. איך פרעג ווייטער, אַז אויב אַלע געבן אויף אַ מיטינג, געבן דאָך די גבירים אויך. מיין טאַטע שאָקלט ווידער מיטן קאָפּ, אַז ניין. די גבירים קומען גאָרנישט צו קיין מיטינגען און מען קען זיי גאָרנישט טרעפן. ווינטער זיינען זיי אין פלאָרידאַ, זומער זיינען זיי אין די לאָרענשן׳ס און ווען זיי זיינען שוין יאָ דאָ אין דער שטאָט און מען טעלעפאָנירט צו זיי און ווי נאָר זיי הערן, אַז מען טעלעפאָנירט פון דער סאָסייטע, אַזוי איז גלייך דער ענטפער: נישטאָ אינדערהיים, נישטאָ אין אָפיס און וועט נישט זיין פאַר די נאָנסטע עטלעכע וואָכן. טאָ וואָס קען מען שוין אויפטאָן מיט זיי? אויב אַזוי טראַכט איך, איז טאַקע נישטאָ קיין יושר אויף דער וועלט.

א. כראַבלאָווסקי

## יונגע יידישע שרייבער אין יזכור-בוך „טשענסטאָכאָוו"

דאָס בוך „טשענסטאָכאָוו", חוץ זיין היסטאָרישן ווערט, האָט נאָך איין גרויסע מעלה: אין אים באַטייליקן זיך אַ רייע באַגאַבטע יונגערע שרייבער, געראַטעוועטע פון היטלער־חורבן, וואָס האָבן אַליין איבערגעלעבט אַלע נאַצישע גרוילן, אַליין געפירט דעם טאָפּלטן קאַמף מיט די באַרבאַרישע דייטשן פון דרויסן און מיט די יודענראַטלער פון אינעווייניק; זיי זיינען דורך נסים לעבעדיק אַרויס פון טויטן־טאָל, וואָס מען באַצייכנט ווי שקלאַפן־לאַגערן, האָבן זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע און זיינען ווידער געזעלשאַפטלעך טעטיק אין זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן און אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן. זיי זיינען לויט דער רייע ווי זייערע אַרבעטן זיינען פאַרעפנטלעכט אין בוך „טשענסטאָכאָוו" — דר. בנימין אָרענשטיין, צבי ראָזענוויין, שלמה וואַגא, מ. סאָסקי, א. ל. באָמבע, דר. וואָלף גליקסמאַן, חנן קיעל, מאָטל בערקאָוויטש.

איך ווייס, אַז וואָס שייך חורבן טעמעס, וואָס אונדזערע יונגערע יידישע שרייבער האָבן פאַרעפנטלעכט, זאָגט מען ביי אונדז: 1) לאָזט אונדז צורו מיטן חורבן, לאָזט אונדז לעבן, מיר האָבן שוין גענוג חורבן; 2) אַ סך פון די טעמעס האָבן מיר שוין געלייענט — צו וואָס זיי ווידער פאַרעפנטלעכן? — געדענקען מיר אָבער, אַז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס איז נישט קיין פאַרגלייך מיטן יידישן חורבן — אַז דעמאָלט האָט מען אויך געוואָלט פאַרגעסן דעם שוידער פון דער וועלט־מלחמה און פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו מענטשן זיינען אויס־געשטאָרבן ווי פליגן, דעמאָלט צומייסטנס ניט־אידן. האָט מען אַזוי פאַרגעסן ביז ס'איז געקומען דער היטלער־חורבן, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען דער רעזולטאַט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה.

מיר ווייסן אויך, אַז עטלעכע טויזנט יאָר כסדר האָבן דורות יידן און יידישע דיכטער ניט אויפגעהערט צו וויינען אויפן חורבן בית המקדש און יעדעס יאָר אויסגעגאָסן זייער טרויער מיטן קלאָג־ליד פון „איכה": „געדענק גאָט וואָס ס'איז געשען צו אונדז, קוק און זע אונדזער שאַנד, אונדזער נחלה, זי איז איבערגעגאַנגען צו פרעמדע, אונדזערע הייזער צו אַנדערע", און יעדן שבת האָבן יידן צוזאַמען מיט די שבת'דיקע תפילות געזאָגט דעם „אב הרחמים" און מזכיר געווען די „קהילות הקודש, וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם, די געליבטע און געטרייע ביי זייער לעבן, וואָס האָבן זיך נישט צעשיידט מיט זייער טויט". און איצט ווי גרויס, אָ ווי גרויס איז געווען די צאָל פון די מיליאָנען אומגעקומענע, וואָס דער טויט, דער אומקום האָט זיי מיט אונדז נישט צעשיידט, און וואָס פאַר אַ הייליקער חוב ס'איז פאַר אונדז אייביק שטענדיק זיי צו דערמאָנען!

לאָמיר דאָ בקיצור פאַרצייכענען ווער די יונגערע שרייבער זיינען און אויף וואָס פאַר אַ טעמעס זיי האָבן געשריבן.

דר. בנימין אָרענשטיין האָט אונטערן נאַצי־רעזשים געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־לאַגער „האַסאַג", וואָס איז טאַקע געווען אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט אין דער צייט געזאַמלט מאַטעריאַל וועגן די נאַצי־רציחות אין לאַגער, דאָס פאַרשריבן אויף שטיקלעך פּאַפּיר און באַהאַלטן אין אַ שטרוי־שעניק. נאָך דער באַפרייאונג פון די דייטשישע לאַגערן, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך מיט לאַטיינישע אותיות א"נ „חורבן טשענסטאָכאָוו". דאָס דאָזיקע בוך האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין די פּראָצעסן אין דייטשלאַנד, ווו די דייטשע מערדער זיינען געמשפּט געוואָרן. אין בוך „טשענסטאָכאָוו" איז ער פאַרטראָטן מיט פינף אַרבעטן: 1) „טשענסטאָכאָווער

ד״ר בנימין אָרענשטיין



## ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ז״ל

צו די אייגנאַרטיקע געשטאַלטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מאָנטרעאָל, האָט געהערט ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ז״ל. עס איז כמעט נישט געווען קיין אינסטיטוציע מיט וועלכע ער זאָל נישט זיין פאַרבונדן און פאַרנעמען אַ בכבודיקן אַמט. ער איז געווען פּיל־מאָליקער פּרעזידענט און וויצע־פּרעזידענט פון דער רוסיש־פּוילישער היברו סיק בענעפיט סאָסייטע, איינער פון די גרינדער פון פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב און גרינדער פון כל נדרי אַפּיל, מיטגליד אין קאָונסיל פון ועד־העיר, פּרעזידענט פון די יוניטעד היברו סעמעטעריס אין מאָנטרעאָל, מיטגליד אין באָארד אָוו דירעקטאָרס פון דער עדת־ישורון, הדרת־קודש שול, מיטגליד פון באָארד אָוו דירעקטאָרס פון די פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציעס פאַר דער הסתדרות, מיטגליד אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס ביי דער רוסיש־פּוילישע סאָסייטע ווי ישׂראל־באָנדס און אַ גאַנצע רייע געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע אינסטיטוציעס. ער האָט אויך רעפּרעזענטירט די סאָסייטע אין קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. ער האָט נישט פאַרפעלט קיין איין קאָנפערענץ צי דאָס זאָל זיין פון קאַנאַדער קאָנגרעס, ועד־העיר, באָנד דרייוו, פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציעס פאַר דער הסתדרות און ענלעכע. זיין סטאָר אויף מעין סטריט איז געווען אַ צענטער און צוזאַמענקונפט פאַר געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. נישט געווען קיין אָונט ער זאָל נישט האָבן עטלעכע מיטינגען. די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן האָט ער אינגאַנצן אויפגעגעבן זיינע פּריוואַטע ביזנעס און האָט זיך אויסשליסלעך אָפּגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ע״ה איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער טשענסטאָכאָווער אומגעגנט הילפּס־סאָסייטע אין מאָנטרעאָל, אין יאָר 1945, און דאָס באַווייזט דער באַריכט אין בוך „טשענסטאָכאָווער יידן״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער יונייטעד טשענסטאָכאָווער רעליף קאָמיטעט און ליידיס אָקזילערי אין ניו יאָרק אין יאָר 1947. אין דעם בוך געפינט זיך אויף זייטן 354־353 אַ באַריכט אילוסטרירט מיט אַ קאָלעקטיוו בילד פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג אויף וועלכן עס געפינט זיך ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ע״ה.

ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ע״ה איז געווען אַ מענטש מיט גוטע אייגנשאַפטן. שטענדיק גרייט געווען צו טאָן אַ טובה, סיי אין פריידן, סיי אין ליידן. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן פאָלגנדער פאַקט. ווען שלמה דילעווסקי ע״ה איז פּלוצלונג אַוועק אין דער אייביקייט און קיינער פון זיין משפחה און קיינער פון דער עקזעקוטיווע פון דער לאַנדסמאַנשאַפט האָט נאָך נישט געוווסט וועגן דער פּראַצעדור פון סעמעטערי אין מאָנטרעאָל, איז דאָס געווען נישט קיין אַנדערער ווי ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ע״ה וואָס האָט דערליידיקט דעם ענין.

ר׳ אברהם ווייסקאָפּ ע״ה האָט אַ סך בייגעטראָגן צום יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מאָנטרעאָל.

כבוד זיין אָנדענקונג.



## ר׳ שלמה לערנער ע״ה

מערץ 20, 1965 איז אַוועק אין דער אײ־ביקייט ר׳ שלמה לערנער ב״ר דניאל ז״ל, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אין טרויער זיין פרוי, צוויי זין, שנירן, אייניקלעך, לאַנדסלייט און אַלע וואָס האָבן אים געקענט.

ר׳ שלמה לערנער ע״ה איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט אין זיך פאַרייניקט צוויי באַגריפן: תורה, ועבודה. אַלע זיינע יאָרן, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, איז ער געווען אין דער האָלץ בראַנזשע, שווער געאַרבעט און ווען ער איז נאָר פריי געווען, האָט ער עוסק געווען אין תורה און מעשים טובים. דאָס האָט אים געפירט צו אַ נאָנטע באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט מיט ר׳ אביגדור׳ל זצ״ל. ער איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער אין בית־המדרש, אין האַראָוויטשעס הויז.

ר׳ שלמה לערנער איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו און האָט געוווינט אויף דער וואַרשעווער גאַס 74־72. אין טשענסטאָכאָוו איז ער דערצויגן געוואָרן, חתונה געהאַט, דערצויגן קינדער, געהאַפט און געטרוימט וועגן יידישער דערלייזונג און יידישער באַפרייאונג.

ווען די צווייטע וועלט מלחמה איז אויסגעבראָכן און די נאַציס האָבן מיט די גרעסטע גרויזאַמקייטן זיך געוואָרפן אויפן לעבן און פאַרמעגן פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, האָט דער פונק פון בטחון, וואָס האָט געטליעט אין ר׳ שלמה׳ס נשמה זיך קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן.

אין דער צייט פון די מאַסן־שחיטות אין טשענסטאָכאָוו איז זיין ברודער שמואל מיט זיין גאַנצער משפחה און זיין שוועסטער אסתר מיט דער גאַנצער משפחה אומ־געקומען אין נאַצישן פייער על קידוש השם ועל קידוש העם.

ר׳ שלמה לערנער האָט געגלויבט באמונה שלימה, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אין פאַרשיידענע צייטן און עפּאָכן געשטעלט געוואָרן פאַר נסיונות און שטענדיק זיי גובר געווען. אויך דאַכמאָל, אין דער נאַצי צייט, איז דאָס יידישע פאָלק געשטעלט געוואָרן פאַרן גרעסטן נסיון אין דער געשיכטע און מיט איבערמענטשלעכע כוחות מוז עס קעמפן פאַר קיום האומה, פאַר דער יידישער נשמה, ווייל **נצח ישראל לא ישקר.**

ר׳ שלמה לערנער האָט אַדורכגעמאַכט אַלע צרות און פורעניותן אין דער נאַצי־צייט. געווען אין גרויסן־געטאָ, אין קליינעם־געטאָ, געווען קאַשאַרירט אין לאַגער „האַסאַג־פעלצערן" און אויב דער בעכער פון די צרות און ליידן איז נאָך נישט גע־ווען פול, איז ער אַ פּאָר טעג פאַר דער באַפרייאונג דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בו־כענוואַלד און פון דאָרט ווידער פאַרשיקט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט. ווען ר׳ שלמה לערנער איז געווען פיזיש פולשטענדיק אויסגעשעפּט און געלעגן קראַנק אין שפּיטאָל, דעמאָלט איז געקומען ווי אַ נס די באַפרייאונג דורך דער אַליאירטער אַרמיי אָנהויב מאַי 1945. אָפּגעייענדיק דריי וואָכן אין שפּיטאָל, איז ער צוזאַמען מיט זיין זון שאיע געפאָרן קיין פוילן אין דער געבוירן שטאָט טשענסטאָכאָוו.

טשענסטאָכאָוו אַלס שטאָט האָט שוין געהאַט אינגאַנצן אַן אַנדערן אויסזען. די אַמאָל וויברירנדע שטאָט מיט יידיש לעבן האָט שוין מער נישט עגזיסטירט. די בתי־

מדרשים, פילצאָליקע יידישע אינסטיטוציעס און הייזער פאַרברענט און פאַרניכטעט. דער בית-עולם צעשטערט, די מצבות, טיילווייז דורך די נאַציס צוגערויבט און אַוועקגעשיקט פאַר קאָמערציאָנעלע צוועקן. אין דער שטאָט האָט זיך שוין ר׳ שלמה לערנער נישט געקענט איינהאַלטן. ער איז דאָרט געווען עטלעכע חדשים און זיך מתעסק געווען מיט רעליגיעזע ענינים און נאָכדעם אַוועקגעפאָרן קיין דייטשלאַנד אין די־פי קעמפּ לאַנדסבערג און דאָרטן געווען צוזאַמען מיט זיינע ביידע זין: שאַיע און דניאל.

אין יאָר 1949 האָט ר׳ שלמה לערנער פאַרלאָזט לאַנדסבערג און עמיגרירט קיין אַמעריקע און געווען אין שיקאַגאָ ביז דעם יאָר 1955. פון יאָר 1955 האָט ער זיך באַזעצט אין מאָנטרעאַל, געווען טעטיק אין דער לאַנדסמאַנשאַפט, רעפּרעזענטי־רענדיק מיט זיך דעם רעליגיעזן סעקטאָר פון טשענסטאָכאָווער יידנטום. ער האָט געהאַט די חזקה פון זאָגן קדיש אויף די יערלעכע הזכרות אין אָנדענק פון די קדושים און גיבורים וואָס זיינען געפאַלן על קידוש השם ועל קידוש העם.

אויסער צו דער לאַנדסמאַנשאַפט האָט ר׳ שלמה לערנער געהערט צו אַ גאַנצע רייע אינסטיטוציעס ווי דער „בית המדרש הגדול", אַ גאַנצע רייע ישיבות און אַלד יִידזש קלובן.

אומעטום ווו ער האָט געהערט, האָט ער אַ סך בייגעטראָגן צום פּרעסטיזש פון דער אינסטיטוציע און אויך פינאַנסיעל געשטיצט.



הזן אפרים־נחמיה טראָמבקאָווסקי ע״ה



## שלמה דילעווסקי ע״ה

שלמה ב׳ר דוד דילעווסקי ע״ה האָט געהערט צו די אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייטן אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאַל. ער איז אַרויסגעוואַקסן פון דער פאָלקס־מאַסע און געווען אַ פאָלקסטימלעכער מענטש. ער האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס אין געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. נאָך איידער ער איז געקומען קיין מאָנטרעאַל האָט ער פיל געלייסטעט אין טשענסטאָכאָוו גופא. נאָכדעם ווי די נאַצי־מאַכט איז געפאַלן אין טשענסטאָכאָוו, איז געלונגען צו כאַפּן עטלעכע נאַצי־רוצחים, וואָס האָבן געפייניקט דאָס טשענסטאָכאָווער יידנטום אין גרויסן געטאָ, קליינעם געטאָ און אין די „האסאג״־לאַגערן. שלמה דילעווסקי האָט געהאַט אַ גוטן זכרון און האָט אַלעמען דערקענט און זיינע ערקלערונגען ביי דער אויספאָרשונגס מאַכט און זיין עדות־זאָגן אין געריכט זיינען אַלעמאָל געווען פון גרויס וויכטיקייט און ביי אַלע פאַלן האָבן די נאַצי־רוצחים פאַרענדיקט זייער לעבן אויף דער תליה.

שלמה דילעווסקי האָט געהערט צו די אויסנאַמען, וואָס האָט זיך, על פּי נס, געראַטעוועט מיט דער גאַנצער משפּחה. דאָס הייסט: מיט זיין פרוי אסתר און צוויי געראַטענע טעכטער: צעלא און באַשע.

שלמה דילעווסקי מיט זיין פרוי און טעכטער זיינע באַפרייט געוואָרן פון „האַסאג״ דעם 16־טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945. גלייך נאָך דער באַפרייאונג איז ער געוואָרן אַ מכניס אורח. זיין וווינונג איז געוואָרן אַ האָטעל פאַר יעדן לאַנדסמאַן, וואָס איז נאָר געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און פון קיינעם נישט גענומען קיין פּרוטה.

אין יאָר 1949 איז ער אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל, ער איז גלייך געווען טעטיק אין דער לאַנדסמאַנשאַפט און האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלע ענינים. צו יעדער אַקאַדעמיע האָט ער אַלע זאַכן, וואָס זיינען נויטיק געווען געברענגט פון זיין שטוב; טיש־טוך פאַרן פּרעזידיום־טיש, לייכטער, ליכט, צוגעגרייט די בלימעלעך אאַ״וו. זיין שטוב איז געווען ווי דאָס זיץ־אָרט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און זייער אָפט זיינען ביי אים פאָרגעקומען זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע.

אויסערלעך האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ שטאַרקער און געזונטער מאַן, און קיינער האָט נישט געוווסט, אַז ער איז חרוב קראַנק.

18 טאָג אין אייר תשי״א (1951) איז ער פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און איז אַריין אין שפּיטאָל און אויף צומאָרגנס איז ער שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

ער האָט שטיל געלעבט און נאָך שטילער איז ער אַוועק אין דער אייביקייט.

כבוד זיין אָנדענקונג.



## איידע מאַזע ע״ה

ערינערונגען און עפּיזאָדן וועגן דער פאַרשטאָרבענער דיכטערין. — אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַקטיוויטעטן פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט.

עטלעכע טעג נאָך מיין אָנקומען קיין מאָנטרעאָל האָט מיך דער קונסט־מאָלער הערי דאַניעלס באַקענט מיט איידע מאַזע ע״ה. זי האָט זיך געהאַט באַקענט מיט מיינע שריפטן און ווען זי האָט מיט מיר דאָס ערשטע מאָל גערעדט אין איר פריערדיקער וווינונג אויף עספּלענייד עוועניו, האָט זי מיך אויסגעפרעגט וועגן די גרויזאַמע געשעענישן אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אונטערן איינפלוס פון מיינע דערציילונגען איז איר קורצוווקסיקער קערפּער נאָך מער איינגעשרומפּן געוואָרן און איר פּנים איז געוואָרן באַדעקט מיט אַ צער. אירע טיפע, ברייטע אויגן זיינען פייכט געוואָרן און טרערן האָבן זיך געפּערלט איבער איר לענגלעך געזיכט. עס ווייזט אויס, אַז זי האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל באַמערקן אירע טרערן, האָט זי זיך אַנטשולדיקט און איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, זיך אויסגעווישט די טרערן און איז גלייך צוריקגעקומען. איך האָב אָבער דאָס יאָ באַמערקט. איך האָב אויך באַמערקט ווי אירע אַקסלען זיינען ווי נידעריקער געוואָרן, ווי זי וואָלט זיך איינגעבראָכן אונטער דער לאַסט פון די יידישע צרות, פּיין און לייד.

איך האָב געפילט שלעכט צוליב דעם, וואָס איך האָב איר דערציילט וועגן דער קינדער מאַרטיראָלאָגיע אין דער נאַצי־צייט, ווייל דאָס האָט דערוועקט אין איר ווייטיק און רעמיניסצענצן פון אירע אייגענע ליידן.

פון צייט צו צייט פלעג איך באַגעגענען איידע מאַזע אויף פאַרשיידענע געזעל־שאַפטלעכע פאַראַנשטאַלטונגען און מיטינגען. זי איז דערשינען פאַר מיר ווי אַ פּסיכאָלאָגישער פענאָמען. פון איין זייט אַ פּרוי פון אומגעהויערן אונטערנעמונגס־גייסט און אָרגאַניזאַציאָנעלן רעאַליזם און פון דער אַנדערער זייט זיין אין פול־שטענדיקן זין פון וואָרט אַ קינד. זיך פרייען ווי אַ קינד פון יענעמס דערפאָלגן און דערגרייכונגען. זיך פרייען ווי אַ קינד פון פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון ענינים, וואָס זי האָט זיך אונטערנעמונגען צו דערפילן פאַר יענעם, פאַר יחידים, גרופּן, געזעלשאַפטן אָדער אינסטיטוציעס. אין אַזעלכע פאַלן איז זי געווען ווי אַ קינד, הגם אין איר אַמאָליקן שוואַרצן קאָפּ האָבן זיך שוין גאָר קענטיק דורכגעפלאָכטן זילבערנע פאַסמעס האָר. די דערשיינונג איז זיך לייכט צו דערקלערן. זי איז שטענדיק געווען אַבסאָרבירט מיט קינדער־לידער און דערפאַר האָט זי אַריינגע־דרונגען מיט איר דענקען און טראַכטן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון קינדער און דאָס האָט געלייגט אַ גייסטיקן חותם אויף איר אַליין.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, אַז איידע מאַזע האָט דאָס באַשטעטיקט אין אַ ליד, וואָס זי האָט אָנגעשריבן:

„כ׳בין אַ מאַמע פון קינדער שוין גרויסע,<br>און בין נאָך אַליין ווי אַ קינד״.

(זען: „וואַקסן מיינע קינדערלעך״, זייט 187).

אין יאָר 1954 האָט איידע מאַזע פאַרעפנטלעכט איר בוך: „וואַקסן מיינע קינדערלעך״. איך בין געווען פון די ערשטע, וואָס האָב דאָס בוך אַדורכגעלייענט און אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָב אָנגעשריבן אַ רעצענזיע, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין „קענעדער אדלער״, „דער אידישער זשורנאַל״ און אין „דאָס וואָרט״. פאַרשטענדלעך איז זי געווען דערפון זייער צופרידן און האָט מיר געדאַנקט דערפאַר און זייט דעמאָלט האָט זי נאָכגעפאָלגט אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן און ביי יעדן מאָל, וואָס זי האָט אַדורכגעלייענט מיינע אַן אַרבעט, האָט זי מיר טעלעפאָנירט און אויסגעדריקט איר מיינונג.

איידע מאַזע האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע קאָרעספאָנדענץ מיט דיכטער און דיכטערינס, וואָס האָבן איר אויך צוגעשיקט זייערע נייע דערשינענע ביכער. איידע מאַזע פלעגט פון צייט צו צייט וועלן, אַז איך זאָל אָנשרייבן וועגן געוויסע ביכער רעצענזיעס. זי האָט אָבער נישט געהאַט קיין דרייסטקייט מיר דאָס צו זאָגן. האָט זי דאָס געמאַכט אויף אַ זייער דעליקאַטן אופן. דאָס ערשטע האָט זי אינסטרואירט איר פריינדין, איר צו לאַנגע יאָר, די דיכטערין מירל ערדבערג־שאַטאַן, זי זאָל מיר טעלעפאָנירן און פאַרשטענדיקן וועגן נייע דערשינענעם בוך און זי זאָל עס מיר איבערגעבן פערזענלעך אָדער איבערשיקן דאָס בוך. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיר שוין איידע מאַזע אַליין טעלעפאָנירט, אַז מירל ערדבערג־שאַטאַן האָט איר געזאָגט, אַז זי האָט מיר געגעבן דאָס בוך און זי (איידע מאַזע) וואָלט געוואָלט וויסן צי איך האָב עס שוין אַדורכגעלייענט און וואָס איז מיין מיינונג וועגן בוך. ווען זי פלעגט דערהערן, אַז איך האָב דאָס בוך אַדורכגעלייענט, מיין מיינונג איז אַ פּאָזיטיווע און איך האָב שוין אָנגעשריבן אַ רעצענזיע און זי איבערגעשיקט אין רעדאַקציע, איז איר פרייד און שמחה געווען אַן אומבאַגרענעצטע און געבענטשט מיט די האַרציקסטע ברכות.

אַפּריל 19, 1958, איז פאָרגעקומען אַ יובל באַנקעט איינגעאָרדנט דורך דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל. דער יובל באַנקעט איז פאָרגעקומען אין אוידיטאָריום פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק און איז געווען געווידמעט דעם צענטן יובילעאום פון דער דערשיינונג פון צוויי ביכער: מיין בוך און שלמה וואַגאַ׳ס. איידע מאַזע האָט זיך באַטייליקט אין דעם יובל־באַנקעט. זי האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די רעדעס, געהאַלטענע באַגריסונגען און פאָרגעלייענטע באַגריסונגס-טעלעגראַמעס. נאָכדעם ווי דאָס 12־יאָריקע מיידעלע גיטעלע איצקאָוויטש האָט פאַרענדיקט צו רעציטירן די רעציטאַציע: „דער בריוו־טרעגער פון אונדזער גאַס״, וואָס איך האָב ספּעציעל פאַר איר אָנגעשריבן, האָט זיך איידע מאַזע געגעבן אַ שטעל אויף און זיך געווענדעט בקול רם צום פאָרזיצער מיט פאָלגנדע ווערטער: „פאָרזיצער, גיט מיר שוין דאָס וואָרט, ווייל איך קען מיך נישט לענגער באַהערשן, איך מוז ריידן״. דער פאָרזיצער פון יובל־באַנקעט איז געווען משה אַלטמאַן, פאַרשטענדלעך אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון מדינת ישראל. ער האָט נישט געקענט פערזענלעך איידע מאַזע און איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. איך האָב דעם פאָרזיצער דערקלערט, אַז די פרוי איז די באַקאַנטע דיכטערין איידע מאַזע און ער זאָל איר גלייך געבן דאָס וואָרט.

אזוי איז געווען. איר רעדע איז דעמאָלט געווען אַ סטיכיש־ספּאָנטאַנישע. דאָס ערשטע האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם טיפן איינדרוק, וואָס האָט אויף איר געמאַכט דאָס רעציטירן פון דער טאַלאַנטירטער צוועלפיאָריקער גיטעלע איצקאָוויטש (היינט איז זי שוין קיין עין־הרע אַ זעכצניאָריקע שוישפּילערין) און נאָכדעם באַגריסט די בעלי־היובל. גלייכצייטיק האָט זי נישט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט מיר אויסצודריקן אַ דאַנק פאַר די פאַרעפנטלעכטע רעצענזיעס וועגן

איר בוך „וואַקסן מיינע קינדערלעך״. דאָס זעלבע האָט זי געברענגט צום אויסדרוק ביי אַ גאַנצער רייע אַנדערע געלעגנהייטן.

אין יאָר 1960, אַ 3־2 חדשים נאָכן טויט פון איר מאַן אליהו מאַזע ז״ל, איז געקומען צו פאָרן קיין מאָנטרעאל די שרייבערין גאָלדע גוטמאַן־קרימער פון אַרגענטינע, אירע אַדרעסן זיינען געווען צו דער „ליטעראַרישער אכסניא״, דאָס הייסט צו איידע מאַזע און צו מירל ערדבערג־שאַטאַן. נישט געקוקט אויף דער פיזישער און פסיכישער דערשלאָגנקייט פון איידע מאַזע האָט זי צוזאַמען מיט מירל ערדבערג־שאַטאַן אָרגאַניזירט אַן אָוונט לכבוד דער שרייבערין גאָלדע גוטמאַן־קרימער. איידע מאַזע האָט מיר טעלעפאָנירט און געבעטן, אַז איך זאָל אומבאַדינגט קומען צום אָוונט. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יענעם פרייטאָג־צו־נאַכטס בין איך געווען פאַרנומען, דאָך האָב איך נישט געקענט אַנטזאָגן איידע מאַזען אויס דרך־ארץ און רערספעקט פאַר אירע אָנשטרענגונגען מקרב צו זיין דעם גאַסט, די שרייבערין גאָלדע גוטמאַן־קרימער. איך בין צוזאַמען מיט מיין פרוי געגאַנגען צום אָוונט.

אויף דעם אָוונט האָב איך גערעדט אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָט געמאַכט דעם גאַסט, גאָלדע גוטמאַן־קרימער, גוט פילן. איידע מאַזע׳ס געזיכט האָט פּשוט אויפגעשיינט. אַ קינדערישער שמייכל האָט באַדעקט אירע געזיכטס־אויסדרוקן, וואָס האָט קינסטלעך פאַרדעקט איר פערזענלעכן צער און ווייטיק, וואָס האָט געטליעט אין האַרצן. ווי נאָר דער אָוונט האָט זיך געענדיקט, זיינען מיר געזעסן און געשמיעסט, דאָס הייסט דער גאַסט, מיין פרוי, איך און איידע מאַזע. נאָך עטלעכע מינוטן רופט זיך אָן מיין פרוי צו מיר, צו וואָס זאָלן מיר זיצן דאָ אין זאַל, לאָמיר זיי איינלאַדן צו אונדז אַהיים, וועלן מיר געמיטלעך פאַרברענגען ביי אַ גלעזל קאַווע. אַזוי איז דאָס געווען. אַ פּאָר מינוטן שפּעטער זיינען מיר אַלע געווען אין מיין וווינונג און עס איז אויך געווען איידע מאַזעס שוועסטער, מרס. דושא. די גרעסטע סאַטיספאַקציע האָט געהאַט איידע מאַזע ווען איך האָב דערקלערט, אַז ווי נאָר איך וועל אַדורכלייענען דעם גאַסטס, גאָלדע גוטמאַן־קרימער׳ס, בוך, וועל איך אָנשרייבן אַ רעצענזיע. דאָס זעלבע איז געווען מיט אַלע אַנדערע רעצענזיעס, וואָס איך האָב פאַרעפנטלעכט וועגן ביכער פון אירע פילצאָליקע פריינט.

איידע מאַזע האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט מיינע אַקטיוויטעטן אין יידישן קולטור־קלוב און זי האָט אויסגעדריקט איר באַגער איינגעלאַדן צו ווערן צו אַזאַ מיטינג. זי איז טאַקע איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ יערלעכער פייערונג און האָט אויך גענומען אַ וואָרט צו אַ באַגריסונג. צומאָרגנס האָט זי מיר טעלעפאָנירט און געדאַנקט פאַר די טעטיקייטן פון קולטור־קלוב און פאַר געבן איר די מעגלעכקייט צו קומען צום אויסדרוק אויף אַזאַ פראַכטפולער קולטור־מאַניפעסטאַציע, ווו עס האָט געקלונגען מיט טויזנטער חן׳ען די יידישע שפּראַך, סיי דורך דער לעקציע, סיי דורך די אויסגעצייכנטע רעציטאַציעס און געזונגענע האַרציקע יידישע לידער. זי האָט אויסגעדריקט איר ווונטש, אַז איך זאָל איר איינלאַדן צו אַלע אונטערנעמונגען פון קולטור־קלוב.

ענדע יאַנואַר 1962 האָב איך צוגעשיקט אַן איינלאַדונג צו איידע מאַזע זי זאָל קומען צום מעמאָריאַל אָוונט, צו דער צווייטער יאָרצייט פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן ז״ל, וואָס דער יידישער קולטור־קלוב און די טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט האָבן איינגעאָרדנט פעברואַר 10, 1962. נישט געקוקט, וואָס איידע מאַזע איז געווען אַ פאַרערערין פון גרויסן היסטאָריקער ד״ר פיליפּ פרידמאַן ז״ל און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין דעם אָוונט האָט זיך באַטייליקט ד״ר איידע פרידמאַן פון ניו־יאָרק, די אלמנה פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן, דאָך איז איידע מאַזע נישט געקומען. איך האָב איר צוגעשיקט דאָס בוך: „דאָס לעבן און שאַפן פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן״ און זי האָט נישט טעלעפאָנירט און איך האָב דאָס גאָרנישט געקענט פאַרשטיין. וואָס

איז געשען. דאָס איז דאָך נישט געווען איר אייגנשאַפט. איך בין געווינט געווען, אַז ווער עס איז נאָר געקומען צו דער „ליטעראַרישער אכסניא״, דאָס הייסט צו איר אין הויז, האָט זי מיר גלייך טעלעפאָנירט, וועגן יעדער זאַך האָט זי מיר טעלעפאָנירט, אַפילו מיר דערמאָנען וועגן באַצאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל אין שרייבער־פאַריין און דאָ ד״ר איידע פרידמאַן איז געקומען צו פאָרן צו דער אַקאַדעמיע, איז זי נישט געקומען און אַפילו נישט טעלעפאָנירט. איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען פשט דערפון, אַז דעמאָלט איז גראָד געווען אַ זייער פראָסטיקער אָוונט און אפשר איז זי אַ ביסל געווען ערקעלטעט און דערפאַר האָט זי נישט געקענט קומען, אָבער נישט ענטפערן אויף דעם בוך, וואָס איך האָב איר געשיקט און נישט טעלעפאָנירן מיר, דאָס האָב איך נישט געקענט פאַרשטיין.

דער ענין איז מיר אויפגעקלערט געוואָרן אַ ביסל שפּעטער און נעמלעך, זי איז נעבעך שטאַרק חרוב געווען די גאַנצע צייט און איז געוואָרן אַ תושב אין פאַרשיידענע שפּיטעלער. אַריין אין איין שפּיטאָל און אַהיימגעקומען, ווידער אַריין אין אַן אַנדער שפּיטאָל און ווידער אַהיימגעקומען און נאָכדעם האָט זיך ווידער די זעלבע געשיכטע איבערגעחזרט. צוערשט איז זי געווען אין פּריוואַטן שפּיטאָל אין קאָט דע נעיזש, נאָכדעם אין ראָיאַל וויקטאָריאַ און צום לעצט אין יידישן דזשענעראַל. ווען זי איז געווען אין שפּיטאָל, האָב איך איר געוואָלט באַזוכן, האָט מען מיר שטרענג אָנגעזאָגט: ניין, אַז יעדער באַזוך איז אומגעווונטשן אין די אינטערעסן פון איר געזונט. איך האָב מיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז זי זאָל זיין אַזוי חרוב און איר ענדע דערנענטערט זיך צוליב דעם פּראָסט פּשוטן פאַקט, אַז איר מוטער האָט ווייט, ווייט אַריבערגעשטיגן דאָס הונדערטסטע לעבנסיאָר און זי, איידע מאַזע, איז אין 69־טן לעבנסיאָר, דאָנערשטיק יוני 14, 1962, אַוועק אין דער אייביקייט.

איידע מאַזע איז געווען ווי אַ מאַמע צו יעדן איינעם ניי געקומענעם דיכטער און שרייבער, געדינט מיט ראַט און טאַט. זי האָט מיט איבערגעגעבנקייט געפירט געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן פאַר קולטורעלע און דערציאונגס־אינסטיטוציעס. זי איז געווען דער מכניס אורחים, פאַר געסט, וואָס זיינען געקומען קיין מאָנטרעאַל. איר לעבן איז געווען באַהאָפטן און אומצעשיידבאַר מיט דער יידישער פּאָעזיע, מיטן יידישן ליד. אירע אייגענע לידער זיינען מערסטנטייל געווען דער אויסדרוק פון איר גייסטיקן געמיט. מיט איר טויט זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן אירע חלומות און געדאַנקען און עס איז פאַראָרעמט געוואָרן די יידישע פּאָעזיע בכלל און די יידישע קינדער־פּאָעזיע בפרט.

צי האָט איידע מאַזע געטראַכט וועגן טויט? דער ענטפער איז יאָ. דאָס האָט זי געברענגט צום אויסדרוק אין אַ גאַנצער רייע לידער. זי האָט אַפילו געזאָגט נבואות ווי אַזוי די ענדע פון איר לעבן וועט זיין, ווי אַזוי זי וועט זיך צעשיידן מיט דער וועלט. איך וועל דאָ ציטירן איין כטראָפקע פון אַ ליד, וואָס זי האָט פאַרעפנטלעכט מיט 21 יאָר צוריק, אין 1941, אין איר בוך „נייע לידער״.

„איך וועל אומפאַלן ווי די,<br>וואָס גייען שווער אין שפּאַן;<br>מיט פאַרקראַמפּטע ליפּן,<br>אָן וואָרט און אָן גראַם״.<br>(זען: זייט 138).

באמת אַ שאָד, וואָס זי איז שוין אַוועק. מיט איר טויט איז אַוועק אַ האַרציקער מענטש, אַ פיינע דיכטערין, אַ קולטור און אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טוערין.

כבוד איר אָנדענק.



## פערל פראקאש ע״ה

## — די מאַמע פון שאַנכייער געטאָ —

פערל פראקאש ע״ה איז באַצייכנט געוואָרן ווי די מאַמע פון געטאָ אין שאַנכיי. ווי אַזוי איז זי אָנגעקומען קיין שאַנכיי? אין וואָס זיינען באַשטאַנען אירע אַקטיווי־טעטן, אַז זי זאָל געקרוינט ווערן מיט אַזאַ טיטל? דאָס איז אַ מערקווירדיקע און אייגנ־אַרטיקע לעבנס-געשיכטע פון אַ יידישער פרוי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פערל פראָקאָש, די טאָכטער פון ר׳ מענדל און דבורה קרימאַן ע״ה, איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו, פוילן. זי האָט באַקומען אַ יידישע דערציאונג און אַ גימנאַזיאַלע בילדונג. איר פאָטער, ר׳ מענדל ע״ה, איז געווען אַ ייד אַ בן־תורה, אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די צדקה־אינסטיטוציעס און געגעבן צדקה בסתר. פערל איז געגאַנגען אין די דרכים פון איר פאָטער. פאַר דער מלחמה האָט זי אָנגעפירט מיט אַ באַקטעריאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע. אין יאָר 1937 האָט זי חתונה געהאַט מיט שמואל פראָקאָש.

פרייטיק, סעפּטעמבער 1, 1939, איז דייטשלאַנד באַפאַלן פוילן. די צווייטע וועלט־שרפה איז אויסגעבראָכן און זונטיק 9 אַזייגער אינדערפרי, סעפּטעמבער 3, זיינען די נאַצישע חיילות אַריין אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו מיט אירע מאָטאָ־ריזירטע איינהייטן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא און אַ שרעק אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. גלייך אויף צומאָרגנס, סעפּטעמבער 4, האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער פּאָגראָם, וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען „דער בלוטיקער מאָנטיק״. יעדן טאָג איז דאָס יידישע לעבן געוואָרן אומזיכערער, דעריבער האָבן די פּראָקאָשעס באַשלאָסן זיך אַרויסצורייסן פון די נעגל פון טויט און זיך געלאָזט אויפן וואַנדער וועג צו דער רוסישער זאָנע קיין ווילנע. דאָס שוואַרצן די גרענעץ איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. אומעטום האָבן געלויערט די רויבערישע אויגן פון נאַצי־וועכטער משחיתים און כּפּעציעל ביי דער גרענעץ. נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן, איז זיי דאָך געלונגען זיך אַדורכצורייסן די גרענעץ און אָנגעקומען קיין ווילנע. דאָס איז געווען אין יאָר 1940. אָבער אויך אין ווילנע איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו בלייבן מיט אַ האָפענונג, איבער־צולעבן די מלחמה. די נאַציס האָבן זיך שוין געגרייט מיט זייערע אַגרעסיווע פּלענער. די פּראָקאָשעס הויבן אָן אַ נייע וואַנדערונג איבער רוסלאַנד דורך דעם ווייטן און אייז קאַלטן סיביר, דורך וולאַדיוואָסטאָק קיין יאַפּאַן. אין יאַפּאַן הויבן זיי אָן אויסצופאַרקויפן די זאַכן, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט מיט זיך בכדי צו קענען לעבן און אויך העלפן אַנדערע. פערל פּראָקאָש האָט פאַרוואַנדלט איר קליין דירה׳לע אין אַ הכנסת אורחים.

אויך אין יאַפּאַן איז דאָס לעבן נישט געווען זיכער, ווייל זי האָט געהערט צו דער נאַצישער אַקס. געווען פאַרבונדן מיט אַ פּאַקט מיט היטלער־דייטשלאַנד און מוסאָליניס איטאַליע. נאָך זיבן חדשים צייט זיינען זיי אַוועק קיין שאַנכיי. אין שאַנכיי האָט זיך שמואל פּראָקאָש פאַרנומען מיט פּראָדוצירן סוווענירזאַכן. דאָ איז דאָס לעבן אויך נישט לייכט געווען. די יאַפּאַנעזער האָבן דאָ געהערשט

און עס איז איינגעפירט געוואָרן אַ געטאָ. די וואָס זיינען נישט אַריין אין געטאָ אין דער באַשטימטער צייט, זיינען אַרעסטירט געוואָרן און איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה־צעלן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זיינען די תפיסה־צעלן געווען פאַר׳סמ׳ט מיט באַצילן און אַלע אַרעסטירטע האָבן באַקומען הויכן פיבער און אַ גרויסע צאָל איז אויסגעשטאָרבן. די „גליקלעכע״, וואָס זיינען אָנגעקומען אין שפיטאָל האָבן, אין דער ערשטער צייט, נישט געקענט באַקומען קיין מעדיצינישע הילף, ווייל די דאָקטוירים האָבן נישט געוווסט אין וואָס די קראַנקהייט באַשטייט און נישט געוווסט ווי אַזוי זי צו היילן, דעריבער זיינען די קראַנקע אין אַ באַדייטנ־דער צאָל אויסגעשטאָרבן.

פערל פּראָקאָש האָט אין דער צייט געפירט אַ גוואַלדיקע טעטיקייט. זי איז געווען די ערשטע אויסצוגעפינען ווער פון די באַפרייטע אַרעסטאַנטן האָט באַקומען הויכן פיבער, וואָס איז געווען דער ערשטער סימפּטאָם פון דער מאָדנער חולאת און זי האָט דאָס ערשטע זיך פאַרנומען, אַז דער קראַנקער זאָל אָנגענומען ווערן אין שפיטאָל. דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך, ווייל ערשטנס איז דאָס געטאָ שפיטאָל געווען איבערפולט און עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ און צווייטנס האָט יעדער קראַנקער געדאַרפט איינצאָלן אַ באַדייטנדע סומע געלט. די מערהייט פון די קראַנקע האָבן נישט געהאַט קיין שום פינאַנציעלע מיטלען.

פערל פּראָקאָש האָט זיך דעמאָלט געווענדעט צו פאַרשיידענע הילפס־קאָמיטעטן זיי זאָלן עפּעס טאָן צו העלפן די קראַנקע. דער ענטפער איז געווען, אַז צוערשט מוז פאָרקומען אַ זיצונג, וואָס זאָל באַשליסן וועגן דעם ענין. דער ענטפער איז נישט געווען אַ צופרידנשטעלנדער, ווייל עס איז געווען אַ פראַגע פון לעבן און טויט און מיט די קראַנקע האָט מען נישט געקענט וואַרטן קיין איין מינוט. פערל פּראָקאָש איז געקומען צו איר מאַן אַ פאַרוויינטע און דערקלערט, אַז די קראַנקע מוזן גלייך אָנקומען אין שפיטאָל און עס טאָר נישט פאַרלוירן ווערן קיין צייט. די פּראָקאָשעס האָבן פון זייערע באַשיידענע פינאַנציעלע מיטלען איינגעצאָלט אין שפיטאָל פאַר די קראַנקע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע פינאַנציעלע מיטלען און אַלע קראַנקע זיינען גלייך אָנגענומען געוואָרן אין שפיטאָל. די צאָל קראַנקע האָט זיך אויך פאַרגרעסערט און עס זיינען געווען פאַלן פון שטערבלעכקייט. דער „דזשאָינט״ איז געקומען צו הילף און האָט אַפילו די פּראָקאָשעס אומגעקערט זייער געלט. ווען פערל פּראקאָש האָט באַצאָלט פאַר די קראַנקע האָט זי גאָרנישט גערעכנט, אַז זי וועט צוריקבאַקומען דאָס געלט.

צוליב דער הויכער טעמפּעראַטור האָבן די קראַנקע גאָרנישט געקענט עסן און דאָס, וואָס זיי האָבן געדאַרפט נויטיק צו האָבן איז געווען לימענעס מיט צוקער און דאָס איז גאָרנישט מעגלעך געווען צו באַקומען אין געטאָ. בכדי דאָס איינצו־קויפן איז נויטיק געווען צו גיין אין יאַפּאַנעזישן קוואַרטאַל און דערצו האָט מען באַ־דאַרפט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אַרויסצוגיין פון געטאָ, ווייל אַנדערש איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות. פערל פּראקאָש האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן און באַזאָרגט לימענעס מיט צוקער צו מאַכן דאָס צוקער און לימענע וואַסער, וואָס איז געווען דאָס הויפּט דערנערונגס־מיטל פאַר די קראַנקע, וואָס האָבן געהאַט הויכן פיבער. פערל פּראקאָש איז געווען כמעט גאַנצע טעג און נעכט אין שפּיטאָל. נישט אַלעמען איז געלונגען צו דערהאַלטן ביים לעבן און צווישן די, וואָס זיינען געשטאָרבן פון דער מגפה איז אויך געווען אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן.

אין דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַ פאַל, אַז אַ רוסישער געהילפס־פּאָליציאַנט האָט געכאַפּט אַ טשענסטאָכאָווער לאַנדכמאַן און פאַרלאַנגט, אין פאַרלויף פון זעקס שעה, פינף הונדערט דאָלאַר אויסקויף־געלט. די פּראקאָשעס האָבן צו יענער צייט נישט פאַרמאָגט מער ווי 320 דאָלאַר. פערל פּראקאָש האָט געפירט

פאַרהאַנדלונגען און פאַר דריי הונדערט דאָלאַר איז דער ענין דערליידיקט געוואָרן. דער לאַנדסמאַן איז געבראַכט געוואָרן אין געטאָ און אויף אַזאַ אופן איז ער ניצול געוואָרן פון דער פאַר׳סמ׳טער תפיסה. ער געפינט זיך היינט, אַ געזונטער, אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

פאַר די טאַטן, פאַר די מעשים איז זי געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען: „די מאַמע פון געטאָ אין שאַנכיי״. דערמיט האָבן זיך אירע אַקטיוויטעטן נישט באַגרענעצט. נאָך דער מלחמה האָט זי געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט לטובת די נויטליידנדע פליטים אין שאַנכיי. דאָס דרינגט אַרויס פון אַ בריוו, וואָס דער קאָמיטעט פון פוילישע יידן, מלחמה־פליטים, אין שאַנכיי האָט געשריבן צו פערל פראָקאָש אין וועלכן עס ווערט איר אויסגעדריקט דאַנק און אנערקענונג פאַר די 195 טויזנט (הונדערט פינף און ניינציק טויזנט) שאַנכייאישע דאָלאַרן און 15 אַמעריקאַנישע דאָלאַרן, וואָס זי האָט געשאַפן און איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט. דער בריוו איז דאַטירט סעפּטעמבער 24, 1946, נר. 166/46. דער בריוו איז אַ באַווייז, אַז איר טיטל: „די מאַמע פון שאַנכייער געטאָ״, איז אַ באַגרינדעטער און באַרעכטיקטער.

אַפּריל 1948 האָבן די פראָקאָשעס פאַרלאָזט שאַנכיי און אָנגעקומען קיין קאַנאַדע. אויך דאָ אין מאָנטרעאל איז פערל פראָקאָש נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט. זי איז געווען אַקטיוו אין דער ליידיס אָקזילערי פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאל. זי איז געווען די, וואָס האָט געבראַנגט צום אויסדרוק מוטערלעכע און שוועסטערלעכע געפילן צו די, וואָס האָבן זיך געפילט איינזאַם, נידערגעשלאָגן ווי אַ וואַקלענדיקע זיך שיף אויף אַ שטורמישן ים. זי האָט געשאַפן אַ פאַמיליאַרע און פריינטלעכע אַטמאָספערע אין די אַקטיוויטעטן פון דער ליידיס אָקזילערי. זי האָט אַליין זיך באַשטייערט מיט באַדייטנדע סומעס געלט און געזאַמלט אָנגעזעענע דאָנאַציעס צו העלפן די לאַנדסלייט אין ישראל און מעבר לים. די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן און בכלל די הילפס־טעטיקייט פאַר לאַנדסלייט איז געווען ביי איר אַן אידעאַל און פלעגט דאָס טאָן מיט גרויס איבערגעגעבנקייט.

פערל פראָקאָש איז פאַר זיך אַליין געווען ווי אַן אינסטיטוציע. זי איז געווען אין קאָנטאַקט מיט פריינט און באַקאַנטע און פלעגט זיי שיקן פינאַנציעלע הילף פון איר אייגן געלט. דאָס איז דער העכסטער שבח, וואָס מען קען וועגן אַ מענטש זאָגן.

פערל פראָקאָש איז פלוצלונג געשטאָרבן אין דער נאַכט פון שבת אויף זונטיק, יולי 2, 1961. זי האָט איבערגעלאָזט אין טרויער איר מאַן שמואל פראקאש און איין איינציקן זון יוסף.

אין הייליקן און אייביקן אָנדענק פון פערל פראָקאָש ע״ה האָט איר מאַן שמואל פראקאש געפלאַנצט טויזנטביימער אין יער קאַנאַדע, אין ישראל.

כבוד איר אָנדענק.

## באַמערקונג פון בוך קאָמיטעט

ביי דער לויה האָט ד״ר בנימין אָרענשטיין מספיד געווען די נפטרת פערל פראָקאָש ע״ה און נעמענדיק אין באַטראַכט די קאָלאָסאַלע אָפּפערווילּיקע אַקטי־וויטעטן פון דער פאַרשטאָרבענער פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט און אין אַלגעמיין פאַר דער געזעלשאַפט האָט דער בוך־קאָמיטעט באַשלאָסן צו דרוקן עטלעכע קורצע פראַגמענטן פון הספד אין כבוד פון דער נפטרת פערל פראָקאָש ע״ה.

אין נאָמען פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאל שטיי איך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ פאַר דיין ארון און געזעגן זיך מיט דיר אין נאָמען פון

אַלע לאַנדסלייט, פּילצאָליקע פריינט און באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך דאָ צאָלרייך פאַרזאַמלט.

עס איז אמת, אַז אדם יסודו מעפר וסופו לעפר. עס איז אויך אמת, אַז דור הולך ודור בא. דאָס זיינען געזעצן, וואָס קיין שום מענטש קאָן נישט ענדערן, ווייל אַזוי איז דער סדר פון דער וועלט, אָבער אין דיין יונגן עלטער און נאָך אַזעלכע געראַנגלענישן אוןליידן אין דער צייט פון דער נאַצי טיראַניע און איצט ווען עס איז דיר שוין מעגלעך געווען צו לעבן אין אַ פריי לאַנד און אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, איז באמת אַ ווייטיק און אַ צער, אַז דו ביסט אַוועק פון דער וועלט. איך וויל גאָרנישט פּרובירן צו טרייסטן קיינעמען, ווייל דעם צער לעב איך אַליין אַדורך אין די טיפענישן פון מיין האַרצן, טאָ ווי אַזוי זאָל איך טרייסטן דיין מאַן שמואל, דיין איינציקן עלף יאָריקן זון יוסף; די לאַנדסלייט, פריינט און באַקאַנטע.

פּערל פּראָקאָש, וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיט דער אייביקייט און וועט איצט געפירט ווערן צו דער אייביקער רו, שטאַמט פון דער אַלטער היים. זי שטאַמט פון אַ גייסטיקער סביבה, אַ סביבה פון אַ דור פון אמת, צדק און יושר, פון אַ דור פון חשיבות היחיד און חשיבת הרבים. אַ דור, וואָס איז געווען באַזעלט מיט אמונה שלמה און מיט מסירת נפש זיך געווידמעט די אינטערעסן פון יחיד און פון כלל. אָפּגעהיטן דעם יידישן כבוד פון יחיד, כבוד פון ציבור און ועל כולם דעם נאַציאָ־נאַלן כבוד. איר לעבן איז געווען דער אויסדרוק פון דער העכסטער מדרגה פון מענטשלעכקייט און איבערגעגעבנקייט פאַרן כלל. אירע מעשים טובים האָבן ווי אַ קרוין אַראָפּגעשיינט פון איר קאָפּ. די מעשים טובים האָט זי געטאָן מיט אינער־לעכער האַרציקער איבערגעגעבנקייט און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

אין נאָמען פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ליידיס אָקזילערי און אין נאָמען פון אַלע פריינט און באַקאַנטע, דריק איך אויס מיין גרעסטן רעספּעקט, דרך ארץ און כבוד צו דער פאַרשטאָרבענער פּערל פּראָקאָש ע״ה און אין זכות פון אירע מעשים טובים, אין זכות פון אירע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן און אין זכות פון דעם, וואָס זי האָט רעפּרעזענטירט אַ דור פון אמת, צדק און יושר תנוח בשלום על משכבה ונאמר אָמן.



שמואל פראקאש

## הספד

אין דער אַלטער היים האָט זיך געפירט, אַז אַ הספד האָט מען געהאַלטן נאָך אַ ג'טן יידן, אַ ייד אַ למדן, אַ צדיק און אַ פרוי אַ צדיקת. אויב מען זאָל ממשיך זיין דעם מנהג, וואָלט מען נאָך דיר, פערעלע, געדאַרפט האַלטן אַ סך הספדים. ברענגען צום אויסדרוק דיינע מעשים טובים, וועלכע דו האָסט געטאָן בלב ונפש דיין גאַנץ לעבן און בכדי זיי אַלע אויסצורעכענען וואָלט מען געדאַרפט אָנשרייבן גאַנצע בענדער.

אמת, אַז ביים לעבן האָט מען דיר געזאָגט אַ סך שבחים, ווייל ווער עס איז נאָר זעקומען מיט דיר אין באַרירונג האָט גלייך אויסגעפונען דיינע מעלות און גוטע מידות און דיין קרישטאָל־ריינעם כאַראַקטער. דו האָסט, מיט דער ברייטער האַנט, געשטיצט מענטשן, אפילו דעמאָלט ווען אין דער זעלבער צייט האָסטו געמוזט שפּאָרן דאָס נויטווענדיקסטע פאַר זיך אַליין. קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווסט, אַ חוץ איך און דו. דו האָסט פאַרלאַנגט, אַז דאָס זאָל זיין אַן אמת'ער מתן בסתר. אויב איך זאָל אפילו וועלן די זאַכן מגלה־סוד זיין, וואָלט עס אפשר געקלונגען ווי איבערגע־טריבן אָדער באַרימעריי. דאָך איז עס דער הייליקער אמת. דו ביסט אין דיינע מעשים טובים דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, ווי דו וואָלסט נישט געלעבט אויף דער ערד נאָר ווי אַ מלאך אין הימל, אָדער ווי יצחק לייבוש פרץ האָט זיך אויסגעדריקט אין זיינע אַ דערציילונג: „אויב נישט נאָך העכער".

איך האָב דיך געקענט 27 יאָר און דורך דער גאַנצער צייט האָב איך ביי דיר געזען און געלערנט בלויז גוטס. איידלקייט, דערהויבנקייט, צאַרטקייט, באַשיידנקייט און דער עיקר, די מידה פון קענען אַזוי לייכט פאַרטראָגן אַן עולה.

איך זאָג דיר די שבחים נישט נאָר היינט ווען דו ביסט אַוועק אין דער אייביקייט אין זין פון אחרי מות קדושים. די זעלבע ווערטער פלעג איך זאָגן די גאַנצע 27 יאָר פון אונדזער גליקלעך צוזאַמענלעבן. איך האָב שטענדיק באַוווּנדערט דיין פעאיקייט פון מוסר נפש זיין זיך פאַר אַנדערע. מיט אַ קורצע צייט צוריק, ביי דיין לעבן, האָב איך געזאָגט צו אונדזערס אַ פריינד, אַז אַזויפיל גוטסקייט, ווי דו באַזיצטסט, קען נאָר האָבן אַ מלאך און דער פריינד האָט אַקצעפּטירט מיין מיינונג.

דיין נאָמען פערל איז כאַראַקטעריסטיש און צוגעפּאַסט צו דיין ליכטיקע פּער־זענלעכקייט, ווייל ווי מיט אַ ריכטיקע פערל האָט זיך די גאַנצע משפחה מיט דיר גע־צירט. אויב מען זאָל פאַרגלייכן אונדזער משפחה צו אַ ספר, ביזטו געווען געווען דער איבערשטער טאָוול, וואָס האָט געהאַלטן אין איין גאַנצקייט די משפחה. דער פּרעכ־טיקער טאָוול איז אַרונטערגעריסן און דאָס ספר האָט פאַרלוירן איר גאַנצקייט. גע־בליבן זיינען נאָר בלעטלעך, שמות, וואָס זיינען באַדראָט, אַז דער קלענסטער ווינט זאָל זיי פונאַנדערבלאָזן.

עס איז מיר שווער צו גלויבן, אַז מער וועל איך נישט זען דיין ליכטיק פּנים, וואָס איז שטענדיק געווען באַצירט מיט אַ שמייכל אפילו אין שווערע, ביטערע מאָ־מענטן און אַזעלכע האָבן נישט געפעלט אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה. דעם חלל, וועלכן דו האָסט איבערגעלאָזן, קען נישט קיינמאָל אויסגעפילט ווערן.

איך בין געווען דער עדות ווי דיין הייליקע נשמה האָט זיך אָפּגעטיילט פון דיין גוף, איך האָב געזען ווי מען האָט אַראָפּגענידערט דיין ארון אין קבר אַריין און דאָך קען איך נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דו ביסט אַוועק אין דער אייביקייט, פון־וואַנעט עס איז נישטאָ קיין צוריק. עס איז מיר שווער צו גלויבן, אַז מער וועל איך נישט זען דיין ליכטיקן און שמייכלענדן פנים, אַז מער וועל איך נישט הערן דיין זיסע שטימע.

איך זאָג דיר אויך צו הייליק אויסצופירן דיין נישט געשריבענע צוואה:

1. פאַרצוזעצן דיינע מעשים טובים.

2.נישט האָבן אויף קיינעם קיין בייז האַרץ, אפילו ווען עס וועט מיר עמעצער טאָן אַן עולה, בשוגג אָדער במזיד.

3. דער עיקר, דאָס וואָס עס איז געווען ביי דיר אַ מין קדשי קדשים — אָפּצו־היטן אונדזער קינד, שיחיה לחיים טובים, פאַר וועלכן דו ביסט שטענדיק גרייט געווען זיך מקריב צו זיין. איך נעם אָן דעם חוב און פליכט צו דערפילן דיין באַגער און אָפּהיטן עס מיט אַלע מעגלעכקייטן.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ, מיט צער, אויסגעווייקט אין יסורים און מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד, בויג איך מיין קאָפּ פאַר דיין הייליקן אָנדענק.

---



דער העלדישער פארטיזאנער־קעמפער יאנעק קראחע ע״ה



## פעליציאַ וואַלאַס (וורצלאַווסקי) ע״ה

פעליציאַ וואַלאַס, די טאָכטער פון ר׳ יוסף און קלאַראַ שאיא איז געבוירן געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו. די שאיא׳ס זיינען געווען גאָר אָנגעזען און מיט זיך רעפּרעזענטירט איינע פון די חשובסטע פאַמיליעס. זיי זיינען געווען אינדוסטריעלער פון צעלולאָיד אויס־אַרבעטונגען. ד״ר יעקב שאצקי ע״ה אין זיין היסטאָרישער מאָנאָגראַפיע אונטער דעם טיטל : ,,יידן אין טשענסטאָכאָוו ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה״, פאַרעפנטלעכט אין בוך ,,טשענסטאָכאָווער יידן״, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1947, גיט איבער אַ גאָר אינטערעסאַנטן עפּיזאָד וועגן דער פאַמיליע שאיא און נעמלעך : אין יאָר 1902 איז אַ רוסיש־יידישער עקאָנאָמיסט מיטן נאָמען כאָראָש געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אַדורכצופירן אַ פאָרשונג וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן. נאָכן אַדורכפירן די פאָרשונג האָט ער אין זיין באַריכט דערקלערט, אַז ר׳ שאיא ווערט באַטראַכט, אַלס דער פיאָנער פון דער צעלולאָיד אינדוסטרי אין טשענסטאָכאָוו. די פאַמיליע שאיא, וואָס האָט געהערט צו דעם פאַרמעגלעכן שיכט פון טשענסטאָכאָווער יידנטום, האָט ברייט און מיט אַן אָפענער האַנט געשטיצט די פילצאָליקע ברייט־פאַרצווייגטע כאַריטאַטיווע אינסטיטוציעס אין דער שטאָט און ספּעציעל זיך אויסגעצייכנט מיט דער אָנגענומענער טראַדיציע פון מתנת בסתר. די פאַמיליע שאיא איז באַשטאַנען פון רעליגיעז־נאַציאָנאַל געשטימטע יידן און פּאָזיטיוו און קאָנסטרוקטיוו מיטגעווירקט אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין טשענסטאָכאָוו. ר׳ יוסף און קלאַראַ שאיא האָבן געהאַט זעקס קינדער ; פיר טעכטער און צוויי זין, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אין טראַדיציאָנעלן און נאַציאָנאַלן יידישן גייסט. אין דער אַטמאָספערע איז פעליציאַ ע״ה דערצויגן געוואָרן, וואָס האָט געלייגט אַ גייסטיקן חותם אויף איר קורצן לעבנס־וועג.

פעליציאַ האָט אין יאָר 1934 חתונה געהאַט פאַר אַדאַם (אברהם) וואַלאַס (וורצלאַווסקי), וועלכער האָט געגרינדעט די פילפעדער פאַבריק ,,אָמעגאַ״, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו איינער פון די גרעסטע פאַבריקן אין פּוילן. אין יאָר 1935 איז ביי די וואַלאַסעס געבוירן געוואָרן אַ זון, מרדכי, וועלכער איז געווען די פרייד פון דער גאַנצער משפחה.

סעפּטעמבער 1, 1939, איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט גלייך אין די ערשטע טעג אַריינגעבראַכט אַ צעטומלעניש און אַ צערודערונג אין יידישן לעבן. ווי ווילדע הייַשעריקן האָבן די נאַצי־באַרבאַרן זיך געוואָרפן אויף דעם האָב און גוטס און לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די אומזיכערע לאַגע האָט געצוווּנגען יידן פון קלענערע שטעטלעך און אויך פון גרויסע שטעט ווי לאָדזש צו אַנטלויפן פון זייערע איינגעזעסענע היימען און זוכן ערגעץ אַ ניי אָרט, דערווייל זיך באַשיצן קעגן אומקום. קיין טשענסטאָכאָוו זיינען אָנגעקומען מאַסן פליטים. די וואַלאַסעס האָבן דעמאָלט געוווינט אין זייער פאַר׳מלחמה׳דיקער וווינונג אויף פּילסודסקיעגאָ און פעליציאַ האָט מקרב געווען די אָנגעקומענע פליטים, סיי ווייטע משפחה און סיי סתם יידן, וואָס זיינען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן און האָט אַליין פאַר זיי געקאָכט און געגעבן צו עסן, שטילנדיק זייער הונגער און זאָגן צו זיי טרייסט-ווערטער און דערוועקן אין זיי האָפענונג און בטחון. פעליציאַ איז שטענדיק גרייט געווען צו טאָן טובות און העלפן נויט־ליידנדע.

דער טעראָר און רעפּרעסיעס האָט אָנגענומען גרויזאַמע פאָרמען. די נאַציס

האָבן איינגעפירט א געטאָ. די וואַלאַסעס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער פּראַכטפולער היים אויף פילסודקיעגאָ און אריין אין אַן אָרעמער דירה׳לע אויפן שטח פון געטאָ אויף דער קרוטקע גאַס. אין דער צייט פון די מאַסן־שחיטות און דעפּאָרטאַציעס, איז אַ טייל פון דער וואַלאַס און שאיא משפחות צוגלייך מיט אַנדערע טויזנטער יידישע משפחות אונגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם. צווישן די אומגעקומענע זיינען געווען פעליציאַ׳ס פאָטער, ר׳ יוסף שאיא ע״ה, איר ברודער רפאל און שוועסטער פראַניאַ. די מוטער איז געשטאָרבן פאַר דער מלחמה.

די וואַלאַס משפחה, וואָס האָט מיט איבערנאַטירלעכע מיטלען אויסבאַהאַלטן דאָס קינד פון די באַרבאַרישע נאַצישע הענט, האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו ראַטעווען זייער איינציקן זון מרדכי.

צו יענער צייט זיינען בירגער פון נייטראַלע לענדער, וואָס זיינען צופעליק געווען אין פוילן, דורך די נאַציס אינטערנירט געוואָרן און מיט אַן עטאַפּ צוריק־געשיקט געוואָרן. עס האָבן זיך באַוויזן ,,מאַכערס״, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט אַזעלכע פּאַפּירן פאַר גאַר גרויסע סומעס געלט. די וואַלאַסעס האָבן באַשטעלט אַזעלכע פּאַפּירן פאַר זייער זון מרדכי. דאָס איז געווען אין יאָר 1943, ווען ער איז אַלט געווען קוים זיבן יאָר. ער איז דעמאָלט פון קליינעם געטאָ אַוועקגעפּאָרן קיין וואַרשע מיט אַן אורוגווייאישן פּאַס און אַ וויזע. דער אינטערניר־פּונקט איז געווען אין וואַרשע אין האָטעל ,,פּאָלסקי״, אויף דער דלוגע גאַס. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז די גאַנצע זאַך געווען אַן אָפּערע פון דער ,,געסטאַפּאָ״ און אַלע אינטערנירטע זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ און אומגעבראַכט געוואָרן. דער ענין פון די וויזעס און האָטעל ,,פּאָלסקי״ איז אויספירלעך באַשריבן געוואָרן אין אַ גאַנצער רייע ביכער פון דער חורבן־עפּאָכע וועגן וואַרשעווער געטאָ. פעליציאַ האָט ביז דער לעצטער מינוט פון איר לעבן געווייטיקט און געטרויערט איבער דעם אומגליק פון אומקום פון איר זיבניאָריקן זון מרדכי ע״ה.

די וואַלאַסעס, ווי אַלע אַנדערע יידן, זיינען געווען קאַשאַרירט אין טרויעריק באַקאַנטן קאָנצענטראַציע־לאַגער ,,האַסאַג פּעלצערן״, וואָס איז געווען אַ כסדר׳דיקער געראַנגל צווישן לעבן און טויט.

נאָך דער באַפרייאונג פון קאָנצענטראַציע־לאַגער האָבן זיך די וואַלאַסעס נישט געקענט מער אויפהאַלטן אין דער שטאָט טשענסטאָכאָוו, ווו זיי האָבן פאַרלוירן זייערע נאָענטסטע און טייערסטע, און האָבן אויסגעוואַנדערט קיין קאַנאַדע און אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל אין יאָר 1947. אין דעם זעלבן יאָר איז געבוירן געוואָרן זייער טעכטערל סוזין.

פעליציאַ וואַלאַס איז געווען טעטיק אין דער ליידיס אָקזילערי און מיט איר רעפּרעזענטאַטיוון אויסזען, איינגעבוירענער אינטעליגענץ און קולטורעלער באַנעמונג, האָט זי זייער פיל מיטגעווירקט אין די טעטיקייטן. ספּעציעל פלעגט זי זיך אויסצייכענען ביי די מאַני־שאַוערס, וואָס איז געווען און איז דער הויפּט־קוואַל פון הכנסה פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט צו העלפן פינאַנציעל נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט.

מיט איר פריצייטיקן טויט, אויגוסט 13, 1961, האָט זי נישט בלויז איבער־געלאָזט אין טרויער איר מאַן אברהם, טעכטערל סוזי, איר ברודער מאַרק פון ניו־יאָרק, איר שוועסטער העלען ווינער, וואָס האָט באַוויזן נאָך פאַר דער מלחמה אוויסצווואַנדערן פון טשענסטאָכאָוו קיין ניו־יאָרק און שוועסטער רענאַ, וואָס געפינט זיך אין וואַרשע, נאָר אויך די גאַנצע לאַנדסמאַנשאַפט אין מאָנטרעאָל און אַלע אירע פריינט און באַקאַנטע. תחי שמה וזכרונה נצח.

# רענאַ וואַגאַ ע״ה

„עס רעגנט אַ טרער, וועלכע טראָגט אַזאַ שאַרף;
געשליפן אין גורל דעם האַרטסטן!
און לעשט אַ קאַליריקן בויגן זיך אויס,
ווי אַ שטורעם מיט פליגל דעם שוואַרצסטן״.

רבקה קאָפּע,

„שטערן אין מיין שויב״,
פּאַריז 1961, זייט 121.

רענאַ וואַגאַ, פון דער היים ברוין, איז געבוירן געוואָרן מאַי 19, 1901 אין וואַרשע. זי איז זייער יונג פאַריתומט געוואָרן און דערפאַר האָט זי געמוזט זוכן מעגלעכקייטן פון עקזיסטענץ. אין יאָר 1922 איז זי געקומען קיין טשענסטאָכאָוו און האָט געעפנט אַ מאָדיסטן־סאַלאָן. אין דעם פאַך איז זי געווען אַ גאַר גרויסע ספּעציאַליסטין. אין יאָר 1937 האָט זי חתונה געהאַט מיט שלמה וואַגאַ און געפירט אַן אידעאַל פאַמיליען־לעבן. סעפּטעמבער 1, 1939, איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן די אַלגעמיינע יידישע צרות אין אַלגעמיין און אינדיווידועל פאַר איר. גלייך נאָכן אָקופּירן דורך די נאַציס די שטאָט טשענסטאָכאָוו הויבט זיך אָן דער פּאָגראָם, „דער בלוטיקער מאָנטיק״ און איר מאַן שלמה וואַגאַ ווערט אַרעסטירט אַלס ערובניק, „זאַקלאַדניק״. דאָ הויבט זיך אָן איר ערשט קאַפּיטל פון שווערע און טראַגישע איבערלעבונגען. דאָס אַרומלויפן און זוכן פּראָטעקציע און הילף אַרויסצוראַטעווען איר מאַן פון די נאַצישע מערדערישע הענט. אַלע טירן זיינען געווען פאַרשלאָסן פאַר יידישע אינטערווענצן, נישט געווען קיין אויערן, וואָס זאָלן אויסהערן אירע ווייטאָקן, וואָס האָבן געעגבערט טיף אין איר האַרץ. נאָך אַ חודש צייט זיינען די ערובניקעס, און צווישן זיי שלמה וואַגאַ, באַפרייט געוואָרן. עס איז אָנגעקומען אַ גרויליקע צייט, אַלע זיינען אין נאַצישן קלעם, נישטאָ קיין אויסוועג, נישטאָ קיין מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען פון דער פאַרצווייפלטער לאַגע.

די נאַציס אין טשענסטאָכאָוו, וויסנדיק, אַז צווישן די יידן זיינען דאָ אַ באַדייטנדע צאָל פאַכלייט, האָבן זיי געוואָלט אויסנוצן די פאַכלייט פאַר זייערע פּריוואַטע צוועקן, פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס. זיי האָבן באַאויפטראַגט דעם יודענראַט ער זאָל גרינדן וואַרשטאַטן אין וועלכע עס זאָלן אַרבעטן די בעסטע פאַכלייט אויסצופירן פּריוואַטע באַשטעלונגען פאַר דייטשן און דייטשקעס, וואָס סטאַציאָנירן אין דער שטאָט. פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון די דייטשן, זיי זאָלן קענען קומען צו די האַנדווערקער מאַכן באַשטעלונגען און נעמען אַ מאָס פון קליידער, שיך, און אַנדערע זאַכן, איז פאַר די האַנדווערקער צוגעטיילט געוואָרן אַ ספּעציעל הויז נומער 14 נאַישווייענטשעי מאַרי פּאַנני. דאָס הויז איז אָנגערופן געוואָרן „טשטערנאַסטקאַ״ און יידן פלעגן רופן „דאָס ווייסע הויז״.

די ספּעציאַליסטן־פאַכלייט האָבן איינגעאָרדנט אין דעם הויז וואַרשטאַטן אין וועלכע זיי האָבן באַשעפטיקן אַן אַנטשפּרעכנדע צאָל קוואַליפיצירטע אַרבעטער. אין די וואַרשטאַטן זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן בלויז פּריוואַטע באַשטעלונגען פאַר די דייטשע מאַכטהאָבער.

רענאַ וואַגאַ, אַלס ספּעציאַליסטן אין איר פאַך, האָט אין דער „טשטערנאַסטקאַ״ געהאַט אַ וואַרשטאַט און אויף אַזאַ אופן האָט זי געקענט צייטווייליק באַשיצן איר משפחה.

דאָס האַנדווערקער הויז „טשטערנאַסטקאַ״ האָט געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע פֿאַר דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג און אויך פֿאַר ייִדן, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון קליינעם געטאָ. דאָס איז פֿאָרגעקומען אויף אַזאַ אופֿן: די איינוווינער פֿון דעם הויז, די פֿאַכלייט, האָבן געהאַט אַ רעכט צו קומען אין קליינעם געטאָ אונטער אַ באַוואַכונג פֿון אַ ייִדישן געטאָ־פּאָליציאַנט. יעדעס מאָל ווען עס זיינען געקומען פֿאַרבינדונגס־מענער פֿון דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג פֿון וואַרשע און פֿון אַנדערע שטעט, פֿלעגן זיי מיטגיין מיט די פֿאַכלייט אין קליינעם געטאָ צו דערפֿילן זייערע אויפֿגאַבן. צוריקגייענדיק פֿלעגן מיטגיין אַזעלכע ייִדן, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפֿן פֿון קליינעם געטאָ. דאָס „ווייסע הויז״ איז געווען אויף דער אַרישער זייט און צוקומענדיק דאָרט זיינען זיי פֿאַרשוווּנדן צו רעאַליזירן זייערע פּלענער.

נישט געקוקט אויף די פּילצאָליקע פֿאַרזיכערונגען פֿון הויפּטמאַן דעגענהאַרדט, הויפּט מערדער פֿון טשענסטאָכאָווער ייִדנטום, אַז די „פּראָדוקטיווע ייִדן״ פֿון דער טשטערנאַסטקאַ וועט גאָרנישט געשען, דאָך ווי דער נאַצישער שטייגער איז געווען, נישט געהאַלטן זיין וואָרט. אין דער צייט פֿון די שחיטות און אויסזידלונגען אין גרויסן געטאָ, סעפּטעמבער 22, 1942, איז דאָס הויז באַפֿאַלן געוואָרן דורך זשאַנדאַרמען און אַלע עלטערע מענטשן, אין אַ צאָל פֿון עטלעכע צוואַנציק, די עלטערן פֿון די פֿאַכלייט, זיינען אַוועקגענומען געוואָרן צום אומקום צו די גאַז־קאַמערן קיין טרעבלינקע. דער פֿאַקט איז געווען אַ באַשיינפּערלעכער באַווייז, אַז די דייטשע מאַכט רעכנט זיך נישט מיט קיין שום פֿאַרזיכערונגען. אויב די האַנד־ווערקער זיינען נישט אַלע דעמאָלט אומגעבראַכט געוואָרן איז דאָס נאָר דערפֿאַר, ווייל די דייטשן זיינען נאָך געווען פֿאַראינטערעסירט אויסצונוצן זייער אַרבעטס־קראַפֿט.

ענדע פֿעברואַר, 1943, איז דער קירזשנער וואַרשטאַט פֿון זיגעלמאַן באַפֿאַלן געוואָרן דורך „געשטאַפּאָ״ לייט, אין דעם האַנדווערקער הויז, און ער, דער קירזשנער מיט זיין פֿרוי און שוועגערין זיינען אַרעסטירט און נאָכדעם דערשאָסן געוואָרן. זייער וואַרשטאַט איז גלייך דורך די נאַציס אויסגערויבט געוואָרן. דאָס איז געווען דער צווייטער סימן, אַז דער גורל און די עקזיסטענץ פֿון „ווייסן הויז״ איז אַ צווייפֿלהאַפֿטע. די געשעענישן האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן און צוויי וואָכן נאָך די געשעענישן מיט דער פֿאַמיליע זיגעלמאַן, מערץ 9, 1943, זעקס אינדערפֿרי, איז דאָס הויז באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַ מחנה זשאַנדאַרן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון הויפּט־מערדער דעגענהאַרדט, אַרויסגעטריבן אַלע האַנדווערקער פֿון זייערע וואַרשטאַטן און וווינונגען און אַוועקגעפֿירט געוואָרן אין קליינעם געטאָ. דערמיט האָט זיך געענדיקט דאָס קאַפּיטל „ווייס־הויז״ אין טשענסטאָכאָווו און כלומרשטע זיכערקייט.

אין קליינעם געטאָ איז נישט געווען קיין זיכערע מינוט. דער טויט האָט געלויערט איבער יעדן איינעם. רענאַ וואַגאַ מיט איר מאַן שלמה און זון לודוויק זיינען אַנטלאָפֿן פֿון קליינעם געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער ביז צום פֿאַלן פֿון דער נאַצי מאַכט.

אין יאָר 1948 איז רענאַ וואַגאַ אָנגעקומען קיין מאָנטרעאָל. גלייך נאָך איר אָנקום איז זי געוואָרן אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפֿט. זי האָט גלייכצייטיק געהערט צו אַנדערע אָרגאַניזאַציעס ווי פּרויען פּיאָנערן, קאַנסער ריסוירטש און אַ גאַנצע רייע אַנדערע. דער ציל פֿון די אינסטיטוציעס צו וועלכע רענאַ וואַגאַ האָט געהערט איז געווען צו העלפֿן פֿינאַנציעל, עקאָנאָמיש נויטבאַדערפֿטיקע אין ישראל און אויך דאָ אין לאַנד. מיט אירע אַקטיוויטעטן איז זי געווען אַ מוסטער און אַ ביישפּיל פֿאַר אַנדערע. זי אַליין פֿלעגט זיך באַשטייערן פֿאַר די אַלע אינסטיטוציעס מיט אַ ברייטער האַנט און גלייכצייטיק קענווּעסן אַנדערע. אירע אַקטיוויטעטן, מעשים טובים, האָט

זי געטאָן מיט אינערלעכער, האַרציקער איבערגעגעבנקייט און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. איר לעבן איז געווען דער אויסדרוק פון דער העכסטער מדרגה פון מענטש־לעכקייט און איבערגעגעבנקייט פאַרן כלל. זי האָט געשאַפן אַ פאַמיליאַרע באַציאונג אין די אינסטיטוציעס און סאָסייטעס צו וועלכע זי האָט באַלאַנגט. רענאַ וואַגאַ איז געווען די, וואָס האָט געבערענגט צום אויסדרוק, מיט ראַט און טאַט, מוטערלעכע און שוועסטער געפילן צו די, וואָס האָבן זיך געפילט איינזאַם און נידערגעשלאָגן.

אין יאָר 1956 איז רענאַ וואַגאַ זייער ערנסט קראַנק געוואָרן. עס אונטערליגט נישט קיין שום צווייפל, אַז די קראַנקהייט איז געווען אַ רעזולטאַט פון די נאַצישע פאַרפאָלגונגען פון יענע צייטן, ווען זי איז געווען 22 חדשים אויסבאַהאַלטן אין אַ לעבעדיקן קבר. זי איז געוואָרן אַ זייער אָפטע באַזוכערין פון דאָקטוירים, וואָס האָבן זייער ווייניק געקענט העלפן. זי איז אַפילו געווען אין אויסלאַנד, אין איטאַליע, עטלעכע חדשים צייט און ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איר פיזישער צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. אירע פיזישעליידן האָבן איר שטאַרק געפּייניקט. די פאַמיליע וואַגאַ האָט זיך דערוווסט וועגן אַ גרויסן ספּעציאַליסט אין טאָראָנטאָ און האָבן געגלויבט, אַז דער ספּעציאַליסט וועט איר קענען העלפן. צוליב דעם, וואָס די קוראַציע האָט געדאַרפט נעמען אַ לענגערע צייט, האָט די פאַמיליע ענדע אַפּריל 1958 זיך אַריבערגעצויגן קיין טאָראָנטאָ. אין טאָראָנטאָ האָט זיך איר צושטאַנד נאָך מער פאַרערגערט. זי איז געווען מער אין שפּיטאָל ווי אין דער היים און אָקטאָבער 31, 1958, האָט זי פאַרמאַכט אויף אייביק אירע אויגן און מיט איר טויט האָט זי פאַרגרעסערט די צאָל קרבנות פון נאַציזם.

ת'נ'צ'ב'ה.



אין דער צייט פון גרויסן געטאָ, דריי יוגנטלעכע ביי דער צוואַנגס־אַרבעט. דער ערשטער פון לינקס, לעאָן אונגליך איז געבליבן לעבן. די אנדערע צוויי זיינען אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים.

צבי ראָזענוויין

# יעקב קליינער ע״ה

אין דער שפּעטער ביינאַכטיקער פינצטערניש, ווען דער שלאָף וויל נישט קומען, דערשיינען פאַר מיינע אויגן די הייליקע געשטאַלטן פון דער נאָנטער פאַרגאַנגנהייט.

אין די מיט גרויל אָנגעפילטע האַלוצינאַציעס, צווישן חלום און וואָר, זע איך זייערע ליכטיקע געזיכטער, פיל איך זייער אָטעם, הער איך זייערע שטימען, זייערע לעצטע צאַפּלדיקע אויסגעשרייען: „דו זאָלסט אונדז נישט פאַרגעסן!״ איך וועל זיי ביז מיין לעצטן אָטעם נישט פאַרגעסן, ווייל די דאָזיקע לעבעדיקע קברים, די פריצייטיק איבערגעשניטענע לעבנס, לעבן זייער אויסגעלאָשן לעבן טיף ביי מיר אין האַרצן.

וועגן איינעם אַ יונגן גאון און קדוש פון מיין אומגעקומענער היימשטאָט, מיט וועמען עס האָט מיך פאַרבונדן אַ לאַנגיאָריקע פריינדשאַפט, וויל איך היינט שרייבן.

* * *

אונדזער חברשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אין חדר פון „מחזיקי הדת״, וואָס האָט זיך געפונען אויף נאַדרזשעטשנאַ גאַס, אין דער זעקסטער קלאַס, ווו דער מלמד איז געווען דער „לאָמער יצחק״, אַ ייד אַ כעסן, וואָס האָט זייער אָפט אויסגעלאָזן זיין כעס מיט אַ גרויסן קאַנטשיק, איבער די שוואַכע קערפּערלעך פון די



יעקב קליינער ע״ה

יידישע קינדער. מיך האָט ער אַ ביסל געשוינט, ווייל איך בין געווען דער יינגסטער און דער שוואַכינקסטער אין דער קלאַס. עס האָט, אָבער, ביי מיר דאָס האַרץ געציטערט זעענדיק ווי ער שמייכט יאַנקל קליינער, וועלכער איז געווען אַ צוויי יאָר עלטער פון מיר און דערצו נאָך אַ שטיפער. מיר האָבן דעמאָלט געלערנט די שווערע גמרא נדרים מיטן ר״ן און יאַנקל העלפט מיר, דעם 10 יעריקן, אָפט אַרויס אין די שווערע סוגיות.

* * *

אונדזערע וועגן צעגייען זיך פאַר אַ געוויסער צייט. יאַנקל קליינער גייט נאָכן חדר אין דער ישיבה „כתר תורה״. איך ווער יונג אָנגעשטעקט מיט די נייע ווינטן וועלכע בלאָזן דעמאָלט אין יידישן לעבן. מיר טרעפן זיך אָבער שפּעטער אויף פאַרשיידענע פּאָזיציעס אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טשענסטאָכאָוו

און אונדזער פריינטשאַפט פאַרברייטערט זיך און פאַרטיפט זיך. ער איז אַן אָנפירנדער חבר פון דער רעליגיעזער מזרחיסטישער יוגנט באַוועגונג, ווי אויך אַ שטענדיקער אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון דער ציוניסטישער וואָכן־צייטונג „אונזער וועג", אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר מערין. איך ווער אַ מיטאַרבעטער פון דער טשענסטאָ־כאָווער צייטונג. יעדער באַוואונדערט די גאונות פון יונגן שרייבער יאַנקל קליינער, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע ווען ער איז קוים 16 יאָר אַלט געווען.

מיר טרעפן זיך אָפט אויף פאַרשיידענע יוגנט־צוזאַמענטרעפן און געמיינזאַמע זיצונגען. נאָך די זיצונגען זעצן מיר אָפט פאָר די דיסקוסיעס אין שפּעטע אָוונט־שעהן אויף די טשענסטאָכאָווער גאַסן. די גאַסן ווערן אויסגעליידיקט פון מענטשן. די טויערן שליסן זיך, אָבער מיר באַמערקן עס כמעט נישט. מיר זיינען פאַרטיפט אין אונדזערע דיסקוסיעס. די צייט איז אַ שטורמישע, דער אויפשטייג פון היטלעריזם, דער בלוטיקער מבול הענגט אין דער לופטן; אָבער מיר אַמפּערן זיך וועגן שפּינאָזאַס עטיק און רמבמ'ס מורה נבוכים. ער בלייבט שטענדיק דער גלויביקער אין נצח ישראל, איך בין אַ שטאַרקער פּעסימיסט וועלכער שרייבט דעמאָלט אויף די שפּאַלטן פון דער טשענסטאָכאָווער צייטונג „אין שאָטן פון אונטערגאַנג", וואָס וואַרפט אויף אַלעמען אַן אימה. איך האָב אים אָבער שטענדיק מקנא געווען פאַר זיין געוואַל־טיקן בטחון.

אין די שרעקלעכע מלחמה־יאָרן זיינען אונדזערע וועגן זיך ווידער צעגאַנגען. טראָץ מיין טיפן פעסימיזם, האָב איך געפיבערט מיטן טראַגישן פאָלקס־גורל און געווען אויף די געפערלעכסטע פּאָזיציעס נישט רעכענענדיק זיך מיט די קאָנ־סעקווענצן. איך האָב אין יענע געראַנגל־יאָרן געטראָפן יאַנקל קליינער און געפרוווט אים באַוועגן צו געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן. איך האָב געזען, אַז ער איז אינגאַנצן באַהערשט פון אַ פאַרלוירענער פאַרצווייפלונג, וועלכע האָט אים באַהערשט און פון וועלכער ער האָט זיך מער נישט באַפרייט.

דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען איז געווען אין טראַגישן כל נדרי ביינאַכט, 1942, פאַר דער אויסזידלונג. איך האָב זיך טיף איינגעקוקט אין זיין שיין העל געזיכט, ווי איך וואָלט עס וועלן אויף אייביק אין מיר איינקריצן. זיינע שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן זיינען דאָסמאָל געווען אָנגעפילט מיט טויט אַנגסט, זיינע ליפּן האָבן צו מיר געשעפּטשעט: „מיר זיינען פאַרלוירן, מיר זיינען פאַרלוירן".

* * *

מיין האַרץ איז אָנגעפילט מיט בלוטיקע ווונדן. איך שטעל נאָכאַמאָל די אומפאַראַנטפערטע פראַגע: פאַרוואָס? אַ פאַרוואָס זיינען די יונגע גאונים אַזוי גרויזאַם אומגעבראַכט געוואָרן? אין דעם גרויזאַמען חורבן זיינען אויך אומגעקומען זיינע עלטערן: ר' משה מרדכי קליינער ע"ה, זיין מוטער רבקה קליינער, פון דער היים זילבערשאַץ ע"ה און זיין יינגערער ברודער, יחיאל ע"ה.

איך וואַרף אַ טויטע קללה אין דער פינצטערער נאַכט, אַז פאַרשאָלטן זאָלן ווערן די דייטשע מערדער, וואָס האָבן פאַרגאָסן אומשולדיק יידיש בלוט.

יעקב קליינער'ס אומקום דאַרפט דינען ווי אַ וועקער און אַ מאָנער, פאַר די אַלע, וואָס האָבן אים געקענט, נישט צו פאַרגעסן אין דעם גרויסן חורבן, וואָס די דייטשע מערדער האָבן פאַראורזאַכט.

כבוד זיין אָנדענק.

דוד קאַניעצפּאָלער
חולון, ישראל

## מיין מאַמעס לעצטע מינוטן

דאָס זיינען די ווערטער פון מיין מאַמען ע״ה: קינדער מיינע! אין זכות פון ערב יום־טוב וועט די אַקציע אין אונדזער שטאָט נישט פּאָרקומען. לאָמיר בעטן צו גאָט, מתפלל זיין, וועט ער זיכער אונדזערע תפילות און געוויינען דערהערן. מיט די ווערטער האָט מיין אַלטע מוטער געטרייסט אירע קינדער, וועלכע האָבן געפּאַקט זייערע רוקזעק און באַוויינט זייערע יונגע יאָרן. פון די שכנות'דיקע שטובן האָט מען געהערט יללות פון יונג און אַלט. לויט דעם סדר וועט מאָרגן ערב סוכות פּאָרקומען אין דער טייל שטאָט די „אַקציע״, וואָס דאָס הייסט אַוועקשיקן די יידן צום טויט. לויט די ליגנערישע פאַרזיכערונגען פון די דייטשע רוצחים האָט דאָס געהייסן אַוועקשיקן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. שכנים קומען אַריין און פרעגן זיך, וואָס מיר טוען און ווי לאַנג וועט מען דאַרפן פאָרן? זיי קוקן אויף מיין מאַמען, וועלכע איז פול מיט אמונה, בטחון און פעסטער האַלטונג. דאָס ווירקט האָפנונגספול אויף די שכנים, וועלכע הויבן שוין אויך אָן צו גלויבן „אפשר דאָך״.

אַ באַוועגונג אויפן הויף האָט צעשטערט די נאַכט שטילקייט. די יידישע פּאָליציי איז געקומען אָנזאָגן די ביטערע בשורה, אַז מאָרגן דריי אַזייגער פאַרטאָג קומט פאָר די „אַקציע״ און אַלע מוזן זיין גרייט. ווען די ידיעה האָט דערגרייכט אונדזער שטוב איז מיין מאַמע געוואָרן טויט בלאַס. זי שטעלט זיך אויף און אירע אַלטע, קראַנקע פיס וואָס האָבן געציטערט. זי קוקט זיך אַרום צי אַלע קינדער זיינען דאָ. עס פעלן: דער עלטסטער זון און דער יינגסטער זון, ווייל זיי וווינען אין אַנדערע גאַסן. זי ווייסט נעבעך נישט, אַז איר יינגסטע שנור איז שוין אין טרעבלינקע צווישן די אומגעקומענע דורך גאַז און פייער. די מאַמע בעט זיך מען זאָל נישט וויינען און הייסט די טעכטער אַריינרופן די שכנים, אַ מנין יידן, צען יידן. די טעכטער, דאָס הייסט מיינע שוועסטער, קוקן זיך אַרום פאַרוואונדערט און פרעגן: מאַמע! וואָס איז געשען? פאַרוואָס עפּעס צען יידן? די מאַמע בעט זיך, טוט מיר צוליב און רופט אַריין אַ מנין יידן, איך וויל מיך געזעגענען. די שכנים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שטוב און מיין מאַמע נעמט אַרויס פון קרעדענסל וויין און צובייסעכץ און איז מכבד דעם מנין יידן און זיי ווינטשן לחיים. אין דער אָנוועזנהייט פון מנין יידן האָט מיין מאַמע זיך געזעגנט מיט איר פאַרשטאָרבענעם מאַן און מיט די אָנוועזנדע קינדער און אירע אַלע שכניב. צו די אָנוועזנדע טעכטער האָט זי געזאָגט: איר זייט נאָך יונג און אפשר וועט איר זיך ראַטעווען פון די מערדערס הענט. זי האָט זיך געווענדעט צו דעם מנין יידן און דערקלערט: — ווי אַזוי איך וועל אומקומען און ווו מיין קבר וועט זיין וועט דאָך קיינער נישט וויסן און ווער ווייסט צי מיינע זין וועלן וויסן ווען זיי וועלן דאַרפן אָנהויבן זאָגן קדיש. איר מנין יידן זייט עדות, אַז אויב דאָס איז דער ווילן פון בורא עולם, נעם איך דאָס אָן באהבה און איך בין גרייט צו מיין לעצטן וועג.

* * *

צומאָרגנס פאַרטאָג האָבן ברוטאַלע הענט פון די נאַצי רוצחים אַוועקגעריסן די טעכטער, וועלכע האָבן זיך פעסט געהאַלטן מיט זייער מוטער.

דאָס זיינען געווען די לעצטע מינוטן פון מיין גאָטזעליקער מוטער חנה צפורה בת ר׳ שלמה מאיר ע״ה.

שמואל פראקאש

# אַ ליכטיקע געשטאַלט פון אַ טשענסטאָכאָווער קדוש און מאַרטירער בענצל ע״ה

אין טשענסטאָכאָוו האָט לאַנגע יאָרן געוווינט אַ ייד מיטן נאָמען בענצל (זיין ערשטן נאָמען געדענק איך נישט). ער איז געווען אַ קורץ געוויקסיקער, אַ באַשיי־דענער און שטילער מענטש. ער האָט גערעדט מיט אַ שטאַרקן ליטווישן אַקצענט. ער האָט, ווייזט אויס, געשטאַמט פון ליטע אָדער אפשר פון רוסלאַנד.

ר׳ בענצל האָט צוזאַמען מיט ר׳ יצחק זאַמפּער ע״ה געפירט אַ הורט־געשעפט פון אייער און פוטער. דאָס געשעפט איז געווען אַנטקעגנאיבער דעם הויז אָגראָדאָווע 27, אין וועלכן מיינע עלטערן ע״ה האָבן געוווינט.

ר׳ בענצל האָט געוווינט אין דער געגנט פון ספּאַדעק, שפּעטער גאַרי־באַלדיעגאָ. מיר איז באַקאַנט אַן עפּיזאָד, אַז ווען אין טשענסטאָכאָוו איז פאָרגעקו־מען אַ פּאָגראָם אויף יידן, האָט דער זעלבער ר׳ בענצל געכאַפּט אַן אייזערנעם פּרענט, זיך געזעגנט מיט זיין פרוי און קינדער און דערביי דערקלערט, אַז ווער ווייסט, צי זיי וועלן אים נאָך זען אַ לעבעדיקן. מיט דעם אייזערנעם פרענט איז ער אַרויס אויף דער גאַס פאַרטיידיקן יידישע לעבנס און יידישן נאַציאָנאַלן כבוד. עס אונטערליגט נישט קיין שום צווייפל, אַז ער האָט דעמאָלט געראַטעוועט אַ סך יידישע לעבנס און יידיש האָב און גוטס פון די הענט פון די אָנפאַלנדיקע פּאָגראָמשטשיקעס.

ווען איך בין געווען אויף אַ באַזוך אין מדינת ישראל, האָבן מיר מיינע לאַנדס־לייט דערציילט אַ געשיכטע וועגן ר׳ בענצל אין דער נאַצי־צייט, וואָס איז אַן אַקט פון קדושה און גבורה.

ר׳ בענצל האָט געאַרבעט אין „האסאג״ אין טשענסטאָכאָוו. עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און ער איז אויסגעקליבן געוואָרן צווישן די, וואָס דאַרפן אַוועקגעשיקט ווערן צום אומקום—טויט. ווען די סעלעקטירטע זיינען שוין געווען אַרומגערינגלט דורך די נאַצי-רוצחים אַוועקגעשיקט צו ווערן, איז אָנגעקומען דער דייטשער אויבערמייסטער און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים אַרויסגעבן בענצלען, ווייל ער איז איינער פון די בעסטע אַרבעטער און אַז, אָן זיין וויסן און על פי טעות איז ער אַוועקגענומען געוואָרן.

די דייטשע רוצחים האָבן נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון אויבערמייסטער. דע־מאָלט האָט זיך ר׳ בענצל דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון גבורה און קדושה, וואָס אַ מענטשלעך וועזן קען דערגרייכן. ר׳ בענצל האָט פאַרלאַנגט פון די נאַצי־רוצחים, אַז זיי זאָלן אים פאַרזיכערן, אַז אויב ער גייט צוריק צו דער אַרבעט זאָל קיין אַנדערער אויף זיין אָרט נישט גענומען ווערן צום טויט.

די בלוטדאָרשטיקע חיות־רעות, די נאַציס, האָבן דערצו נישט מסכים געווען. זיי האָבן געוואָלט די פולע, באַשטימטע צאָל יידן צום אומקום און ר׳ בענצל איז אַוועק צום טויט.

יעדער אויסדרוק פון די באַגריפן: קדושה, גבורה, העראָאיזם, מסירת-נפש, העלדישקייט איז צו בלאָס צו באַצייכענען ר׳ בענצלס האַנדלונג.

ר׳ בענצל איז געשטאַנען פאַרן גרעסטן נסיון, אַ נסיון פון דעצידירן וועגן איי־גענעם לעבן אָדער טויט. ער האָט אין דעם פּיינלעכסטן מאָמענט אין זיין לעבן נישט געוווסט ווער עס וועט אויסגעקליבן ווערן צום טויט אויף זיין אָרט. צי אַ יונגער, אַ געזונטער, אָדער אַ שוואַכער זקן, — צי אַ ייד מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ און טיפער אמונה, אָדער נישט. ר׳ בענצל, דער גרויסער ייד, אַ מענטש מיט טיפער אמונה, האָט געשטעלט העכער יעדעס יידישע לעבן, ווי זיין אייגנס. ער האָט זיך נישט געוואָלט ראַטעווען אויף קיינעמס חשבון און אַליין מקריב געווען זיין אייגן לעבן, וואָס איז געווען אַ לעבן פון קדושה, מאַרטירערטום און העראָאיזם.

זאָל מיר דערלויבט זיין צו באַצייכענען דעם קדוש און מאַרטירער ר׳ בענצל ע״ה אין דער בחינה פון די גרעסטע מאַרטירער און העלדן פון אַלע צייטן און דורות פון דער יידישער געשיכטע.

כבוד זיין אָנדענק!

לזכרון טשענסטאָכאָוו





עליאש שטייניץ

## ד״ר הענריק (הערשל) לאַזאַראָוויטש ע״ה

דער טויט פון ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש ע״ה איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר זיין משפחה, חבריב, פריינט און לאַנדסלייט.

די עלטערן פון הענריק לאַזאַראָוויטש: ר' דוד און די מוטער צביה, האָבן געהאַט אַ קאָלאָניאַל־געשעפט אויף דער סטראַזשאַצקע גאַס אין טשענסטאָכאָוו אין קאָפּל בערלינערס הויז. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זיינען נישט געווען קיין פאַרמעגלעכע מענטשן, דאָך האָבן זיי זיך באַמיט, אַז זייערע קינדער זאָלן באַקומען אוניווערזיטעט בילדונג און ווערן פּראָפעסיאָנאַלן. די משפחה איז באַשטאַנען פון פינף קינדער: דריי זין און צוויי טעכטער.

הענריק איז געווען דער עלטסטער זון און האָט שטודירט סטאָמאַטאָלאָגיע און איז געוואָרן אַ צאָן־דאָקטאָר. דער צווייטער — לעאָפּאָלד — ד״ר מעדעצין, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1965. דער דריטער — בערנאַרד — האָט שטודירט יוריספּרודענץ און איז געוואָרן אַדוואָקאַט און וווינט אין מאָנטרעאָל.

הענריק, נאָך זייענדיק אַ סטודענט אין אוניווערסיטעט, איז געווען באַהערשט פון סאָציאַלע אנשויאונגען. אַ קורצע צייט האָט ער געהערט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און נאָכדעם איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער מיטגליד אין „בונד״. ער איז געווען טעטיק אין אַ גאַנצע רייע אינסטיטוציעס, פאַרנעמענדיק אַנפירנדיקע אַמטן, ווי צום ביישפּיל: פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין ספּאָרט און טורן־פאַריין זש. ט. ס., געווען פּאַרזיצער פון „מאָרגנשטערן״, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער „מעדעם־ביבליאָטעק״, פאַרוואַלטונגס מיטגליד אין דער יידישער אָפּטיילונג פאַר לאַנד און נאַטור־וויסנשאַפט, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון ב. אייסוראָוויטש, און אין אַ גאַנצע רייע אַנדערע אינסטיטוציעס. ער איז געווען, לאַנגע יאָרן, אַ מיטגליד פון שטאָט־קאָמיטעט פון „בונד״.

אין יאָר 1923 האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די „אַרבעטער־צייטונג״ און הענריק האָט פאַרנומען דעם אַמט פון אַדמיניסטראַטאָר. אין אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז ער האָט באַדאַרפט צו זאָרגן פאַר דער מאַטעריעלער עגזיסטענץ פון דער צייטונג. די צייטונג האָט עגזיסטירט דריי יאָר און דאָס איז, אָן שום צווייפל, צו פאַרדאַנקען זיין אונדערמידלעכע אָנשטרענגונגען פון שאַפן די פינאַנסיעלע מיטלען פאַר דער עגזיסטענץ פון דער צייטונג.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־שחיטה איז ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש געווען אין ראַטן־פאַרבאַנד. נאָך דער מלחמה איז ער צוריקגעפאָרן קיין פוילן און האָט געוווינט אין לאָדזש, אַרבעטנדיק אין דער אָרטיקער קראַנקן־קאַסע אַלס צאָן־דאָקטאָר.

אין יאָר 1948 איז ד״ר הענריק לאזאראָוויטש אַוועק פון פוילן צוזאַמען מיט זיין פרוי. צווערשט האָבן זיי זיך אויפגעהאַלטן, אַ געוויסע צייט, אין בעלגיע און נאָכדעם אָנגעקומען אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע.

אין מאָנטרעאָל איז ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש געווען טעטיק אין „אַרבעטער־רינג״, בונדישער אָרגאַניזאַציע און אין דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט, פאַרנעמענדיק אַ געוויסע צייט דעם אַמט פון פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

די אַלע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים מיטגעאַרבעט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, די אַלע וואָס האָבן אים געקענט און אַלע זיינע חברים און פריינט, וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן. כבוד זיין אָנדענק!

לייבקע יאַקובאָוויטש



# אין אָנדענק פון מיין פאַרשטאָרבענעם פריינד יוסף זילבערבערג

יוסף זילבערבערג איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1906 אין שטשעקאטשין, אַ קליין שטעטל נעבן טשענסטאָכאָוו. ער האָט געלערנט אין אַ חדר און אין אַן אַלגע־מיינע שולע. צו 13 יאָר איז ער אַנגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו און צוליב דעם, וואָס זיינע עלטערן זיינען געווען זייער אָרעמע מענטשן איז ער געגאַנגען אַרבעטן ביי שניידעריי. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט דאָס פאַך און איז אויסגעוואַקסן, האָט ער חתונה געהאַט און איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק און געפירט אַ קליינעם וואַרשטאַט אַלס כאַלופניק.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט ער געטיילט דעם זעלבן גורל, וואָס אַלע יידן אין טשענסטאָכאָוו. זיין גאַנצע משפחה איז אומגעקומען און ער איז געווען קאַ־שאַרירט אין „האַסאַג־פעלצערן". ער איז באַפרייט געוואָרן פון „האַסאַג" אין דער נאַכט פון 16-טן אויפן 17־טן יאַנואַר 1945.

נאָך דער באַפרייאונג איז ער געווען אין טשענסטאָכאָוו און האָט חתונה געהאַט מיט מאַניאַ איצקאָוויטש, וואָס האָט אים געבוירן צוויי קינדערלעך, אַ יינגעלע און אַ מיידעלע וואָס זיינען געווען זיין גאַנצע האָפנונג, טרייסט און אינהאַלט אין לעבן. ער איז צוזאַמען מיט דער פאַמיליע אַוועק קיין קאַנאַדע און זיך באַזעצט אין מאָנט־רעאַל. צוערשט איז אים געווען אַ ביסל שווער זיך איינצואָרדענען. מיט דער צייט זיינען די שוועריקייטן אַוועק און ער האָט געפירט אַ רואיק און צופרידן לעבן.

ווען איך בין אָנגעקומען מיט מיין טאָכטער קיין מאָנטרעאַל, האָט ער מיר כסדר אָנגעבאָטן פינאַנסיעלע הילף, אַז איך זאָל מיך קענען וואָס שנעלער און בעסער איינאָרדנען. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט און אַ גוטן ווילן צו העלפן יעדן איי־נעם, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין ראַט, טאַט און פינאַנסיעלע מיטלען.

יוסף זילבערבערג איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און האָט פשוט מיט מסירת נפש זיך געווויד־מעט די אַקטיוויטעטן. איך דערמאָן מיך אַ פאַל, אַז מיר ביידע זיינען געגאַנגען צו לאַנדסלייט זאַמלען געלט בכדי צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט מעבר לים. דער טאָג איז געווען אַ זער קאַלטער. אַ שטורמישער פראָסט און ווינט האָט געבו־שעוועט, אָבער ער האָט נישט געפילט קיין קעלט. דער געדאַנק, אַז מיט דעם גע־זאַמלטן געלט וועלן געשטיצט ווערן נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט, האָט אים געמאַכט פילן גוט, באַקוועם, אָנגענעם און וואַרעם.

מאַי 12, 1959 בין איך און אַלע לאַנדסלייט דערשיטערט געוואָרן פון דער טרוי־עריקער ידיעה, אַז יוסף זילבערבערג איז שוין מער נישטאָ, אַז ער איז אַוועק אין דער אייביקייט.

איך וועל יוסף זילבערבערג'ן נישט פאַרגעסן. כבוד זיין אָנדענק.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:

**ר׳ שמואל** און **רחל לאַפּידעס,**

פון דער היים,

**דזשאַלאָשיצער** ע״ה

ברידער:

**זיסער** און **הערשל לאַפּידעס ע״ה,**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין טרעבלינקע.

ישראל לאַפּידעס

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון:

מיינע עלטערן:

**וואָלף** און **טאשא מיענטקעוויטש ע״ה**





וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טויט-לאַגער טרעב-לינקע אין יאָר 1942.

לוסי ניסקער-מיענטקעוויטש

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון:

**אסתר העלפגאַט,** פון דער היים **קאַנאַרסקי ע״ה**

עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה האָט זי אויסגע-וואַנדערט פון טשענסטאָכאָוו קיין בעלגיע.

אין יאָר 1943 איז זי אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.

מר. און מרס. קאפל קאנארסקי
מר. און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקי

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון:

**אסתר** און **דוד העלפגאָט ע״ה**

און זייער טעכטערל:

**גיטעלע העלפגאָט ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין בעלגיע אין יאָר 1943 דורך די נאַצישע רוצחים.

מר. און מרס. קאָפל קאַנאַרסקי,
אַנטווערפּן, בעלגיע

מר. און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקי
און פאַמיליע, מאָנטרעאָל

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון מיין שוועגערין **מאַניא ע״ה**

און איר איינציקער זון:

**סעווערין קאַנאַרסקי ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין אַנטווערפּן, בעלגיע, דורך די נאַצישע רוצחים.

מר. און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקי
און פאַמיליע

## לזכרון נצח



**אין הייליקן אָנדענק פון:**

**דוד און סאלע קאַנאַרסקי ע״ה**

**און זייערע צוויי טעכטערלעך ע״ה,**

**וואָס זיינען אין יאָר 1942 דעפּאָרטירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע און דאָרטן זיינען זיי אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.**

מר. און מרס. קאָפּל קאַנאַרסקי,
אַנטווערפּן, בעלגיע

מר און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקי און פאמיליע
מאָנטרעאַל

---

## לזכרון נצח

**אין הייליקן אָנדענק פון:**

**זלמן מיכאל קאַנאַרסקי ע״ה**



**פאַר דער מלחמה האָט ער געדינט אין פּוילישן מיליטער אין 36־טן פּולק אויפן נאָמען פון מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי.**

**אין דער צייט פון דער נאַצישער אַרומרינגלונג פון וואַרשע, איז ער געווען צווישן די פאַרטיידיקער פון דער שטאָט.**

**נאָך דעם פאַלן פון וואַרשע, זייענדיק שוין אין ציווילע קליידער, איז ער מיט אַ גרעסערער צאָל פּאָלאַקן פאַרשיקט געוואָרן קיין טשעכיע און פון דאָרט צום טרויעריק באַרימטן טשעשאַנאָווער לאַגער. נאָכדעם געווען אין טשענסטאָכאָוו. אין דער צייט פון די מאַסן־שחיטות און אויסזידלונגען אין יאָר 1942 אין טשענסטאָכאָוו איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע און איז דאָרט אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.**

מר. און מרס. קאָפּל קאַנאַרסקי,
אַנטווערפּן, בעלגיע

מר. און מרס. טשאַרלס קאַנאַרסקי
און פאַמיליע, מאָנטרעאַל



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער פאָטער:

**ר׳ משה אהרן בערקאָוויטש ע״ה**

וואָס איז געשטאָרבן אין 1925 אין טשענסטאָכאָוו.

אונדזער מוטער:

**מרת רחל בערקאָוויטש,**

פון דער היים, **שפּיץ ע״ה**



אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טשענסטאָכאָווער געטאָ אין יאָר 1942.

אונדזער שוועסטער:

**אסתר אדערבערג ע״ה**

וואָס איז דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין יולי 1943 אין טשענסטאָכאָוו.

מר. און מרס. הערי בערקאָוויטש

מר. און מרס. יאַנאַס בערקאָוויטש

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:

**ר׳ אברהם** און **מרת אסתר נירענבערג,**

**פון דער** היים **אַראַנאָוויטש ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין די גאַז קאַמערן פון טרעבלינקע דורך די נאַצישע רוצחים.

גוטקע קארטוז, טאָכטער; דוד נירענבערג, זון

---



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון:

מיין פרוי:

**רעלא יאַקובאָוויטש ע״ה**



מיין זון:

**מאיר זלמן יאַקובאָוויטש ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טויט לאַגער טרעב־לינקע.

לייב יאַקובאָוויטש

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון:

מיין ברודער:

**חיים דוד יאַקובאָוויטש און פאַמיליע ע״ה**

מיין ברודער:

**שמואל יוסף יאַקובאָוויטש און פאַמיליע ע״ה**

וואָס זיינען אונגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טויט לאַגער טרעב־לינקע.

לייב יאַקובאָוויטש

---



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון מיין פאָטער:

**ר׳ מרדכי בוכוואלטער ע״ה**

וואָס איז געשטאָרבן אין טשענסטאָכאָווער געטאָ אין יאָר 1941;

מיין מוטער:

**רייזל-לאה, פון דער היים, ראָזענשטין ע״ה**



מיין ברודער:

**הערשל בוכוואַלטער ע״ה**

מיין שוועסטער:

**איטע בוכוואַלטער ע״ה**



וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים אין טרעבלינקע אין יאָר 1942.

לואי בוכוואלטער

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן



**רפאל און פריידל גאבעל,**

מיינע ברידער

**משה און אביגדור ע״ה**

וואָס זיינען אומעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין יאָר 1942.

דאָרקאַ לערנער



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:
**ר׳ יעקב-יוסף** און **מרת יענטעלע בראַדער,**
פון דער היים, **שערער ע״ה**
וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער ברודער:
**דוד בראַדער, זון פון יעקב-יוסף**
און **יענטל ע״ה**
וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טרעבלינקע.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער ברודער און שוועגערין:
**אברהם** און **פייגעלע בראַדער,**
פון דער היים, **גוואַדזש**
און זייער טאָכטער **מאַניע ע״ה**
וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טרעבלינקע.

די ברידער: בערל און לייבל בראַדער

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון:
מיינע עלטערן:
**ר׳ פייוויש**
און **מרת גאבעל ע״ה**
וואָס זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ קיין טרעבלינקע אין יאָר 1942.

מיינע ברידער:
**משה** און **אבע גאַבעל ע״ה**
וואָס זיינען געווען טעטיק אין דער ווידערשטאַנדס-באַוועגונג און זיינען אומגעקומען דורך פּוילישע דענונציאַנטן אין יאָר 1943.

זייער אומקום דורך די נאַצי־רוצחים און זייערע פּוילישע מיטהעלפער, איז געווען דער אויסדרוק פון קידוש השם און קידוש העם.

אסתר סרעברניק-גאבעל

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:
**ר׳ לייביש** און **מרת פייגל צוקערמאַן**
פון דער היים, **פערטשיק ע״ה**

מיינע שוועסטערן: **סאלא** און **העלא ע״ה**
מיינע ברידער: **מאָטעק** און **אברהם ע״ה**
וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש
העם דורך די נאַצי רוצחים אין טרעבלינקע.

מיין ברודער **פנחס ע״ה**
וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּאָלאַקן אין
די פלאַוונער וועלדער.

מרים אַלטמאַן

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:
**ר׳ בעריש** און **חיה יאבלאנקעוויטש**,
פון דער היים **פישהאף ע״ה**



אונדזער שוועסטער:
**מאניע** און **איר מאַן סאלעק קאזשוך**
און **זייער זון ע״ה**
אונדזער שוועסטער:
**יאדזשע מיט איר מאַן ווייספוס** און **זייער זון ע״ה**



אונדזער ברודער:
**מאָטעק** און **פרוי יאדזשע**, פון דער היים,
**סעצעמסקי** און זייערע **צוויי זין ע״ה**
ברידער:
**שמולעק** און **קובא יאבלאנקעוויטש ע״ה**
וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש
העם דורך די נאַצישע רוצחים.

וויללי און יצחק יאבלאַנקעוויטש (יאבלאן)
פון מאָנטרעאַל
מאַקס יאבלאנקעוויטש (יאבלאן)
פון האַליפאַקס

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון:
אונדזער פאָטער און שווער:

### ר׳ שלום זילבערשאַץ ע״ה

וועלכער איז אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טויט־לאַגער טרעב־לינקע אין יאָר 1942.

מר. און מרס. טאַדעק זילבערשאַץ
(זילבערט)

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון:
אונדזער מוטער און שוויגער:

### מרת בריינדל זילבערשאַץ ע״ה

וואָס איז געשטאָרבן אין ישראל.
תהי נפשה צרורה בצרור החייב.

מר. און מרס. טאדעק זילבערשאַץ
(זילבערט)

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון:
אונדזער ברודער און שוואָגער

### גוסטאַוו זילבערשאַץ ע״ה



וועלכער איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער טשענסטאָכאָווער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין קאַמף קעגן די רוצחים.

געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג, אין יאָר 1951 אין טשענסטאָכאָוו.

מיר וועלן שטענדיק מיט שטאָלץ און מיט כבוד דערמאָנען דיין הייליקן אָנדענק.

מר. און מרס. טאַדעק זילבערשאַטץ
(זילבערט)

---



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן:

**משה מרדכי קליינער ע״ה**

און מוטער **רבקה ע״ה** פון דער היים זילבערשאַץ



און אונדזערע ברידער: **יעקב** און **יחיאל ע״ה**

וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש

העם דורך די נאַצי רוצחים אין טרעבלינקע.

דזאָרזש קליין
הערי קליין
מאַניע קאַנאַרסקי
מאַדזשיאַ ראָזענבערג

---



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער פאָטער

**ר׳ הערשל סרעברניק ע״ה,**

וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1939.

אונדזער מוטער:

**חוה סרעברניק ע״ה** פון דער היים **ראָזען,**

אונדזער ברודער **שלמה סרעברניק ע״ה,**



אונדזערע שוועסטערן מיט זייערע פאַמיליעס:

**חנה גאָלדשטיין ע״ה,**

**חיה ביבער ע״ה,**

**אסתר יוזעפאָוויטש ע״ה,**

וועלכע זיינען דורך די נאַציישע רוצחים דעפּאָרטירט
געוואָרן אין טויט־לאַגער טרעבלינקע און דאָרטן
אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

סאַלאַ יאַראַסט
עדוואַרד סרעבערניק

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:
**ר׳ חיים** און **דבורה אַלטמאַן**, פון דער היים,
**זילבערשאַץ ע״ה**

מיין ברודער: **טוביה ע״ה**

מיינע שוועסטערן: **שרה** און **מרים ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טרעבלינקע.

מיין ברודער: **גאדל ע״ה**

וואָס איז אַ טאָג פאַר דער באַפרייאונג דעפּאָרטירט געוואָרן פון ,,האסאג״ קיין בוכענוואַלד און איז דאָרט אומגעקומען.

משה אַלטמאַן



---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:
**ר׳ אברהם פייוול** און **אסתר שינקאַרסקי**,
פון דער היים, **יעשאנאָוויטש ע״ה**

שוועסטער: **יאדזשע ע״ה**

ברודער: **משה ע״ה**

און די ברייט פאַרצווייגטע משפחות שינקאַרסקי און יעשאנאָוויטש, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם, דורך די נאַצישע רוצחים.

בערעק, פאליא און יאָסל שינקארסקי

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:

**ווילהעלם** און **עווא קאַרטוז**,
פון דער היים **מייטליס ע״ה**



וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי־רוצחים אין טרעבלינקע.

סאמועל קארטוז

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:

**ר׳ לייביש און מרת פערל נודעלמאַן ע״ה**

אונדזערע ברידער:

**מאכל-זלמן, דוד און אליהו ע״ה**

אונדזערע שוועסטער:

**נאדזיע און רויזעלע ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין טשענסטאָכאָווער געטאָ אין יאָר 1942 דורך די נאַצישע רוצחים.

שרה איצקאָוויטש-נודעלמאַן מאָנטרעאַל

שפרה קנאָבל-נודעלמאַן, טאָראָנטאָ

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:

**ר׳ יעקב איצקאָוויטש און גיטל פון דער היים קירשענבאום ע״ה**

וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים אין טרעבלינקע.

בערל איצקאָוויטש און שוועסטערן

---



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער גאָטזעליקן פאָטער

**הרב יוסף פראקאש זצ״ל**

וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם
דורך די נאַצישע רוצחים אין טשענסטאָכאָוו
אין יאָר 1942.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער גאָטזעליקע מוטער

**מרת דבורה פראקאש ע״ה,**

פון דער היים **אַמסטערדאַמער**

וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1935 אין טשענסטאָכאָוו.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער ברודער:

**יואל פראקאש ע״ה,**

שוועגערין **פייגע פראָקאש ע״ה**

פון דער היים **טענענוווּרצעל**

מיט זייערע דריי קינדערלעך: **טאָבע, שמואל, ליבע**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש
העם דורך די נאַצישע רוצחים.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער שוועסטער:

**רחל שיינוועקסלער — פראקאש ע״ה**

שוואָגער: **יאַנקל שיינוועקסלער ע״ה,**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש
העם דורך די נאַצישע רוצחים.

חנה באָרוכאָווסקאַ-פראקאש
שמואל פראקאש



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער שוועסטער:

**גנענדל גאָלדבערג—פראקאש ע״ה**

און איר טעכטערל **דבורה׳לע ע״ה,**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער שוועסטער:

**אסתר פראקאש ע״ה,**

וואָס איז אומגעקומען, פאַר וועלן ראַטעווען אַ קינד, על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער פרוי און שוועגערין:

**פערל פראקאש ע״ה,**

וואָס איז געשטאָרבן אין מאָנטרעאָל יולי 2, 1961.

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון דער משפחה **קרימאַן ע״ה:**

**דבורה ע״ה,**

**אברהם** מיט זיין **פרוי** און **קינדערלעך ע״ה,**

**משה** מיט זיין **פרוי ע״ה**

**שאַיע** מיט זיין פרוי **פאַניע** פון דער היים

**טעלאקאוויטש** און **קינדער ע״ה**

**דוד** מיט זיין **פרוי** און **קינדער ע״ה,**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.

חנה באָרוכאָווסקאַ-פראקאש
שמואל פראקאש



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער ליבע מוטער:

**שושנה (רויזע) לעווקאָוויטש**

פון דער היים **שאיא ע״ה**,

וועלכע איז געשטאָרבן אין תל־אביב, ישראל,
אין יאָר 1964.



אונדזער ברודער: **יודל ע״ה**

אונדזער שוועסטער **ליפּטשע ע״ה**,



וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין די גאַז קאַמערן פון טרעבלינקע.

משה לעווקאָוויטש און פאַמיליע

---

## לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון מיינע גאָטזעליקע עלטערן:

**ר׳ אברהם גרייצער ע״ה**,

וועלכער איז געשטאָרבן אין ניו־העווען אין יאָר 1958,

**מרת העלען גרייצער ע״ה**,

וועלכע איז אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים אין טשענסטאָכאָוו.

סטאַשעק גרייצער און משפחה

---



## לזכרון נצח

**אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער פאָטער**

**ר׳ שלמה לערנער ע״ה**

**וועלכער איז מערץ 20, 1965 געשטאָרבן אין מאָנטרעאָל.**
**יהי שמו וזכרו נצח.**

מר. און מרס. סיימאָן לערנער און טאָכטער
מר. און מרס. דניאל לערנער און זון

---



## לזכרון נצח

**אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער מוטער**

**מרת שרה לערנער**

**פון דער היים בערקענשטאַדט ע״ה**

**וועלכע איז אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים אין טרעבלינקע.**

מר. און מרס. סיימאָן לערנער און טאָכטער
מר. און מרס. דניאל לערנער און זון

---



## לזכרון נצח

**אין הייליקן אָנדענק פון**

**מרדכי וואַלאַס (וראָצלאַווסקי) ע״ה**

**וועלכער איז אין עלטער פון זיבן יאָר, אין יאָר 1943, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצי רוצחים אין טויט־לאַגער אוישוויץ.**
**אלהי צבאות ועם ישראל ינקמו דמם.**

פאָטער: אַדאַם וואַלאַס (וראָצלאַווסקי)
שוועסטער: סוזי וואַלאַס (וראָצלאַווסקי)

---

# לזכרון נצח



אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:

**ר׳ הענדל** און **מרת רחל**, פון דער היים **כלאפּאַק ע״ה**

מיין שוועסטער:

**פרימעט ראָזענבלום**



מיינע ברידער און שוועגערינס:

**דוד** און **פאלא**, פון דער היים, **רייבער ע״ה**

**מאיר** און **פאלא**, פון דער היים, **קאַמינסקאַ ע״ה**

**ראובן** און **זיין פרוי ע״ה**



און די אומצאָליקע מיטגלידער פון מיין פאָטערס און מוטערס משפחות, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַציִשע רוצחים.

זאָל דער לזכרון נצח דינען ווי אַ מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

הערשל ראָזענבלום



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע
עלטערן:

**חיים-משה** און **פרימעט רודניצקי ע״ה**



ברידער:

**יעקב, יצחק-גרוינים, שלמה-ניסן, בנימין,**



**מיכאל רודניצקי ע״ה**



שוועסטער:

**קיילע רודניצקי ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש
העם אין דער צייט פון די רוצחישע נאַצישע הער־
שאַפט אין טשענסטאָכאָוו.

ראובן און דוד רודניצקי



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון:

אונדזער פאָטער

**ר׳ אברהם נויפעלד ע״ה**

אונדזער מוטער

**מרת צירל נויפעלד, פון דער היים ראָזענבוים ע״ה**



וואָס זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָווער געטאָ אין טויטן לאַגער טרעבלינקע און דאָרטן אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים.

זון: זעליג נויפעלד, מאָנטרעאַל

טאָכטער: אסתר פיקסעל, טאָראָנטאָ

---

## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון:

אונדזערע עלטערן:

דעפּאָרטירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו,

**לייזער** און **מלכה ע״ה**

ברודער און שווגערין:

**נחום** און **שרה׳לע** און **זייער זון ראָבערט ע״ה**

דעפּאָרטירט געוואָרן פון פּאַריז, פראַנקרייך;

**מאַשאַ בערגמאַן**, פון דער היים **ראָטבאַרדט ע״ה**,

**פרוי** פון **לייבל בערגמאַן**,

דעפּאָרטירט געוואָרן פון טשענסטאָכאָוו;

**חיה בערגמאַן**, פון דער היים **פריילין ע״ה**,

**פרוי** פון **מאכל בערגמאַן**,

דעפּאָרטירט געוואָרן פון פּאַריז,

וואָס זיינען געפאַלן על קידוש השם ועל קידוש העם אין דער צייט פון דער רוצחישער, נאַצישער אָקופּאַציע הערשאַפט אין אייראָפּע.

מאכל בערגמאַן, מאָנטרעאַל
חיה זילבערבערג, מאָנטרעאַל
לייבל בערגמאַן, פּאַריז

---

**לזכרון נצח**

אין הייליקן אָנדענק פון:
מיין מוטער:
**חיה אַבראַמאָוויטש ע״ה**

מיינע ברידער:
**אליהו, דוד** און **אברהם אַבראַמאָוויטש ע״ה**
וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טויט לאַגער אין טרעב־לינקע.

רוזשקע ראטענשטיין

---

**לזכרון נצח**

אין הייליקן אָנדענק פון מיין שוועסטער:

**ביילע יאַקובאָוויטש ע״ה**

וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי־רוצחים אין טרעבלינקע אין יאָר 1943.

פרוי פרימעט בירענבאום

---

**לזכרון נצח**

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:
**ר׳ שלמה** און **מלכה בירענבאום ע״ה,**
פון דער היים **לעווקאָוויטש**

מיין שוועסטער **פייגל** און איר מאַן:
**שמעון טשאַרנע** מיט **זייערע קינדערלעך ע״ה**
מיין זון **ישראל-הלל ע״ה**

וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען דריי יאָר, אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם, אין דער צייט פון נאַצי טיראַניע.

אהרן בירענבאום



## לזכרון נצח

**אין הייליקן אָנדענק פון אונדזערע עלטערן:**

## ר׳ שלמה און מרת מלכה-פריידע פעדערמאַן ע״ה

**וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם אין דער צייט פון דער טיראַנישער נאַצי-הערשאַפט.**

זון: הענרי פעדערמאַן

און די טעכטער: פאלא מאַרקוס
פעלא אורבאַך
אַנדזשע ווײַנשטאַק
טאָראָנטאָ, קאַנאַדע.

---

## לזכרון נצח

**צום הייליקן אָנדענק פון אונדזערע ליבע עלטערן**

## אהרון דוב און אַדעל קאַנאַרסקי ע״ה

**וועלכע זיינען אומגעקומען אין 1942, אין טרעבלינקע, על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצישע רוצחים.**

מר און מרס קאַפל קאַנאַרסקי און פאַמיליע, אַנטווערפּן, בעלגיע

מר און מרס טשאַרלס קאַנאַרסקי און פאַמיליע, מאָנטרעאַל

---



## לזכרון נצח

**אין הייליקן אָנדענק פון אונדזער ליבן פאָטער**

## יוסף ריינהאַרץ ע״ה

**וועלכער איז געשטאָרבן אין יאָר 1951 אין מאָנטרעאָל.**

בעני און יוסף ריינהאַרץ



## לזכרון נצח

אין הייליקן אָנדענק פון מיינע עלטערן:

**דוד און רחל ראטענשטיין ע״ה**



מיינע ברידער:

**גרשון און משה ע״ה**

מיינע שוועסטערן:



**רבקה, דבורה און לאה ע״ה**

וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם דורך די נאַצי רוצחים אין טויט לאַגער טרעב־לינקע.

חיים ראטענשטיין



די לאַנדסלייט אין אַרבעטער־רינג זאַל



דאָס פּרעזידיום פון דער זיבעטער יאָרצייט אַקאַדעמיע

## יאָרצייט אַקאַדעמיע




דאָס פּרעזידיום: פון רעכטס; ד״ר ב. אָרענשטיין, ב. איצקאָוויטש, ה. קליין, שלמה לערנער ע״ה, ל. יאַקובאָוויטש



די לאַנדסלייט אין זאַל פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק



יחזקאל סילווער ע״ה צינדט אָן ליכט



פרעזידיום. פון רעכטס: הרב גאָטליב, הרב ב. באַזשיקאָווסקי, שלמה דילעווסקי ע״ה, ד״ר ב. אָרענשטיין




פרעזידיום פון דער אַקאַדעמיע אין די־פי קעמפ בערגען־בעלזען

רעדנער אויף דער אַקאַדעמיע אין יאָר 1949



[illegible]



ד״ר בנימין אָרענשטיין




דאָס פּרעזידיום פון דער אַקאַדעמיע אין בערגען־בעלזען




ד״ר בנימין אָרענשטיין פּרעזענטירט דעם דענישן גענעראַל־קאָנסול, אירגען סקעעל,
מיט ד״ר פיליפ פרידמאַן׳ן בוך




דאָס פּרעזידיום פון דער דריטער יאָרצייט־אַקאַדעמיע אין אָנדענק
פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה




אַקאַדעמיע צו דער 3־טער יאָרצייט פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן ע״ה
אירגען סקעעל, גענעראַל־קאָנסול פון דענמאַרק האַלט אַ רעדע



ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן לעבן און שאַפן פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן ע״ה

די רעדנער אויף דער 20־טער יאָרצייט אַקאַדעמיע



הערל איצקאָוויטש



הערשל ראָזענבלום



הערי קליין



ד״ר בנימין אָרענשטיין



דאָס פרעזידיום פון דער אַכצעטער יאָרצייט־אַקאַדעמיע
פאָרגעקומען אין ציוניסטישן צענטער



די לאַנדסלייט אין ציוניסטישן צענטער




דאָס פּרעזידיום. פון רעכטס: ד״ר ב. אָרענשטיין, מ. אַלטמאַן, ל. יאַקובאָוויטש,
ב. איצקאָוויטש, ה. קליין, ה. ווינניצקי, ווילי יאַבלאָן

## יאָרצייט אַקאַדעמיע



דאָס פרעזידיום



די לאַנדסלייט אין זאַל




דאָס פרעזידיום



חזן משה קאופלער מאַכט אַ „מלא״ אויף דער 22־טער יאָרצייט אַקאַדעמיע



ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן ווידערשטאַנדס־קאַמף
פון טשענסטאָכאָווער יידנטום



דוד באָרוכאָווסקי צינדט אָן אַ ליכט



דאָס פּרעזידיום פון דער ערשטער צענטראַלער אַקאַדעמיע אין לאַנדסבערג,
מערב דייטשלאַנד, אָקטאָבער 20, 1946



די צוויי קינסטלערינס: שורלי בערענשטיין און יעטאַ פעלדמאַן אין דער אויפפירונג
פון ד״ר בנימין אָרענשטיין׳ס אָראַטאָריע „טשענסטאָכאָוו״.



דיי לאַנדסלייט אין דער „עדת־ישראל הדרת קודש״ סינאַגאָגע

לאַנדסלייט זיינען מתפלל אין יער קנדה אויפן נאָמען פון פערל פּראָקאָש ע״ה

CANADA FOREST, EIN KEREM JERUSALEM

יער קנדה עין כרם ירושלים

חורשה של 1000 עצים
ביער קנדה
לזכר נשמת אשה ואם יקרה
פרל בת מנחם ע״ה
נפטרה י״ח בתמוז תשכא
נטעה ע״י בעלה שמואל בן יוסף פרוקיש
ובנה יוסף
מונטריאל, קוי.

A GROVE OF 1000 TREES
IN THE CANADA FOREST
IN LOVING MEMORY OF A DEAR WIFE AND MOTHER
PEARL PROKOSH
PASSED AWAY JULY 2ND, 1961
PLANTED BY HER HUSBAND SAM PROKOSH
AND SON JOSEPH D. PROKOSH
MONTREAL QUE.

RABBI CHARLES BENDER
NATIONAL CHAIRMAN
JEWISH NATIONAL FUND IN CANADA

NATIONAL CHAIRMAN
TREES FOR ISRAEL
COMMITTEE

קרן קימת לישראל

JEWISH NATIONAL FUND

סערטיפיקאַט פון די געפלאַנצטע 1,000 ביימער




שמואל פראקאש מיט זיין זון יוסף זיינען מתפלל ביים אַנטהילן
דעם אָנדענקס טאָוול



שמואל פראקאש פלאַנצט אַביימל



הערשל ראָזענבלום רעדט אויף דער 22־טער יאָרצייט אַקאַדעמיע וועגן אומקום
פון טשענסטאָכאָווער יידנטום



סיימאָן לערנער צינד אָן אַ ליכט




דאָס פרעזידיום פון דער 22־טער יאָרצייט אַקאַדעמיע

22-טע יאָרצייט אַקאַדעמיע.



מרס סאָלע יאַראָסט צינדט אָן אַ ליכט



טאַדעק זילבערט (זילבערשאַץ) צינדט אָן אַ ליכט



מאָטל קיזער צינדט אָן אַ ליכט



22-טע יאָרצייט אַקאַדעמיע. טשאַרלס קאַנאַרסקי צינדט אָן אַ ליכט



דער פאָרזיצער, הערי קליין, דערעפנט די 22־טע יאָרצייט אַקאַדעמיע



ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן קאַמף און אומקום פון
טשענסטאָכאָווער יידנטום

## אַקאַדעמיע צו דעף צווייטער יאָרצייט פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



דאָס פרעזידיום. פון רעכטס זיצנדיק: מ. פרידלענדער, ה. קליין, חזן סובאר, דזשוליוס בערענשטיין, ד״ר ב. אָרענשטיין, ש. ברענשטיין, ד״ר איידאַ פרידמאַן, ד״ר אַננאַ סטערנס, יעטאַ פעלדמאַן. שטייענדיק: ל. אָרענשטיין, ר. סאהמער



רות סאהמער רעציטירט



ר׳ הענעך פיעטרושקא צינדט אָן די ליכט

## צווייטע יאָרצייט אַקאַדעמיע אין אַנדענק פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן דער היסטאָריאָזאָפישער שיטה פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



הערי קליין רעדט וועגן ד״ר פיליפ פרידמאַן׳ן בייטראַג צו דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער יידנטום.



שורלי בערענשטיין רעציטירט



חזן סובאר מאַכט אַ „מלא״ אין אָנדענק פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



פינפטע יאָרצייט אַקאַדעמיע אין אָנדענק פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה

דאָס פּרעזידיום




ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן ד״ר פיליפ פרידמאַן״ס
בייטראַג צו דער יידישער געשיכטע



מצבה אַנטהילונג אין אָנדענק פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אויפן בית־עולם אין דער פורים אַקציע 1943 דורך די נאַצי־רוצחים. די רעדנער זיינען געווען: ט. זילבערשאַץ, ל. ברענער און ד״ר א. קאהן




טשענסטאָכאָווער מאָנומענט אין טרעבלינקע



די נאַציס האָבן צעשטערט דעם טשענסטאָכאָווער בית־עולם



מאַניפעסטאַציע פון שארית טשענסטאָכאָוו צום צעשטערטן קליינעם געטאָ



דער פרעזידענט פון טשענסטאָכאָוו האַלט אַ רעדע ביי דער עקסהומאַציע



עקסהומאַציע פון די 27 קדושים און מאַרטירער, וואָס זיינען
געפאַלן יאַנואַר 4, 1943

## מצבה אַנטהילונג




מצבה פון יוסף זילבערבערג ע״ה

## מצבה אַנטהילונגען




מצבה פון פעליציאַ וואַלאַס ע״ה




מצבה פון פערל פּראַקאָש ע״ה

# מצבה אַנטהילונגען



מצבה פון ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש ע״ה


מצבה פון רבקה בעדנאַרזשי ע״ה


מצבה פון יחזקאל זילבערבערג (סילווער) ע״ה



מצבה פון שלמה דילעווסקי ע״ה

## אַקאַדעמיע צו דעם צווייטער יאָרצייט פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



דאָס פרעזידיום. פון רעכטס זיצנדיק: מ. פרידלענדער, ה. קליין, חזן סובאר, דזשוליוס בערענשטיין, ד״ר ב. אָרענשטיין, ש. ברענשטיין, ד״ר איידאַ פרידמאַן, ד״ר אַננאַ סטערנס, יעטאַ פעלדמאַן. שטייענדיק: ל. אָרענשטיין, ר. סאַהמער



רות סאהמער רעציטירט



ר׳ הענעך פיעטרושקא צינדט אָן די ליכט

## צווייטע יאָרצייט אַקאַדעמיע אין אָנדענק פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן דער היסטאָריאָזאָפישער שיטה פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



הערי קליין רעדט וועגן ד״ר פיליפ פרידמאַן'ן ביישטייער צו דער געשיכטע פון טשענסטאָכאָווער יידנטום



שורלי בערענשטיין רעציטירט



חזן סובאר מאַכט אַ „מלא״ אין אָנדענק פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה



פינפטע יאָרצייט אַקאַדעמיע אין אָנדענק פון ד״ר פיליפ פרידמאַן ע״ה

דאָס פּרעזידיום




ד״ר בנימין אָרענשטיין רעדט וועגן ד״ר פיליפ פרידמאַן׳ס
בייטראָג צו דער יידישער געשיכטע



מצבה אַנטהילונג אין אָנדענק פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אויפן בית־עולם אין דער פּורים אַקציע 1943 דורך די נאַצי־רוצחים. די רעדנער זיינען געווען: ט. זילבערשאַץ, ל. ברענער און ד״ר א. קאהן




טשענסטאָכאָווער מאָנומענט אין טרעבלינקע



די נאַציס האָבן צעשטערט דעם טשענסטאָכאָווער בית־עולם



מאַניפעסטאַציע פון שארית טשענסטאָכאָוו צום צעשטערטן קליינעם געטאָ



דער פרעזידענט פון טשענסטאָכאָוו האַלט אַ רעדע ביי דער עקסהומאַציע



עקסהומאַציע פון די 27 קדושים און מאַרטירער, וואָס זיינען
געפאַלן יאַנואַר 4, 1943

## מצבה אַנטהילונג




מצבה פון יוסף זילבערבערג ע״ה

## מצבה אַנטהילונגען




מצבה פון פעליציאַ וואַלאַס ע״ה




מצבה פון פערל פראָקאָש ע״ה

# מצבה אַנטהילונגען



מצבה פון ד״ר הענריק לאַזאַראָוויטש ע״ה


מצבה פון רבקה בעדנאַרזשי ע״ה


מצבה פון יחזקאל זילבערבערג (סילווער) ע״ה


מצבה פון שלמה דילעווסקי ע״ה